# חיים מאַלטינסקי




פאַרלאַג ,,געראַנגל''
תל־אביב, תשמ"ג — 1983

# CHAIM MALTINSKI

# IN SIBN SUNEN

הילע פונעם קינסטלער מולה בן־חיים

דעם דיכטערס אַדרעס:

רח׳ יאיר 6/18, ת. ד. 198, אָר יהודה.

6/18 — Yair str., Or Jehuda, P.O. Box 198



**Printed in Israel, 1983**

נדפס בישראל, תשמ״ג

דפוס „אורלי״, רח׳ עקיבא איגר 8, ת״א.

# צו אַ פענצטער אין טבריה

אין אַ נאָוועגע געפין איך מיר קיין אָרט נישט — איך בין ווידער אַנגעשטעקט מיט מײַן אייגענעם ווירוס, אַ מחלה, וואָס איר נאָמען איז — אַליינזײַנקייט. מײַן שטוב איז מיר שוין נישט צו דער האַנט, כ׳בין אַרויס פון דער קאַלייע, ס׳ציט מיך צו זײַטיקן זיך, אָוועקדרייען פון וועג, קריכן ווי אַ בלינד פערד, ביז איך וועל ערגעץ אָנטרעפן אויף אַן אויסוועג — צו באַהאַלטן זיך אין אַנדערע פיר ווענט. ס׳איז מיר קיין נפקא־מינא נישט, אָוועלכע זיי װעלן זײַן, שיין־געצירטע, קאָלירטע, אַרומגעהאָנגען מיט בילדער און טעפּעכער, אָדער אָדם־נאַקעטע, מיט לעכער פון טשוועקעס און אָפּגעריבענער, צעטראַסקעטער שטוקאַטורקע. דער עיקר, צו זײַן צווישן זיי אַליין, ווי אַ פויגל צווישן צווײַגן, אָבער, ווען עס פאַלט מיר אײַן, קאָנען אומגעשטערט אַרויסקומען אויף דער פרײַ און רויִק, נישט געאײַלט, אַרומקוקן זיך און מיט הנאה באַטראַכטן אַ בוים אין פעלד, אַ שטיין, אַ גרעזל... צווישן הימל און ערד נאָענט דערשפּירן, אויפכאַפּן דעם קוואַל־געמורמל, וואָס דערטראָגט זיך פון קוסטעס־געדיכטעניש. אָנגעזעטיקט די אויגן מיט דער אַרומיקער ערדישער שיינקייט, אײַלסטו מיט חשק און אומגעדולד אַנטרינען אין דײַנע נײַע דלת־אמות, איבערצוכישופן דאָס געזעענע און געהערטע אין באַהאַרצטע שורות.

מײַנע דערוואַקסענע, זעלבשטענדיקע קינדער, וועלכע האָבן שוין אַליין קינדער — מײַנע אייניקלעך און מײַן פרוי סאָניע (אַ צענדליק יאָר שוין, ווי מיר זײַנען צוזאַמען) ווייסן שוין מײַן באַהעלטעלעך־חולאת. אמת, די ערשטע פּאָר יאָר פון אונדזער זײַן שוין דאָ אין לאַנד, נאָך אַלס עולים־חדשים, האָט סאָניע פאַר קיין אופן נישט געקאָנט און עקשנותדיק אַפילו נישט געוואָלט מיט דעם משלים זײַן: — איך גיי דאָך אַוועק אויף דער אַרבעט, דו בלײַבסט אַליין אין שטוב, ווער וועט דיר שטערן? — ס׳וועט קיינער נישט אַרײַנקומען.

און איך פלעג איר אויף דעם, שוין מיט אייגענער, נישט קלענערער עקשנות, דערווידערן: דורכן פענצטער פון מײַן צימער זע איך שוין גאָר־נישט! מײַן אויג כאַפּט שוין דאָ גאָרנישט אויף. איך מוז בײַטן דעם פענצטער... האָסט פאַרגעסן, אַז אין דעם איין יאָר פאַרן קומען קיין ישראל,

האָסטו מיך אויסגעריכט קיין פּאַליעסיע, געפאָרן מיט מיר קיין יעלסק, דערנאָך נעבן גראָדנע קיין פּאַרעטשע און געקומען צו מיר קיין קאָראַלי־שטשעוויטשי הינטער מינסק און אויך קיין גאַליציגאַ הינטער מאָסקווע.

מײַן טאָכטער און מײַן זון פּרווון איידל, נישט אָנרירנדיק סאָניעס כבוד, אײַנשטעלן זיך פֿאַר מיר: אַ סך יאָרן, זינט מיר געדענקען, פלעגט דער טאַטע מיט איבעררײַסן, אויף אַ דרײַ־פיר חדשים אין משך פון יאָר, אוועקפאָרן אין די שרײַבער־הײַזער פאַר שאַפונג, און דאָרטן אַרבעטן. מיר, קינדער און די מאַמע זײַנען שוין דערצו געוווינט געווען.

איצט איז דאָס פאַר סאָניען אויך געוואָרן אַ נאַטירלעכע זאַך. ווײַל ווער, אויב נישט זי, האָט אויף זיך גענומען דעם יאָך פון פאָרן מיט מיר אין די געפּאַקטע אויטאָבוסן קיין טבריה, צפת, נתניה, רחובות. זי שלעפּט מײַן טשעמאָדאַן, מײַנע קלומקעס און די שווערע ווערטער־ביכער (ווײַל אָן זיי, בין איך, אָפן געזאָגט, מיט מײַן אײַנגעקאָרענייעטן סאָוועטיש־ייִדישן אויסלייג, אַ טשיסטער עם־הארץ). און, אַז מיר קומען שוין אויס־געמוטשעטע אויף אָן אָרט, אין דעם אויף אַ חודש, אָדער צוויי געדונגענעם חדרל, העלפט זי מיר, ווי אַזוי בעסער און באַקוועמער אײַנצואָרדענען זיך, גרייט פאַר מיר אָן אין די פּילצאַליקע ביילאָן־זעקעלעך (ווי מען רופט זיי דאָ אין ישראל — שקיתלעך) פּאַטראָוועס און מאכלים. אין יעדן זעקעלע, צי פּושקעלע — אַ פרישטיק, אַ מיטאָג, אַ וועטשערע, אויף צו פאַרפרירן דאָס אַלץ אין מקרר (קיל־קאַסטן), איך זאָל עס בלויז באַדאַרפן דערנאָך צעוואַרעמען, און פאָרט אוועק, כדי צו לאָזן מיך בײַם „געביטענעם פענצ־טער", צווישן די „אַנדערע פיר ווענט". און אין אַ וואָך אַרום, צי עטוואָס מער, יאָוועט זי זיך ווידער צו מיר.

אַוודאי, קאָן עס אויסזען אין די אויגן פון אַ זײַטיקן מענטשן משונה־ווילד און איך וואָלט זיך מיט אַזאַ איינעם גאָרנישט געשטעלט אַמפערן, ווען ער זאָל מיך נעמען מוסרן: „איר האָפּט טאַקע מיט אײַערע גראַמען צו עפענען דער וועלט די אויגן ? — זי טוט נאָר וואָרטן אויף דעם. ממש, עס ברענט די ווילייע, נישט אַנדערש, דאָס איז בײַ אײַך אַ מאַנקאַליע אַזאַ. איר האָט דאָך שוין פאַנאַנדערגעחתמעט דעם אַכטן יאָרצענדליק און מיט אַזאַ אינוואַלידשאַפט, ווי אײַערע, וואָס פלאַמט איר ? וווּהין פליט איר ? לײַ־טישער געלעכטער" !

— איר האָט פולשטענדיק רעכט, — וואָלט איך אים נאָך צוגעגעבן... זאָל אַ מענטש טראַכטן, אַז ער איז קליגער און געשטעלטער פון מיר. אָבער, איך האָב מיר אַלץ איינס מײַנס אין זינען. איין מאָל אַ יאָר, נאָך דעם, ווי ס'ווערט שוין אין לאַנד באַשטעטיקט דער נײַער תקציב (בודזשעט). דאָס איז, אומגעפער, אין אַפּריל־מיי חודש, באַקום איך פון משרד האוצר (פינאַנס־מיניסטעריום) אַלס מלחמה־אינוואַליד, פאַר מײַן אָנטייל אין קריג

קעגן די היטלער־ארמייען, אַ צוויי־וואָכיקע באַצאָלטע קאַרטע אין אַ מלון, אַ מין בית־הבראה, אויף אַלצדינג גרייטן, מיט אַ באַזונדער חדר. דאַרף מען דאָך אויף דעם וואַרטן ביז אַפּריל־מיי, אָבער גלייך, ווי עס האָט נאָר באַוויזן זיין שפּיץ־נאָז דער נייער 82טער קאַלענדאַר־יאָר, האָב איך שוין אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר נישט איינגערוט. מיין חולאת האָט זיך, ווי א דיבוק אַריינגעריסן אין מיר — איך מוז פאַרלאָזן די שטוב. אַ מסוכנער קרירה־ווינטער אויף דער וועלט, אין אייראָפּע, אין אַמעריקע, ווערן מענטשן דערפרוירן פון קעלט, אויך ביי אונדז אין די ישראל־נעכט, פרעסטלט זיך, אָבער פאַר מיר איז עס קיין אָפּהאַלט נישט — צופיל זאָכענישן, געשעענישן, וואָס זיינען מיר אַליין ביזן ביין נוגע, סיבות און סיבהלעך... איך מוז אַנטלויפן פון מיין וואָכעדיקן הו־האַ, זיין מיט זיך אַליין אויף אַ פרישן אָרט. און סאָניע, זי האָט שוין אַלץ אויסגעלייענט אין מיינע צעטומלטע אויגן. זי שווייגט. דאָס הייסט, זי האָט שוין אויף מיר, פשוט, רחמנות. זי פירט מיך ווידער קיין טבריה. אַ צימער האָב איך שוין געדונגען מיט אַ וואָך צוריק, און אַז איך זאָל זיין זיכער, אַז ער וועט זיין מיינער, האָב איך דאָס געלט פאַרן חודש געגעבן פאָרויס. לאַנג צו זוכן אַ צימער, האָב איך קיין מעגלעכקייט נישט געהאַט, וואָס עס האָט זיך מיר געמאַכט אונטער דער האַנט — אַ חדר נישט קיין געהויבענער, טאָקע אַן בילדער און אַן טעפּעכער און מיט גרויסע לעכער פון טשוועקעס אין די ווענט, און דאָך — אַ חדרל ביחידות. דערערעדט האָב איך זיך מיט די באַלעבאַטים מיינע — אַ פרומע עלטערע פּאָרפאָלק, אַז קומען וועל איך דעם 15טן יאַנואַר, אָבער אין דעם היים, האָב איך אַ קוק געטאָן אין לוח, פאַלט אויס דער 15טער — פרייטיק. אין דעם טאָג איז סאָניע פאַרנומען. און אויסער דעם, האָב איך זיך געעצהט מיט איר — ס'איז נישט גוט צו קומען פרייטיק האַלבן טאָג, שוין ערב־שבת און אָפּוועגדן די באַלעבאַטים מיט וואָכעדיקע קליינינקייטן. בעסער צו קומען דאָנערשטיק, דעם 14טן יאַנואַר.

דאָנערשטיק באַגינען, איך שליס איין אין אונדזער אור־יהודהער ווינונג די ראַדיאָ, דערהער איך, צווישן אַנדערן, — אין גליל, אין די אַרומיקע קיבוצים, אין צפת, טבריה, איז ביינאַכט פאַרגעקומען אַ לייכטע ערד־ציטערניש. קיין געליטענע און קיין הזיקים זיינען נישט געווען. און נישט איך סאָניען, נאָר סאָניע באַרויקט מיך: — מאַלע וואָס... ווען טרייסלט דאָ נישט ?...

אויף דער תחנה מרכזית אין תל־אביב, ביי דעם אָרט פון וואַנען עס פאָרט אַרויס דער אויטאָבוס קיין טבריה, וואַרט שוין אַ רעדל מענטשן און איך מיט סאָניען אין דער מיט, מיט אונדזערע פעקלעך און קלומקעס. מיר הערן גאָר נישט, אַז עמעצער זאָל כאָטש מיט אַן איינציקן וואָרט דער־מאָנען די ביינאַכטיקע ערד־ציטערניש. ישראלים... יעדער איינער —

אַ מדינה פֿאַר זיך, מיט זאָרגענישן איבערן קאָפּ. האָט עס אַ באַטרעף פֿאַר אָט דעם קאָכיקן רומל עפּעס אָן ערד־ציטערנישל ?...

היינט איז צו קיל, קאַלט אַפֿילו, אַ ווינט טוט אַ שטאַרקן בלאָז, כאַפּט אויף אַ זיך וואַלגערנדיקן פּוסטן ניילאָן־שקית, הייבט אים און הוידעט אין דער לופֿטן העכער און העכער... נאָר מיר זעען אים שוין נישט, מיר זיצן אין דעם אָנגעפּולטן אויטאָבוס. ער פֿירט אונדז צו דער „כנרת, כנרת שלי״, ווי עס זינגט זיך אין דער שיינער ישׂראל־ליד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

סאָניע האָט גאָר אַנדערש נישט געטראַכט, ווי אין דעם זעלבן טאָג צוריקקערן זיך, אָבער ס'האָט געדויערט, ביז מיר האָבן אַלץ פֿאַנאַנדער־געפּאַקט און געפֿונען פֿאַר יעדער זאַך אַ פּאַסיק אָרט. אויסגעקליבן זיך בלויז אויף איין חודש און אָן אַ שיער קלייניקייטן קלעפּן זיך — דאָס באַדאַרף מען, דאָס מוז מען און אָן דעם קאָן מען נישט אויסקומען. איך פֿיל, אַז סאָניען איז מיין אויסוואַל — מיין מציאה־צימער נישט צום האַרצן. קיין זאַלצעלעך שיט זי מיר נישט, זי פֿאַרשטייט דאָך, אַז איך האָב געוואָלט ס'זאָל אויסמאַכן וואָס ביליקער, דאָך קוקט זי אַריין אין פֿענצטער: — נו, וואָס זעט מען דאָ ? — אַפֿילו דעם כנרת נישט...

— אין קיך־פֿענצטער איז ער אַנטקעגן די אויגן, — זאָג איך.

— וועסט דאָך נישט לויפֿן אַלע ווייַלע אין קיך אַ קוק טאָן... איך האָב דאָך געוואָלט מיטנעמען אַ קאַסטרולקע *, האָסטו נישט געלאָזן, איינגעשמועסט מיך — דער באַלעבאָס וועט מיט אַלץ באַזאָרגן. האָט ער דיר געגעבן אַ טאָפּ, וואָס וועט אין קיל־קאַסטן אויף דיין פֿאָליצע ניט אַריינ־קריכן, מיט אַ צוגאָב — דאָס צעבויגענע, פֿאַרשוואַרצטע סקאָווערדע — אַ פֿאַרזעעניש, וואָס וואַלגערט זיך אויף דער פּליטע.

דערפֿאַר אָבער, ווען מיר זיינען אַרויס איינקויפֿן פּראָדוקטן, האָט סאָניען אַנטציקט דער טבריהער סופּערמאַרקעט: — ער איז רייכער און שענער פֿון אונדזער אור־יהודהער, און נאָענט, צוויי טריט פֿון דעם געסעלע, פֿאַר דיר, ווי אָנגעמאָסטן !...

דאָס געסל, וווּ איך האָב געדונגען דעם חדר, הייסט ווערנער און איז אַזוי ווי פֿאַרקוועטשט צווישן די צוויי באַוווּסטע טבריהער האָטעלן „פּאַר״ און „גליל״ און דער סופּערמאַרקעט זעט אויס פּונקט, ווי אַ צוגעבויטער, נידעריקער פֿליגל צום הויכן „גליל״. אָנגעשטופּט אַ פֿול וועגעלע — אַלץ דאַרף מען דאָך און דער „כל טוב״ מיטן „וואָס נאָר דאָס האַרץ גלוסט״ קוקן דיר אין די אויגן אַריין: „בבקשה, נעמט אונדז !״ — און ביז מיר האָבן אין אונדזער חדר עפּעס איבערגעכאַפּט, איז שוין טונקל געוואָרן.

* קאַסטרולע — רוסיש : אַ קאָך־טעפּל.

בעט איך סאָניען, זי זאָל צו דער נאַכט נישט פאָרן, נאָר איבערנעכטיקן.
ווּעסטו זען, אגב, — שפּאַס איך, — ווי עס נעכטיקט זיך מיר אַליין. ווּעל
איך שוין נאָך דעם דרייסטער זײַן... און בײַ זיך טראַכט איך: סאָניע
איז אַ סך גַעוואַגטער פון מיר. בײַנאַכט, אין אַ שפּעטער שעה, האָט זי
קיין מורא נישט צו גיין אַליין, און איך, ווען איך קום מיטן אויטאָבוס
בײַנאַכט פון תל־אביב קיין אור־יהודה, בין איך אין איין ציטערניש בײַ
יעדן טראָט מײַנעם, דורכצוגיין דאָס פינצטער, נישט באַלויכטן שטיקל
פּלאַץ, ביז איך דערלעב אַרויפצוכאַפּן זיך אויף אונדזערע טרעפּ, אַנצו־
קלאַפּן אין דער טיר... אײַ, דאָס, וואָס איך בין אַמאָל געווען אַ סאָלדאַט,
אין פײַער־שלאַכטן, באַוויזן גאַרנישט מיט גאַרנישט. איצט בין איך שוין
אַ קנאַפּער גיבור. מיטן אָנקום פונעם עלטער, בײַ אַ משפּחה־מענטש —
איך ווייס נישט, ווי בײַ אַנדערע, נאָר אויף מיר, בעת איך בלײַב אַליין
מיט זיך אין אַ צימער בײַנאַכט, ווען איך ווייס נאָך, אַז אין די שכנותדיקע
חדרים איז קיין לעבעדיקער נפש נישטאָ, פאַלט אויף מיר אָפט מאָל אַן
אַזאַ פּחד פאַר שטשורעס, זשוקעס, פאַר גנבים, גזלנים און פאַרן ימח־שמוניק
דעם מלאך־המוות. הײַנט, ווי בינדט עס זיך מיט מײַן רייסן זיך צו דער
אַליינזײַנקײַט? — אָט אַזוי בינדט זיך עס. איך צווינג זיך מיט אַלע
מײַנע כוחות צו האַלטן אין די הענט, כאָטש איך הער זיך צו מיט טיאָכקע־
ניש צו יעטוועדן בײַנאַכטיקן שאָרך, דערוואַרטנדיק אָנגעשפּיצט אויף שדים־
ווייס־איך־וואָס. אָבער, אַז איך קום שוין איבער די נאַכט, בין איך דאַן
אויפן פערד. איך טו אַלץ מיט התמדה, אַליין, אין די נײַע פיר ווענט, פאַר־
טאָן אין האָרעוואַניע, בפרט נאָך, ווען עס אַרבעט זיך געשמאַק און ס׳קלעפּט
זיך און קייטלט זיך. זיץ איך דאַן ביז אַ שטיק אין דער נאַכט בײַם טיש
און באַמערק גאָרנישט ווי אַזוי עס גאַלאָפּירן פאַרבײַ די שעהען און עס
האָבן קיין צוטריט און שליטה אויף מיר קיין שום שלעק און סטראַשידלעס...
אָ, פאַרקראַכן קיין בויבעריק...

האָט מיך סאָניע געפאָלגט און געבליבן נעכטיקן. און אויף מאָרגן
באַגינען האָב איך זי באַגלייט צו דער טבריהער אגד־סטאַציע, צוגעפירט
זי צום עקספּרעס־אויטאָבוס, וואָס גייט דירעקט קיין תל־אביב: — ווּעסט,
— זאָג איך, — נישט פאַרשפּעטיקן און ווי אַ באַשטעטיקונג צו מײַנע
ווערטער אַ קוש געטאָן אין די ליפּן.

אַצינד, בין איך אויף דער וואָר געבליבן אַליין און אַ מידער אָוועק־
געלאָזט זיך צו מײַנע נײַע פיר ווענט אין דער אַלטער דרײַ־שטאָקיקער
געבײַדע אויף דעם ווערנער־געסל צווישן די צוויי האָטעלן „פאר" און
„גליל". אין האַרצן און אין זינען געטראָגן אַהינצו מײַן אומרו און מײַנע
טריבע, נישט־פריילעכע מחשבות צו האָבן אַן ערנסטן וויכוח מיט זיך,
אָפּגעבן זיך אַ דין־וחשבון פון מײַן לעבן, ביי אַ פענצטער אין טבריה.

# נאַמאַנגאַן

ערשט, כמעט, פינף יאָר אַרום נאָך דעם, ווי מ׳האָט מיך אַרויסגעלאָזט פון סטאַלין־לאַגער, האָט זיך מיר אין האַרבסט פון 1960 יאָר, מיט אומ־געהויערע שוועריקייטן, איינגעגעבן פונעם ווייטן נאַמאַנגאַן, אוזבעקישער רעפּובליק, מער פון 3.000 קילאָמעטער פון מאָסקווע, צוריק איבערקלייבן זיך מיט דער משפּחה אויף מיין שטענדיקן וווין־אָרט, מינסק, די הויפּט־שטאָט פון ווייסרוסלאַנד, פאַרהעלטענישמעסיק, נישט ווייט פון מאָסקווע.

מיין הויזגעזינד איז שוין דאַן באַשטאַנען פון פינף מענטשן — איך, מיין פרוי געניע שוועדיק (ביי איר טאַטע־מאַמע האָט זי געהייסן הינדע), מיין עלטערע אַדאָפּטירטע טאָכטער רייע, 19 יאָר אַלט, מיין יינגערע טאָכטער פירע — אסתר, 10 יאָר און מיין מיזיניק גענע — גענאַדי, דריי מיט אַ האַלבע יאָר. ער איז שוין נאָך מיין צוריקקערן זיך פון לאַגער געבוירן געוואָרן גופא אין נאַמאַנגאַן. רייע איז אין דעם זעלבן יאָר, פאַר אונדזער אַרויספאָרן, אָנגעקומען לערנען זיך אין דעם אַקטיובינסקער (קאַזאַכישע רעפּובליק) מעדיצינישן אָוונט־אינסטיטוט. אין אַקטיובינסק איז עטלעכע יאָר נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, בעתן בירגער־קריג, געבליבן לעבן מיינער אַ פעטער, מיין פאָטערס אַ ברודער מיישל. ער האָט דאַן אין יענע מקומות געדינט אין דער רויטער אַרמיי. אויך מיין מומע רחל האָט זיך פון וויטעבסק עוואַקויִרט אַהין מיט איר משפּחה אין 1941 יאָר, ווען היטלער איז באַפאַלן רוסלאַנד. רייע איז די ערשטע צייט געוועז ביי מיין פעטער און דערנאָך אַריבער אין סטודענטישן צוזאַמענוווינונג פון אינ־סטיטוט.

אַצינד, אין מיין טבריהער אַליינזיינקייט שווימען פאַר מיר פאַרביי אַזוי דייטלעך, מיט אַלע איינצלהייטן, די יאָרן כסדרדיקע מאַטערנישן, מיינע און געניעס אין דעם ווייטן נאַמאַנגאַן, נאָך דעם, ווי איך האָב זיך צוריק־געקערט פון לאַגער, שוין אויף דער פריי. עס האָט אונדז געפעלט אויף חיונה. הויל־קאַטויל, ניטאָ וואָס אָנצוטאָן אויפן לייב, סיי מיר און סיי די קינדער. די בירעבידזשאַנער לייִלעכער און ציכלעך האָט שוין געניע וויפל מאָל געלאַטעט און איבערגעלאַטעט.

אין נאַמאַנגאַן האָבן דאַן געלעבט עטלעכע צענדליק ייִדישע משפּחות. זיי האָבן זיך אין די מלחמה־יאָרן אַהין עוואַקואירט און שוין געבליבן דאָרטן

שטעקן, אַסימילירט זיך צווישן דער רוסישער טייל באַפעלקערונג. מאָדנע, נאָר אַזוי איז עס געווען — צו די אָרטיקע בוכאַרער ייִדן האָט מען זיך נישט דערנענטערט, נישט אין די מלחמה־יאָרן און אויך נישט שפּעטער. מ'האָט נישט איבעריק ליב געהאַט איינע די אַנדערע. ס'איז בפירוש אַ פּועל־יוצא — צום אַלעם ערשטן — פון דער שפּראַך־מחיצה און נישט אין אַ קלענערער מאָס האָט געווירקט דאָס קדמוניש־רעליגיעז לעבן פון די מזרח־ייִדן, צו וועלכע ס'געהערן בלי ספק, די בוכאַרער. אין אונטערשייד פון די עוואַקויִרטע סאָוועטישע ייִדן, דאָס רוב שוין אויסגעהוילטע פון רעליגיעז־נאַציאָנאַלן שטייגער, און אפילו גרייטע צו אַסימילירן זיך און אויסמישן זיך מיט דער רוסישער באַפעלקערונג. ווײַל די נויט און די אומגעבונג האָט געבראַכט צו דעם. איך בין זיך מודה, אין די קנאַפּע פינף יאָר פון מײַן זײַן אין נאַמאַנגאַן, געדענק איך נישט, אַז איך זאָל האָבן געווען צוזאַמען מיט מײַן פרוי בײַ אַ בוכאַרער ייִדישער משפּחה. אמת, עס דאַרף גענומען ווערן אין אַכט מײַן דעמאָלטדיקע אייגענע פאַרקלעמטקייט און פאַרלוירנקייט. עס האָט נישט אויפגעהערט די ראַנגלעניש אין מיר: „ווערסטו אויס ייִדישער דיכטער ?" „ווילסטו אײַנגיין אויף דעם ? און עס אַרט דיך נישט צו זײַן ייִד, צי נישט ייִד? ווערן אַזוי, ווי דײַן פעטער מײַשל פון אקטיובינסק — האַלב־ייִד, האַלב־משומד..." איך האָב מיך, ווי קיין מאָל געפילט איזאָלירט, אָפּגעשפּליטערט פון אַלץ און פון אַלעמען. אין לאַגער פלעג איך זיך דאָך טרעפן מיט ייִדן, זאָל זײַן מיט רוסיש־רעדנדיקע, און אויך מיט ייִדישע דיכטער און שרײַבער, און דאָ, אין נאַמאַנגאַן לחלוטין מיט קיינעם נישט. אפילו מיט געניען האָב איך זיך נישט געטיילט מיט מײַנע מחשבות־עינוים און יסורים... דאָס האָט געבראַכט אויך צו דעם, וואָס איך בין געוואָרן נישט דער גרונט־פאַרדינער. מיט מײַן אינוואַלידן־פּענסיע האָט מען זיך נישט געקאָנט דורכלעבן; כאָטש שנײַד זיך די פינגער, וועסטו מיט דעם נישט קאָרמענען, באַקליידן און באַשוכן אַ געזינד, דרײַ קינדער, אַזוי האַרב האָט מיך קרוב צו מײַנע פופציק יאָר געשטראָפט מײַן ביטערער גורל.

די מערהייט ייִדישע דיכטער און שרײַבער, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון די לאַגערן און אויך די, וועלכע זײַנען דורך נסים נישט אַרעסטירט און נישט פאַרשיקט געוואָרן, האָבן געלעבט גופא אין מאָסקווע, קיעוו, מינסק, ווילנע. זיי האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט נאָכן פיליאָריקן פאַרבאָט פון ייִדיש־לשון, אויסצוגעפינען אין די קעלערן־אַרכיוון פון דער מאָסקווער לענין־ביבליאָטעק, אָדער אין די צענטראַלע מלוכה־ביבליאָטעקן פון אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד און ליטע די ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן, איבערצושרײַבן פון דאָרט זייערע ווערק, וואָס זיי האָבן אַמאָל געדרוקט, געפינען די איינצלנע עקזעמפּלאַרן פון די לאַנג־דערשינענע זאַמל־ביכער און דאָס, וואָס מע האָט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן אין די עטלעכע נאָך־מלחמה־יאָרן, ערב פונעם

חורבן פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור און ליטעראַטור, כדי אַרויס־צוגעבן אַ בוך, אויב נישט אין אָריגינאַל, איז כאָטש איבערגעזעצט אין רוסיש, אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש און דאָס גלײַכן. די סאָוועטישע דיקטאַטור האָט דאָך ווידער געמאַכט „די גוטע מינע" און דערלויבט זיך מתעסק זײַן מיט דעם שוין פאַרשניטענעם, חרוב־געוואָרענעם מאַמע־לשון ייִדיש. איך אָבער, לעבנדיק אין אַזאַ פאַרוואָרפענעם ווינקל ווײַטן העק, ווי דאָס איז געווען נאַמאַנגאַן, האָב איך קיין שום פיזישע און מאַטעריעלע מעגלעכקייט נישט געהאַט עפּעס צו טאָן, אַרויסצוגעבן מײַנעם אַ בוך — און ווער זשע וועט דאָס פֿאַר מיר טאָן, אויב נישט איך אַליין? אַרויסצוקלײַבן זיך פון נאַמאַנגאַן מיט דער גאַנצער משפחה? — אַזאַ ווײַטער וועג! די באַן־בילעטן, דער באַגאַזש — דאָס נעבעכדיקע מעבל, ביסל בעטגעוואַנט, די שטוב־כלים, די קליידער־שמאַטעס, — אויף דעם אַלעם האָט מען באַדאַרפט היפּשע מיטלען און איך בין נאָך נישט זיכער, צי מע וועט מיר אין מינסק געבן אַ פּריטולעק. איך בין דאָך אַליין פון דאָרט אין 1947 יאָר אַוועקגעפאָרן קיין ביראָבידזשאַן... די איינמאָליקע הילף פונעם שרײַבער־פאַריין בײַם רעהאַביליטירן מיך, איז, ווי דער שניי אויף דער הייסער אוזבעקישער זון גאָר גיך צעשמאָלצן געוואָרן. און פון מײַן פרויס קנאַפּן געהאַלט צוזאַמען מיט מײַן אינוואַלידן־פּענסיע, האָבן מיר נישט געקאָנט עפּעס אָפּשפּאָרן, אָן אַ שיער „לעכער" געווען צו פאַרשטאָפּן.

געניעס שוועסטער בראָניע, מיט וועלכער מיר האָבן געלעבט אין איין קיביטקע, איז אין אַ קורצער צײַט נאָך מײַן צוריקקערן זיך פון לאַגער, אַרויסגעפאָרן קיין מינסק. מע האָט איר מאַן, דעם געוועזענעם פאַרטרעטער פון פאָלקקאָמבילד פון ווײַסרוסלאַנד יוסף גערשאָן, וועלכן מ'האָט אין 1937 יאָר צעשאָסן, נאָך זײַן טויט רעהאַביליטירט, האָט מען בראָניען אין מינסק צוגעזאָגט אַ דירה פאַר איר און פאַר איר זון. איז אונדז אָבער, אין דער קיביטקע־ענגשאַפט, געראַמער נישט געוואָרן, בפרט נאָך דעם, ווי עס איז געבוירן געוואָרן אונדזער בן־זקונים. אוממעגלעך געווען דאָרט צו לעבן. זײַנען מיר געווען געצוווּנגען בײַטן די קיביטקע, דינגען בײַ די אוזבעקן אַ גרעסערע. אָבער ווינטערצײַט פלעגט אונדז נישט קלעקן אויף דירה־געלט און אויף שטיין־קוילן, כדי די גרעסערע קיביטקע צו דערוואַרעמען. פלעגן מיר קוים־וואָס דערוואַרטן זיך אויף פרילינג, ווידער אַריבערקלײַבן זיך אין אַ קלענערע. קיין גרויסע אויסגאַבן אויף אַריבערצוציען זיך פון איין קיביטקע אין דער אַנדערער, זײַנען בײַ אונדז נישט געווען: אַ פורמאַן, אַן „אַרבאַקעש" פון קאַפּאַן־באַזאַר פלעגט פאַר אַ דרײַערל אויף זײַן צוויי־רעדלדיק וועגעלע אַרויפוואַלגערן אונדזער סקאַרב — די אַלטע מינסקער־ביראָבידזשאַנער ניקלענע בעט מיט די לאַנגע צעזשאַווערטע אײַזנס, די פאַרלעגערטע מאַט־ראַצן, בראָניעס אײַזערנע בעטל, די „ראַסקלאַדושקע", אַ פאָר טאַבורעטקעס

און דאָס מינסקער־בירָאָבידזשאַנער שאַפּקעלע, אין וועלכער עס איז געלעגן דאָס ביסל געשיר, די קינדערשע לערנביכלעך, מײַן זעקל מיט כתב־ידן און אין אַ רוטינק פּוידעלע מײַנע אָרדנס און מעדאַלן. ס'חיותדיקע אייזעלע פלעגט דאָס אַלץ פריילעך־גרינג אָװעקפירן פון איין טופּיק־געסל אין אַ צווייטן.

איך האָב געפּרוּווט בעטן אַרבעט אין דער היגער רוסישער צײַטונג. האָט מען מיך מיטפילנדיק אויפגענומען און זייער איידל געגעבן אָנצוהערן: „אַלץ אמת, ביסט רעהאַביליטירט, ביסט אַ שיינער מענטש, אַ מיטגליד פון אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער־פאַריין, מע האָט דיר צוריקגעקערט די אָרדנס און מעדאַלן, אַ מלחמה־אינוואַליד, אַלץ כשר וישר — אָבער אין אַפּאַראַט פון אַ פּאַרטייִישער צײַטונג, וועגן דעם קאָנען אורטיילן נאָר די העכערע פּאַרטיי־אינסטאַנצן".

איך האָב געפּרוּווט דערשלאָגן זיך אויף אַן אויפנאַם צום סעקרעטאַר פון שטאָט־קאָם פון פּאַרטיי, צום פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל פון געגנט־קאָם פון דער פּאַרטיי — אַן אײַזערנע וואַנט!... דאָס אייניציקע, וואָס עס איז מיר דערלויבט געוואָרן, פון צײַט צו צײַט אָפּדרוקן אין דער היגער צײַטונג אַ פּאַרצייכענונג, אַ בילדל, וועגן דער אַרבעט פון דער שטאָטישער באַפעלקע־רונג אויף די קאָלווירטישע בוימוואָל־פּלאַנטאַציעס. איך האָב אפילו אָנגע־הויבן שרײַבן לידער אין רוסיש, אָבי עפּעס צו פאַרדינען. מײַן שוועסטער חנה האָט מיר פון גאָרקי אַרויסגעשיקט אַלע פיר בענדער פון דעם באַרימטן רוסישן ווערטער־אוצר פון וולאַדימיר דאַל. מיט דאַלס הילף, פלעג איך, אַ חרפּה צו דערציילן, אַ פּופצן־זעכצן שעה אין מעת־לעת האַלטן אין שרײַבן און איבערשרײַבן מײַנע רוסישע פאַרצייכענונגען. אויף די רוסישע לידער פלעג איך נאָך מער האָרעווען. בײַם ערשטן פּאַסיקל טאָג־שײַן, פלעג איך שוין זיצן בײַם טישל און ציען די קליי פון דער נשמה. און געניע, וואָס פלעגט בײַנאַכט, נאָך דער שול־אַרבעט באַדאַרפן איבערקוקן די שילערישע העפטן און צונויפשטעלן די קאָנספּעקטן צו די מאָרגנדיקע לימודים, איז נאָך געוואָרן געצוווּנגען מיט אַ פּערלדיקן כתב איבערצושרײַבן מײַנע רוסישע אַרטיקלען און ברענגען אין אָרדענונג מײַן לעפּישן רוסישן זאַץ־בוי, די אָרטיקע שיכורים־זשורנאַליסטן זאָלן פון מיר וויניקער חוזקן. אַלץ איינס האָבן מיר די געדרוקטע בילדלעך, פּאַרצייכענונגען, לידער אין דער אָרטיקער צײַטונג געגעבן גראָשנס. איך האָב מיט זיי נישט געקאָנט שמוקעווען דאָס טאָג־טעגלעכע אויסקומעניש, די קינדער מײַנע זאָלן האָבן צו זאַט ברויט און מילך און עס זאָל אויך סטײַען אויף אַ נײַ קליידעלע, אויף אַ פּאָר שיכלעך.

אין נאַמאַנגאַן האָט פּאַרמעגלעך מ'קאָן, אפילו, זאָגן רײַך, געלעבט אַן אַדוואָקאַט איוואַן מיכײַלאָוויטש באַנדאַרעוו. פון אַ ווווילטאָג־לעבן, האָט ער זיך, משמעות, אָנגעשטעקט מיט דער מחלה פון שרײַבן לידער. ער פלעגט

זײַנע לידער שיקן אין אַלע צענטראַלע צײַטונגען פון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און אין די קאָנסולטאַציע־ביוראָען פון די רעפּובליקאַנער און מאָסקווער שרײַבער־פֿאַריינען. דערוווּסט זיך וועגן דעם, אַז איך בין אַ מיטגליד פון דעם אַלפֿאַרבאַנדישן שרײַבער־פֿאַריין — אים האָט נישט געקימערט, צי כ׳בין אַ ייִדישער, צי אַ טערקישער שרײַבער, אַבי כ׳בין אַ יורידישער מיטגליד און פֿאַרמאָג אַ בילעט פון דעם אַלפֿאַרבאַנדישן שרײַבער־פֿאַריין, וואָס דאָס אַליין איז פֿאַר אים געווען די העכסטע קריטעריע און אויטאָריטעט. און עפּעס אָפּצודרוקן, אַפֿילו, אין דער היגער בלאַט, ס׳זאָל שטיין אויף דעם זײַן נאָמען, איז פֿאַר אים אויך געווען ערשט־ראַנגיק. איז ער מיר, בײַ מײַן אָרעמקייט און אויסזיכטלאָזיקייט, צוהילף געקומען, נישט מיט געלט. ער איז דאָך געווען אַן אַדוואָקאַט און געפֿירט די ענינים פון די אוזבעקן און געוווּסט נאָר פון „נעמעניו", נישט פון „געבעניו". זײַן צווייטע מחלה, אויסער לידער שרײַבן איז געווען די קלאַסישע רוסישע פּליושקין־קאַרגשאַפט, וואָס דער געניאַלער גאָגאָל האָט זי פֿאַראייביקט אין זײַנע „טויטע נפשות". אָבער איוואַן מיכײַלאָוויטש באַנדאַרעוו האָט פֿאַרמאָגט „אַן אײַזערנעם פֿערדל" — אַ מעכטיקן מאָטאָציקל מיט אַ שיפּעלע. דערצו איז באַנדאַרעוו געווען אַן אויס־געצייכנטער שאָפֿער. איך פֿלעג מיר, ווי אַ פֿריץ זיצן אין שיפּעלע און איוואַן מיכײַלאָוויטש פֿלעגט איבער די גלאַנציק־גלאַטע אַספֿאַלטירטע וועגן אַזוי האַסטיק פֿאַנאַנדעריאָגן „דאָס פֿערדל", אַז אָפֿט פֿלעגט מיר נעמען דאַכטן — אָט־אָט רײַסט זיך דער מאָטאָציקל אָפּ פון אַספֿאַלט, פֿליט אויף אין דער לופֿטן און מיר שוועבן איבער בערג, איבער בוימוואָל־פּלאַנטאַציעס, פּונקט אַזוי, ווי אין די אוזבעקישע פֿאָלקס־מעשהלעך — אויף אַ צויבער־טעפּעך.

מיט איוואַן באַנדאַרעוון זײַנען מיר צוזאַמען אויסגעווען אין די שענסטע ווינקלען פון דער פֿערגאַנער טאָל־געגנט באַזוכט מיט אים פֿיל קאָלווירטן און סאָווירטן. און אַדאַנק דעם האָב איך געהאַט בשפֿע מאַטעריאַל אויף צו שרײַבן בילדלעך און פֿאַרצייכענישן פֿאַר דער רוסישער און אויך פֿאַר דער אוזבע־קישער נאַמאַנגאַנער געגנטלעכע צײַטונגען. דערפֿאַר איז אָבער באַנדאַרעוו געווען מײַן גלײַכבאַרעכטיקטער מיטשעפֿער און אונטער די געדרוקטע מאַ־טעריאַלן פֿלעגט זײַן נאָמען לויטן א״ב שטיין פֿאַר מײַנעם. און די רעדאַקציע־בוכהאַלטעריע פֿלעגט אונדז ביידן אויסצאָלן גלײַכע חלקים האָנאָראַר.

בײַם אַרעסטירן מיך אין בירעבידזשאַן, בעת דער אונטערזוכונג, וואָס האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע נאַכט, האָט מען געוואָלט קאָנפֿיסקירן אונדזערע ווערטפֿולע זאַכן, אָבער ס׳איז נישט געווען וואָס. אין משך פון די קנאַפּע פֿיר בירעבידזשאַנער יאָרן האָבן מיר גאָרנישט אָנגעלעבט. נישט קיין מעבל־גאַרניטורן, נישט קיין קאַראַקולענע פּעלצן. נאָר נוקם זײַן זיך האָבן די דרײַ טשעקיסטן אין יענער קאַשמאַרער נאַכט אין מיר געדאַרפֿט, האָבן זיי באַ־שטימט צו קאָנפֿיסקירן די אָבליגאַציעס, מײַנע הלוואות דער מלוכה צו בויען

די נאָכמלחמה־„פּיאַטילעטקעס״. און היות כ׳בין אַ סאָוועטישער שרײַבער און באַקום האָנאָראַר, פלעגט מען פון מיר, איידל גערעדט, חודשלעך שינדן די הויט. דאָס האָט געהייסן, פאַרשטייט זיך, אַז איך שרײַב זיך אונטער און שענק די מיטלען דער מלוכה פולשטענדיק פרײַוויליק פון מײַן טיף־פּאַטריאָטישן האַרצן. אָבער ווי דאָס זאָל נישט הייסן, פלעגט אַ היפּשער טייל פון מײַן געהאַלט גיין אויף די מלוכה־אָבליגאַציעס. צוויי שעה, אוודאי, האָט גע־דויערט איבערשרײַבן די יאָרן און די נומערן פון די אָבליגאַציעס און מען האָט מײַן פרוי איבערגעלאָזט די קאָפּיע פון דעם אַקט. מיר איז אין יענע פײַנפולע מינוטן נישט אײַנגעפאַלן צו זאָגן די רוצחים: איר אַרעסטירט דאָך מיך, נישט מײַן פרוי. ס׳איז דאָך נישט נאָר מײַנע אָבליגאַציעס, אויך מײַן פרויס. זי האָט דאָך די גאַנצע צײַט געאַרבעט. און געניעס צושטאַנד דאַן: די ליפּן האָבן ווי פון זיך אַליין צוגעשלאָסן, זי האָט געשוויגן... האָט זיך בײַ געניען פאַרהיט די קאָפּיע פון די אַראָפּגעשריבענע אונדזערע ביידנס אָבליגאַציעס. און היות מען האָט מיך רעהאַביליטירט, אויפגעשטעלט אין אַלע רעכט און עס איז אונדז נישט גוט, מיר קאָנען צו זיך נישט קומען, שטעלן זיך אויף די פיס, האָב איך גענומען פאָדערן בײַ די פּראָקוראָרן, בײַ דער גולאַג־אַדמיניסטראַציע, מ׳זאָל מיר צוריקגעבן די אָבליגאַציעס. ס׳האָבן זיך געצויגן חדשים. איך האָב קיין ענטפער נישט באַקומען. טייל איך זיך מיט געניען — ס׳האָבן זיך אין מיר צעשפּילט מנחם־מענדלישע פאַרשטע־לונגען אין ראָזעווע קאָלירן: „זיי האָבן פאַרלוירן די אָבליגאַציעס, איז זאָלן זיי אונדז אָפּגעבן דאָס געלט, וואָס די אָבליגאַציעס באַטרעפן״... און געניע איז שוין אויך אַרומגעוועבט מיט מײַנע „לופט־שלעסער״. מיר האָבן צונויפ־געחשבונט די ווערט פון אַלע אָבליגאַציעס — אַ גרויסע סומע געלט. מיט דעם וואָלטן מיר געהאַט אַ מעגלעכקײַט אַרויסצופאָרן פון נאַמאַנגאַן. בראָניע שרײַבט — אינגיכן קריגט זי אַ דירה און, אַז מיר דאַרפן קומען קיין מינסק.

כ׳האָב זיך אויף דער נאַמאַנגאַנער פּאָסט באַקענט מיט אַן עלטערן אָנגע־שטעלטן, אַ רוסישן מענטשן און אים באַוויזן די קאָפּיע פון די קאָנפיסקירטע נומערן און יאָרן פון די אָבליגאַציעס; האָט ער קאָנטראָלירט לויט די געווינס־טאַבעלן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויף אַ גאַנצער ריי נומערן זײַנען אויס־געפאַלן היפּשע געווינסן. האָט זיך בײַ מיר און בײַ געניען נאָך מער פאַר־שטאַרקט דער אינטערעס צו באַקומען אונדזערע אָבליגאַציעס, אָדער געלט פאַר זיי. האָבן מיר זיך ענדלעך דערוואַרט (אַלץ וואָס אין רוסלאַנד איז פאַרבונדן מיט מ. ג. ב. — קגב, ווערט הייליק פאַרהיט. רוסלאַנד איז גרויס און עס קלעקט אָרט פאַר טיפע קעלערן, ווו מען היט אָפּ יעדעס זשאַנדאַרם־פּאַפּירל, ווי דעם גרעסטן אוצר.), מע האָט מיר צוריקגעקערט די אָבליגאַ־ציעס, נישט קיין געלט און דערצו זײַנען די קופּיורן, וועלכע האָבן געוווּנען, פאַרטוישט געוואָרן מיט אַנדערע נומערן פון זעלבן ווערט... זאָל איך ווידער

שרײַבן פּראָשעניעס ? זשאַלאָבעס ? — ווער האָט עס שוין כּוח אויף דעם ?..
און מ׳קאָן מיך נאָך חושד זײַן אין שווינדל און רכילות אויף דער ק. ג. ב....

איך האָב מיך געפּרוּווט אײַנאָרדענען אין דער נאמאנגאנער געגנטלעכער ביבליאָטעק. אַ מיטאַרבעטערן, וואָס האָט געדאַרפט געבוירן אַ קינד, איז אין הסכּם מיטן געזעץ אַוועק אויף פיר חדשים אין אורלויב, האָב איך זי פאַר־ביטן. אָבער אַרויסצוגעבן די לייענער ביכער און אַכטונג געבן אין לייען־זאַל, דאָס האָט מען מיר נישט אָנגעטרויט... דער שאָטן פון „גולאַג״ איז מיר נאָכגעגאַנגען אויף טריט און שריט... איך האָב געטאָן בלויז אַ טעכנישע אַרבעט — פאַרפילט די ביבליאָגראַפישע קאַרטן פון די נײַ־אָנגעקומענע ביכער. און ווען אין פיר חדשים אַרום האָט זיך די מיטאַרבעטערין נאָכן אורלויב צוריקגעקערט אין ביבליאָטעק, האָב איך געמוזט פון דער אַרבעט אַוועקגיין.

האָב איך געפּרוּווט זוכן אַן אַנדער טעכנישע אַרבעט. איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז איך מוז בײַטן מײַן פּאַס. איך האָב באַמערקט אין די קאַדרען־אָפּטיילן קוקט מען עפּעס אַרײַן מיט פאַרדאַכט אין מײַן פּאַס. ער איז בײַ מיר זיכער נישט קיין ריינער — טראַכט איך. איך האָב דאָך אים באַקומען בײַם אַרויסגיין פון לאַגער, נאָך נישט אַלס רעהאַביליטירטער. דאָס דריטע יאָר נאָך סטאַלינס טויט, אין די לאַגערן האָבן זיך נאָך געשטיקט הונדערטער טויזנטער מענטשן און דאָס איבערקוקן די פּאָליטישע ענינים האָט זיך געצויגן, ווי אַ פאַרשלעפּטע קרענק, ווײַל דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם גיריקן בלוטיקן געראַנגל פון די סטאַלין־יורשים פאַר דער מאַכט, הינטער די קרעמל־ווענט, ווער עס וועט זײַן דער נײַער דיקטאַטאָר. אָבער כּדי ליידיקער מאַכן די לאַגערן, פאַר דער וועלט זײַנען שוין דאָך אַנטפּלעקט געווען די גרויזאַמקייטן פון די סטאַלין־רציחות, האָט דער אויבער־סאָוועט פון ראַטנפאַרבאַנד, אין סוף פון 1955 יאָר אַרויסגעגעבן אַן „אוקאַז״ אַקטירן (אַראָפּשרייבן), אַרויסלאָזן פון די לאַגערן, ווי „טויטע נפשות״ די זקנים, כראָניש־קראַנקע און שווערע אינוואַלידן. בין איך אין הסכּם מיט דעם „אוקאַז״ אַרויסמשלחט געוואָרן פון לאַגער, אָן קיין שום רעכט, נישט רעהאַ־ביליטירטערהייט. און ערשט אין עטלעכע חדשים אַרום זײַנען אויף מײַן נאָמען קיין נאמאנגאן אָנגעקומען פון מאָסקווע די רעהאַביליטיר־דאָקומענטן, אַז מע האָט מיך אומזיסט און אומנישט פאַרמשפּט. האָב איך זיך אין דער נאמאנגאנער מיליציע געווענדעט צום נאַטשאַלניק פון פּאַספּאָרט־אָפּטייל: בײַט מיר מײַן פּאַס. מען האָט מיר אים געגעבן בײַם אַרויסגיין פון לאַגער לויטן „אוקאַז״ פון אויבער־סאָוועט פון ס. ס. ס. ר. צו אַקטירן אַלטע לײַט און אינוואַלידן. איצט בין איך אָבער רעהאַביליטירט, — און איך באַווײַז אים מײַנע רעהאַביליטיר־פּאַפּירן.

דער נאמאנגאנער מיליציע־נאַטשאַלניק, אַן אכזר — אַ רויטע קאָקאַרדע,

האָט מיך מיט אַ בייזן שמייכל אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס: „וואָס ווילסטו פון מיר? — אַקטירט, רעהאַביליטירט, ביַי מיר ביסטו דער זעלבער יחסן, וואָס דו ביסט... ס'וועלן אויסגיין די פינף יאָר, דער טערמין פון דייַן פּאַס־פּאָרט, וועסטו דאַן קומען"...

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום בין איך ווידער אַריַין צום זעלבן נאַטשאַלניק, געשטעלט זיך פאַר זיַין טיש און זיך שטיל אָנגערופן: — איך וויל, איר זאָלט מיך פאַרשטיין... ער האָט אויף מיר אַ ברום געטאָן: — דערלאַנג דיין פּאַס־פּאָרט. וועסט זיך יאָוועטן אין אַ חודש אַרום...

איך האָב זיך מייַנס דערשלאָגן — באַקומען אַ נייַעם נאַמאַנגאַנער פּאַספּאָרט. אָבער, ווען איך האָב זיך געגומען דערגרונטעווען אין די פּאָלי־צייַישע שיפרען, האָב איך זיך באַלד איבערצייַגט, — עס האָט זיך אינעם נייַעם פּאַס ווייניק־וואָס געענדערט. די נאַמאַנגאַנער מיליציע האָט אים מיר אַרויסגעגעבן אויפן „איַיזערנעם" סמך פון יענעם (עס איז אָנגעוויזן דער שיינער מקום...), וועלכן איך האָב באַקומען אין דער לאַגער־קאָנטאָרקע, בעתן פאַרלאָזן די פאַרשאָלטענע סטאַלינישע „קייזערלעכע טויערן"...

האָט זיך אָבער געפונען אַ ליכטיקע שפּאַרונקע פאַר מיר און מייַן געזינד: אין 1958 יאָר האָב איך אין נאַמאַנגאַן באַקומען אַ קליינעם אינוואַלידן־אויטאָ אויף פיר רעדער, די מאַשין איז, אפילו, לויט די סטאַנדאַרטן פון יענע יאָרן, געווען זייער אַ פּרימיטיווע. אירע אינגעווייד־מאַשינעריע האָט זיך געהאַלטן אויף משקולות. כדי צו קריגן שאָפערישע רעכט אויף צו פירן אַזאַ אויטאָ, האָב איך זיך געלערנט בלויז אַ חודש ציַיט. מייַן ראיה איז פון קינדוויַיז שטאַרק אַ נידעריקע און אויך די הענט מייַנע, ליימענע הענט. און געלעבט האָב איך דאַן אין די זאַמדיקע הינטערגעסלעך, אין די אוזבעקישע קישלאַקן, ווּ אַרומצופאָרן איז אַ סך גרינגער אויף אַן אייזעלע, ווי אויף אַן אויטאָ, האָב איך אין אַ גאָר קורצער ציַיט מייַן נייַינקן אינוואַלידן־אויטאָ געמאַכט פאַר אַ קאַליקע. און אָט די שברי־כלי האָט מיך געראַטעוועט: איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַ קונה, וואָס האָט מיר פאַר איר געגעבן 5 טויזנט רובל. איך געדענק שוין נישט אַציגד, ווי אַזוי ס'האָט דאַן געהאַלטן דער רוסישער רובל, צי דאָס איז געווען נאָך, צי פאַר כרושטשאָווס אַ נייַע דעוואַלואַציע. און דעם אמת געזעדט, האָב איך די מאַשין גאָר נישט געטאָרט פאַרקויפן. די מלוכה האָט זי מיר געגעבן „אַנשטאָט פיס". איך האָב געהאַט רעכט נאָר אָפּצוגעבן זי דער מלוכה, ווי „ברוכוואַרג", כדי צו בעטן אַ נייַע. אָבער איך האָב שוין מיט זיך ענדגילטיק באַשלאָסן — אָפּצולעבן מייַנע יאָרן אָן אַן אויטאָ. צופיל קאָפּ־דרייעניש און עגמת־נפש ברענגט עס מיר. און אָט די סומע געלט האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייַט אַרויסצוקאַראַבקען זיך מיט דער משפחה פון נאַמאַנגאַן — מייַן פאַקטישע צווייטע פאַרשיקונג שוין אַלס פרייַער סאָוועטישער בירגער.

# דאָס צוריקקערן זיך קיין מינסק

געקומען מיט דער פרוי און קינדער קיין מינסק, האָט מיר פּעטרוס אוסטינאָוויטש בראָווקאָ, דער פֿאָרזיצער פֿון דעם ווײַסרוסישן שרײַבער־פֿאַריין, קורץ און בינדיק געגעבן צו וויסן: — האָסט זיך צוריקגע־קערט? — דו האָסט אויף דעם רעכט. דו ביסט פֿון דאַנען אַוועק מלחמה האַלטן. אָבער אַ דירה קאָנען מיר דיר איצט נישט געבן, ווײַל צענדליקער ווײַסרוסישע שרײַבער זײַנען נאָך אָן דירות, איז גיב זיך אַן עצה, קריג־ווו אַ ווינקל און מיר וועלן העלפֿן, מע זאָל דיך צושרײַבן. —

דאָס, וואָס בראָווקאָ האָט באַוויליקט מײַן צוריקקערן זיך, איז פֿאַר מיר געווען אַן אומדערוואַרטע טרייסט, אַזוי דערשלאָגן בין איך שוין געווען. אַ ווינקל האָט זיך געפֿונען. אין דער זעלבער צײַט האָט דער ווײַס־רוסישער ליטפֿאָנד * געגעבן דעם מינסקער שרײַבער ריִהאָר רעלעס אַ גרעסערן צימער. ער האָט געלעבט אַליין און איך מיט מײַן משפּחה האָבן זיך מיט דער צושטימונג פֿון ליטפֿאָנד אַרײַנגעצויגן אין רעלעסעס לײדיק־געבליבענעם זעקס־מעטראָוון צימערל, אויף דער מינסקער פֿאַבריציוס־גאַס. מער פֿון אַ העלפֿט פֿונעם חדר האָט פֿאַרנומען אונדזער אַלטע ניקלנע בעט. מיר האָבן זיך מיט גרויסן גוט אָנגעמאַטערט, ביז ס'איז אונדז געראָטן די לאַנגע צעזשאַוערטע אײַזנס אַרײַנטאָן אין די צוויי בעט־ווענטלעך אויף רעדלעך, זיי זאָלן שטיין אויף אַלע פֿיר און ערשט דערנאָך אַרײַנפּאַסן אין דער ראָם דעם זייער שווערן גרויסן מאַטראַץ מיט די שוין צעבויגענע אַרויסשטאַרטשענדיקע פּרוזשינעס. אין נאָמאַנגאַן האָט זיך די דאָזיקע בעט־מאַכינע געוואַלגערט אין שטעלעכל נעבן בראָניעס קיביטקע, ווו עס האָט זיך בלויז געלאָזט אַרײַנשטעלן איר, בראָניעס, אײַזערנע בעטל. איך האָב די ניקלנע בעט געהאַט אָפּגעקויפֿט בײַם גוי, דעם שכן מײַנעם, ווען איך האָב מיך נאָך דער מלחמה צוריקגעקערט קיין מינסק פֿון דעם טשעליאַבינסקער מיליטערישן שפּיטאָל. פֿון וואַנען די בעט איז געקומען צום גוי, איז זיך נישט שווער פֿאַרצושטעלן... און אין דעם 1947 יאָר האָבן מיר זי געשלעפּט פֿון מינסק קיין ביראָבידזשאַן. און ווען מ'האָט מיך אַרעסטירט, האָט זי מײַן פֿרוי געפּאַקעוועט קיין נאָמאַנגאַן. און אַצינד האָבן מיר זי צוריק־

---

* ליטפֿאָנד — ליטעראַרישער פֿאָנד. דער מאַטעריעל־שטיצערישער אַנשטאַלט בײַם שרײַבער־פֿאַראיין.

געבראַכט קיין מינסק אין דעם זעקס־מעטראָוון חדרל אַרײַן. בײַ דער אַנטקעגנדיקער וואַנט איז געבליבן אַרט אַוועקצושטעלן די שאַפּקעלע און צוויי טאַבורעטקעס. אויף נאַכט פלעגן מיר פאַר דער טאַכטער אויסשפּרייטן די ברעזענטענע „ראַסקלאַדושקע", דער פיר־יאָריקער זון איז געשלאָפן צופוסנס, צוזאַמען מיט אונדז. אויסערן צימער — אַ קאַלטע אַלגעמיינע קיך מיט אַ טיר צו דער גאַס, וואָס איז טאָג און נאַכט געווען אָפן. צושליסן פלעגן מיר בלויז די צימער־טיר. די ענגשאַפט איז געווען נישט קלענער, ווי אין נאָמאַנגאַן. אָבער מיר זײַנען געווען גליקלעך. איך האָב ווידער אָנגעהויבן צו שאַפן אויף מאַמע־לשון. איך האָב אויסגעזוכט אין די מלוכה־ביבליאָטעקן מײַנע געדרוקטע לידער און פּאָעמעס, די ווײַסרוסישע דיכטער האָבן גענומען איבערזעצן מײַנע לידער. דריי יאָר האָבן מיר זיך אָפּגעמוטשעט אין דעם קליינעם חדרל, ביז מיר האָבן באַקומען אַ צוויי־צימערדיקע דירה מיט מענטשלעכע באַדינגונגען. נאָר איך האָב אין משך פון אָט דער צייט און אין די שפּעטערדיקע יאָרן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן אינעם ווײַסרוסישן שרײַבער־הויז פאַר שאַפונג, צוואַנציק קילאָמעטער הינטער מינסק. און זומער־צײַט, אויף אַ חודש, צי צוויי, אָפּהענגיק פון מײַנע פאַרדינסטן, מיטצונעמען אַהין אויך מײַן משפּחה.

די ווײַסרוסישע פּאָעטן און שרײַבער האָבן זיך צו מיר באַצויגן מיט מיטגעפיל און חשיבות. מײַן זײַן אַ שלאַכטמאַן, אַ מלחמה־אינוואַליד און מײַן שרײַבן אויף מאַמע־לשון, פאַר וואָס איך בין אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן, האָט אַרויסגערופן רעספּעקט צו מיר. די ווײַסרוסישע שרײַבער האָט דער עיקר אימפּאָנירט, וואָס בײַ אַלע מײַנע פּלאָגענישן און פּײַנען, בין איך אומעטום טרײַ געבליבן מײַן אייגענעם נאָמען — חיים, נישט פאַרענדערט, נישט מאָדערניזירט אים אויף דעם גרויס־רוסישן שטייגער. זיי פלעגן מיך מיט שמייכלדיקער האַרציקײַט באַגעגענען.

— זדראַוו, חיים!

— דאָ פּאָבאַטשעניאַ, חיים!

בפרט נאָך, אַז זיי האָבן פון מײַנע לידער געוווּסט, אַז חיים באַטײַט בוכשטעבלעך — לעבן. און אַ סך ווײַסרוסישע דיכטער, פון די עלטסטע ביז די סאַמע יינגסטע האָבן מיט חשק איבערגעזעצט מײַנע לידער. בײַ אַ טייל פון דער שפּעטערישער ווײַסרוסישער אינטעליגענץ, באַזונדערס בײַ דעם עלטערן דור ווײַסרוסישע שרײַבער, האָט נישט געקאָנט נישט אַרויסרופן אין האַרצן אייגענעם אומרו און טריבע מחשבות, דאָס צעגראַמירן אין די נאָכמלחמה־יאָרן די סאָוועטישע יידישע ליטעראַטור, דאָס צעשיסן די באַוווּסטע יידישע שרײַבער און דאָס אַרעסטירן און פאַרשיקן כמעט אַלע יידישע סאָוועטישע שרײַבער, ווײַל, נאָך אַלעמען, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די ווײַסרוסישע קולטור און ליטעראַטור וואַקסט און בליט, אַזוי צו

זאָגן — גרויסע שעפערישע מעגלעכקייטן — פּאַרלאַגן, זשורנאַלן, צײַ־טונגען, טעאַטער, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, אויף דער ווײַסרוסישער שפּראַך, פּילצאַליקע מלוכה־פּרעמיעס, דאַכט זיך אַלץ גוט, ניטאָ פֿאַר וואָס צו באַאומרויִקן זיך, אָבער די וואָרצלען ווערן אונטערגעשניטן... פּשוט און פּראָסט געריידט, די צאָל ווײַסרוסישע שולן אין די גרעסערע שטעט ווערט קאַטאַסטראָפֿאַל קלענער און קלענער *. דאָס זעלבע קומט אויך פֿאָר אין דאָרף, די רוסיפֿיקאַציע גרייפֿט אָן אומבאַמערקט, גרויזאַם, אַזוי ווי די מדבר־זאַמדן, מדבר־דיונעס און זי שלינגט אײַן אויף איר וועג אַלץ, וואָס עס איז נישט גרויס־רוסיש.

בײַ מיר אין האַרצן האָבן שוין אין יענער צײַט אָט די אַלע נאַציאָנאַלע ווייטאָקפֿולע איבערלעבענישן איבערגעבערענט, קיין שום האָפֿענונג, אַז אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד זאָל ווידער אין אַ ברייטן פֿאַרנעם אויפֿקומען ייִדיש, ייִדישע קינדער־צײַטונגען, לערנביכער פֿאַר ייִדישע קינדער, עס זאָל אויס־וואַקסן אַ יונגער ייִדישער לייענער, דאָס האָט זיך מיר, אַפֿילו, נישט גע־חלומט. דעריבער זײַנען עס די צענדליקער לידער מײַנע, וואָס איך האָב דאַן צוריקקערנדיק זיך קיין מינסק, געשריבן, געוועון דורכגעדרונגען מיט טיפֿער בענקעניש צו מאַמע־לשון, פֿול מיט ייִאוש און פּערספּעקטיוולאָזיקייט און דאָס האָט געצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט צו מיר מצד די עלטערע און אויך ייִנגערע לירישע ווײַסרוסישע פּאָעטן. בײַם איבערזעצן מײַנע לידער, כּדי די צענזור זאָל זיך בעתן דרוקן נישט טשעפּען, פֿלעגן די ווײַסרוסישע דיכטער באַמיען זיך מײַנע טיפֿע ווונדן, מײַנע שווערע שטי־מונגען, עטוואָס צו פֿאַרדעקן, ווייכער מאַכן, אָבער אַ געניט אויג, האָט זיי אַלצייִנס געזען און געפֿילט.

אין מאָסקווע האָט געגומען דערשײַנען „סאָוועטיש היימלאַנד”. דאָרטן פֿלעגן זיך דרוקן מײַנע לידער. ייִדיש איז ווידער יאַקאָש געוואָרן לעגאַ־ליזירט, אָבער מיט גרויסע באַוואָרענישן, מיט כּסדרדיקן נישט אַראָפּלאָזן די ק.ג.ב.־עיניים פֿון די, וואָס שרײַבן אין זשורנאַל און פֿון די, וועלכע לייענען אים. אַלץ איינס האָבן די אָרגאַנען פֿאַרגעזעצט צו באַטראַכטן ייִדיש, ווי אַ שיפֿער, ווי אַ דורכפֿירער פֿון וועלט־שפּיאָנאַזש. צו באַגעגענען זיך מיט ייִדישע לייענער, אַ שטייגער, אַראָפּקומען אין אַ ווײַסרוסישן געווע־זענעם ייִדישן שטעטל און וועלן צונויפֿנעמען אַ פּאָר מנינים עלטערע ייִדן צו פֿאָרלייענען פֿאַר זיי, אַפֿילו בלויז דאָס וואָס איז שוין צענזורירט און שוין

---

* בײַ מײַן עולה זײַן אין נאָוועמבער 1974 יאָר, איז שוין אין מינסק פּאַקטיש קיין איין ווײַסרוסישע מיטל־שול ניט געווען. אַלע לימודים האָט מען שוין אומעטום געלערנט אויף רוסיש. עס איז בלויז, ווי אַ קעגנשטאַנד געבליבן די ווײַס־רוסישע שפּראַך.

אָפּגעדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד״, איז דאָס סײַ ווי סײַ געוועזן אומעגלעך. ס׳האָט אומבאַדינגט געדאַרפֿט בײַזײַן אַ פֿאָרשטייער פֿון רײַקאָם פֿון פּאַרטיי, אָדער מ׳האָט צוליב דעם באַדאַרפֿט אַ ספּעציעלן דערלויבעניש־בריוו פֿון דעם מינסקער שרײַבער־פֿאַריין און אויך פֿון דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד״. אַן אומבאַשטרײַטער פֿאַקט איז — פֿון 1961 יאָר, ביז מײַן אָפּפֿאָרן קיין ישׂראל אין נאָוועמבער 1974 — אין משך פֿון 13 יאָר, איז אין מינסק פֿאָרגעקומען איין און איינציקער אינטערנאַציאָנאַלער ליטעראַרישער אָוונט מיטן בײַזײַן פֿון אַ סדרה משגיחים, פֿאָרשטייער פֿון די פּאַרטיייִשע אינסטאַנצן, פֿון שרײַבער־פֿאַריין און פֿון דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד״.

איך דערמאָן מיך, איך בין אויף עטלעכע טעג אַראָפּגעקומען קיין ראָגאַטשאָוו, שמואל האַלקינס געבוירן־שטעטל. ווען איך בין אַרײַן אין אַ שטוב פֿון אַ ייִדישן לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד״, איז אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב געעפֿנט די טיר, האָט ער אויפֿדערגיך פֿאַרשטעקט אונטערן קישן דעם פֿרישן זשורנאַל־נומער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. דאַכט זיך, כּשרער קאָן שוין נישט זײַן, אַ לעגאַלער מאָסקווער זשורנאַל מיט פֿײַערדיק־רויטע אותיות אויפֿן טאָוול — „סאָוועטיש היימלאַנד״, אָבער לייענען אים דאַרף מען בסתר, ס׳זאָלן פֿרעמדע אויגן נישט זען, אַז ער לייענט אַ זשורנאַל מיט ייִדישע אותיות... מאַלע־וואָס עס קאָן דערפֿון אַרויסקומען אין אַ צײַט אַרום...

בײַם ווײַסרוסישן שרײַבער־פֿאַריין עקזיסטירט אַ ספּעציעלער אָפּטייל, וואָס פֿאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט פּאָפּולאַריזירן די ווײַסרוסישע ליטעראַטור. אָט דער אָפּטייל אָרגאַניזירט עס אין די שטעט און דערפֿער די באַגעגענישן פֿון די ווײַסרוסישע שרײַבער מיט די לייענער. פֿאַר די אַרויסטרעטונגען פֿלעגט דער שרײַבער באַקומען באַצאָלט. איייניקע מאָל האָט מען אויך מיך געשיקט צוזאַמען מיט אַ בריגאַדע פֿון אַ צוויי־דרײַ ווייסרוסישע דיכטער פֿאָרצולייענען מײַנע לידער. איך פֿלעג, פֿאַרשטייט זיך, פֿאָרלייענען מײַנע איבערזעצונגען אין ווײַסרוסיש. אמת, מײַן דיקציע אויף ווײַסרוסיש איז געווען ווײַט פֿון צו זײַן ערשטקלאַסיק. אָבער די ווײַסרוסישע פּויערים האָבן, אויס אַכטונג צו מײַן קוליע און שטעקן, מיך געהערט. און איך בין פֿאַר די שרײַבער־בריגאַדעס נישט געווען קיין באַלאַסט און כ׳האָב ערלעך פֿאַרדינט מײַן חלק האָנאָראַר פֿאַר מײַן פֿאָרלייענען. נאָר איין מאָל האָט פּאַסירט אַזאַ זאַך: דאָס איז געשען אין האַרבסט פֿון 1967 יאָר. איך בין געפֿאָרן אַרויסטרעטן צוזאַמען מיטן ווײַסרוסישן דיכטער יאַנקאַ ניעפּאַטשאַלאָוויטש קיין באָברויסק. איך זיץ מיט אים אין האָטעל־צימער און מיר וואַרטן, די אויטאָמאַשין זאָל קומען נעמען אונדז אויף דער פּלאַנירטער באַגעגעניש מיט די ווײַסרוסישע

לייענער. גייען מיר דערווײַל אַרײַן אין האָטעל־בופעט, עפּעס איבערצו־בײַסן. איך האָב, ווי מײַן שטייגער איז, די קוליע אַוועקגעשטעלט אין ווינקל. פּלוצעם זאָגט מען אונדז, אַז די אויטאָמאַשין איז שוין דאָ. איך גיי צו צום ווינקל נאָך דער קוליע, זי איז נישטאָ. איך זוך, נישטער אין אַלע ווינקלען, אונטער אַלע טישלעך — נישטאָ. מײַן פרײַנד יאַנקאָ ניע־פּאַטשאַלאָוויטש העלפט מיר זוכן, דער בופעטשיק זוכט, די גויע, וואָס וואַשט דאָס געפעס — אַלע זוכן. מען האָט די קוליע נישט געפונען. אַזוי ווי עפּעס אַ קונצנמאַכער וואָלט זי אײַנגעשלונגען. איך בין שוין מיט מײַן חבר דעם ווײַסרוסישן דיכטער אויפן ליטעראַרישן אָוונט נישט אַרויס־געטראָטן. ער איז געווען אויפגערודערט, דערצאָרנט: „איך פאַרשטיי בשום אופן נישט, — האָט ער גערעדט צום בופעטשיק, צום אַרײַנגעקומענעם האָטעל־פאַרוואַלטער און צו די עטלעכע נײַגעריקע, וואָס האָבן זיך צוגע־הערט, — אַן אַלטער שרײַבער, אַ מלחמה־אינוואַליד, קומט פון דער הויפּט־שטאָט לייענען זײַנע ווערק, נעמט מען בײַ אים צו די קוליע.״

מיר האָבן זיך אין דעם זעלבן אָוונט צוריקגעקערט קיין מינסק. ניעפּאַ־טשאַלאָוויטש האָט מיר געהאָלפן גיין און באַגלייט מיך ביז מײַן שטוב. ער האָט ווי געשעמט זיך צו קוקן מיר גלײַך אין די אויגן. ער איז מיט אַ 7־8 יאָר געווען יינגער פון מיר, אַ לערער פון ווײַסרוסישער ליטע־ראַטור און שפּראַך אין דעם דאָרף, ווו ער איז געבוירן געוואָרן. אינעם זעלבן 1967 יאָר איז אין מינסק דערשינען זײַן צווייט בוך לידער און ער איז מיט זײַן משפחה אַריבערגעפאָרן לעבן קיין מינסק. אין די מלחמה־יאָרן איז ער געווען אַ פאַרבינדלער אין דער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע, וואָס האָט געטראָגן קיראָווס נאָמען.

אין דער היים האָבן מיר דערנאָך מיט געניען געפונען טראַכטן וועגן אַלע וואַרשײַנלעכקייטן, וועלכע זײַנען געקומען אויפן זינען לגבי דעם פאַרשווינדן פון דער קוליע. זי איז געווען געמאַכט פון צוויי אַליומיניעווע פּוסטע רערן, אין מיטן פוןביידע רערן — לעכעלעך, כדי אויף שרויפן צו קאָנען פאַרפעסטיקן דאָס אויסגעקײַלעכטע אָנשפּאַר־העגטל, ווי דאָס איז באַקוועמער פאַרן אָרעם, נידעריקער אָדער העכער. די קוליע האָט מען מיר געגעבן אויפן מינסקער פּראָטעז־זאַוואָד נאָך פאַר מײַן אָפּפאָרן קיין ביראָבידזשאַן. איך בין מיט איר געווען אין טײַשעט־לאַג, זי האָט שוין אָנגעזען זיך אַ וועלט, מײַן קוליע... שלאָגט מיר געניע פּלוצעם איבער מײַנע מחשבות: — דו ווייסט, בראָניע האָט הײַנט אין דער פרי צו אונדז גע־קלונגען, מיר האָבן גאָרנישט געוווּסט, הײַנט איז דאָך דער צווייטער טאָג ראש־השנה.

— אוי, — גיב איך מיר אַ כאַפּ, — איך האָב דאָך ניש לאַנג באַקומען אַ בריוו פון ישראל, פון דאָרטיקן אָנפירער פון די מלחמה־אינוואַלידן און

אויך דעם ישראל־בוך מיט מײַן אויף עברית איבערגעזעצטער בומאַגין־פּאָעמע *. צי האָבן עס נישט „מײַנע גוטע ברידער" ** מיט זייערע געבעלס־געהירן אויסגעחקירעט, אַז איך האָב אַראָפּגעבראַכט, באַהאַלטן אין די רערן פון מײַן קוליע, ציוניסטישע אויפרופן לכבוד ראש־השנה פאַר די באָברויסקער ייִדן? אָדער, גיכער פון אַלץ, האָט אַ געוועזענער פּאָליצײַ מיך חושד געווען: „צי דער זשיד־אינוואַליד טראָגט נישט אַרום גאָלדענע רענדלעך אין די קוליע־רערן, ווייל ער קאָן זיך מיט זײַן אוצר נישט צעשיידן..." זיי, די געוועזענע פּאָליציי־לײַט, אַרעסטאַנטן, פלעגן דאָך אין טײַשעטלאַג בײַ מיר, דעם „אַמעריקאַנער שפּיאָן" האַלטן אין איין אַרום־טאַפּן מײַן צעפּוילטן מאַטראַץ, אפשר האָב איך דאָרט פאַרשטופּט אַמעריקאַנער דאָלאַרן?...

וואָס מען האָט אין דעם שרײַבער־פאַריין מיטן צופאַל מײַנעם אין באָברויסק גערעדט, ווייס איך נישט. נאָר מער האָט מען שוין מיך אַרויס־טרעטן מיט ווײַסרוסישע שרײַבער־בריגאַדעס אויף דער פּעריפעריע נישט געשיקט. אגב, מיטן ווײַסרוסישן דיכטער יאַנקאַ ניעפּאַטשאַלאָוויטש, מיט וועלכן איך בין דאַן צוזאַמען געווען אין באָברויסק, האָט אין אַנדערט־האַלבן יאָר אַרום געטראָפן אַן אומגליק: ער איז זומערצײַט געפאָרן אין דאָרף צו זײַנע אייגענע, איז צו אים דאָרט באַגינען געקומען איינער און אים דערשאָסן... איך האָב זיך געפּרוּווט דערפרעגן אין שרײַבער־פאַריין, ווי אַזוי און פאַר וואָס דאָס איז געשען? — האָט מיר קיינער נישט געקאָנט ענטפערן. האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז בעסער נישט צו פרעגן... אין ראַטנפאַרבאַנד איז דאָך תמיד אַלץ אַרומגעשלייערט און אַרומגעשפּינט מיט חשדים און פאַרהוילונגען... ווען אין דעם 1970 יאָר איז אין מינסק דערשינען דאָס ביאָ־ביבליאָגראַפישע האַנטבוך „פּיסמעניקי סאָוויעצקאַי ביעלאָרוסי" („די שרײַבער פון סאָוועטישער ווײַסרוסלאַנד"), האָב איך איבערגעלייענט יאַנקאַ ניעפּאַטשאַלאָוויטשעס קורצע ביאָגראַפיע; ווערט דאָרט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן דעם אומגליק־פאַל מיט אים — ס'ווערט בלויז געזאָגט, אַז דעם 3.7.69 איז ער געשטאָרבן.

אין דעם זעלביקן האַנטבוך זײַנען דאָ די קורצע ביאָגראַפיעס פון די באַוווּסטע ייִדישע שרײַבער פון ווײַסרוסלאַנד: איזי כאַריק, משה קולבאַק, יאַשאַ בראָנשטיין, זעליק אַקסעלראָד. ס'ווערט אפילו מיט קיין רמז נישט

---

* יוסף בומאַגין — אַ העלד פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט אין קריג מיט זײַן ברוסט פאַרשטעלט די אַמבראַזור פון אַ דײַטשישן בונקער, דורך וועלכער ס'האָט געשפּריצט מיט פײַער אַ קוילנוואַרפער.

** מײַנע גוטע ברידער — אַ היפּוכדיקע ראשי־תיבות פון מ.ג.ב. אַזוי פלעגן די ייִדן, וועלכע זיינען געזעסן אין די מ.ג.ב.־טורמעס און לאַגערן פאַרשטעלט, מיט איראָניע, דערמאָנען די אויספאָרשערס, נאַטשאַלניקעס און נאַדזיראַטעלעס.

דערמאָנט, אַז די סאָוועטן־מאַכט האָט זיי פאַרטיליקט. עס ווערט בלויז אָנגעוויזן — איזי כאַריק איז געשטאָרבן אין 1937 יאָר, יאַשאַ בראָנשטיין — געשטאָרבן דעם 2.5.38. משה קולבאַק — געשטאָרבן דעם 17טן יולי 1940 יאָר, זעליק אַקסעלראָד — געשטאָרבן אין 1941 יאָר.

## צער און עצבות

די באַציונג פון די ווײַסרוסישע שרײַבער צו מיר איז געבליבן די זעלבע וואַרעמע און האַרציקע. בײַ באַגעגענען זיך, פלעג איך תמיד הערן אָנגענעם־אויפריכטיקע ווערטער:

— יאַק מאַיעשסיאַ, חיים ? ! *

— טרימײַסיאַ ! האַלט זיך !

— מאַצוּיסיאַ ! קרעפטיק זיך !

האָב איך אין יענע יאָרן אַ סך געשאַפן. עס איז געוואַקסן אין מיר די ליבשאַפט צו דער אַרומיקער נאַטור, צום ווײַסרוסישן פּייזאַזש, ווײַסרוסישן וואַלד. איך וועל מיר, מײַן טרײַער לייענער, דערוועגן צו ברענגען פאַר דיר מײַנעם אַ פרילינג־בילדל, אַ קאַרטינקע פונעם ווײַסרוסישן באָר, הינטער מינסק: „אָט גיי איך שוין אַ פּאָר שעה אַרום איבערן שטילן אַפּריליקן וואַלד — ס׳איז דער ערשטער טאָג, ווען דער וואַלד איז אַ שטילער, אַ צוגעלאָזטער, ווײַל דער חודש אַפּריל איז דאָ בײַ אונדז אין ווײַסרוסלאַנד תמיד אַ צעבאַלעוועטער, מיט אַ מאַנקאָליע. אין משך פון איין טאָג בײַט ער, ווי אַ מאָדניצע, אַ צען מאָל דעם הולך — רעגן, ווינט, שניי, האָגל. און פּלוצעם גיט אַ שײַן איבער די יעלן די ליכטיק־מחיהדיקע פרילינג־זון, וואָס מאַכט פון דעם ווינטער אַ טיל־תל. דאָס אַרומבלאָנקען אין וואַלד קומט מיר אָן נישט לײַכט. איך שלעפּ זיך, טופּע מיט מײַנע זעכציק יאָר איבער די נאָך בלאָטיקע, ערטערווײַז פאַרשנייטע סטעזשקעס. עס גייט מיר אין לעבן, אָנצושטויסן זיך, אין וואָס עס דערמאָנט דער קלאַנג, וועלכן עס ברענגט אַרויס מיט רעגלמעסיקע אינטערוואַלן דער שוואַרצער פּיקהאָלץ, אַ פויגל עטוואָס גרעסער פון אַ שטאַר. און טאַקע, מיט וואָס קאָן מען פאַרגלײַכן זײַן טיף־אייגנאַרטיקן פרילינג־געזאַנג ? — זאָל איך אים פאַרגלײַכן צו אַ קרעכץ ? צו אַ סקריפּ פון אַ טיר, בעת מע עפנט זי שטיל, נישט מיט אַ מאָל ? יאָ, עטוואָס

* יאַק מאַיעשסיאַ — ווײַסרוסיש : בוכשטעבלעך באַטײַט דאָס — וואָס מאַכסטו ? אָבער דער אויסדרוק אַנטהאַלט אין זיך אַן אַנדער ניואַנס — ווי האָרעוועסט זיך ? — פאַראַן אויך דער בײַטעם אין דעם פון מי און מאַטער.

דערמאָנט עס אַ סקריפּ פון אַ טיר. און, אפשר, — צום גערויש פונעם וואַלגערהאָלץ, ווען די מאַמע פּלעגט גלעטן די פּריש־אויסגעטריקנטע וועש? און דאָך האָב איך געפּאַקט: כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז קליינערהייט פלעג איך ליב האָבן צו גיין איבער די געסלעך פון מיין היימשטאָט וויטעבסק און מיט אַ קורץ שטעקל פירן איבער די שטאַכעטן פון אַ לאַנגן פּלאָנקען (גרויסע, רייכע סעדער מיט באַלעבאַטישע הייזער, אַרומגעצוימטע מיט לאַנגע פּאַרקאַנעס זיינען אין וויטעבסק אַ סך). אַט פּונקט אַזאַ קלאַנג ברענגט אַרויס מיט זיין שנאָבל דער שוואַרצער פּיקהאָלץ אין אַפּריליקן באַר, אַ קלאַנג, וואָס פאַרבאַרגט אין זיך שקאַצעריי, מאַנצבילשן עזות. דאָס גיט ער, דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק צו וויסן: „פייגעלעך־שוועסטערלעך! דער פרילינג קיצלט מיך אונטער די פּאַכוועס. היט זיך! איך וואָרן אייך! נאָר אָלץ איינס וועט איר זיך אַריינפּאַקן...״ און אַז עס קומט אָן אַזוי שווער ריכטיק צו פאַרפיקסירן אין זינען אָן איינצלנעם פויגל־קלאַנג, ביז עס בליצט, ענדלעך, אויף אַ פּינקטלעכע טרעפלעכע אַסאָציאַציע (און צי איז זי אַ טרעפלעכע? — אַ ספק נאָך), איז מכל שכן האָבן צו טאָן מיט מענטשלעכע מחשבות, העוויות, מיט לעבנס־געשיכטעס, לעבנס גורלות.״

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער ווייסרוסישער מלוכה־פאַרלאַג פּלעגט דאָן כמעט יעדן יאָר אַרויסגעבן אין ווייסרוסישער איבערזעצונג מיינס אַ זאַמלביכל לידער.*

* נאָך מיין צוריקקערן זיך פון נאַמאַגאַן, סוף 1960 יאָר, זיינען אין מינסק דער־שינען די פאָלגנדע מיינע לידער־זאַמלונגען, איבערגעזעצט אין ווייסרוסיש:
א) „בראַציקאַם אַ׳ סיאַסטריטשקאַם״ — „פאַר ברידערלעך און שוועסטערלעך״, לידער. מלוכה־פאַרלאַג פון ווייסרוסלאַנד, מינסק 1962. 80 ז״ז.
ב) „פּאָפּליעטש ז סיגאַמי אוסימי״ — „אַקסל ביי אַקסל מיט אַלע זין צוזאַמען״ — לידער און פּאָעמע „דבורה״. מלוכה־פאַרלאַג פון ווייסרוסלאַנד, מינסק 1963, 175 ז״ז.
ג) „ראַדני דאָם״ — „דאָס אייגן הויז״ — לידער. פאַרלאַג „בעלאַרוס״, מינסק, 1965, 167 ז״ז.
ד) „נאַ סאַניעטשנים באַקו״ — „אויף דער זוניקער זייט״. פאַרלאַג „בעלאַרוס״, מינסק, 1967, לידער, 84 ז״ז.
ה) „מוי דאָברי גאָלוב״ — „מיין גוטע טויב״, לידער. אויסדערוויילטע ווערק. פאַרלאַג „בעלאַרוס״, מינסק 1970, 247 ז״ז.
ו) „יאָלקאַ פאַד אַקנאַם״ — „אַ יאָלקע ביים פענצטער״ — לידער פאַר קינדער מיט געמעלן פאַרלאַג „בעלאַרוס״, מינסק 1967, 48 ז״ז.
ז) „וויאַסיאָליאַ וואַראַטאַ״ — „פריילעכע טויערן״. לידער פאַר קינדער מיט גע־מעלן. פאַרלאַג „מאַסטאַצקאַיאַ ליטעראַטוראַ״, מינסק, 1972, ז״ז 28.
ח) „קרוג דרוזשבי״ — קרייז פון פריינשאַפט״. לידער. פאַרלאַג „מאַסטאַצקאַיאַ ליטעראַטוראַ״, מינסק, 1973, 172 ז״ז.

צענדליקער עלטערע און יינגערע דיכטער פלעגן מייַנע לידער איבערזעצן, און דאָס אַליין האָט געשטאַרקט מייַן בונד און ליבשאַפט צו מייַן מאַמע־לשון. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס קיין מגע־ומשא מיט ייִדישע לייענער האָב איך נישט געהאַט, אויסער זייער אַ שמאָלן און באַגרענעצטן קרייַז — מייַן פרוי, מייַן שוועגערין בראָניע און געציילטע, נאָענטע באַקאַנטע, פאַר וועמען איך פלעג פאָרלייענען מייַנע ייִדישע לידער.

האָט אָבער די פרייד פון מייַן שאַפן, אַ קורצע צייַט נאָכן צוריקקערן זיך קיין מינסק, פאַראומערט און פאַרשאַטנט אַ גרויסער צער און עצבות אין אונדזער משפּחה־לעבן. ווען מיר זייַנען געקומען פון נאַמאַנגאַן, איז געניע אַלט געווען 48 יאָר און דער פאַרלאַנג אירער איז געווען, פאָרצוזעצן די באַליבטע אַרבעט — אַ דערציערין אין אַ קינדער־גאָרטן. אין שטאָטישן בילדונגס־אָפּטייל האָט זי זיך געטראָפן מיט די שוין פּענסיאָנירטע דער־פאַרענע אָנפירער פון די פאָרשול־אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן געדענקט איר אַלס גוטע פאָרשול־טוערן, נאָך פון פאַר דער מלחמה. געניע האָט אײַנגיכן אַזאַ אַרבעט באַקומען און אויך אַ מעגלעכקייַט, אַז דעם זעלבן קינדער־גאָרטן זאָל באַזוכן אונדזער מיזיניקל, אמת, אין אַן אַנדער גרופּע, אָבער זי האָט דאָך געקאָנט האָבן איר מאַמע־אויפזיכט אויף אים נאָענט. איך בין געווען שטאַרק צופרידן. די קליינע טאָכטער האָט זיך שוין געלערנט אין פערטן קלאַס. דעם שליסל פון אונדזער חדרל פלעגן מיר אויפהענגען אין קיך. ס'איז נישט געווען וואָס מורא צו האָבן, מ'זאָל אונדז באַגנבענען, — נישט געווען וואָס. די קיך־טיר צו דער גאַס איז געווען שטענדיק אָפן פאַר אונדז און פאַר דער שכנה. אין אייניקע טעג אַרום — געניע האָט שוין געאַרבעט — קום איך צו לויפן אַזייגער צען אינדערפרי (איך פלעג דאַן אַרומהאָווען מיט מייַנע אויסגעפּונענע אַלטע לידער אין דער ווייַסרוסישער מלוכה־ביבליאָטעק צו ברענגען עס פאַר די איבערזעצער), און וויל נעמען דעם שליסל אויף דער וואַנט, ערשט געניע אַליין עפנט פון אינעווייניק די טיר. איך האָב דערזען פאַר זיך געניעט שטאַרק־פאַרענ־דערטע, פּלוצעם גרויס־געוואָרענע פּיאָלעט־בלויע אויגן, ווי די ראַנדן פון אַ רעגנבויגן. פונקט אַזוי האָבן זיך אָלץ ברייטער אָנגעצונדן די בלויע אַפּלען בייַ מייַן אַכט־חדשימדיקן זון אין ביראָבידזשאַן, ווען ער איז קראַנק געוואָרן אויף ענצעפאַליט. מיט אַזאַ אויפטרייסלענדיקן בליק האָט אויף מיר דאַן אַ קוק געטאָן געניע. זי האָט מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט, נאָר איך האָב אינטויִטיוו דערפילט דעם שוידער.

געניע, — זאָג איך איר, — מ'דאַרף נישט !... לאָז צורו די אַרבעט... דו וועסט מיר בעסער העלפן גרייטן מייַנע „פּאָדסטראָטשניקעס".*

* פּאָדסטראָטשניקי — רוסיש: בוכשטעבלעכע, וואָרט־בייַ־וואָרט־איבערזעצונג, כדי צו געבן עס פאַר די איבערזעצער.

דאָס איז געווען דער ערשטער שווערער אָנפאַל פון איר דעפּרעסיע, וואָס איך האָב דערזען. ס'איז דורכגעגאַנגען. אָבער אַרבעטן האָט זי שוין מער נישט געקאָנט. און מיר האָבן זיך דאַן אין דעם נישט געצוויטיקט. איך פלעג באַקומען היפּש האָנאָראַר פאַר די געדרוקטע איבערגעזעצטע לידער אין דער ווײַסרוסישער ראַדיאָ, ווײַסרוסישע ליטעראַרישע זשורנאַלן, איבערגעזעצטע דערשינענע לידער־זאַמלונגען. און דאָך האָב איך זיך דאַן נישט פאַרגעשטעלט אויף אַזויפיל, וואָס האָט זיך בײַ געניען געטאָן אויף דער נשמה. דאָס אינגאַנצן פאַרלירן זיך און נישט קאָנען באַהערשן, צו נעמען אין די הענט, בײַם אָנפירן מיט דער מיטלסטער גרופּע קליינוואַרג אין קינדער־גאָרטן... נאָך זיבן יאָר פאַר אַרויסגיין אויף דער געזעצלעכער פּענסיע* בעת זי האָט געהערט צו די מענטשן, וואָס האָבן קיין איין טאָג נישט געוווּסט פון זײַן אָן אַרבעט: באַלד נאָך דעם, ווי זי האָט פאַרענדיקט די באָברויסקער רוסישע 7־יאָריקע שול, איז זי אָנגעקומען לערנען זיך אויפן פאַרשול־אָפּטייל אין דעם יידישן מינסקער פּעדאַגאָגישן טעכניקום און צו 18 יאָר פאַרענדיקט דעם טעכניקום און עטלעכע יאָר געווען אַ דערציערין אין אַ יידישן קינדער־גאָרטן אין דעם שטעטעלע קאַפּוליע, אין אונדזער ליבן זיידן מענדעלעס קאַפּוליע. אַ מוסטערהאַפּטע פאַרשולניצע, האָט שוין געניע דערנאָך געאַרבעט אַלס יונגע מעטאָדיסטן פון די פאַרשול־אַנשטאַלטן בײַם פאָלקקאָמבילד פון ווײַסרוסלאַנד. און האָט שוין געוווינט אין מינסק. איך האָב זיך נאָענט געחברט מיט געניעס ברודער, מיט דעם יונגן יידישן דיכטער גענאַדי שוועדיק. איך פלעג בײַ אים טאָגן און נעכטיקן. דאָך זעלטן ווען בײַ זיי טרעפן געניען. שוועדיק האָט געלעבט אויף דער אַלטער מינסקער ניעמיגע־גאַס אין דער זעלבער דירה, ווו עס האָט פאַר דעם געוווינט איזי כאַריק.**

וועגן דעמאָלטדיקן געניעס פּערזענלעכן לעבן, האָב איך גאָרנישט נישט געוווּסט און נישט מיט שוועדיקן און נישט מיט זײַן פרוי בעטיען, איז מיר נישט אויסגעקומען צו רעדן וועגן געניען. און זיי צווישן זיך, גערענק

* אין סאָוועטן־פאַרבאַנד גייט אַ פרוי אַרויס אויף פּענסיע צו 55 יאָר.

** ווען דער באַוווּסטער יידישער דיכטער איזי כאַריק איז געוואָרן אַ מיטגליד פון ציק (צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט) פון ווײַסרוסלאַנד, האָט מען אים געגעבן אַ דירה אין דעם נײַ־אויסגעבויטן מויער אויפן לענין־פּראָספּעקט, וואָס האָט געהייסן „הויז פאַר ספּעציאַליסטן". צו וווינען דאָרט האָט ער באַוויזן בלויז קאַרגע 2 יאָר. אינעם 1937 יאָר האָט מען אים אַרעסטירט און געשאָסן. זײַן ווײַב דינה, אַלס אַ „זשיר" (זשענאַ איזמיענניקאַ ראָדיני) — אַ פרוי פון אַ פאַררעטער פון פאָטערלאַנד, ווערט פאַרשיקט, און זייערע צוויי פּיצלעך קינדער — צוגענומען אין אַ ספּעציעלן איזאָליאַטאָר. אָבער אין די היטלער־יאָרן האָט אַ פּאָליצײַאיכע אונטערגעזאָגט: „דאָס זײַנען יידישע קינדער", האָט מען זיי אומגעבראַכט.

איך אויך נישט, זאָלן האָבן עפּעס גערעדט וועגן איר. אָנומלט, ווען איך בין אײַליק פֿאַרבײַגעגאַנגען דאָס שמאָל אײַזנבאַן־געסל בײַם ראָג פֿון דער מאָסקווער גאַס, נישט ווײַט פֿון דער מינסקער אײַזנבאַן־בריק, האָב איך בײַ אַ דרויסנדיקער טיר דערזען געניען. זי איז געשטאַנען מיט אַ בעזעמל אַנגעבויגענערהייט, אַרויסגעשאַרט דאָס ביסל מיסט איבערן שוועל. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און געפֿרעגט בײַ איר: אַט דאָ וווינסטו? — זי האָט אויפֿגעהויבן צו מיר אירע שיינע, בלויע אויגן: — יאָ, — האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט מיך נישט פֿאַרבעטן אַרײַנצוגיין און ווידער זיך אַנגענויגט מיטן בעזעמל. איך האָב מיך נישט פֿאַרהאַלטן און אַוועק מיט מײַן געוויינלעכער אײַליקער צעטומלטקײַט.

און נאָך אַ צופֿאַל האָט זיך מיר פֿאַרגעדענקט: איך בין בײַ שוועדיקן אין שטוב. מיר האָבן געהאַט פֿאַרענדיקט אַ געמיינזאַמע אַרבעט, — איבערגעזעצט מאַקסים גאָרקיס באַרימט מעשהלע „דאָס מיידל און דער טויט". אונדזער איבערזעצונג האָבן מיר אָפּגעדרוקט אין דער מינסקער צײַטונג „אָקטיאַבער", אין דער זעלבער צײַט, ווען דער באַוווּסטער דיכטער אהרן קושניראָוו האָט אויך געהאַט איבערגעזעצט דאָס דאָזיקע ווערק גאָרקיס און עס אָפּגעדרוקט אין דעם מאָסקווער „עמעס" (אמת). אַלנפֿאַלס, מיר זײַנען פֿון אונדזער האַרעוואַניע צופֿרידן געווען. איך בין געבליבן בײַ די שוועדיקס עסן מיטאָג. מיר האָבן אויסגעטרונקען. אויך געניע איז דאָן געווען בײַם טיש. געדענק איך נישט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, אינעם טונקעלן קאָרידאָר האָב איך מיך פּלוצעם צונויפֿגעטראָפֿן מיט געניען און האָב זי אומדערוואַרט פֿאַר זיך אַליין, שטאַרק אַרומגענומען, צוגעדריקט צו זיך און הייס אַ קוש געטאָן אין אירע פֿולע, זיסע ליפּן. און פּונקט אַזוי געשווינדט, אָן ווערטער, מיט איר זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. און נאָך געדענק איך, מיט אַ דרײַ, צי פֿיר חדשים פֿאַר דעם, ווי היטלער איז באַפֿאַלן ראַטן־פֿאַרבאַנד, די שטימונג איז דאָן בײַ מיר געווען אַ געדריקטע: אויף די ייִדישע מינסקער שרײַבער איז ווידער געהאַנגען אַ שוואַרצע כמאַרע — די אימה פֿאַר אַרעסטן. ווי עס וואָלט זיך אין אַ נאָוועגע צוריקגעקערט דער אַכזריותדיקער 37טער יאָר... פֿלעג איך מיר קיין אָרט נישט געפֿינען, אַוועקלויפֿן פֿון שטוב, איבערלאָזן מײַן סטערען און מײַן קינד און קומען צולויפֿן, ווי אין אַ מקום מקלט צו שוועדיקן. געדענק איך, אין איינעם אַזאַ פֿרימאָרגן, האָב איך געטראָפֿן בעטיען, שוועדיקס פֿרוי און געניען זיי האָבן צוזאַמען געבאָדן אין אַ מולטער אַן עופּעלע. דאָס איז געווען געניעס נײַ־געבוירן קינד. געניע איז געקומען מיט איר עופּל צום ברודער און שוועגערין. כאָטש בעטיע האָט נישט געהאַט קיין קינדער, איז זי בײַ איר יונגקײַט געווען זייער דערפֿאַרן. דערנאָך פֿלעג איך זען, אַרײַנקומען צו זיי — אַ מאַנסביל, אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק, וואָס פֿלעגט שטיין

אַ שווײַגנדיקער אַנטקעגן געניען און נישט געניע און נישט דער אַרײַנגעקומענער פלעגן גאָרנישט ריידן. איך האָב דאַן בלויז שכל געהאַט צו באַנעמען, אַז עפּעס איז געשען צווישן זיי, אַז זיי זײַנען געווען נאָענט, נאָר אַ שווערער ריס איז פאָרגעקומען צווישן זייערע באַציונגען, אין אַנבליק פון דעם געבוירן קינד...

אָט מיט דעם דרײַ־חדשימדיקן זויג־קינד (וואָס איז מיט זעקס יאָר שפּעטער געוואָרן מײַן אַדאָפּטירטע טאָכטער) אויף די הענט, פּאָרוויקלט אין אַן איינאײַנציקן ווינדעלע, איז געניע געלאָפן פון דעם אַרומגעכאַפּטן אין פלאַמען מינסק, אונטער די זיך שיטנדיקע היטלער־באָמבעס.

אין דער עוואַקואַציע, האָרעווענדיק שווער אין דעם אוזבעקישן קאָלכאָז נישט ווײַט פון דער שטאָט פּסקענט, האָט געניע געראַטעוועט איר קינד פון הונגער־טויט, אַ דאַנק דעם, וואָס איר איז געראָטן אײַנצואָרדענען זיך אַלס דערציערן אין דעם קאָלווירטישן קינדער־גאָרטן און האָט געקאָנט צו דער צײַט באַזאָרגן איר מיידעלע מיט אַ קאָפּ פרישע מילך פון דער קאָלווירטישער פערמע. און ווי באַלד נאָר ס'האָט זיך פאַרענדיקט די מלחמה, האָט זי זיך מיט איר טעכטערל צוריקגעקערט קיין מינסק, גענומען אַרבעטן אַלס דערציערין אין אַ קינדער־היים און שפּעטער געווען אַ לערערין אין די יינגערע קלאַסן. און ווען זי איז געוואָרן מײַן באַשערטע און מיר זײַנען אַרויסגעפאָרן פון מינסק קיין ביראָבידזשאַן, איז זי אין גיכן אָנגעקומען אַרבעטן אין דעם מעטאָדישן פאָרשול־קאַבינעט בײַם געגנטלעכן בילדונגס־אָפּטייל פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט. ווען מע האָט מיך אין ביראָבידזשאַן אַרעסטירט, איז געניען געראָטן צו לויפן, דאָס מאָל נישט פון די היטלער־באָמבעס, נאָר פון דעם קרירה־־קאַלטן גזלנישן ביראָבידזשאַן (אַז אומגליק־אַנשיקעניש אויף יידישע קעפּ), אַצינד שוין מיט אונדזער געמיינזאַם יאָריקן עופל אויף די הענט און מיטן עלף־־יאָריקן טעכטערל. און געלאָפן איז זי ווידער אַהין, ווו ס'איז וואָרעמער, קיין אוזבעקיסטאַן, אין דער שטאָט נאַמאַנגאַן. דאָרט האָט געלעבט איר שוועסטער בראָניע, וועלכע מ'האָט אַהין פאַרשיקט (נאָך דעם, ווי זי איז פון דעם 37טן ביזן 1944טן אָפּגעווען אין די סטאַלינישע לאַגערן). אין נאַמאַנגאַן האָט זיך געניען אײַנגעגעבן אויסצובאַהאַלטן, אַז זי האָט אַ מאַן אַ „שונא פון פאָלק". צוגעהאָלפן האָט, וואָס אַלע אירע בילדונגס און אַנדערע דאָקומענטן זײַנען געווען אויף איר מיידלשער פאַמיליע שווערדיק. זי האָט אין נאַמאַנגאַן געקראָגן אַרבעט אַלס לערערין פון רוסיש אין אַן אוזבעקישער שול אין אַ קישלאַק, אַכט קילאָמעטער פון דער קיביטקע, ווו זי האָט מיט די קינדער געלעבט צוזאַמען מיט איר פאַרשיקטער שוועסטער בראָניע גערשאַן.

אַזוי ווי אַ סאָלדאָט, פלעגט געניע פון באַגינען מאַרשירן די אַכט קילאָמעטער איבער די פעלדער, כדי צו פאַרקירצן דעם וועג צו דער שול

און נאָך דער אַרבעט טופֿען צוריק צו דער קיביטקע. ביז נאָך האַלבער נאַכט אַרויסנעמען זיך די אויגן ביים נאַפּט־קאַנעצל — קיין עלעקטריע איז אין קיביטקע נישט געווען — ביים איבערקוקן די קינדערשע העפטן און, דער עיקרשט, ביים צוגרייטן די נייע קאָנספּעקטן אויף מאָרגן. דער פאַרוואַלטער פֿון לערנטייל, דער אוזבעק־קאָמוניסט, אַן עם־הארץ, וואָס האָט קוים געקענט לייענען, זאָל זיך צו איר נישט טשעפּען, ווייל די גאַנצע אַרבעט זיינע איז באַשטאַנען אין דעם פאָרמעלן קאָנטראָלירן ביי די לערערינס — אוזבעטשקעס, די אַרבעטס־פּלענער און די קאָנספּעקטן. זיי האָבן געצייטערט פֿאַר אים. ער פֿלעגט פֿון זיי מיט פֿאַרשידענע קונצן ציען „כאַבאַר" און מתנות... און גענוג איז נאָך געווען אין קלעם פֿון שטענדיקן פּחד, דער דאָזיקער פֿאַרוואַלטער פֿון לערנטייל, זאָל זיך נישט דערוויסן, אַז איר מאַן איז אַ „פּאָליטישער פֿאַרברעכער", ווייל דעמאָלט נעמט מען זי תיכף אַראָפּ פֿון דער שול־אַרבעט. און זי קאַרמעט דאָך צוויי קינדער און רייסט נאָך אָפּ דעם ביסן פֿון איר מויל אָפּצושפּאָרן, צונויפֿקלייבן אויף אַ פּאַסילקע צו שיקן מיר אין מיין סיבירער קאַטאָרגע. זי פֿלעגט נאָך אויסגעפֿינען, אויסמאַרקירן צייט אין אירע פּילצאָליקע בריוו צו מיר, טרייסטן מיך און מוטיקן. דאַן, ווען איך האָב פֿון דעם גרויזאַמען רעזשימנעם טייַשעטלאַג געהאַט רעכט בלויז איין מאָל אין אַ האַלב יאָר צו שיקן איר אַ בריוו.

איך וועל דיר, מיין פּילגעשעצטער לייענער, באַווייזן צוויי אויסצוגן פֿון אירע בריוו־דערציילונגען.* אין דעם סאַמע ערשטן בריוו פֿון נאָמאַנגאַן צו מיר אין לאַגער, דאַטירט דעם 17 יוני 1952 יאָר (נאָך מיין יאָריקער אויספֿאָרשונג אין כאַבאַראָווסקער טורמע פֿון מגב און משפּט אין מאָסקווער לעפֿאָרטאָווע און נאָך די פֿערעסילקע־תּפֿיסות קיין מזרח־סיביר, ווען זי האָט וועגן מיר גאָרנישט געוווסט), שרייבט זי: „טייַערער חיים! היינט איז ביי מיר אַ זייער גליקלעכער טאָג — ענדלעך, האָב איך באַקומען פֿון דיר אַ בריוו, אַז דו לעבסט און ביסט געזונט. אוי, ווי איך האָב געוואָרט אויף דעם בריוו! מינוטנווייַז פֿלעג איך פֿאַרלירן די האָפֿענונג און דאָס איז געווען אַזוי שווער... חיימקע טייַערער, איך און די קינדער און בראָניע זיינען געזונט. פּירוסינקע איז זייער אַ שיין מיידעלע, רעדט, זינגט לידעלעך און טאַנצט. אין משך פֿון דער צייט איז זי געווען נישט־געזונט, נאָר יעדעס מאָל פֿלעגן מיר טאָן אַלץ, וואָס פֿון אונדז איז געווען אָפּהענגיק, זי זאָל געזונט ווערן. איצט איז זי געזונט, באַזוכט די „יאַסלעס".** דאָרט

* מיר איז געלונגען ביים אַרויסגיין פֿון לאַגער צו ברענגען מיט זיך מיין פּרויס אַלע בריוו און אויך מיטצונעמען זיי קיין ישראל.

** יאַסלעס — רוסיש: אַ קינדער־אַנשטאַלט פֿאַרן עלטער ביז דריי יאָר. שפּעטער גייט דאָס קינד אַריבער אין קינדער־גאָרטן.

האָט מען זי זייער ליב. ריִעטשקע איז אויך אויסגעוואַקסן, אַריבער אין 5טן קלאַס. אַציִנד רוט זי, לייענט יעדן טאָג, דערווייַל אונטער אונדזער השגחה. קיין באַזונדערע ציונג צום בוך איז נאָך נישטאָ. באַזוכט דעם באַלעט־קרייַזל אין פּיאָנערן־הויז, מאַכט גרויסע פאָרשריטן. מייַן טייַערער חיימקע, איך האָב זייער גוט געטאָן, וואָס איך בין געקומען אַהער. ס׳אַראַ וויכטיקע זאַך דאָס איז, וואָס איך בין נישט איינזאַם, טייל זיך אין אַלץ מיט בראָניען און זי העלפט מיר דערציִען די קינדער. טייַערער מייַנער, איך האָב זיך פאַר דער צייַט שטאַרק געענדערט, פאַרעלטערט און דאַר געוואָרן. איך האָב איבערגעלעבט אַ שווערן אַרבעטס־יאָר און אויסער דעם שטאַרק איבערגעלעבט, וואָס איך האָב גאָרנישט געוווּסט וועגן דיר. איך האָב געאַרבעט אין אַן אוזבעקישער שול אַלס לערערין פון רוסיש. שעהן האָב איך געהאַט היפּש, נאָר עס פלעגט מיר אויסקומען גיין צו דער שול און צוריק 16 קילאָמעטער, אַזוי ווייַט איז די שול פון אונדזער דירה. איצט פירט מען מיך אַריבער אין אַ נעענטערער שול. אין די קאָניקולן־צייַט האָב איך באַשלאָסן צו אַרבעטן אין אַ קינדערגאָרטן, כדי בעסער צוצוגרייטן זיך צום ווינטער. טייַערער מייַנער, שרייַב וועגן די באַדינגונגען פון דייַן לעבן, ווו אַרבעטסטו, אין וואָס בייטיקסטו זיך פון פּראָדוקטן און זאַכן? וואָס פאַראַ שפּייַז־פּראָדוקטן איז צוועקמעסיקער דיר צו שיקן? שטאַרק זיך, טייַערער! דו ביסט נישט איינזאַם — מיר זייַנען תמיד מיט דיר, שטענדיק און תמיד. מיט וואָס נאָר איך וועל קאָנען, וועל איך דיר שטענדיק העלפן. שרייַב, אפשר, איז צוועקמעסיק צו שיקן געלט און אויף וועלכן אַדרעס? אין ערשטן, אָדער אין צווייטן? ווען, טייַערער, וועלן מיר זיך קאָנען זען מיט דיר? אין פאַרלויף פון וואָסערן טערמין? דיר איז דאָך דאָס באַוווּסט. שטאַרק זיך! פאַל נישט אַראָפּ בייַ זיך. לאָמיר לעבן און האָפן, אַז מיר וועלן דאָס אַלץ איבערלעבן. אין עטלעכע טעג אַרום שיק איך דיר אַרויס אַ פּאָסילקע. בראָניע גריסט דיך האַרציק. איך און די קינדער קושן דיך שטאַרק־שטאַרק. נאָך אַ מאָל טייַערער, זייַ געזונט. איך קוש דיך — דייַן געניע. פּ.ס. איך שיק דיר דערווייַל אַרויס אונדזערע אַלטע פאָטאָגראַפיעס — געניע.״

און מיט יאָרן שפּעטער, ווען עס זייַנען שוין געוווען אויסזיכטן אויף מייַן באַפרייַונג פון לאַגער, שרייַבט זי מיר אין אַ בריוו, דאַטירט דעם 5טן אַפּריל 1955 יאָר, צווישן אַנדערן: „חיימקע, און לסוף עטלעכע ווערטער וועגן מייַן צושטאַנד און אויסערלעכן אויסזען איצט. איך האָב שוין דיר אַנומלט אין דער צייַט, ווען דו האָסט צו אונדז געשריבן זעלטן, דערמאָנט אין מייַנעם אַ בריוו, אַז איך האָב זיך פאַרעלטערט. האָסטו מיר געענטפערט, איך זאָל דיך נישט שרעקן מיט מייַן אַלטקייַט און זינט דאַן שרייַב איך דיר מער נישט אויף דער טעמע. נאָר, אַז דו אינטערעסירט זיך, בין איך

דיר מחויב אָנצושרײַבן און איך האָף, אַז ווען מיר וועלן זיך באַגעגענען, וועסטו באַשטעטיקן די ריכטיקײַט פון מײַנע ווערטער. איך פיל מיך נישט שלעכט, בין ענערגיש, אַרבעטספעיִק, אַזוי ווי תמיד פאַרמאָג איך אין זיך גרויסע אויסערלעכע רויִקײַט און ס׳קאָן זײַן, אַפילו, מער, ווי פריער. אָבער די איבערגעטראָגענע איבערלעבונגען, דאָס בענקען נאָך דיר, די איבערגע־מידקײַט, האָבן איבערגעלאָזט אין דער ערשטער ריי שפּורן אויפן פּנים. קענגן מײַן ווילן שפּיגלט עס אַלץ מײַן פּנים אָפּ. עס האָט זיך בײַ מיר באַדעקט מיט נײַע קנייטשן. כאָטש פּירוסינקע זאָגט: „דו ביסט נאָך, מאַמינקע, נישט זייער קיין אַלטעטשקע״... פאַרגלײַכנדיק מיך מיט בראָניען. איך בין היפש דאָר געוואָרן פאַר אָט־די יאָרן. לויט מײַן אויסערלעכן אויסזען קאָן מען מיר אַציגד געבן מײַנע יאָרן מיט אַ „סמיטשיק״. נאָר, פאַרשטייט זיך, דאָס וויכטיקסטע, וואָס מײַן געזונט־צושטאַנד איז אין גרונט נישט קיין שלעכטער. בראָניע זאָגט, אַז מיט דײַן צוריקקומען, וועל איך אומבאַדינגט שענער און יִנגער ווערן. דערפאַר אָבער איז אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף אונדזערע קינדער, וואָס וואַקסן קיין עין־הרע און זײַנען יונג״.

אין דער נאָמאַנגאַנער אוזבעקישער קיביטקע — אַ ליימענע הײַזקע מיט אַן ערדענעם פּאָל, ווו געניע מיט די קינדער און איר שוועסטער בראָניע האָבן געלעבט, איז געווען אַן אָרט פאַר איין בעט, וואָס האָט געהערט צו בראָניען. געניע מיט די קינדער זײַנען געשלאָפן אויף די בירעבידזשאַנער באַגאַזש־קעסטלעך. עס איז אויך געווען אַ לענגלעכער בענקל, צו וועלכן געניע פלעגט „צושטוקעווען״ די פאָר טאַבורעטקעס און אַרומשטעלן אַ „פאַרזיכערונג״ — אַ פּאָר קלעצלעך, אַ שטיקל האָלץ, אַ ברעט. זי פלעגט אַרויסווײַזן דערבײַ אַרכיטעקט־סמיעקאַלקע, די געלע־גערס זאָלן זיך אין מיטן נאַכט נישט צעפאַרן. באַגינען דאָס אַלץ צענעמען און ווידער צעשטעלן אויף אַ אָרט, מ׳זאָל קאָנען איבער דעם איין קיביטקע־חדרל באַוועגן זיך און די מומע בראָניע זאָל האָבן אַ מעגלעכקײַט אַראָפּ פון איר געלעגער אָנצוטאָן זיך.

און אַז געניע האָט שוין געהאַט דערהאַלטן פון מיר די גוטע בשורה: גאָר־גאָר אינגיכן לאָזט מען מיך אַרויס פון לאַגער, האָט זי זיך געהאַט דעדרעדט מיט איר שכנה נאַדיע, וועלכע וווינט דערבײַ אין אַ הילצענער שטוב, פון שטאָטישן וווינונגס־פאָנאַד, אַז מיר, איך און געניע, זאָלן קאָנען קומען יעדן אָוונט אין איר שטוב אינעם פרײַען זײַטיקן חדרל, בלויז איבער־צונעכטיקן און בײַטאָג וועלן מיר זײַן אין אונדזער קיביטקע.

בײַ דער קליינוווקסיקער פולבלעכער נאַדיע, וואָס איז מער ענלעך געווען אויף אַ ציגײַנערין, ווי אויף אַן אוקראַיִנערין, פלעגן זיך די מענער לאַנג נישט האַלטן. דער לעצטער, אַ שיכור, האָט זי איבערגעלאָזט מיט

אַ יאָריקן עופל, און איז אַוועקגעפאָרן צו זיך קיין אוקראַינע. געבליבן איז זי מיטן קינד, וואָס זי האָט אָנגעלעבט מיט אים און מיט אַ היפשער מיידל, אַ שילערין פון זעקסטן קלאַס, אויך שוואַרצאויגיק און קליינוווקסיק, ווי איר מאַמע.

די שכנה האָט געהאַט אַפשיַ פאַר געניען און בראָניען און פאַר נישט קיין גרויסן חודשלעכן אָפּצאָל איז זי אויף דעם מסכים געווען.

איך בין אָנגעקומען קיין נאַמאַנגאַן אין אַ מאָנטיקדיקן, צי דינסטיקדיקן טאָג, אַלנפאַלס, אין אַן אַרבעטס־טאָג. מיַין באַן מאָסקווע־אַנדיזשאַן האָט אויף דרייַ שעה פאַרשפּעטיקט. צוגעדריקט צו זיך, אַרומגעאָרעמט, אָנגע־קושט מיט די קינדער, מיט געניען און בראָניען, דער נאַמאַנגאַנער אייַזנבאַן־וואָקזאַל געפינט זיך אַ פיר קילאָמעטער צום קאָפּאַן־באַזאַר, צו דער טייל פון שטאָט, ווו מייַנע טייַערע־ליבע האָבן געוווינט. און ביז איך מיט מייַנע פעקלעך און די קינדער און געניע און בראָניע זייַנען צוזאַמען אַרייַנגעשטיגן, אַרייַנגעקוועטשט זיך אין דעם אָנגעפּיקעוועטן אויטאָבוס מיט אוזבעקן, אוזבעטשקעס און זייערע פּילצאָליקע קינדער, האָבן מיר זיך, ווי געהעריק אָנגעשוויצט. פון קאָפּאַן־באַזאַר דאַרף מען נאָך דורכגיין צופוס די גאַנצע לאַנגע זאַמדיקע מאַרגעלאַנסקע גאַס. עס האָט זיך שוין געטונקלט, ווען מיר זייַנען מיט מזל אַרייַן אין דעם גרויסן מעטשעט־הויף און צוגעקומען צום ברעקל־בריקעלע איבערן ברויזיק־שטראָמענדיקן אַריק צו דער גליקלע־כער, באַשערטער מיר קיביטקע.

נאָכן ערשטן אָנפלוס פון געשפּרעכן און זיך ווידער אָנקוקן איינער אויפן אַנדערן, מיט די קינדער און געניען און בראָניען און נאָך דער לאַנג־דויערנדיקער צוואַנג־צעשיידונג, אָפּגעגעסן די ערשטע וועטשערע צוזאַמען מיט מיַין הויז־געזינד, הילכיק צעבוצקעט זיך מיט די גלעזלעך, פאַרזוכט דעם זויערן אוזבעקישן ווייַן, איז שוין געווען שפּעטלעך. געניע איז צוגעטראָ־טן „אויפשטעלן" דעם נאַכטלעגער פאַר די קינדער. עס איז איר בלויז געבליבן צוגרייטן דעם קאָנספּעקט פאַר די מאָרגנדיקע שול־לימודים — די קינדער־העפטן איבערצוקוקן, — האָט זי מיר אַ רוים געטאָן — וועל איך שוין, אפשר, נישט באַוויַזן, — און האָט מיך אַרייַנגעפירט צו דער שכנה. מיר זייַנען שטיל־שטיל, קיינעם נישט אויפצוּוועקן — די באַלע־באָסטע און די קינדער אירע זייַנען שוין געשלאָפן — אַריַין אין דעם באַשטימטן פאַר אונדז זיַיטיקן חדרל. די בעט האָט שוין געניע געהאַט פריער אויסגעבעט מיט אַ הויכן צוקאָפּנס, אַזוי ווי איך האָב ליב. איך האָב באַלד דערקענט אונדזער איינציקן גרויסן מינסקער־בירָאָבידזשאַנער קישן. געניע איז אַוועק צוריק אין דער פאַרטונקלטער קיביטקע צום טישל, ביַים קליינטשיקן קאָנעץ־פלעמל צוגרייטן דעם קאָנספּעקט צו די מאָרגנדיקע

לימודים, וויפל צײַט דאָס האָט געדויערט, קיין זייגער אויף דער האַנט האָב איך נישט געהאַט — אין לאַגער טאָר מען קיין זייגערס נישט האָבן, — נאָר איך האָב קיינמאָל בײַ גניען דערנאָך נישט געפרעגט, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איר בײַם קאָנספּעקט־שרײַבן, ווײַל ס'איז נישט שווער געווען זיך משער צו זײַן — אַ מידע, אַן איבערגעהאַרוועטע, נאָך די יאָרן פון פײַנפּולער צעשיידונג, זאָרגענישן און האַוועניישן אין דעם טאָג, ווען זי האָט צוזאַמען מיט די קינדער און בראָניען באַגעגנט מיך אויפן וואָקזאַל. ביז מיר האָבן זיך אַלע אַרײַנגעשטופּט אין אויטאָבוס, האָט זיך בײַ איר געוויס בײַם שרײַבן דעם שול־קאָנספּעקט, אַרויסגעגליטשט די פּען פון דער האַנט, קלאַנגלאָז אַראָפּגעפאַלן אויפן ווייכן באַנאַכטיק־קילן ערדענעם קיביטקע־פּאָל און זי איז בײַם טיש אַנטשלאָפן געוואָרן. ווי לאַנג זי האָט אַזוי געדרימלט און צי זי האָט דערנאָך, ווען זי האָט זיך פּלוצעם דערשראָקן אויפגעכאַפּט פון שלאָף, באַוויזן פאַרענדיקן דעם קאָנספּעקט, נאָר געקומען איז זי צו מיר, אין דער שכנהס שטוב, אין דעם זײַטיקן חדרל, שוין אין דער דריטער, צי פערטער שעה. עס האָט שוין געשאַריעט... נאָר אונדזער טרײַשאַפט און ליבשאַפט איז אין אָט דער טריבער אומגעבונג, אויף קיין האָר נישט געמינערט געוואָרן.

אויב זיך אין דמיון פאָרשטעלן אַ וואָג פאַר מענטשלעכע יסורים און מאַטערנישן, ווען איך זאָל אַצינד צונויפנעמען מײַנע אָפּקומענישן און טויט־געפאַרן אויף די שלאַכטפעלדער צוזאַמען מיט אַלע מײַנע שפּעטערדיקע גרויליקע טורמע־ און לאַגער־יאָרן, אונטערן סטאַלין־חלף — אַרויפליגן עס אויף איין וואָגשאָל — און אויף דער אַנדער שאָל אַלץ, וואָס ס'איז אויסגעשטאַנען מײַן הינדע־לעבן: די פּודן פּײַן, דערנידערונגען, פּחד, סײַ אין דער עוואַקואַציע מיט איר עופל און שוין דערנאָך מיטביידע טעכטער־לעך, אין די יאָרן, ווען מ'האָט מיך גוואַלד צוגענומען, די זדיעקע־רײַען און עבודת־פּרך, וואָס זי האָט אַריבערגעטראָגן, צו וועלן ראַטעווען די קינדער. און אין דער אונטערשטער שורה — די 26 יאָר צוזאַמענלעבן מיט מיר — אַ יידישן דיכטער, אַ שווערן מלחמה־אינוואַליד, ווען זי האָט קיין איין רויִקן טאָג און מינוט נישט געהאַט — צווייפל איך זייער, צי מײַן שאָל וואָלט איבערגעוויגן...

# גראַדע דאַן, ווען ס'האָט זיך געדאַכט...

און גראַדע דאַן, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז נישט צו פֿאַר־זינדיקן געקומען אַ שטיקל מנוחה אין אונדזער שטוב — די קינדער זײַנען געוואַקסן, די ייִנגערע טאָכטער אסתר האָט זיך געלערנט פֿידל־שפּיל אין דער מינסקער מוזיקאַלער שול, דער מיזיניק האָט שוין געשפּילט קלאַוויר. מיר האָבן געקויפֿט אַן אינסטרומענט. די עלטערע אַדאָפּטירטע טאָכטער, רײַע, איז שוין געווען אויף די לעצטע קורסן אויף דעם אַקטיובינסקער מעדיציניש־אָוונט־אינסטיטוט און בײַטאָג געאַרבעט אַלס מעדיצין־שוועסטער אין איינעם פֿון די דאָרטיקע שפּיטאָלן און פֿלעגט יעדן זומער אויף אַ פּאָר מאָנאַט ווײַלן בײַ אונדז; און גענוג — איך האָב איר צוגעהאָלפֿן אין דעם — האָבן איר געערעדט שידוכים מיט מינסקער ייִדישע בחורים. דאָרט אין אַקטיובינסק, אין אַ רוסיש־קאַזאַכישער שטאָט, איז זי, סײַ אין אינסטיטוט, און סײַ אין שפּיטאָל אויף דער אַרבעט, געווען אין אַ סביבה אויסשליסלעך פֿון קאַזאַכן און קאַזאַכקעס, שקצים און שיקסעס. האָבן זיך אָבער אונדזערע שידוכים־באַמיִונגען נישט געקלעפּט. דאַכט זיך, שוין אָט־אָט, עס גייט שוין אויף אַ לאַד, מע באַגעגנט זיך, מע געפֿעלט איינער דעם אַנדערן און ראַפּטאָם ווערט דער ענין קאַלט און אויס שידוך. געניען האָט דאָס געקאָסט אַ סך געזונט, אָבער זי האָט נישט פֿאַרלוירן די האָפֿענונג, און אין אַ יאָר אַרום, בעת רײַעס קומען אויף זומער, האָט זי ווידער אַרומגעהאַוועט, געגאַנגען צו אירע חברטעס און פֿרײַנדינס פֿון נאָך פֿאַר די מלחמה־יאָרן, געגרייט פֿאַר רײַען אַ פּאַסיקן בחור צו באַקענען.

איז גראַדע דאַן — דאָס האָט שוין געמוזט זײַן אַ פֿינף, צי זעקס יאָר נאָך אונדזער צוריקקערן זיך קיין מינסק, אָנהויב האַרבסט, די עלטערע טאָכטער איז שוין געווען אָוועקגעפֿאָרן, ווידער האָט זיך מיט אַ שידוך גאָר־נישט אויסגעלאָזט, אָט דאַן איז פֿונדאָסנײַ אויף געניען אָנגעפֿאַלן אַ מרה־שחורה און פֿאַרלוירנקײַט... זי וויל עס פֿון מיר און פֿון די קינדער פֿאַרטײַען, סטאַרעט זיך מיט לעצטע כוחות צו האַלטן, שטײַפֿן, אָבער די אומרו־אַנגסטן טרעטן נישט אָפּ. איך קום אַריין אין שטוב, זי באַגעגנט מיך מיט אַ שמייכל און דער שמייכל דערשרעקט מיך, איך פֿיל באַשײַמפּער־לעך, אַז מיט איין רגע פֿריער פֿאַר מײַן אַרײַנקומען, איז אויפֿן אָרט פֿון דער „פֿריילעכער מינע״, געווען ייִאוש, יסורים און פּײַן, גאָפּל־לעפֿל, די

כלים, פאַלן איר אַרויס פון די הענט. אירע אויגן גליען און פיבערן... און ביינאַכט, איך כאַפּ מיך אויף — זי שלאָפט נישט...

— גענוג, — רוף איך זיך אָן צו איר, — וואָס טוסטו? — לייג זיך... דו ביסט שוין לאַנג אויף? — נעמט זי מורמלען: — שטילער, שטילער, וועסט אויפוועקן די קינדער, — און לייגט צו מאָדנע איר פינגער צו דער ליפּ און פּרוּווט מיך איינשמועסן: — גענאָטשקע האָט אין זיין צימער געלאָזן אָפן די פאָרטקע, בין איך געגאַנגען פאַרמאַכן. ער קאָן זיך צוקילן.

— גענוג טייערע, וואָס מאַטערסטו זיך? וואָס איז מיט דיר? — זי שווייגט און לייגט ווידער אַרויף דעם פינגער אויף דער ליפּ מיט אַזאַ מין שווידערלעכער תנועה, וואָס האָט אין זיך אַ צומיש פון אַ לצונישן ווונק...

אויב די ערשטע אירע אָנפאַלן פון דעפּרעסיע, בעת אונדזער צוריקקערן זיך קיין מינסק, זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם, וואָס זי קאָן זיך נישט באַהערשן אויף דער אַרבעט, האָט זי שוין אַצינד, ווען איך פלעג נישט זיין אין דער היים, טענהן צו די קינדער: — איך טויג צו גאָרנישט. אין קאָן קיין מיטאָג נישט צוגרייטן. איר זעט דאָך, עס טרייסלען זיך מיר די הענט. וואָס דאַרפט איר אַזאַ מאַמען? — און טרערן גיסן זיך איר פון די רויט־אָנגעצונדענע אויגן...

ביינאַכט האָב איך אינסטינקטיוו עפּטער געוומען זיך אויפכאַפּן. דער־זעענדיק זי אַרומדרייען זיך ביי די פענצטער, פאַרגאַסענע מיט לבנה־שיין, פלעג איך זי אָננעמען פאַר דער האַנט און צופירן אין סאַלאָן צו דער סאָפע, וואָס איז געווען איר געלעגער. זי האָט שנעל גענומען פאַרלירן וואָג, געוואָרן אויס־מענטש, די קליידער זיינען שוין געהאָנגען אויף איר, די זאָקן האָבן זיך געקנייטשט... זי האָט אָנגעהויבן אַנטרינען פון שטוב. ווו זי גייט, פלעגט זי מיר נישט זאָגן. און איך האָב שוין געפילט, אַז איך האָב זי שוין נישט וואָס צו פרעגן. זי האָט שטום געקוקט אויף מיר מיט אירע שלאָפלאָזע, אַרומגעקרייזטע רויט־בלווילעכע ווייסלען. און אַלץ נאָך געפּרוּווט פון מיר איר צושטאַנד צו פאַרבאַרגן. באַר אַז זי פלעגט בלייבן אַליין מיט דער טאָכ־טער און זון, פלעגט זי נעמען וויינען און קלאָגן: — איך בין שוין דאָ אָן איבעריקע אין שטוב, איר דאַרפט מיך נישט, איר זעט דאָך, ווי איך האָב פאַרברענט די קאָטלעטן און די מילך איז ביי מיר ווידער אויסגעלאָפן. אַזאַ טשאַד אין שטוב! איך וועל עפענען די באַלקאָן־טיר און די פענצטער (אונדזער דירה איז געווען אויפן צווייטן שטאָק), וועט איר דאָך מורא האָבן, איך זאָל נישט אַרויסשפּרינגען, וועל איך עפענען די אַרויסגאַנג־טיר...

און ווי איך און די קינדער האָבן זיך נישט באַמיט אויסצובאַהאַלטן (מיר האָבן געלעבט אין אַ שרייבער־הויז) פון די שכנים, וואָס אין שטוב ביי אונדז טוט זיך, איז שוין עפּעס צו זיי דערגאַנגען און די באַזונדערס־

נײַגעריקע, האָבן צו אונדז עפּעטער געגומען אַרײַנקוקן מיט פֿאַרשיידענע תירוצים און אויסריידן...

ביז איין מאָל, דאָס איז געשען ערב די אָקטיאָבער־יום־טובים, איך קער זיך אום אין אָוונט פֿון שרײַבער־פֿאַריין, געווען אויף אַ זיצונג פֿון דער קינדער־סעקציע, מ׳האָט באַהאַנדלט אַ נײַ ווערק פֿון אַ יונגן ווײַסרוסישן קינדער־שרײַבער — גענין איז אין שטוב נישטאָ. איך פֿרעג בײַ די קינדער: וווּ איז די מאַמע? — אַוועק, מסתּמא, צו בראָניען, — זאָגט מיר דער זון. איך קלינג אָן צו בראָניען, זי האָט געלעבט אַליין, אין אַן אַנדערן ריַיאָן פֿון שטאָט.

— ניין, — זאָגט מיר בראָניע, — גענין איז בײַ מיר נישט געווען, זי האָט שוין מיר אַ פּאָר טעג נישט געקלונגען.

איך קלינג צו אונדזערע באַקאַנטע, כאַטש איך ווייס פֿאָרויס, אַז ס׳קאָן נישט זײַן, זי זאָל דאָרטן האָבן געווען... דער זייגער איז שוין עלף, די קינדער זײַנען מידערהייט, וואַרטנדיק אויף דער מאַמען, אַנטשלאָפֿן געוואָרן. אַ צען מינוט פּאָר צוועלף, האָב איך אָנגעקלונגען אין דער צענטראַלער גיכער הילף, אָפּגעמאָלט זיי גענינס אויסזען, איר עלטער, האָט מען מיר געענט־פֿערט: „פֿון האַלבן טאָג ביז אָט דער שעה, זײַנען קיין אומגליקס־פֿאַלן מיט עלטערע פֿרויען, נישט פֿאַררעגיסטרירט.״

איך האָב אָנגעקלונגען אין נאָענטסטן מיליציע־באַצירק. מען האָט פֿאַר־צייכנט, וואָס כ׳האָב געזאָגט און פֿאַרשריבן אונדזער היימישן טעלעפֿאָן־נומער און געזעצהט אָנצוקלינגען אין אַ שעה אַרום.

איך לאָז זיך אַלע ווײַלע אַראָפּ די טרעפּ, די דרײַ פֿאַראַד־טירן פֿון אונ־דזער הויז זײַנען שוואַך באַלויכטן. איך גיי ביזן ווינקל־הויז, פֿאַרקערעווע זיך צום טראָטואַר פֿון אונדזער טשערנישעווסקי־גאַס. אין דעם אָרט איז פֿינצטערלעך. איך קוק זיך אײַן — מען זעט קיין מענטשן נישט. איך לויף צוריק אַרויף די טרעפּ. די טיר פֿון אונדזער וווינונג האָב איך געלאָזט עטוואָס אָפֿן, דער פֿראַנצויזישער שלאָס זאָל זיך נישט פֿאַרקלאַפּן. אמת, דעם שטוב־שליסל האָלט איך אויף יעדן פֿאַל אין דער האַנט. איך קלינג ווידער אין מיליציע־באַצירק. מיר ענטפֿערט די זעלבע שטים, שוין מיט רוגזה: „בירגער, איר האָט דאָך אָקאָרשט געקלונגען! מע האָט דאָך אײַך געזאָגט, אין אַ שעה אַרום...״

אינעם צווייטן גרעסערן צימער זײַנען די טאָכטער און דער זון געשלאָפֿן אָנגעטאָן. דער זון האָט, אפֿילו, נישט אַראָפּגענומען די שיך. פֿאַוואָליענקערהייט מאַך איך לויז די שיך־בענדלעך און צי אַראָפּ איין שוך און דעם אַנדערן, ער האָט גאָרנישט געפֿילט.

איך בין ווידער אין מײַן צימער, קוק אויפֿן זייגער. די צײַט קריכט שרעקלעך לאַנג. ס׳איז נאָך צוואַנציק מינוט פֿאַר איינס. אין מיליציע־באַצירק

האָב איך נאָך קיין רעכט נישט צו קלינגען. קלינג איך ווידער אין דער גיכער־הילף. און אין דער רגע דערהער איך אַ שטיל־שטילן קלאַפּ אין טיר... געניעס קלאַפּ... זי איז אַריַין, ווי אַ שאָטן, אָן ווערטער... איך נעם זי אַרום, דריק זי צו צום האַרצן, זי איז אינגאַנצן נאַס. דער קאָפּ, די קליידער — פּיטש־נאַס. די הענט קאַלט, ווי אײַז. איך לייג זי אַוועק אויף דער סאָפע, זי ווערט זיך נישט, אַזוי ווי אַ שטילע הון, וואָס קומט אַליין אין די הענט אַריַין. איך צי שנעל אַראָפּ די נאַסע זאָקן פון אירע פיס, רײַב מיט מײַנע הענט די פאַרגליווערטע פינגער. איר לײַב איז אינגאַנצן מוסקוללאָז, שיטער־לויז. איך טו זי איבער אין טרוקענע וועש. איך וואַרעם אָן מילך. זי טוט אַ שלונג, איינעם, אַ צווייטן, מער וויל זי נישט. זי זאָגט מיר גאָרנישט, שוויַיגט. איך קוטע זי אײַן, אַרויפגעלייגט אויף די פיס מײַן שווערן ווינטער־דיקן מאַנטל. זי האָט זיך קענטיק דערוואַרעמט, אָבער די אויגן — פאַר־שטאַרט, אַזוי, ווי כ׳וואָלט געזען די נשמה אירע — קרירה־קאַלט. און דער בליק אירער זאָגט מיר אויס מיט גרויזאַמער וואַרהאַפטיקייט: „טו מיט מיר וואָס דו ווילסט, איך בין געווען אין טײַך... איך האָב נישט געקאָנט פאַר־נעמען דעם טויט״...

## דער שוועדיק־חן...

נאָך דעם איז געניע צוויי חדשים אָפּגעווען אין שפּיטאָל אין דער פרויען־אָפּטיילונג פון דער פּסיכיאַטרישער מינסקער צווייטער קליניק. איך מיט איר שוועסטער בראָניע פלעגן זיך בײַטן — איין טאָג פלעג איך גיין צו איר אין די באַשטימטע אויפנעם־שעהן און איין טאָג — בראָניע, כדי מיט אַלע מעגלעכע מיטלען, תחנונים, אײַנבעטן זיך בײַ געניען, זי זאָל עפּעס נעמען אין מויל פון דעם, וואָס מיר פלעגן איר ברענגען. די קינדער האָבן מיר די ערשטע צײַט צו איר נישט צוגעלאָזט. מײַן טבע איז — ווי די מערהײַט פּשוטע מענטשן — צו האָבן אָפּשײַ און גלויבן אַ דאָקטאָר. און, בפרט דאָס יאָר, וואָס איך האָב מיך געפונען אין די מיליטערישע שפּיטאָלן נאָך מײַן פאַרוווּנדעט ווערן בײַ בערלין, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט בײַ מיר דעם געפיל פון פולשטענדיקן צוטרוי צו דעם מיך היילנדיקן דאָקטאָר. ס׳פלעגט בײַ מיר נישט אויפקומען אַ מחשבה, אַ פאַרלאַנג, בײַ אַ געלעגנהײַט צו ווענדן זיך צו אַ צווייטן דאָקטאָר. אפילו, אין די אָוונטיקע דעזשורסטוועס, ווען אַנדערע דאָקטוירים פלעגן צוגיין צו מײַן בעטל, פלעג איך זיך פאַר זיי נישט קלאָגן און נישט אַרײַנגיין אין פּרטים. אויך אין דעם פאַל פון

געניעס קרענק, האָב איך זיך נישט געספּקט אין דער ריכטיקייט און צוועק־מעסיקייט פון די רפואות און פּילן, וואָס דער דאָקטאָר האָט באַשטימט פאַר איר. און ווען דאָס איז דערלויבט, װענדן זיך צו אים און אויפמערקזאַם אויס־הערן וועגן מײַן פּרויס צושטאַנד. אָבער איך האָב מיך צונויפגעשטויסן מיט די שווערע באַדינגונגען און אומדערטרעגלעכער אַטמאָספער, אין וועלכער די קראַנקע האָבן זיך געפונען: קליינע, ענגע חדרים, מיט נידעריקע סופיטן, די שויבן־פענצטער פאַרקראַטעוועט און פאַרשמירט, אין יעדן צימער פינף־זעקס שמאָלע אײַזערנע בעטלעך מיט נישט פאַרבעטע, אָנטהוילטע, פּלאָ־טשיקע טיופּיאַקעס. די שפּיטאָל־דינערינס, „סידיעלקעס״ — אָדער ווי מע רופט זיי אין סאָוועטנפאַרבאַנד „ניאַניעטשקעס״, מערסטן טייל זײַנען דאָס עלטערע, אָדער גאָר יונגע אומוויסנדע דאָרפישע פּויערטעס — דאָס אַלץ ווערט פאַרשטעלט מיטן מעדיציניש ווײַסן כאַלאַט. זיי טראָגן זיך אַרום, ווי די מכשפות מיט די שליסלען אין די הענט, שליסן שנעל אויף די חדרימ־לעך, כדי צו פירן די אומגליקלעכע אין קלאָזעט. אין דער אָנגעמערקטער צײַט, ווען ס׳קומען געוויר־ווערן די אייגענע, נאָענטע, נעמען זיי אָן שום צערעמאָניעס, ציען, שלעפּן פון די חדרים די קראַנקע פאַר די הענט, פאַר די אַקסלען, שנעלער אַרויסשטופּן זיי אין דעם קליינעם אויפנעם־צימער. דער אויסזען פון די חולים — נישט צוגעקעמטע, אָנגעטאָן אין די מול־טענע, צעפּראַלטע כאַלאַטן אָן קנעפּלעך, אָן גאַרטלען, די אָפּגעטראָגענע שיכלעך־שקראַבעס אָן שנירלעך. אויף געוויר־ווערן די קראַנקע ווערט געגעבן נישט מער, ווי אַ האַלבע שעה. ווײַל פאַר איין מאָל קלעקט נישט אין אויפנעם־צימער קיין אָרט פאַר אַלע געקומענע באַזוכערס.

הינטער דער שפּיטאָל־טיר שטייט נאָך אַ גרויסער געזעמל טאַטע־מאַמעס, מענער, שוועסטער, קינדער און נאָענטע וואָס וואַרטן אויף זייער ריי אַרײַנצוקומען. ביז איך פלעג געפינען אַ שטול, אַ ברעג באַנק, צוזעצן זיך און פרוון צו פאַרקניפּן מיט געניען אַ געשפּרעך, פלעגט עס געדויערן און די מינוטן לויפן... געניעס פאַרווײַנטע רויטע אויגן, דער גליִענדיקער פיבער־גלאַנץ אין זיי, די גרויסע פלעקן אויף די באַקן — זיי האָבן מיר אָן ווערטער דערציילט, ווי אַזוי זי פילט זיך...

איך פלעג אַרויסנעמען פון מײַן טעקע וואָס איך האָב געבראַכט און פלעג זיך בײַ איר בעטן רחמים, זי זאָל עסן. איך פלעג איר לייגן די ביסנס אין מויל און פון לעפל געבן צו זופן און צו פאַרטרינקען. און בעת מעשה — דערציילן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין שטוב, וואָס עס מאַכן די קינדער, ווי עס האַלט מיט מײַן זאַמל־ביכל לידער, וואָס געפינט זיך אין דרוק. וועגן אַלע פּרטים און קלייניקייטן נישט פאַרפעלן, — אַלע וואַרטן מיר און קאָנען זיך נישט דערוואַרטן, זי זאָל זיך שוין צוריקקערן אַהיים.

דער טומל און גערויש אין דעם אויפנעם־צימער איז תמיד געווען אַזוי

גרויס, אַז מע פלעגט פאַרטויבן איינער דעם אַנדערן. געווען צווישן די קראַנקע — יונגע, און אויף אַ טייל פון זיי, די אויסגעשפּראָכן־כראָנישע, האָט זיך די מחלה בולט אָפּגעשטעמפּלט אויפן געזיכט, אייניקע פלעגן גרויזאַם לאַכן, אַנדערע — וויינען, יאָמערן, פאַרשוווּמען ווערן מיט טרערן. און אין אָט דעם פאַרדומפּטן צימער פלעג איך ממשותדיק דערפילן, ווי די גרויסע ערד איז פאַרפלייצט מיט אָן אַ שיער פּיַין און אומגליק. און אין דרויסן, אויף דער ליכטיקער שיַין, שטעלן מיר זיך גאַרנישט פאָר אויף אַזויפיל...

ס׳זיַינען דורך צוויי חדשים פון אָט אַזאַ מין היילונג. געניע איז שוין אין דער היים. די ערשטע צייַט סטאַרע איך זיך און די קינדער נישט איבער־לאָזן זי אין שטוב אַליין, נאָר זי פּילט זיך אַלץ בעסער און בעסער. ס׳לויפן פאַרביַי וואָכן און געניע איז ווידער די געטרייַע מאַמע צו אירע קינדער. און פאַר מיר איז זי די שיינע, מיט אַלע חנען געניע שוועדיק מיט איר ליבן, אומפאַרגעסלעכן ווילן שמייכל אין די בלויע אויגן און אויף די פולע ליפּן, בעת איר געזיכט איז בדרך־כּלל געווען תמיד אויסערלעך, — וואָלט איך געזאָגט — שטרענג, ערנסט און געצוימט. אַצינד טראַכט איך, אַז נישט־צופעליק איז ביַי געניען געווען אַזאַ אויסגעשפּראָכענער סקאַנדי־נאַווישער פאַמיליע־נאָמען: שוועדיק. נאָר גיי, פּרוּוו דערגרונטעווען זיך צו די פאַמיליע־וואָרצלען, שרשים, ווען מיר איז בלויז באַוווּסט, אַז איר פאָטער, ברוך שוועדיק, איז געווען אַ פּשוטער, פרומער, אויסערגעוויינלעך־ערלעכער באָברויסקער ייִד.

אמת, די קנייטשן אַרום אירע אויגן און ליפּן, האָבן זיך געמערט, נאָר מיך פלעגן זיי נאָך שטאַרקער רייצן, באַזונדערס די דריבנע קנייטשעלעך, ווי קאַרבן ביַי די ליפּן־ווינקלען און איך האָב דורשטיק זיך געזעטיקט מיט זיי. אירע אַקסלען, די אָרעמס, האָבן זיך ווידער אָנגעגאָסן מיט קראַפט, זיך אויסגערונדיקט, און פאַר מיר, נאָכגיביק. מיר פלעגן זיך, אַזוי ווי נוקם זיַין אין די חדשים, וואָס זי איז קראַנק געווען און בעת איך האָב זיך אַזוי גע־פלאָגט, געדאַרפט אַליין אַלץ טאָן, באַלעבאַטעווען אין שטוב, קאָכן פאַר די קינדער און אויסגיין פון אומעט. פלעג איך זיך איצט קלאַמערן, קנאַדערן אין אירע שטיַיפע און הייסע גלידער. און געניע האָט עס געפילט און מיר אַנטקעגן געקומען מיט איר פאַרהוילטער שטומער לייַדנשאַפט. אָנגעזעטיקט זיך, ווי אַן עופל, אָנגעזויגט זיך, פלעג איך לאַנג שוויַיגן מיט איר צוזאַמען. און דאַן, ווען זי איז שוין ווידער פולשטענדיק — אַזוי האָט זיך מיר אויס־געוויזן — געזונט געוואָרן, פלעגט זי אומדערמידלעך זיצן מיט מיר צוזאַמען ביַי מיַין טיש און העלפן מיר מאַכן די „פּאָדסטראָטשניקעס" פון מיַינע ייִדישע לידער־שורות אויף רוסיש, זיי זאָלן זיַין וואָס קאָלירפולער, מיט סינאָנימען און וואַריאַנטן, די וויַיסרוסישע און רוסישע דיכטער זאָל לייַכטער

זײַן און אינטערעסאַנטער איבערצוזעצן עס. די דאָזיקע אַרבעט אַליין, אַזוי דוכט מיר, און דאָס, וואָס איך רעכן זיך מיט איר געשמאַק, הער זיך אַזוי צו צו יעדער איר באַמערקונג, — האָט זי גײַסטיק געקרעפּטיקט און געשטאַרקט. און אויסער דעם, האָב איך אונדזערע געלט־ענינים און דאָס געלט אַליין איבערגעגעבן אין אירע הענט, פֿולשטענדיק פֿאַרלאָזט זיך אויף איר. נאָך אַלץ, וואָס די קינדער דאַרפֿן, האָבן זיי זיך ווידער אויסשליסלעך געווענדעט צו דער מוטער. זיי האָבן שוין כמעט ווי פֿאַרגעסן, וואָס מיט איר איז געשען.

מער ווי אַ יאָר איז אַלץ געגאַנגען כשורה, אָן פֿאַרערגערונגען. דאָך האָט זי נישט געקאָנט אַרויסרײַסן פֿון זיך דעם שוידער־וואָרצל פֿון מרה־שחורה. ווי עס וואָלטן די וואָרצל־פֿעדים אַרומגעשפּינט מיט אַ געדיכטער נעץ איר נשמה. וואָס פֿאַר אַן אומגעהויער, פֿאַריאָגטער אין זיך, דיבוק־קראַפֿט האָט געניצן באַוועגט צו פֿלאַנעווען פֿאַר זיך אַ נישט־געשטרויכלטן, זיכערן טויט? — און ווען? — ווען אירע לעבנס־יסורים און עינויים האָט זי שוין געהאַט בײַגעקומען מיט אַזויפֿיל אוממענטשלעכן כוח, נישט פֿאַרלירנדיק קיין נונץ פֿון איר שטאָלץ און ווירדע, פֿון איר ריינעם פּרויזשן חן.

איך דערמאָן זיך דעם אָסיען פֿון 1948 יאָר אין ביראָבידזשאַן, אונדזער אַכט חדשימדיק עופּעלע איזינקע (ישראל), איז געפּערלעך קראַנק געוואָרן. אין משך פֿון אַ וואָך צײַט זײַנען מיר ביידע, טאָג און נאַכט געזעסן אינעם ביראָבידזשאַנער שטאָטישן שפּיטאָל, נישט אָפּגעטראָטן פֿונעם זונס בעטל. זײַן שווערע לונגן־אָנצינדונג האָט אַרויסגערופֿן אַ מאַרך־קראַנקייט, ענצי־פֿאַליט. די דאָקטוירים האָבן אונדז קיין גוטס נישט צוגעזאָגט. איינער פֿון זיי — פֿון די בײַ־וואָלגער דײַטשן, וואָס סטאַלין האָט אין אָפּאַנג קריג געהאַט אַרויסגעשיקט אין די ווײַטע מקומות פֿון לאַנד אויפֿן ווײַטן מזרח, און אויך קיין ביראָבידזשאַן, — האָט אָט דער דאָזיקער דאָקטאָר מיר און מײַן פֿרוי, אָן קיין שום סענטימענטן, מיט אָפּענער דײַטשישער האַרבקײַט אויפֿגעקלערט:

— אפֿילו, ווען עס זאָל לעבן בלײַבן, וועט עס שוין זײַן שטענדיק אַן אומנאָרמאַל — זייער קראַנק קינד. נאָר איך האָב נישט אויפֿגעהערט בלינד צו גלויבן: אפֿשר, וועט געשען אַנדערש? — און דער דאָקטאָר דער דײַטש, וואָס פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט צוגיין צו אונדז בײַם קינדס בעט, צוזעצן זיך און מיט אונדז צוזאַמען קוקן אויפֿן קינד, פֿלעגט רויק פֿאַרשעריש באַמערקן: — זעט, ווי די קרענק פֿליסט... אָט איז זײַן אָטעם צו באַוווּנדערן רעגלמעסיק, ריזלט ריין, ווי אַ קוועלעכל, ווי די לונגען בײַ אים וואָלטן געוועזן לחלוטין געזונט. און אָט פֿרײַכט ער שוין, עס קאָכט שוין בײַ אים אינעווייניק, ווי אין אַ קעסל, זידט, בולבלט זיך, ס׳פֿעלט אים שוין אָטעם... און געניג, וואָס האָט אַזוי גוט פֿאַרשטאַנען מײַן צושטאַנד — ס׳וועט אַראָפּגעשלײַדערט אין אַן אָפּגרונט מײַן טרוים, נאָך דעם, ווי די דײַטשן האָבן אין מינסקער געטאָ געהרגעט מײַן

זיבן יאָריקן זון, מײַן יורש, פֿאַרליר איך אַצינד דאָ, אין ביראָבידזשאַן, מײַן ווידערגעבורט, מײַן האָפֿנונג אויף המשך, מײַן צווייטן זון, אַ נאָמען נאָך מײַן פֿאָטער. פֿלעגט זי מיך אין די נעכט, בײַם גוססדיקן קינד, צערטלען און, ווען אויסער אונדז צווייען זײַנען אין דעם שפּיטאָל־צימער פֿאַר קינדער קיינער פֿון די דערוואָקסענע נישט געווען — אויך די דעזשורנע מעדיציניש שוועסטער איז ערגעץ אַרויס — פֿלעגט געניע מיט אירע דורשטיק־פֿלאַטערנדיקע הענט וואַרעמען מיך, טרייסטן, גרייט מיר אָפּצוגעבן די נשמה. פֿלעג איך נידערן צו אירע קניען און גלײַך קושן זי. און אין אַ קאַרגן יאָר אַרום, סוף זומער, זי איז שוין געווען שוואַנגער, אין די הויכע חדשים, מיט אונדזער קינפּטיקער טאָכטער אסתר, זאָגט צו מיר געניע: „אַ יאָר שוין ווי אונדזער איזינקע איז געשטאָרבן. איך האָב שוין באַשטעלט — זי האָט עס אָנגערופֿן אויף רוסיש — אַ „פּאַמיאַטניק“.* מע האָט אים שוין אָפּגעפּאַרבן און אויפֿגעשריבן אויף דעם אונדזער זונעלעס נאָמען, דעם טאָג און חודש פֿון זײַן געבוירן, דעם טאָג און חודש פֿון זײַן שטאַרבן... דער זעלבער יאָר... איך האָב זיך אויך דערעדט מיט אַ בעל־עגלה, וואָס וועט עס צופֿירן און העלפֿן אונדז אַוועקשטעלן. דאָרט אויף זײַן קבֿרל שטייט דאָך נאָך אַלץ בלויז דאָס ברעטל...“

איך האָב זיך אײַנגעהאָרכט אין געניעס רייד און יעדעס וואָרט האָט מיר געשניטן מײַן האַרץ. איך האָב זיך נישט געקאָנט מוחל זײַן, וואָס איך האָב עס נישט געדענקט. ס׳איז געווען דער 1949 יאָר. די שטאָט ביראָבידזשאַן איז שוין דאַן מיט מיר צוזאַמען געווען אײַנגעזונקען אין עמגעביסטישן גרויל־פּחד. ס׳האָט געברענט די ערד אונטער די פֿיס און נישט איין ייִד האָט שוין אין די נעכט געוואַרט אויפֿן רוצחישן קלאַפּ אין טיר... אָבער די שיינע העלדן־מוטיקע געניע, זי האָט אין יענער אָפּגעסמטער דולער צײַט איז זינען געהאַט דאָס „ברעטל“... צו שטעלן אַ דענקמאָל — מצבֿה אויפֿן קבֿר פֿון אונדזער אַכט־חדשמדיקן בלוי־אויגיקן זונעלע וואָס האָט שוין געהאַט אַזוי געשמאַק און הילכיק געלאַכט...

אין דעם זעלבן טאָג האָט אַ ביראָבידזשאַנער בעל־עגלה אויף זײַן שמאָלער דראַבינע געפֿירט אונדזער רויטן הילצערנעם סטויפּ מיטן פֿינף־

* אויפֿן ביראָבידזשאַנער בית־עולם זײַנען קיין ייִדישע מצבֿות נישט געווען. אַנשטאָט אַ מצבֿה פֿון אַ שטיין מיט ייִדישע אותיות, פֿלעגן די ייִדן זײַן געצווונגען צו שטעלן אויף רויט אָפּגעפּאַרבט אַ סטאַנדאַרטע סטויפּ־טומבע פֿון שווערן געהילץ און אויפֿן סאַמע שפּיץ פֿון אַזאַ סטויפּ איז געווען אײַנמאָנטירט פֿון דינעם בלעך אַ קליינער פֿינפֿקאַנטיקער רויטער שטערן. קיין סימן פֿון אַ מגן־דוד האָט אויפֿן ביראָבידזשאנער בית־הקבֿרות נישט געטאָרט געמאָלט זײַן, רק אַנטהוילטע, צביעותדיקע פֿעלקער־פֿרײַנדשאַפֿט מיט דעם רויטן שטערן־שטעמפּל.

קאַנטיקן שטערנדל דורך דער צענטראַלער לענין־גאַס. פאַרבײַ דעם רעדאַק־ציע־מויער, פון „ביראָבידזשאַנער שטערן" און „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוויעזדאַ", פאַרבײַ דעם ביראָבידזשאַנער האָטעל און וואָקזאַל און איך און מײַן פרוי זײַען שטיל נאָכגעגאַנגען נאָך דער פור ווי נאָך אַן ארון. דער פורמאַן האָט נישט געאײַלט. דאָס פערד איז געגאַנגען פּאַוואָליע, טראָט בײַ טראָט. און שוין הינטער דער שטאָט האָבן מיר זיך, ווי נישט איז צוזאַמען מיטן בעל־עגלה אַרויפגעזעצט אויף דער דראַבינע. איך האָב מיך אָנגע־האַלטן אָן דעם „פּאַמיאַטניק" און מיר זײַנען געפאָרן צו דער ביראָבידזשאַ־נער גויסקע־ייִדישער אייביקער רו, צו אונדזער זונס קבר...

און נאָך גייט מיר נישט אַרויס פון מײַן האַרצן אַ דערמאָנונג — אומ־געפער, ווייניקער ווי אַ חודש פאַר מײַן אַרעסט — איך האָב זיך שוין געגרייט צו אים — און כאָטש מיר האָבן וועגן דעם מיט געניען נישט גערעדט, זי איז אפשר מער פון מיר זיכער געווען, אַז מ׳וועט קומען נאָך מיר, — האָב איך איר בלויז איין מאָל געזאָגט, ריכטיקער, פאַרזאָגט: ווי נאָר מע וועט מיך צונעמען, זאָל זי אַלץ באַלד פאַרקויפן, וואָס עס וועט זיך לאָזן און וואָס שנעלער אַרויסרײַסן זיך פון דאַנען, אַוועקפאָרן אַהין צו איר שוועסטער אין וואָרעמען נאַמאַנגאַן. געדענק איך, אַז מע האָט זי פּלוצעם פון דעם מעטאַדישן פאַרשול־קאַבינעט, וווּ זי האָט דאָן געאַרבעט, אויף אַ טאָג, צי צוויי געשיקט אין אַ קאָמאַנדירונג קיין אָבלוטשע (איינער פון די ביראָבידזשאַנער ראַיאָן־צענטרען), האָט זי זיך אין דעם זעלבן טאָג צוריק־געקערט שפּעט בײַנאַכט. איז ווי דערפרייט זי איז געווען, אַז זי האָט מיך נאָך געטראָפן אין שטוב... די קינדער, און די ניאַניעטשקע זײַנען שוין גע־שלאָפן. געניע האָט מיך שטאַרק־שטאַרק אַרומגעכאַפּט און מיט באַגער און דורשט האָט זי זיך געטוליעט צו מיר. איך האָב זיך געכליניעט אין אירע אָרעמס, אויף אירע היפטן און געטראָגן, ווי אויף דער ברוינזנדיקער, פרילינגדיקער ריטשקע, אַ שפּענדל. אַזוי ווי זי וואָלט זיך מיר אַוועקגע־שאָנקען אויף יאָרן פאַרויס... קאָן איך עס אַצינד נישט באַגרייפן — פאַר־מאָגנדיק אין זיך אַזויפיל נשמה־שטאַרקייט, זײַענדיק פיזיש געזונט מיט אַלע גלידער. אין די 26 יאָר, וואָס זי איז געווען מײַן פרוי — געדענק איך נישט, אַז זי זאָל זיך ווען קלאָגן אויפן האַרצן, אויף די נירן און נאָך די געבורטן זײַנען קיין שום קאָמפּליקאַציעס נישט געווען — נישט אָנגעווירן איר שלאַנקייט, צוציִענדיקייט פון אירע אַקסלען, שטײַפקייט פון אירע שיינע, גלײַכע פיס. האָט זי דען נישט געקאָנט בײַ אירע עטלעכע און פופציק יאָר איר מרה־שחורה־כאָנדראַ, ווי אַ פּיאַווקע אַוועקרײַסן פון זיך און אַוועקשלײַדערן ? !

# מיט צעפלאַמטן בליק פון אַן אַדלעריכע...

אַצינד, ווען איך בין שוין באַלד אַ חודש אַליין אין די פיר ווענט פון מײַן טבריהער חדרל און בלויז זיי קאָנען אײַנהערן זיך אין מײַנע מחשבות, קומען מיר אַלץ מער אויף געגנויקײַטן און פרטים. און אויך אין אָוונט, ווען איך באַמי זיך, כאָטש אויף אַ האַלבער שעה אַראָפגיין צו דער כנרת, דאָרט בײַם ים, טראַכט זיך נאָך שאַרפער, צוזאַמענגענומענער. מאַך איך מײַנעם אַן אייגענעם, מיט גאַרנישט באַגרינדעטן אויספיר: קאָן דען, אַ שטייגער, די מוטער־ערד צוזאָגן ענדגילטיק און זיכער — „עד כאן! איך וועל אין ערגעץ אויפן גאַנצן שטח פון מײַן קײַלעך מער קיינמאָל זיך נישט טרייסלען, נישט אויפציטערן?" אָדער די כנרת אַליין, נעכטן, בוכשטעבלעך, אין דער זעלבער שעה, האָט זי מיך פאַרוווּנדערט מיט איר שטילקײַט. ס'איז געווען נישט איבערצוגעבן איר שפּיגל־גלאַטקײַט. זי האָט געשײַנט אין זיבן זונען! די כנרת־פישלעך פלעגן דאָ און דאָרט שקאָציש אַ שפּרונג טאָן פון וואַסער, אַ חנדל טאָן זיך פאַר דער הימל־בלויקײַט, פאַר די מענטשן בײַם ברעג: „זעט, קאָרשט, סאַרא קונצן מיר קאָנען מאַכן! ווען זיך געפינען צווישן אײַך, די אתה־בחרתניקעס אַזעלכע פיגוריסטן, ספּאָרטלײַט, ווי מיר, די קוועק־זילבער כנרת־פישלעך זײַנען?" — און הײַנט — אַזאַ היפוך! האָט מיך אָט דאָס קליין שיין ימעלע באַגעגנט צעקאָכט, ממש מיט רציחה, מיט ווײַסער פּיענע־שוים אויף אירע ליפּן־כוואַליעס. אמת, די כנרת איז באַשאָנקען מיט אַן אויסערגעוויינלעך־גוטער נאַטור, אויף אונדז אַלעמען געזאָגט געוואָרן — זי האַלט נישט לאַנג דעם כעס. — אין אַ טאָג אַרום איז זי שוין ווידער שטיל, ווי אַ קעצעלע, קעגנאיבער די חיותדיקע זונען־שטראַלן פון פעברואַר־חודש. די כנרת האָט זיך איר טבע, אירע געהיימע־ניש־גילגולים. בפרט אַ מענטש. קאָן מען דען וויסן און פאָרויסזאָגן, ווען עס אַנטפּלעקט זיך אַ ווויל חן־פּינטעלע, צי פאַרקערט, אַ מיִוסע בראָדעווקע אויף אַ באַק, אויף דער נאָז, סאַמע נעבן די אויגן? און איר וועט זי נישט אַראָפּרײַסן און נישט אויסשנײַדן, — די דאָקטוירים עצהן עס נישט טשעפּען...

איז ווי איך האָב שוין דערמאָנט, ס'איז דורך מער פון אַ יאָר... אָנהייב זומער, בײַם ענדע לערניאָר, איך און מײַן זון זײַנען אין שטוב נישט געווען. ער איז נאָך די לימודים אַוועק אין מוזיקאַלער־שול. די טאָכטער האָט זיך געשפּילט אויפן הויף אין פּינג־פּאָנג. וואָס אַזונס האָט זי פּלוצעם אַ שטויס געטאָן אַרײַנצולויפן אין שטוב? — ווער ווייס...

— מאַמע, וווּ ביסטו? וואָס שווײַגסטו? — זי איז צוגעלאָפֿן צום וואַנע־צימער, די טיר איז געווען פֿאַרשפּאַרט. זי האָט זיך אײַנגעהאָרכט...

— מאַמע, מאַמע, וואָס שווײַגסטו? — האָט זי גענומען שרײַען און טראַסקען אין טיר. און מיט איר גאַנצן כּוח פֿון אירע זיבעצן יאָר מיט גוואַלד אַ ריס געטאָן די טיר פֿון וואַנע־צימער. דער פֿאַרוקער האָט נאָכגעגעבן... געראַטעוועט די מאַמען... און גענוג איז ווידער פֿאַרשפּאַרט געווען אין די ענגע פֿאַרקראַטעוועטע שפּיטאָל־חדרימלעך, די אָנגעשטופּטע מיט קראַנקע, אַזעלכע ווי זי, ייִנגערע און עלטערע פּרויען — געשלונגען די ספּעציעלע פּילן און פּראָשקעס אונטער דער אויפֿזיכט פֿון די דאָקטוירים, מערסטן פֿון די מעד־שוועסטער און דער, עיקרשט, פֿון די פּויערטעס־ניאַניטשקעס — סאַניטאַרקעס. זייער הויפּט־אַרבעט איז געווען, נישט אַזוי צו קוקן אויף דער ריינקייט און היגיענישקייט, ווי צו פֿירן די קראַנקע אין טואַלעט און צוריק, פֿאַרשליסן די צימערלעך און האַלטן אין איין טשאַטעווען, צי זיי פֿאַרטײַען נישט קיין שאַרפֿע זאַכן, שפּיגעלעך, גלעזערנע כּלים, שטריקלעך, נאָכשפּירן נאָך דער גאַנצקייט פֿון די קאַזיאָנע האַנטעכער און לײַלעכער, די חולים זאָלן עס נישט צעפּאַסעווען און מאַכן פֿון דעם בינטן־שטריק... אמת, צווישן די סאַניטאַרקעס זײַנען געווען קלוגע, האַרציקע, פּיל־גע־פּרוווטע פּויערטעס, וואָס פֿלעגן זיך מיט מיטגעפֿיל און זאָרג באַציען צו די אומגליקלעכע קראַנקע און זייערע אייגענע, וואָס פֿלעגן קומען זיי געוויר ווערן, אָבער עס זײַנען אויך געווען ניאַניעטשקעס ברוטאַלע, האַרצלאָזע נפֿשות, יונגע און אַלטע, וואָס פֿלעגן אויסכּיטרעווען, אַרויסציען בײַ די קראַנקע און בײַ די קרובֿים זייערע — אויף אַלע אופֿנים, פֿון טויט און פֿון לעבעדיק. האָב איך אַלץ מער גענומען ייִאושן זיך פֿון דער דאָזיקער באַלניצע־היילונג. דאָס טראַגישסטע און אייגנצײַטיק דאָס שלעכטס פֿון מײַן זײַט, איז געווען דער טאָג, ווען איך פֿלעג בײַ דער שטומער צושטימונג פֿון די קינדער און פֿון דער מומע בראָניע, געצוווּנגען זײַן צו ווענדן זיך נאָך הילף צום דאָקטאָר, נעמלעך, צו נייפּאַכן יאַקאָוו וולאַדימיראָוויטשן, דעם פֿאַרוואַלטער פֿון דער פּאָליקליניק בײַם שרײַבער־פֿאַריין. די קינדער דאַרפֿן דאָך אין דער פֿרי גיין לערנען זיך. די טאָכטער איז שוין געווען אַ סטודענטקע פֿון מינסקער מוזיקאַלן־טעכניקום. און וויפֿל קאָן איך האַלטן דעם שליסל פֿון שטוב אין קעשענע? ווען איך לויף אַרויס עפּעס קויפֿן, דאַרף איך דעם שליסל בשתיקה איבערגעבן דער טאָכטער, אָדער דעם זון און ווינקען צו זיי, זיי זאָלן אַכטונג געבן... און גענוג נישטערט שוין מײַן בליק, די קינדער זאָלן נישט באַמערקן. אירע אויגן זײַנען רויט פֿון וויינען און נישט שלאָפֿן, דאָס סעקל אירס אָפּגעלאָזט, צעכראַסטעט, דער האַלדז אויסגעדאַרט, צערונצלט:

— לויפסט שוין צו פּאַלטשעווסקין * קלינגען נייפּאַכן ? ער זאָל קומען מיטן אויטאָ אַוועקצופירן מיך אין טורמע ?... דיר געפעלן דאָך טורמעס...

און איך גיי צו נענטער: געניע, וואָס פּײַניקסטו זיך ? — אַ וואָך שוין ווי דו האָסט זיך לגמרי אַרויסגעשלאָגן פון שלאָף. זאָג מיר, געניע, טײַערע, ווי אַזוי ראַטעוועט מען דיך ? — און זי קרימט מיך איבער: „ראַטעווע־שמאַטעווע... איך בין געזונט, ווי אַ שטיין...” און פּרוווט הייבן אויף מיר איר פויסטל, אין וועלכן זי האַלט פאַרקוועטשט דאָס זעקעלע מיט אירע פּילן. און באַגיסט זיך מיט הייסע בלוטקע טרערן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ פּאָר וואָכן שוין, ווי געניע איז אין שפּיטאָל. דערוועג איך מיר שוין צו קלינגען צום דאָקטאָר, וואָס היילט מײַן פרוי. איך בעט אים און זאָג אים: עס איז איר שוין בעסער, און, וויפל — לויט זײַן מיינונג — דאַרף נאָך דויערן די היילונג ? און איך קום צו דעם פּאַרוואַלטער פון דער שרײַבער־פּאָליקליניק, צו נייפּאַכן, ער זאָל זיך משתדל זײַן און צופּאַרן אין דער צווייטער מינסקער באַלניצע, דאָרט, ווו מײַן פרוי געפינט זיך, און דורכשמועסן זיך מיטן דאָקטאָר, וואָס היילט זי. אפשר, קאָן מען זי שוין אויסשרײַבן ? — און איך און געניעס שוועסטער און מײַן טאָכטער זײַנען יעדן טאָג בײַ געניען, טראָגן איר דאָס בעסטע, וואָס זאָל אַרויסרופן בײַ איר אַפּעטיט און לײַכט זײַן צו פאַרדײַען. עס איז שוין דורך אַ חודש. איך קום אַליין צום דאָקטאָר, וואָס היילט זי, איין מאָל און אַ צווייטן מאָל. איך זאָג עס אים נישט, נאָר אין מײַן קול הערט איך מײַן האַרץ־אויסגעשריי: אפשר, איז שוין צײַט אַרויסצורײַסן זי פון די פּײַנפולע שפּיטאָל־קלעמען, אין וועלכע איך אַליין בין געצוווּנגען געווען זי איבערצוגעבן ?

און אָט איז בײַ אונדז ווידער אַ שמחה — געניע האָט זיך צוריקגע־קערט און איך און די קינדער זײַנען גליקלעך. צי זי איז געזונט געוואָרן ? איך האָב מורא אויף דעם זיך צו פאַרטראַכטן. איך טו אַלץ, בכדי זי זאָל דערפילן מײַן גלויבן אין איר. איך בין שוין פאַרטאָן, פאַרהאַוועט. די טעג יאָגן מיך און די ניט־אָנזעעוודיקע בײַטש פײַפט אין דער לופטן אַרום מיר, און טרײַבט מיך אונטער...

און דאָ קום איך צו אַ מאָמענט, ווען געניע האָט אַרויסגעוויזן אומגע־וואַקלטקײַט און שטאַרקײַט פון איר נאַטור: ווען איך בין געווען אין הויז פאַר שאַפונג און מיר איז געבליבן צו זײַן דאָרט אַ וואָך, איז אונדזער

* אליעס פּאַלטשעווסקי — מײַנער אַ שכן אויפן זעלבן שטאָק. אַ קינדער־שרײַבער. אין 1933 יאָר איז ער געווען אין מינסק אַרעסטירט און אין משך פון 20 יאָר פאַרשיקט געווען אין סיביר.

צוועלפיאָריקער זון געפאָרן נאָכמיטאָג אין דער מוזיקאַלער שול. ביים נישט־פאַרזיכטיק אַריבערגיין די רוישיקע צענטראַלע גאַס, אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ לאַסט־מאַשין. מ׳האָט אים אין אַ שווערן צושטאַנד געבראַכט צופירן אין אַ שפּיטאָל. אַ ראָד האָט צעבראָכן זײַן לינקע האַנט און לינקן פוס. צוויי אָפּעראַציעס, איינע נאָך דער אַנדערער... האָט בײַ געניען, ווי פון אַ טיפן קוואַל אַ שלאָג געטאָן איר גבורה, איר מאַמעדיקייט — אַ מלאך מיט צוויי מעכטיקע פליגל, געשטאַרקט מיט באַדאַכטקייט און געצוימטער אין זיך רויִקייט. זי האָט אַלץ גענומען אויף זיך, אָן קיין שום פּאַניק, נישט געקלונגען צו מיר, נישט אַרויסגערופן מיך מיט קיין דעפּעשן, אַליין אויסגעהערט די דאָקטוירים־כירורגן: „דאָס ייִנגל איז אויסער סכנה פאַרן לעבן״, פלעגט זי צוויי־דרײַ מאָל אַ טאָג, סײַ אין די דערלויבטע שעהן און סײַ, ווען דאָס איז נישט דערלויבט, מיטן אויסרייד: דאָס קינד איז אַ שווערער חולה, — טראָגן אים אין דער פּאַלאַטע בוליאָנען, קאָמפּאָטן, פרישע פרוכטן, אַלץ, וואָס איז אים נאָר אײַנגעפאַלן צו פאַרלאַנגען — ביכער, שאַכמאַטן, צוגיין צו זײַן בעט און תמיד מיטן ליבן, ליכטיקן מאַמע־שמייכל אויף די ליפּן, אָן קיין שום סימן פון אומרו, פאַרדרוס און פאָרוווּרף, אַזוי ווי ס׳וואָלט מיט אים קיין שום בייז און שלעכטס נישט געשען.

ווען איך האָב מיך אין דער געוויינלעכער צײַט צוריקגעקערט אַהיים, האָט זי מיך מיט אַזאַ אינערלעכער באַהערשטקייט אויפן פּנים, בײַ דער אָנוועזנהײַט פון דער טאָכטער — אין צוויי־דרײַ ווערטער דערציילט וועגן געשעענעם און צוגעגעבן: דאָס שווערסטע איז שוין פאַרבײַ, כ׳מעג זײַן איינגאַנצן רויִק. און איר מידקייט, פאַרטײַעטער גרויסער אומרו, די אָנגעצונדנקייט אַרום די אויגן, האָבן איצט קיין שום שייכות נישט געהאַט מיט דעפּרעסיע און פאַרלוירנקייט. געניע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ צעפלאַמטן בליק פון אַן אָדלעריכע, וואָס שטייט מיט צעשפּרייט־אָנגעשפּיצטע פליגל איבער איר עופל־אָדלערל אין אַ רגע פון סכנה... און איך האָב זיך מיט געניען צוזאַמען אײַנגעשפּאַנט, געגאַנגען צום זון אין שפּיטאָל, אויסגעזוכט די פאַרשידנסטע המצאות מיט אמת און נישט־אמת, כדי אַן איבעריק מאָל צו זײַן בײַ אים אין דער פּאַלאַטע, זען דעם כירורג וואָס היילט אים. ביז אונדזער ייִנגל האָט זיך געשטעלט אויף די פיס און מיר האָבן אים שוין בײַ זיך אין דער היים.

# די הפסקה

איך מוז מאַכן אַ הפסקה, פּשוט, איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, דאָס הייסט, בלײַבן זיצן בײַם טישל פאַרשטומט, אײַנגעזונקען אין מײַן שוין פאַרלאָ־פענעם עבר, ווען מע האָט מיך פון סטאַלינישן לאַגער, ווי אַ הינדל פון פאַרעיפּושטן קאַטוך אַרויסגעלאָזט אויף דער „גראַזשדאַנקע" * (אַזוי פלעגט דער אַרעסטאַנטישער המון ציניש אָנרופן די גרויע, נישט־פריילעכע „סאָ־וועטישע פרייהייט", שוין אויסער די לאַגער־שטעך־דראָטן) און זײַ מיר נישט חושד, מײַן חשובער לייענער, אַז איך רײַס ספּעציעל איבער מײַן געיאָגטע סיפור־המעשה, כדי „אָנציען די ספּרוזשינע" פון נײַגער בײַ דיר, צו וויסן שוין, וואָס איז געשען ווײַטער? איך שטעל דיך, מײַן ווילער לייענער, פיל העכער פון אָט דעם ביליקן נײַגער, ווײַל דעם „ווײַטער" איז גאָרנישט אַזוי שווער זיך משער צו זײַן. ער זעט אויס, ווי אונדזער האַרציקן זיידע מענדעלעס בידנע יידישע קליאַטשע, באַקלעפּט מיט שטעכלקעס און קיזיקעס, צעוווּנדיקט, צעאײַטערט... און אין דער זעלבער רגע, וואָס איך שרײַב אָט די ווערטער, וואַרף איך מיר מיט כעס פאָר, גרייט זיך צו דורס זײַן: זאָג מיר, קאָנקרעט, באותות ומופתים, — דײַן ווילער לייענער איז אַ וואָרהאַפטיקער, צי אָן אויסגעדמיונטער?... ווײַל אויב שוין זײַן לגמרי אמתדיק, ווי מען האָט ליב צו זאָגן בײַ אונדז אין ישראל — אויף אַלע „מאה אחוז", ביסטו דאָך טאַקע צוליב דײַן „ווילן לייענער" — איבער דעם עגמת־נפש און האַרץ־קלעמעניש און פּשוט און פּראָסט גריזאָטע, וואָס דו האָסט, נישט בײַם פאַרקויפן, נישט בײַם פאַרשפּרייטן, נאָר רוף עס אָן בײַם ריכטיקן נאָמען — בײַם „צעשטעקן" דײַן נישט לאַנג נײַ־דערשינענעם בוך און דאָס איז דאָך איינע פון די סיבהלעך, צוליב וואָס, דו האָסט אין דײַן אור־יהודהר ווינונג אַלץ איבערגעלאָזן אויף הפקר, האַק־און פּאַק — און אַראָפּ פון מאַרק — אָוועקגעפאָרן אין סאַמע רעכטן ווינטער צו מאַטערן זיך קיין טבריה, אין אוניסאָן מיטן רוסיש־ווײַסרוסישן גלײַכווערטל — „דאַלי אָטשי, סערצע לעכטשע" — וואָס ווײַטער פון די אויגן, לײַכטער אויפן האַרצן.

שפּרינגט מיר גלײַך אַרויס אַנטקעגן מײַנער אַן „אָבער" און איך דערווידער זיך אַליין מיט ממשותדיקע פאַקטן: אָבער, ווען דו האָסט מיט

---

* „גראַזשדאַנקע" — דער רוסישער מקור פונעם אויסדרוק בירגער, בירגערטום.

אַ פּאָר יאָר צוריק געמאַכט דײַן ראַפּטאָוונע נסיעה קיין אַמעריקע און אויסגעוועזן אין אַ צען שטעט, אַוודאי, זײַנען דאָך אויף די ליטעראַרישע באַגעגענישן מיט דיר, דעם פּשוטן, דורכשניטלעכן ייִדישן שרײַבער, געקומען הונדערטער לייענער... הייבט אין מיר ווידער דעם קאָפּ דער צד שכנגד: „לייענער? — משטיינס געזאָגט, זקנים צווישן זיבעציק און אַכציק. און ווער האָט דיר אײַנגעשמועסט, אַז דאָס זײַנען טאַקע לייענער? — אפשר בלויז הערער, פיל פון זיי, — האָב איך באַמערקט, — מיט הער־אַפּאַראַטן אויף די אויערן.״...

זאָל זײַן אַזוי, — שפּאַר איך זיך נישט. זאָל זײַן, אַז פון יעדע הונדערט געקומענע, זײַנען בלויז זעקס־זיבן, העכסטנס צען ממשות־דיקע לייענער. איז נאָך דער הימל אויף דער ערד נישט געפאַלן. אָט טאַקע צוליב זיי, די אויף די פינגער איבערצוציילן, טײַערע און ליבע, זיץ איך אַצינד אין יאַנואַר־חודש אינעם קאַלטן חדר בײַ מײַן באַלעבאָס ישראל ביבי און שרײַב, וואָס איך שרײַב.

און אפשר נישט צוליבן דעם ערשט אויבן געבראַכטן ויכוח מיט זיך אַליין, האָב איך געמאַכט מײַן הפסקה — ס׳איז אַ פאַרטע געשיכטע און איך וועל זיך נאָך צו דעם צוריקקערן. נאָר איבער דעם, וואָס איך בין שוין באַלד אַ חודש אויף אַ נייעם אָרט און עפּעס אַזוינס טוט זיך אַרום מיר, און איך טו זיך אַרום אַנדערע, און האָב פאַר זיך די געביטענע פענצטער, קער איך זיך מיטן פנים צו מײַן הײַנטיקער וואָר, זי זאָל צוזאַמען מיט מיר איבערכאַפּן דעם אָטעם פון די לאַנג שוין פאַרלאָפענע „מײַנע נעכטיקע טעג״ — ווי גוט און ווי האַרציק עס רעדט זיך אַרויס איציק מאַנגערס אַן אויסדרוק...

איז ווי איר ווייסט שוין, בין איך דעם 14טן יאַנואַר אַראָפּגעקומען קיין טבריה און זיך באַזעצט אין איינעם פון די פינף חדרים, וואָס די פאָרפאָלק ישראל און אסתר ביבי* פאַרדינגען. און אַזוי ווי איך בין אַראָפּגעקומען צוזאַמען מיט די קעלטן, און מײַן חדר, ווי איך האָב זיך נאָך דעם איבער־צײַגט, איז איינער פון די גרעסערע, און ווען איך בין נאָר אַ פּאָר שעה אָפּגעזעסן בײַ מײַן טישל, איז די זשאָלקעדיקע קעלט אַרײַן אין אַלע מײַנע אברים. אגב, האָב איך עס פאָרויסגעזען. איך בין דאָך נישט דעם ערשטן ווינטער אין ישראל. בײַם באַדינגען זיך מיט דער באַלעבאָסטע,

* אין מײַנע ערשטע קורצע שמועסן מיטן באַלעבאָס האָב איך אים געפרעגט: וואָס איז דער פירוש פון „ביבי״? — האָט ער מיר אויף דעם געענטפערט: „זיי שטאַמען פון איראַק און שוין הונדערט יאָר, ווי זײַן עלטער־עלטער זיידע מיט זײַן גאַנצער משפחה איז אין ארץ־ישראל. און וואָס שייך דעם פאַמיליען־נאָמען, זײַנען אין טבריה אַזעלכע ווי ביבי, גיגי און דידי פאַראַן, ברוך השם, אַ סך...״

נאָך מיט אַ פּאָר וואָכן פאַר דעם, האָט זי מיר געזאָגט: פאַרן חודש וועל איך ביי אייך נעמען נישט קיין סך — טויזנט שקלים (10.000 ל״י). גוט, — זאָג איך, איך בין מסכים. אָבער איך בין אַ משורר און וועל זיצן לאַנג בײַם טישל, וועל איך ברענגען מיט זיך אַן עלעקטראָ־אייוועלע.

— אָ, — זאָגט זי, — חשמל (עלעקטריע) איז טײַער... זאָג איך, וועל איך אײַך געבן אויסער די טויזנט שקלים נאָך דרײַ הונדערט שקל פאַרן ברענען מײַן אייוועלע. איז זי מסכים געווען. און איך גיב פאָרויס גלייך אויפן אָרט דאָס געלט פאַרן חודש און פאַרן חשמל.

איך הייב מיך אויף, דריי זיך אַ ביסל אַרום טישל, צי אויף זיך אַרויף נאָך אַ מלבוש און מיט מײַן פּעלצל וויקל איך אַרום מײַנע קני, נאָר אַלץ־איינס די קעלט נעמט מיך דורך. טראַכט איך: איך האָב דאָך, סוף כל סוף, רעכט — און שליס אײַן מײַן עלעקטראָ־אייוועלע. כאַטש איך ווייס שוין זײַן נאַטור, ווי קליין עס איז, אַזוי פרעסט עס, ווי אַ וואַמפּיר, די עלעקטריע. עס צעפלאַקערן זיך שנעל אַלע זײַנע ספּיראַלן מיט אַזאַ העלישן פלאַם־פײַער... אין צימער איז באַלד וואַרעמער געוואָרן. איך זיץ שוין ווידער בײַם טישל, די שעהן לויפן, איך באַמערק זיי גאָרנישט. עס אַרבעט זיך מיר געשמאַק. נאָר זונטיק, צי מאָנטיק, אויפן דריטן, צי פערטן טאָג פון מײַן זײַן אין צימער, אין דער פרי — איך דערהער, עפּעס רעדט מען הויך הינטער מײַן טיר. דעם באַלעבאָס קול, דאַכט זיך, און די שכנימס. און פּלוצעם: מ׳קלאַפּט אָן. איך עפן אויף: ישראל ביבי האַלט אין דער האַנט אַ בינטל חשמל־קוויטאַנציעס: — זעט, — זאָגט ער צו מיר, — אײַער שכן הינטער דער וואַנט, שלמה, איז שוין געווען געצוווּנגען צו באַצאָלן פאַר אַ חודש פערציק טויזנט ל״י... דאָס חשמל־זייגערל איז דאָך פאַר די דרײַ טעג אויפגעשפּרונגען משוגענערהייט...

איך פּרוּוו מיך באַרעכטיקן מיט די דרײַ הונדערט שקלים, וואָס כ׳האָב געגעבן אַלס צוגאָב צו דירה־געלט. ביבי שמייכלט, ער מאַכט זיי אָוועק מיט דער האַנט, מײַנע דרײַ הונדערט חשמל־שקלים... — פאַר די דרײַ טעג איז שוין אָנגעלאָפן מי יודע וויפל. איך קאָן דאָך נישט באַקומען פון אײַך צען טויזנט ל״י און דערלייגן 40 טויזנט. ס׳איז דאָך לעכערלעך, — און ער בעט מיך אַזוי גוט זײַן, אַרײַנצוקוקן אין די צונויפגעראַלטע חשמל־צעטלען און וויקלט זיי פאַנאַנדער, ווי רצועות, די קוויטאַנציעס, און דערמאַנט מיר ווידער: דאָס האָט אַזוי מײַן שכן הינטער דער וואַנט, שלמה, „אָפּגע־ברענט" מיט אַ חודש הייצן אַן עלעקטראָ־אויוון.

— שאַ, — זאָג איך, — טײַערער ישראל, — איך וועל זיך מיט אײַך נישט קריגן. איך בין דאָ געקומען צו טאָן אַ וויכטיקע אַרבעט און וועל מער מײַן אייוועלע נישט ברויכן. און איך הייב עס אויף פונעם דיל (ווען

ביבי איז אַרײַנגעקומען, איז עס געווען אויסגעלאָשן און אָפּגעקילט), וויקל אים אַרום מיטן שנור, — און כדי, איר זאָלט זיין זיכער, אַז איך וועל עס נישט נוצן, ווײַל, אויב נישט, וועט זיך אײַך במילא אויסדוכטן, אַז איך הייץ יאָ, איז די צײַט, וואָס איך וועל דאָ וווינען, זאָל דאָס אייוועלע זײַן בײַ אײַך. איך געטרוי עס אײַך. „קנייטשט" זיך ישראל און וויל דאָס אייוועלע נישט נעמען. — ניין, — באַשטיי איך, — נעמט, וועלן מיר ביידע זײַן רויִק. און איך האָב אים אונטערן אָרעם אַרײַנגעשטופּט מײַן קליינעם מיניאַטורן חשמל־זויפערל.

אין די ערשטע פּאָר טעג פון אונדזער באַקאַנטשאַפט מיט ישראל ביבי, ווען איך פלעג אינמיטן פון מײַן אַרבעט אַרויסגיין אויף דער ליכטיקער שײַן אַ וואַרעם טאָן זיך אויף דער זון — ס'איז דאָך פּאָרט טבריה! — אַרומשפּאַנען אַהין און צוריק לעם הויז, האָט מיר ישראל דערציילט וועגן דעם אויף אייביק־באַרימטן גאון, ר' חיה מיט זײַנע צוויי זין יצחק און יחזקיהו, וואָס רוען שוין בײַ די צוויי טויזנט יאָר אויף יענעם־אָ־באַרג איבער דער שטאָט, און דאָרט איז זייער קבר, — האָט מיר ביבי אָנגעוויזן מיט דער האַנט, — זיי, ר' חיה מיט זײַנע צוויי זין זײַנען בײַ אונדז אַזוי חשוב און הייליק, ווי אונדזערע דרײַ אבות אברהם, יצחק און יעקב. ווען עס איז אונדז שווער, ווען מיר זײַנען אין אַ גרויסער נויט, אָדער ווען מיר וואַרטן אַ שטייגער, קוקן אויס די אויגן צום הימל, עס זאָל שוין דערלעבן אַ טריף טאָן אַ פריש רעגנדל, גייען מיר צו זײַן קבר. און נישט אַ מוז צו גיין, מיר הייבן אויף אונדזערע אויגן צום באַרג, דאָרט, ווו זײַן קבר איז, און מיר בעטן און, מיר ווערן געהאָלפן. האָב איך ישראלן — ווען דאָס חשמל־פרעסערל איז שוין בטוח געווען בײַ אים אונטער דער פּאַכווע — צוגעגעבן מיט זײַנע אייגענע ווערטער: „נישקשה, איך וועל נישט פאַרפרוירן ווערן. איך וועל טאַקע פאָלגן אײַער עצה און ווענדן זיך צו ר' חיה מיט זײַנע צוויי באַרימטע זין און זיי וועלן פאַרנעמען מײַן געבעט און אַראָפּשיקן מיר אויף געקווייטלטע שטראַלנדיקע טעלערלעך די ליבע טבריהער וואַרעמקײַט. — ישראל ביבי האָט אַ שמייכל געטאָן. און כך הווה, איך האָב געפועלט — אויף מאָרגן איז וואַרעם געוואָרן. די זון האָט זיך אויפן טבריהער שטייגער צעשײַנט און, אַז אין דרויסן איז ליב, חיותדיק, איז שוין אויך אין צימער צו דערהאַלטן. אָבער מיט אַ טאָג שפּעטער איז ווידער קאַלט געוואָרן. אַ שעה, אַ צווייטע און גליווער פאַרקלעמט שוין מײַנע ביינער. עס העלפט נישט דאָס אַרומטופּען אַרום טישל. טו איך אָן אויף מײַן קראַנקן פוס נאָך אַ וואָלענעם זאָק — ווערט ענג אין שוך. איז ווידער נישט גוט. איך קום צו צום פענצטער און דערמאָן זיך סאָניעס ווערטער מיט עטלעכע טעג צוריק: „אַז וואָס זעט מען דאָ ? — אפילו דעם כנרת נישט"... קאַלט.

וואָס טוט מען ?... מײַן צימער קומט אַרויס צו דער גאַס אויף מערב־זײַט. די זון קוקט אַרײַן אַביסל ערשט נאָך האַלבן טאָג. נאָר, כדי צו דערפילן זון־וואַרעמקייט, דאַרף איך פון צימער אַרויס אויף דער טעראַסקע, אַרײַנזעצן זיך אינעם אַלטן אויסגעקראָכענעם צעדריבלטן פּאָטעל, וואָס כאַפּט דעם אַנבליק פון אַ קאַץ ווינטערצײַט אויף אַ טבריהער מיסטקאַסטן. און ווען וועל איך בעת מעשה אָוועקזעצן אין חדר בײַ מײַן שרײַבטישל ? — נישטאָ קיין בעלונים...

קלאַפּט אָן אין טיר ישראל. ער איז דאָך פּאַרט אַ ייִד אַ ירא שמים. אין מײַנע יאָרן, אפשר אַ פּאָר יאָר עלטער. דאָרט, אויף זײַן העכערן שטאָק, אין זײַנע פינף חדרים, האָט ער דערפילט משמעות, אַז מיר איז דאָ גוט קאַלט און אויך זײַן ווײַב אסתר, אַזוי מיין איך, האָט צוגעשטימט, ווײַל בעת איך בין געקומען זיך דערעדן מיט איר וועגן דינגען בײַ זיי אַ חדר, און ווען איך האָב מיך פאַר איר פאַרגעשטעלט, געזאָגט, אַז איך בין אַ משורר — איז שוין דאָס אַליין בײַ איר געווען אַ שטיקל באַוואָרעניש, טאַקע אַ נכה *, אָבער אַ משורר. הייסט עס, נישט קיין שאַרלאַטאַן און אָנזעצער **. זאָגט צו מיר ישראל ביבי: — מיר האָבן אײַך פאַרדונגען דעם גרעסערן חדר, איז אײַך טאַקע קאַלט. אייניקע טעג פאַר אײַער קומען האָט זיך באַפרײַט דער קעגנאיבערדיקער צימער, אַ סך אַ קלענערער און אַ שענערער, — און ער פירט מיך אַרײַן אין דעם אַנדער חדר, אויף מזרח־זײַט, מיט אַ פענצטער צו דער כנרת:

— פאַר אָט דער שיינקייט אַליין דאַרף איך, — זאָגט ער צו מיר, — נעמען בײַ אײַך 50 טויזנט לירות אַ חודש — און טוט אפילו קיין שמייכל נישט. — איך האָב מיך דערשראָקן : — קיין פּיאַסטער וועל איך אײַך נישט צוגעבן, — ענטפער איך אים שוין צו ערנסט.

— איך ווייס, — זאָגט ער.

דער אַנדערער צימער איז נישט קיין בעסערער. אָפּגעלאָזט, אָן מעבל, אַ בעטל, אַ פאַרמורזעטער שטול, לענג אויס דער מזרח־וואַנט — צעבראָכענע, צעקלאַפּטע קעסטלעך־שאַפקעלעך. די טירלעך פון זיי הענגען אַראָפּ,

---

* נכה (עברית) — אַן אינוואַליד.

** אסתר, די באַלעבאָסטע האָט מיר, אגב, אַ גרויסע טובה געטאָן. זי האָט מיר, בעת איך בין שוין געקומען אין מײַן פאַרדונגענעם חדר, צוגעגרייט פאַר מיר אַ טיש אויף רעדעלעך, אַזוי ווי זי וואָלט געוווסט, אַז פאַר מיר וועט דאָס זײַן, ווי געוווּנטשן — דאַרף איך, רוק איך מיר צו מיט אים נענטער צום פענצטער און וויל איך, איז ער שוין סאַמע נעבן מײַן בעט. און בײַנאַכט פּאַס איך אים צו אַזוי, איך זאָל תיכף אין דער פינצטער קאָנען אײַנשליסן מײַן עלעקטריש לעמפּל. מיט איין וואָרט — מיט מײַן טיש אויף רעדעלעך האָב איך געקאָנט פרײַ מאַנעווורירן.

אין מיטן צווישן די חרובע־שאַפּקעלעך — אַן אָפּגוס מיט אַ קראַן. דער חדר זעט אויס ווי אַ קיך.

—אַמאָל, מיט פיל יאָרן צוריק, — זאָגט ביבי, — איז אין דעם הויז געווען אַ ישיבה. — פאַרשטייט איך שוין, אַז די צימערן, וואָס די באַלעבאַטים פאַרדינגען זיינען נישט פאַר טוריסטן, ס׳איז נישט קיין האָטעל — אַן אכסניה פון דריטן קלאַס. איך בין אָבער צופרידן געווען מיטן פענצטער צו דער כנרת. און די זון וועט אַרייַנקומען גופא אין צימער. ס׳וועט זיין וואַרעמער. איך האָב מיך גענומען איבערפּעקלען. ישראל העלפט מיר אַריבערטראָגן די פּאָר שווערערע זאַכן. דאָס, — זאָגט ער צו מיר, — פאַרדינט ער אַ מצווה, דערוויַיטערט מיך פון קעלט און גיט מיר אַ שענערן צימער. און איצט, מוז איך, — זאָגט ער, — גיין נעמען עפּעס אין מויל, עס זאָלן מיר נישט אויסגיין די כוחות. אין אַ האַלבער שעה אַרום, אַז איר וועט זיך נייטיקן אין מיַין הילף, וועל איך קומען. — איך האָב אים באַדאַנקט און אַליין זיך מטריח געווען אַריבערנעמען אַלע מיַינע טויזנט קליי־ניקייַטן אין נייַעם צימער, — אַזוי ווי מ׳קען זאָגט אין ישראל — לאַט־לאַט *. און כאָטש דער „לאַט־לאַט” העלפט ווי, אַ קרעכץ, איז דאָך, אַז מען זינגט מיר אים אַרויס, פיל איך די גוטע כוונה פון וועלן מיר צוהעלפן, אונטער־שטעלן אַן אַקסל. מע איז דאָך, נאָך אַלעמען, עפּעס יִדן אויף דער וועלט, אחינו בני ישראל.

## דער נייער געביטענער פענצטער...

די מעלות און חסרונות פון דעם צווייטן חדר האָב איך ערשט געקאָנט אָפּשאַצן אין פאַרלויף פון דער נאַכט ביז באַגינען. לאָמיר זיך צום־אַלעם ערשטן אָפּשטעלן אויף די מעלות, די פּאָעטישע: באַגינען, פּונקט אַנטקעגן פענצטער, זע איך, ווי עס גליטשט זיך אַרויף פון הינטער גלייַכן, ווי אַ ווירע, באַרג איבער דער כנרת, די זון, אַ גרויסע, אַ רונדע, אַ זאַפטיק־רויטע, ווי אַ טבריהער פּאָמידאָר: בוקר טוב!

אָבער איך האָב זיך נישט איבעריקס, וואָס איבערצוזונעמען, נישט בלויז מיר געהערט דער זונס „גוט־מאָרגן”. פון דער גאַס־זייַט פון פּאַסאַד, איז ישראלס און אסתרס הויז אַ צוויי־שטאָקיקע. פון דער קעגנאיבערדיקער

* לאַט־לאַט (עברית) — פּאַוואָלינקערהייט׳

זייַט, וואָס קומט אַרויס צו דער כנרת, ווען מע זאָל קוקן, למשל, צוזאַמען מיט דער אויפגייענדיקער זון — איז דאָס הויז אַ דרייַ־שטאָקיקע: אונטער מיר איז נאָך אַ שטאָק, וועלכן איך זע נישט. וואָס איך האָב באַגינען יאָ באַמערקט, פּונקט אונטן, נישט ווייַט, אַנטקעגן מייַן פענצטער, אויף אַ קייט — אַ שוואַרצע צויג און אַרום איר (איך האָב ראַיעל איבערגעציילט) — צען שוואַרצע, ווי זי אַליין, פּיצעלעך הינטעלעך. און דער זונס „בוקר־טוב" איז געוויס געווענדט אויך צו דער הינטעכע און אירע זויגלינגען, ווייַל אַנדערש וואָלט די גינענדיקע טבריהער זון אַזוי צופרידן נישט גע־שמייכלט. איך, בכבודו ובעצמו, האָב בייַ איר נישט געקאָנט אַרויסרופן אַזאַ אינטערעס. און בייַ מיר וואַקסט דער נייַגער, נישט ווייניקער, איך קאָן זיך נישט אָפּרייַסן פון פענצטער, אייַנזאַפּן אין מייַנע אויגן דאָס הער־לעכע בילד, ווי אַזוי די גרויסע שוואַרצע הינטעכע סטאַרעט זיך אַזוי אויס־צושפּרייטן אויף דער ערד, דער „ערב רב" אירער זאָל האָבן די פולע מעג־לעכקייַט צוקומען צו אירע וואַרצלען. זי הויבט אירע לאַנגע געלבלעך־ווייַסע פיס, כדי אַלע צען צייַגעלעך צו דערנענטערן צו איר בויך און זיי, די הינטעלעך, איינער קריכט איבערן אַנדערן, און צווישן אַנדערן, צופּן, ציען פון איר לייַב מיט כוח און אימפּעט, רייַסן פון איר שטיקער. די הינ־טעכע, זע איך, צוקט מיט די אויערן, עס טוט איר ווייַ דאָס צופּעניש, דאָס קנעטעניש. און איך טראַכט: וואָס פאַראַ גליקלעכער מוטער־ווייטיק! נישטאָ אויף דער ערד אַ זיסערע הנאה, ווי אַנצוהאָדעווען און אַנצוזעטיקן אַזאַ, קיין עין־הרע, אייגענע פּלוימעטשקע.

דער פענצטער אינעווייניק אין צימער, צעפּראָלט זיך, אָבער די תריסים — נישט. דער באַלעבאָס האָט זיי, ווייַזט אויס, אויף ווינטער פאַר־האַקט, אָדער איך האָב פּשוט קיין שכל נישט, ווי אַזוי צו עפענען. און מיר ווילט זיך גראָדע אַרויסשפּאַרן מייַן קאָפּ אין דרויסן בעסער צו באַטראַכטן די מוטער־צויג און יעדן איינעם פון די נייַ־געבוירענע הינטעלעך. איך האָב אַ חשק מיט עפּעס פון די שקיתלעך, וואָס סאַניע האָט מיר איבערגעלאָזט, מכבד זייַן די געווינערין. עס קומט איר אַ בעסערער ביסן. אָבער די תריסים צעפּראָלן זיך נישט.

נאָר אָט, אַ צווייט בילד ציט מייַן אויפמערקזאַמקייַט: אַ קענטלעכער מיר פויגל האָט אַראָפּגענידערט און האָוועט אַרום מיט דריבניטשקע, זייער דריבניטשקע און האַסטיקע טריטלעך, אַזעלכע, דאַכט מיר, איז בייַ קיינעם אויף דער גאַנצער ערד נישטאָ. און איר לאַנגער גראָדער עקל האַלט אין איין אַרומנויגן זיך, טרייסלען זיך. מיט אַלע פּיטשעווקעס דערקען איך די מיר גוט־באַקאַנטע קליינטשינקע סיבירער טריאַסאָגוזקע — ציטער־עקל. אָבער די טריאַסאָגוזקע, וואָס כ'האָב אַצינד דערזען פאַר מייַנע אויגן איז

נישט קיין קליינטשינקע, אוודאי, אין אַ צוויי, צי אפשר, אין אַ דריַי מאָל גרעסער פון יענער אירקוטסקער מזרח־סיבירער פיטשינקער פייגעלע. די תנועות אָבער און איר פירעכץ — די זעלבע, פון איין שבט, נאָר פון גאָר אַן אַנדער קאַליבער. מיט וואָס האָבן זיך מיר דאָן אין מזרח־סיביר די טריאַסאָגוזקעס איַינגעקריצט אין האַרצן? — מיט דעם, וואָס יעדערע פון זיי (איך ווייס נישט, ווער פון זיי איז דער „זי" און ווער דער „ער") איז אין דעם אומענדלעכן סיבירער ים פון שניי תמיד אַליין, פאַר זיך. זעלטן ווען פאַרוויַיז. כ'האָב קיינמאָל נישט געזען, זיי זאָלן זיַין, כאָטש אַ „מזומן".

און וואָס עס איז מיר נאָך געפעלן אין זיי — די אויסערגעוויינלעכע רי־רעוודיקייט און איַיליקייט, אַ פּיק געטאָן די ערד אויף רעכטס; אַ פּיק געטאָן אויף לינקס און נישט אָנגעקוקט, דאַכט זיך, וואָס, נאָר אויף עפּעס ווערטיקס האָט דאָס שנעבעלע, וויַיזט אויס, יאָ אָנגעטראָפן. און זייער קאָמיש ווי די דריבניטשקע טריטלעך גייען פלוצעם איבער אין אַ געלאַף און דאָן, האַלט עס ס'לאַנגע עקל טשיקאַווע, גליַיך, אַן טרייסלעניש, ווי אַ סטרונקעלע. נאָך האָט זיך מיר פאַרגעדענקט, דער אופן, ווי דאָס פייגעלע פליט נידעריק איבער דער ערד — כוואַליעסאַרטיק, אַראָפּ און אַרויף, אַראָפּ און אַרויף. מיר פלעגט זיך דאַרטן אין סיביר דאַכטן, אַז דער דאָזיקער פויגלשער מין איז יאַרטויזנטער צוגעוווינט צו פליען אַראָפּ און אַרויף איבער די הויכע הורבעס און פאַלדן אָנגעווייעטן שניי אויף די סיבירער פליינען און אין די וועלדער.

אין אָקטאָבער צי נאָוועמבער חודש פלעגן די ציטער־עקלעך פלוצעם נעלם ווערן. בעת איך בין עולה געווען, בין איך נשתומם געוואָרן, ווען איך האָב פלוצעם אין מגדיאל אין יאַנואַר, צי אין פעברואַר חודש דערזען פאַר זיך מיַין תמיד איינזאַמען פריַינד — דעם סיבירער ציטער־עקל. הייסט עס, פון דעם לאַנגן, ווי דער יידישער גלות, סיבירער וו,נטער, פליט עס אַוועק אַהער קיין ישראל...

אָ!, — האָב איך מיט פרייד אויסגערופן, — ס'איז מיר ליב מיט דיר ווידער זיך צו באַגעגענען, און איך האָב שוין גערעכנט, אַז איך וועל זיך שוין קיינמאָל נישט זען מיט דיר, טיַיערער, ליבער, איינזאַמער ציטער־עקל... און הייַנט האָב איך פלוצעם דערזען פאַר זיך, אין טבריה, גאָר אַן אַנדערן, אַ גרעסערן סאָרט טריאַסאָגוזקעס.

און דער צווייטער, זיַיטיקער פענצטער, האָט אויך ביַי מיר אַרויסגע־רופן אַ געוויסן אינטערעס: פונקט אַנטקעגן, נאָענט די גאָר הויכע פאַלמע און דערנעבן איר שכנה, אַ ביסל אַ נידעריקערע. נאָר ביידע פאַרהיטן זיי די שוין פאַרוועלקטע, אָפּגעלעבטע, די געדיכט־אַראָפּהענגנדיקע פאַלמעס־צוויַיגן־בלעטער, אַזוי ווי פון דער נאַטור אַליין וואָלטן זיך די פאַלמעס

אַנגעטאָן אין לאַנגע וואַרעמע געלבלעך־ווײַסלעכע מאַנטל־פּעלצן, צו באַ־שיצן דעם אייגענעם שטאַם ווינטער פון קעלט און זומער פון די חמסיניקע היצן, די לעבעדיקע קאָרע זאָל נישט צעטריקנט ווערן און עס זאָל אומגע־שטערט אינעווייניק אין שטאַם, יורן און שטראָמען אַרויפצו פון דער ערד־טיפעניש און קוויקן מיט פרישע נערונגס־זאַפטן דעם בוים ביז די שפּיצן פון די יונגע, נײַע, גרינע בלעטער אויף איר קרוין. וואָס עס איז מיר טשיקאַווע געווען צו זען — סײַ די ווילדע טויבן, סײַ די פּילצאַליקע פּיפּיקע שפּערלעך, האָבן הינטער די געדיכטע אַראָפּהענגנדיקע פּאַלמע־בלעטער אײַנגעאָרדנט פאַרן אייגענעם ווילטאַג אומזיסטע „האָטעלן" מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און דאַרפן נישט ווען נושא־חן זײַן בײַ קיינע־שום באַלעבאַטים. איז דאָך מײַן אַנדער צימער אײַנגעטונקט אין כולו מעלות. אָבער... פּרוּווט אָקאָרשט איין און איינציקן טאָג אויף דער וועלט דורכ־קומען אָן אַן „אָבער"? — אַ שטיקל אָנשיקעניש, וואָס מ'זעט עס גאָרנישט אָן — אַ מוק, אַ קאָמאַר, וואָס וועט זיך אויף דיר (אין ישראל הייסן זיי יתושים) אָנזעצן און מאַכן פאַר אויס מענטש. אָט דער צווייטער חדר מיט די פאָע־טישע פענצטער האָט גלײַך אין דער ערשטער נאַכט געגעבן מיר צו דער־פילן „פּאָטשאָם פונט ליכא?"* ווען איך האָב מיך אין דעם צימער געהאַט איבערגעקליבן איז געוואָרן וואַרעמער. דאָס פאַרקראַטעווטע פענצטערל אין דער הויך איבער דער שמאָלער דרויסן־טירל, איז געווען ביט שטײַף, ניט שטשילנע צוגעמאַכט. די ראַם איז פון די אָפּטע רעגנס אָנגעקוואָלן און אָפּגעטשאַנען, איז געבליבן אַ שפּאַרע, נאָר פאַר די קאָמאַרעס איז דאָס געווען — „אַ ברייטער, רחבותדיקער טויער" און אויך אין דער שמאָלער אַרײַנגאַנגס־טיר, וואָס צו דער גאַס, איז געווען מיט אָן אַ שיער שפּעלטער און לעכער אין די טיר־לײַסטן, אַ דינע, ברעטלדיקע טיר. איז ווי נאָר איך האָב אויסגעלאָשן די שײַן און זיך געלייגט אין בעט, האָבן די קאָמאַרעס גענומען זשוזשען אַרום מײַן קאָפּ. איך האָב מיך געפּרוּווט באַהאַלטן אונ־טערן לײַלעך — פּעלט מיר אָטעם. איך בין דאָך נישט קיין טויכער, שטעק איך אַרויס פון אונטערן לײַלעך מײַן נאָז, מײַן האַנט — פּיקירן זיי ווידער און זשוזשען. איך בין געצוווּנגען געווען אַלע ווײַלע אָנצוצינדן די עלעקטריע און מיטן האַנטעך צו וואָיעווען מיט זיי, אויסצוגעפינען אויף די ווענט און מיט אַלע כוחות אַ קלאַפּ טאָן איבער זיי מיטן האַנטעך. דער זייגער איז שוין צוויי בײַנאַכט און איך שלאָף נאָך אַלץ נישט. ערשט פרי־באַגינען בין איך אָן אויסגעמוטשעטער אויף אַ קורצער צײַט פאַרזונקען געוואָרן אין שלאָף. בין איך געצוווּנגען געווען צו ווענדן זיך נאָך הילף צו דער באַלע־

---

* אַ רוסיש ווערטל, דער טײַטש פון דעם איז: „וואָס קאָסט אַ פונט צרות?"

באַסטע. כדי צו ריידן מיט איר, דאַרף איך אַרױפשרײַען צו זייערע פענצטער. זי האָט מיר אַראָפּגעוואָרפן פון אויבן אַ גרויסע שטיק געדיכטע מאַרליע, איך זאָל זיך בײַנאַכט קאָנען פאַרדעקן, די יתומים זאָלן נישט קאָנען צו מיר צוקומען. אַזוי, — זאָגט זי, — באַדעקט זי אויך אירע אייניקלעך. און מיר האָט די מאַרליע דערמאָנט דעם לאַגערנעם סיבירער „נאַקאָמאַר־ניק". טראַכט איך, איך מוז מיר אַליין ראַטעווען. איך האָב צעשניטן די מאַרליע אויף דינע פּאַסן, געפונען אין צימער נאָך שמאַטקעס און מיט דעם אַלעם געגומען פאַרשטעקן אַלע גרויסע און קליינע שפּאַרונעס און שפּעלט־לעך. און ניסים, אַ יונגער, דאַרער ייִד, אַ טבריהער, וועלכער האָט שוין אַ לענגערע צײַט געהאַט פאַרדונגען דעם בעסערן חדר, ער איז אַנטלאָפן פון זײַן ווײַב — איז מיר געקומען צו הילף. געבראַכט אַ לייטער, אַרויפ־געקראָכן און אַרומגעטעסעט, אַרומגעשניצט די אויבערשטע אָנגעקוואָלענע פענצטער־ראַם איבער דער טיר און פאַרשפּאַרט זי שטײַף, אָן קיין סימן פון קיין שפּעלטער. קאָמאַרעס זײַנען געוואָרן ווייניקער, אָבער דורך וואַנען זיי פלעגן פאָרט אַרײַנדרינגען צו מיר... און איך פלעג פאַרצווייפלט, מיט כעס קוקן אויף דער שיטערער, ברעטלדיקער אַרײַנגאַנג־טיר. אַ פּאָר שעה פאַר מיטאָג פלעג איך שוין בײַם שרײַבטישל פאַלן מיט דער נאָז אויפן העפטל, דער בלײַער פלעגט זיך אַרויסגליטשן פון די פינגער.

אין מײַנע שמועסן מיט ישראל ביבי, מײַן באַלעבאָס, פלעגט ער מיר אויפקלערן: „אונדזער פאָלק האָלט האַלט איין האַנט אויפן אַקער און די אַנדערע — אויף דער שווערד..." און ווען איך האָב גענומען פאָרן באַלעבאָס זיך קלאָגן: ישראל, ליבער, איך ווער פאַרפאַלן, די פערטע נאַכט, ווי איך שלאָף נישט, די יתומים פרעסן מיך אויף. ס'איז שוין אַזוי, ווי איר זאָגט — מײַן איין האַנט האַלט איך אויפן בלײַער — מײַן אַקער, מיט דער צווייטער, בײַנאַכט, אויפן האַנטעך — מײַן שווערד...

רופט זיך צו מיר אָן אסתר: — איך האָב דאָך אײַך געגעבן אַ מאַרליע... און ישראל צעפירט די הענט: — טאָ קלײַבט זיך צוריק אַריבער אין גרעסערן חדר, עס גייט צו וואַרעמקײַט...

און איך קוק אַלץ אויף דער שמאָלער דרויסנדיקער טיר — נישט קיין טיר, אַ רעשעטע, סײַדן מיט עפּעס צו פאַרהענגען זי. — וואָס האָט איר אַזוי פאַרלאָזט אײַערע חדרים? — קאָן איך מיך שוין נישט צוימען און קוק מיט פאָרוואורף אויף ישראלן און אסתרן.

דאָס בין איך שוין אַרויס פון די ראַמען, ווײַל נישט מײַן עסק צו לערנען זיי און מישן זיך אין דעם, וואָס זיי האָבן געדאַרפט טאָן, און וואָס נישט... און איך זע שוין, אַז מײַנע באַלעבאַטים וועלן מיר שוין מער מיט גאָרנישט נישט העלפן. לאָזן זיך אַצינד איבער טבריה זוכן אַן אַנדער

צימער... איך האָב דאָך שוין פאַרן חודש אײַנגעצאָלט פאָרויס, איז ערשטנס. און וווּ וועל איך איינס־און־צוויי, אין דער הייסער מינוט, געפינען אַן אַנדער צימער? — איז מיר טאַקע גוט ענג געוואָרן אין קאָפּ — וויפל נעכט קאָן איך נאָך אַזוי וואַיעוועון? — דער גאַנצער שפּעררישער פּלאַן מײַנער, פּיל איך, צעפאַלט, ווי אַ קאַרטן־שטיבל... זאָל איך אָנקלינגען סאָניען קיין אור־יהודה וועגן דעם (נישט לאַנג פאַר מײַן אַרויספאָרן קיין טבריה, האָט מען מיר אויפן אַכטן יאָר פון מײַן לעבן אין ישראל, סוף־כל־סוף, אַרײַנגעשטעלט אַ טעלעפאָן אין שטוב) „פּאַנטשער" * מיטן געדונגענעם צימער? וואָלט עס באַדײַט פראָסט און פּשוט „אויפהויבן די הענט" און שרײַען „היטלער קאַפּוט", ווי דאָס האָבן געטאָן די דײַטשיש־רומענישע סאָלדאַטן אין די קרירע־פרעסט און וויוגעס, ווען מיר האָבן זיי אין אָנהויב פון 1943 יאָר אויף דער מאָדע צוגעקוועטשט אויף די קאַלמיקער סטעפּעס, נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיי אָפּגעשטויסן פון סטאַלינגראַד. האָב איך סאָניען קיין שום אַלאַרם אין טעלעפאָן ניש געמאַכט — מה רעש? — פּאַסירט עס דאָס ערשטע מאָל בײַ מיר? — ס'האָט דאָך שוין ענלעכעס געטראָפן אין צפת אינעם מלון בית־הבראה „הרצליה", ווען איך בין מיט אַ דרײַ יאָר צוריק געוועזן די פּאַר וואָכן, וואָס איך באַקום יערלעך פון משרד האוצר. אויך דאָרטן זײַנען די פענצטער־ראַמען, תריסן און נעצן־רשתן געווען נישט אין אָרדענונג, אין איינע שפּעלטער און שפּאַרונעס און דאָך, האָב איך זיך געמיטלט, ד. ה. געמוטשעט זיך, געוויעוועט בײַנאַכט מיט די יתושים, געשפּריצט דעם סם אויף זיי און אָנגעשריבן מײַנע בעסערע (אַזוי מיין איך) צפתער לידער. איך געדענק נאָך, אַז די מלון־באַלעבאָסטע פון „הרצליה" שרה, אַ קלוגע, ווילע ייִדענע (מען האָט דערציילט וועגן איר, אַז אין דער יום־כיפור־מלחמה האָט זי געעפנט איר מלון־רעסטאָראַן פאַר די חיילים און אויך אַרויסגעשטעלט פאַר זיי אויף דער גאַס אַ סך טישלעך און זיי געקראָמעט מיט „כל־טוב בחינם), האָט צוגעזאָגט, אַז איבער אַ יאָר וועט זי מאַכן אין מלון אַ גרינטלעכן רעמאָנט. מיט וואָס זשע האָט זיך עס געענדיקט דאָס מאָל אין טבריה, בײַ מײַנע באַלעבאָטים אסתר און ישראל ביבי? — זייער גוט! צום „שלים" קומט פּאָרט דאָס שטיקעלע מזל. די פינף חדרים, וואָס די ביבי־פּאָרפאָלק פאַרדינגען, זײַנען איינער פון דעם אַנדערן אָפּגעזונדערט און יעדערער האָט זיך זײַן אַרויסגאַנג־טיר צו דער גאַס. אײַנציטיק זײַנען זיי געפלאָכטן און געבונדן צווישן זיך, — געווען אַמאָל איין גרויסע דירה. איז פּונקט אַנטקעגן מײַן אינעווייניקסטער צימער־טיר, וואָס גייט אַרויס אין קליינעם, פּוסטן געוועזענעם עסצימער, דאָ נאָך אַ טיר,

* פּאַנטשער — אַ פיגורעל־זשאַרגאָניש ווערטל אין ישראל, וואָס באַטײַט אַ פלוצעמדיקע, נישט־פאָרויסגעזעענע אומאָנגענעמלעכקייט.

נאָך אַ צימער — מײַן ראַטונעק! איך האָב עפּעס געהערט, אַז דאָרט לעבט אַ יונגער דרוז. מיר איז בלויז איין מאָל אויסגעקומען צו האָבן מיט אים אַ קורצן געשפּרעך, ווען איך האָב געעפּנט די טיר מיט ישׂראלס טאָפּ אין דער האַנט צו גיין איך קיך. גראַדע אין דעם מאָמענט איז ער אָנגעקומען פון דער אַרבעט. דערזען מיך, לויפט ער אַרײַן צו מיר אין סאַמע מיטן חדר. איך האָב מיך אַזוי, ווי דערשראָקן און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש דעם טאָפּ... אַליין מיט אַ יונגן ווילד־פרעמדן מענטשן, קיינער ווייס איך איז איצט אין די חדרים נישטאָ. ער באַטראַכט מיך און די זאַכן אויף די האַלב־צעבראָכענע שאַפקעס: „וואָס? אַ נײַער שכן? אויף ווי לאַנג? — איך האָב נישט באַוויזן אַרויסצוברענגען אַ וואָרט, ווי ער לויפט צו צו מײַן קליינעם ראַדיאָ־אויפנעמער פון דער אַמעריקאַנער פירמע „סאַנוואָ", נעמט אים אין דער האַנט: — פאַרקויפסט? — באַמערקט מײַן אַדעקאַלאָן־פלאַקאָן,גענומען אים אין דער האַנט, אַ שמעק געטאָן: פאַרקויפסט? — דערזען מײַן בלויען קליינעם טיש־לאָמפּ: „שוין לאַנג געקויפט? — פאַר־קויפסט?"...

דאָס זײַנען, — זאָג איך צו אים מיט צעשראָקענער רוגזה, — מײַנע נייטיקע זאַכן. איך בין אַ מלחמה־אינוואַליד און גאָרנישט פאַרקויף איך נישט. — און איך רוק זיך נענטער צו מײַן אָפענער טיר. אַצינד איז שוין מײַן ריי צו שטעלן אים פראַגעס: דו וווינסט דאָ? — און איך ווײַז אָן אויף דער פאַרמאַכטער טיר קעגנאיבער. — ווי הייסטו? ווו אַרבעטסטו? ביסט אַ חתונה—געהאַטער? ענטפערט ער: איך הייס אבי, איך בין אַ רווק* — איך וויל נישט חתונה האָבן. און ער דערציילט מיר, אַז ער איז אַ נהג (שאָפער) פון אַ גרויסער לאַסט־מאַשין און אַרבעט אויך אַלס מלצר (קעלנער) אין אַ מלון. „דו ווייסט וויפל איך פאַרדין?", — גיט ער מיך באַרימעריש אַ פרעג. — מסתמא, — זאָג איך, — הונדער טויזנט ל"י. — „הונדערט מיט זעכציק"!, — רופט ער אויס זיגעריש מיט אַ שמייכל, — איך בין די גאַנצע נאַכט געווען אין וועג, געבראַכט צו פירן פון נגב אויף מײַן משאית* זעקס טאָן קאַווע... — איך האָב, — זאָג איך אים, — אַ הויכן בלוט־דרוק און טאָר קיין קאַווע נישט טרינקען... — נאָך אָט־דעם שמועס מיטן דרוז אבי, האָב איך מיך באַמיט מיט אים קיין מחלוקות נישט האָבן. און ווען איך האָב אים נאָך אַ פּאָר מאָל צופעליק דערזען בײַ אונדזערע קעגנאיבערדיקע טירן, פלעג איך אָפּקומען מיט אַ „בוקר־טוב" און אויף זײַן „מה נשמע", אַ הילכיקן געשריי טאָן — בסדר! — און פאַרשווינדן אין מײַן צימער.

* רווק (עברית) — נישט קיין פאַרהייראַטער.
** עברית: לאַסט־אויטאָ.

ביז אַזייגער איינס־צוויי בייטאָג פלעג איך זיצן ביים טישל און נאָך מיין װאַרעמעס לייג איך מיך צו אַ דרימל טאָן (ס'איז דאָך ווינטער, ווערט שוין פינף אין אָוונט גוט טונקל), צו זיין גרייט צום פאַרשטייענדיקן שלאַכט מיט די נישטווערטיקע מוקן. אין אָוונט האָב איך זיך געמאַכט אַ רגילות, אַרויסצוגיין צום טעלעפאָן־ציבורי (עפנטלעכן) — וואָס אין מלון „גליל", אַ פערציק טריט פון ביביס שטוב, — אָנצוקלינגען צו סאָניען און צו מיין טאָכטער אין נצרת־עלית. גיי איך קלינגען. אויף די טרעפּלעך ביים אַריינקומען אין מלון, קומט מיר אַן אַנטקעגן מיין שכן ניסים. ער האָט זיך ציטווייליק איינגעאָרדנט אויף אַרבעט אין „גליל":

— חיים, דער דרוז האָט דאָך אָקאָרשט באַפרייט זיין צימער, כ'האָב געזען, ווי ער איז אַוועק מיטן טשעמאָדאַן, זאָל דיך ביבי אַריבערפירן אַהין. אַן אינעווייניקסטער, גוטער צימער.

— אוי, איך דאַנק דיר, וואָס דו האָסט עס מיר אָנגעזאָגט. — און איך גיי שוין נישט קלינגען. פון מיינע טרעפּלעך שריי איך אַרויף צו מיינע באַלעבאַטימס פענצטער: — ישראל! אסתר! — איך האָב מיך אַזוי צעהילכט, אַז זיי זיינען באַלד אַרויס ביידע אויפן באַלקאָן.

— דער דרוז איז דאָך שוין נישטאָ, ראַטוועט מיך! שוין פיר נעכט, ווי איך מאַך קיין אויג נישט צו. איך בין דאָ געקומען טאָן אַ וויכטיקע אַרבעט. לאָזט מיך אַריבערגיין אין זיין צימער, — שריי איך צו זיי מיט תחנונים, שיר נישט מיט אַ וויינענדיק קול. און ישראל און אסתר ענטפערן מיר פון דער הויך ביידע צוזאַמען: „מיר פילן אייך מיט פונעם גאַנצן האַרצן!"

אין אַ שעה אַרום בין איך שוין געווען מיט מיין סקאַרב אינעם דריטן משנה מקום־משנה מזל־צימער. אַ חדר שוין מיט אַ טיר נישט צום דרויסן, מיט אַן אַלמער, מיט אַ פּאָר גאַנץ נשיקשהדיקע שאַפּקעלעך, מיט איין וואָרט, שוין פּאַכאַזשע אויף אַ האָטעל־צימער, מיט צוויי פענצטער — און איינער פון זיי איז צו דער כנרת. און איך זע די שוואַרצע צויג מיט אירע הינטעלעך.

נאָך דעם ווי איך בין שוין געווען אַ פּאָר טעג אין מיין נייעם מקום־מנוחה, האָט שוין אויף מיר, אין דער אמתן גענומען ווייען מיט מנוחה. בייטאָג בין איך נאָך אַלץ אויף דער וואַך, ביים עפענען מיין טיר, ווען איך פלעג אַהין און צוריק אַרומשמייען פון מיין צימער אין קיך אַריין, צוגרייטן פאַר זיך דעם „מרק" (זופּ)) אַכטונג געבן, עס זאָל זיך קאָרשט צו מיר אין צימער נישט אַריינאַדיען אַ ביינאַכטיקער בלוט־צאַפּער...

# גוטע בריוו

ס׳ איז דורך נאָך אַ טאָג און אין אָוונט איז אַראָפּגעקומען סאָניע מיט פולע סלויטשיקלעך, טעפּלעך און שקיתלעך און מיט אַ פרישער פּאָסט:

— דאָס איז שוין דער נײַער, דער דריטער צימער דײַנער?, — און זי האָט זיך אײַנגעקוקט אין מיר, אין מײַן פּנים: — אוי, דו זעסט דאָך אויס, ווי אַ פּיטשקע (אויף מאַמע־לשון — אַ פײַג). סאָניע שטאַמט דאָך פון אַ ווײַסרוסיש־ייִדיש שטעטל. איר ייִדיש־לשון זעט אויס, אַזוי ווי אַ פעלד נאָכן שניט, פול מיט שטעכיקער שטרוי־סטערניע, האַלב־ייִדיש, האַלב־רײַסיש.

— דאָס האָסטו געקראָגן אַזאַ צורה פון די אַזוי אָפּט „געביטענע פענצטער״?

— נישט פון די פענצטער, — קלער איך אויף סאָניען, — פון די בלוט־צאַפּערס, די קאָמאַרעס. נאָר מילא, אין דעם צימער איז שוין גוט און ס׳וועט זײַן נאָך בעסער. —

און די בריוו, — גוטע בריוו. איינער פון בוענאָס־אײַרעס, די דאָרטיקע ייִדישע טעגלעכע צײַטונג דרוקט איבער מײַן בוך „דער מאָס־קווער משפּט איבער די ביראָבידזשאַנער״. אַ טראָפּן כּבוד פאַר אַ ייִדישן דיכטער איז אַ קוויקונג פאַר זײַן פאַרחלשטער נשמה. ס׳איז, להבדיל, ווי איך וואָלט דורכן פענצטער אַ וואָרף געטאָן דער צויג, וואָס האָדעוועט אירע הינטעלעך, אַ פרישע פּוידעלע קעז פון „תשעה אחוז״*. עס פעלט איר חיות און כּוח פאַר אַזאַ זגראַיע פרעסערס. —

דער צווייטער בריוו איז פון מתתיהו קאַליר, דעם אָנפירער פון דעם תּל־אביבער ליטעראַטישן פאָנד א.ב. פון יהושע ראַבינאָוויטש. ער גיט מיר צו וויסן, אַז מיר איז אויסגעטיילט הילף אַרויסצוגעבן מײַן בוך. צום בריוו איז בײַגעלייגט דער טשעק. דאָס בוך איז שוין דערשינען, נאָר די הילף בלײַבט הילף און געוויס וויכטיק אויך נאָך דעם דערשײַנען פון בוך. דעם טשעק קאָן מען לאַנג נישט לאָזן ליגן אין קאָנווערט, ווײַל דער שקל איז דער לירה׳ס אַ לײַבלעכער „ברודערל״ און איז שוין בײַם געבוירן וואָרן אָנגעשטעקט, אַ ביטערער רחמנות — מיט זײַן שוועסטערס כראָנישע

* קעז פון „תשעה אחוז״ — עברית: אַ סאָרט ישראל־קעז מיט 9% פעטסקײַט.

אינפלאַציע־מחלה. ווערסט זיך נישט באַוויַיזן אַרומקוקן, ווי פון די שקלים וועט ווערן, — ווי מיַין סאָניע זאָגט, — „אַ פּיטשקע". עס איז נישט קיין מוז, איך זאָל זיך מיט דעם באַשעפטיקן, דאָס קאָן אויך סאָניע טאָן, נאָר צוליבן דריטן בריוו, וועל איך זיך דאַרפן אַליין מטריח זיַין צוצופאָרן אַהיים אויף אַ פּאָר טאָג. ס'שריַיבט צו מיר די חשובה שרה זילבערבערג, דער קולטור־דירעקטאָר פון דעם מאָנטרעאַלער „אַרבעטער־רינג":

טיַיערער פריַינד מאַלטינסקי.

איך האָב דערהאַלטן איַיער בריוו. היות איך בין געווען אויף וואַקאַציע, ענטפער איך איַיך מיט אַ פאַרשפּעטיקונג. אַ דאַנק פאַרן בוך מיטן וואַרעמען צושריפט צו מיר און צו פרצן. וואָס שייך איַיער ביטע וועגן אַ ליסטע פון מענטשן אַרויסשיקן איַיער בוך, — עס וועט איַיך קאָסטן אַ פאַרמעגן צו שיקן יעדן באַזונדער אַ בוך. שיקט מיר צו 20 עקזעמפּלאַרן און איך וועל זיך באַמיען זיי צו פאַרקויפן. איר דאַרפט מיר אָבער שריַיבן, וויפל עס קאָסט אַ בוך. איך טו דאָס נישט פאַר קיינעם. איך בין פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. ספּעציעל איצט, ווען איך גרייט אַ קאָנפערענץ פאַר יידיש אין חודש מיַי ה.י. איך ווייס אָבער איַיער סיטואַציע און איך וועל מאַכן אַ ספּעציעלע אָנשטרענגונג פאַר איַיך. איך האָף, אַז ביַי איַיער פרוי סאָניע און ביַי די קינדער איז אַלץ בסדר. מיַין פייגעלע איז איצט אין ישראל, זי געפינט זיך אין ירושלים אין אַ מכון פאַר יוגנט־טוער. דערנאָך וועט זי זיַין ביז זומער אין אַ קיבוץ פון השומר הצעיר. און זיַיט מיר געזונט און האַרציק געגריסט פון פרצן. גריסט סאָניען און די קינדער אומבאַקאַנט.

איַיער שרה.

דען אַזוי אָפּט בעט מען ביַי אַ יידישן שריַיבער אַ בוך? — און דאָס אָפּשיקן די ביכער און פאַרפּאַקעווען, און דער עיקר, דאָס אויפשריַיבן די אַדרעסן, אָפּטראָגן אויף דער פּאָסט, מ'זאָל זיך נישט טשעפּן, — דאָס מוז איך שוין טאָן צוזאַמען מיט סאָניען. באַשליסן מיר פאָרן אַהיים, אַלץ באַוויַיזן צו דערליידיקן, ווי מע איז צוגעוווינט זיך אויסצודריקן אין ישראל, און זונטיק פאָר איך צוריק קיין טבריה אויף ווערענר־גאַס, צו אסתר ביביס טישל אויף רעדעלעך.

— זע, קאָרשט, — זאָג איך סאָניען, — טו אַ קוק אין פענצטער אויף דער גרויסער שוואַרצער צויג מיט אירע ניַי־געבוירענע צען הינטעלעך. איך מוז אַלע וויַילע צולויפן צום פענצטער, אַ קוק טאָן אויף דעם אויסטערלישן בילד. אַלע שוואַרצע, ווי זי אַליין, בלויז איינער, אָט יענער, זעסט, וואָס האָט זיך איַינגעמאָסטיעט ביַי איר אויפן האַלדז און אַקן און צערטלט, לעקט דער מאַמעס אויער, איז מיט אַ געלבלעך־וויַיסן קאָפּ —

דער קאַליר פון דער מוטערס פּיס. זעסט, די לאַנגע פּיס אירע זײַנען געלבלעך־ווײַסע. סאַראַ שטאַרקע נאַטור, — זאָג איך, — איז אין אַט דער הינטעכע פאַרבאַרגן, — אַלע הינטעלעך קאָפּענע, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, זי. פון דעם טאַטע־הונט — קיין סימן נישט.

לאַכט סאַניע: — דו ביסט דאָך אין גאַנצן אַ צעדרייטער! פון וואַנען ווייסטו, ווער זייער טאַטע איז? — אפשר, איז ער אויך אַזאַ שוואַרצער, ווי די צויג? און צווייטנס, צוליב דעם ביסטו אַנטלאָפן פון אור יהודה אין אַזאַ אויסרײַסעניש, כּדי זיך מאַטערן דאָ? קיין איין טאָג וואָלט איך דאָ נישט געווען.

— טאַקע צוליב דעם, — לאַך איך מיט סאַניען צוזאַמען.

מיר האָבן זיך מיט אַלץ ספּראַוועט צו דער צײַט. זונטיק אין דער פרי אָפּגעשיקט מיט דער „אַקסן־פּאָסט" (ס'הייסט, מיטן ים־וועג, און דאָס דויערט אַ צוויי־דרײַ מאָנאַט און אַמאָל נאָך מער) די פינף פּאַקעטן צו פיר ביכער אין אַ פּעקל. איך האָב באַוויזן אָנצושרײַבן שרהן זילבערבערג אַ דאַנק־בריוו. סאַניע האָט מיר נאָך דערמאָנט אָנצוקלינגען צו סאַניען שמי־דער: — זי האָט שוין אַ פּאָר מאָל געקלונגען.

סאַניע שמידער איז אַן אָנגעזעענער מענטש אין דער סביבה פון די סאָוועטישע שרײַבער־עולים. ערב דעם קריג מיט היטלער־דײַטשלאַנד איז זי אַן אַכצן־יאָריק מיידל, געווען אַ סטודענטקע פון דעם ייִדישן ליטעראַרישן פאַקולטעט בײַם מאָסקווער מלוכה־אוניווערסיטעט און האָט זיך געלערנט צוזאַמען מיט אַ גרופּע יונגע ייִדישע דיכטער. געווען צווישן זיי צוואַנציק און צוויי און צוואַנציק יאָריקע, אַזעלכע ווי וועלוול רעדקאָ און שמואל אײַזנוואַרג, וואָס זײַנען גופא פון דער סטודענטישער אודיטאָריע אַוועק אויפן פראָנט און געפאַלן אין שלאַכט. סאַניע שמידער איז שוין יאָרן־לאַנג אין ישראל, וווינט אין רמת־גן און האָט דאָ קינדער און אייניקלעך. זי העלפט אונדז באַגעגענען זיך מיט פּשוטע עלטערע מענטשן, וואָס ציען זיך צו מאַמע־לשון. דער קולטור־אָפּטייל פון דער רמת־גנער עיריה קען שוין גוט סאַניען שמידער, ווייסט וועגן איר אחריות און פּינקטלעכקײַט. די עיריה איז פאַראינטערעסירט אין אַזעלכע ליטעראַרישע פרימאַרגנס און אָוונטן, גרייט צו לאָקאַלן, אודיטאָריעס, דרוקט אַפישן, וואָס ווערן פאַנאַנדער־געקלעפּט אין רמת־גן. שמידער איז עס די טרײַע אָרגאַניזאַטאָרן פון אָט די באַגעגענישן און „פּירט דעם פּאַרזיץ" (אַ קאָמישער אויסדרוק, וואָס האָט משמעות, אַ רעכט אויף לעבן), ס'הייסט, שטעלט אונדז, די שרײַבער פאַר פאַרן ליבן עולם, פּשוט, זאַכלעך און האַרציק.

האָב איך אָנגעקלונגען צו איר. זי ווייסט שוין, אַז איך בין אַצינד אין טבריה און וויל אויפן פאָן פון דער כּנרת אַרײַנטאָן זיך — כּל התחלות

קשות — אין מײַן נײַעם ספר. און אַליין טו איך מיר אַ טראַכט: „אַרײַנצוגיין אין אַ נײַעם בוך, ס'איז אַזוי, ווי אין אַ טײַך אַרײַנצוגיין, דו שטייסט אַ נאַקעטער בײַם ברעג, האָסט שטײַף אַרומגענומען מיט די הענט דײַן אייגע־נעם גוף און דיר דוכט זיך, אַז דאָס וואַסער איז שרעקלעך קאַלט, ביז דו אַנטשיידסט זיך אַ לויף צו טאָן פאַרויס איבער די דריבנע שטיינדלעך און זיך אַ פּליוכע טאָן מיטן קאָפּ אין וואַסער אַרײַן. שווימסט שוין היפּש אָפּגעווײַטערט, שאַקלסט מיט דער טשופּרינע און נעמסט לייגן אויף רעכטס און לינקס, „ריינע קלאַפּטער". און אויב דו געהערסט צו די קנאַפּע שווי־מער, איז פּאַטשסטו, אַרודוועסטו מיט די הענט און פיס איבערן וואַסער בײַם סאַמע ברעג. ס'רוישט, ס'קאַכט אַרום דיר, הויבסט כוואַליעס, ווי אַ דאַמפּער און עס ווערט דיר פּלוצעם הייס אין אַלע גלידער..." אוי, ווידער פאַרקראַכן קיין בויבעריק... האָב איך סאָניען שמידער געגעבן מײַן הסכמה אַרויסצוטרעטן דעם קינפּטיקן שבת אין דער פרי אין אַ געבײַדע פון אַ בית־ספר אין רמת־גן. אגב, מײַן סאָניע גייט מיט מיר מיט אויף די ליטעראַרישע באַגעגענישן. זי „פּירט דעם פּאַרזיץ" פון דער ווײַטן, פון די הינטערשטע בענק. און נאָך דעם, אַז מיר קומען אַהיים, אַנאַליזירט זי מיט אַלע פּיטשעווקעס, אין וועלכע שטעלן עס איז מיר געראָטן און ווו „איך האָב געבראָקט לאָקשן"... און געגנוי וויפל מענטשן זײַנען בײַגעווען, און שטעלט פעסט: מען האָט דיך געהערט! און וואָס דאַרף איך נאָך?!

דעם זעלבן טאָג, האָט מיך סאָניע באַגלייט צום טבריהער אויטאָבוס, זאָגט זי צו מיר: — דעם אַנדערן שבת טרעטסטו דאָך אַרויס, וועסטו קומען פרײַטיק. וועל איך שוין אַלץ, וואָס דו דאַרפסט צוגרייטן און פאַר־שפּאָרן אַ פּאַרעכץ קיין טבריה.

— אַוודאי, — זאָג איך, — לאָמיר זײַן געזונט, און איך פאַרגעס נישט צוצוגעבן: אם ירצה ה'... אָן אים קאָן איך שוין נישט. ער איז שוין מיט מיר בײַ מײַן יעדן שפּאַן. מײַן עלטער און מײַנע אַכט יאָר לעבן אין ישראל האָבן וואָס צו זאָגן.

# אין וועג

איך האָב נחת רוח פון דעם פאָרן בײַ די דרײַ שעה מיטן אויטאָבוס פון תל־אביב קיין טבריה. צוזאַמען מיט יונג און אַלט, אין דער געדעכעניש, באמצע פון מײַן פאָלק. בשתיקה, ד.ה. איך גלאָץ אויף קיינעם נישט אויס מײַנע אויגן, באַטראַכט איך מיט טיפן אינטערעס יעדן פרישן געזיכט, וועמען פון מײַנע נאָענטע און גוט גוט־באַקאַנטע עס דערמאָנט מיך. איך

מיין, אַז יעדן איינעם, וואָס איך זע אַצינד, וועט פאַרקריצן זיך אין מײַן זכּרון, אָבער דאָס ווײַזט זיך מיר אַזוי אויס. עס פאַרגעדענקט זיך נישט. איך פאַר דאָך שוין אַזויפיל מיט די אויטאָבוסן (איך האָב נישט ליב צו פאָרן מיט די שרותים־אויטאָס, אין אויטאָמאָביל פיל איך מיך געענגט, ווי צונויפגעפּרעסט, עס פעלט מיר לופט) איבער די לאַנד־וועגן און תמיד זײַנען פאַר מיר אַלע פנימער שפּאָגל־נײַ. נאָר איך הער סײַ־ווי־סײַ נישט אויף זיי אײַנצוזאַפּן אין מײַנע אויגן, אין מײַן זכּרון.

אין די ערשטע חדשים פון מײַן עולה־זײַן, האָט פון מיר געפּלייצט מיט רייד, דאָס מויל פלעגט זיך מיר נישט צומאַכן. איך פלעג אַזש אין די גאַסן פאַרפירן געשפּרעכן מיט פאַרבײַגייער און זיך האַלטן אין איין פאָרשטעלן: אַן עולה חדש! אַצינד איז עס פאַר מיר שוין קאָמיש און לעכערלעך. דער עיקרש, פלעג איך זיך אָפּשטעלן רעדן מיט די ייִדיש־רעדנדיקע. אויף אַזעלכע פלעג איך זיך אָנשטויסן אויף טריט און שריט. דערצו איז עס געווען אין דער צײַט, ווען אין משך פון אַ דרײַ־פיר יאָר זײַנען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד עולה געווען אַ הונדערט טויזנט ייִדן. איך האָב נאָך אויך געהאַט אַ שוואַכקייט בײַ די יונגע מענטשן צו פרעגן: „צי קענט איר ייִדיש?" און מערקווירדיק, איך געדענק נישט, מע זאָל מיר האָבן קאַטעגאָריש־שאַרף אָפּגעענטפערט — ניין! טייל פלעגט זיך אָפּרופן מיט אַ שמייכל: „אַ ביסעלע". און איך פלעג צובאַלעבעטשן, צוגרימפּלען מיט מײַן „ביסעלע" לשון קודש ווערטער נאָך פון מײַנע חדר־יאָרן און בראַווירן, אַז איך בין אַ ייִד, וואָס קאָטאָרי, נישט פון מאַרס און נישט פון יופּיטער... אין אַזעלכע רגעס פלעגט זיך מיר אויסווײַזן — האָט עס בײַ מיר אַ באַטרעף — איך וועל „פיף־פאַף" באַהערשן אַ ליטעראַרישן פײַנעם עברית. איך בין שוין דאַן אַלט געווען נישט פולע פינף און זעכציק יאָר. האָב איך זיך אין פאַרלויף פון די אַכט יאָר, וואָס איך בין שוין דאָ, בײַ די ישראלים אויסגעלערנט באַזונדערס אין וועג, אין די אויטאָבוסן, צו שווײַגן, לאָזן רוען אַלע אברים, און בתוכם אויך די צונג.* אָבער פון

* צונג באַטייט אויף עברית, בוכשטעבלעך, לשון. און אויף ייִדיש איז צונג — צונג און לשון איז אנען־פאַר זיך — לשון. מ׳זאָגט דאָך נישט אויף ייִדיש אנשטאָט — „ער לויפט אַרויסגעשטעלט די צונג" — „ער לויפט אַרויסגעשטעלט דעם לשון". צי אנשטאָט אַ „לאַנגע צונג" — „אַ לאַנגער לשון". אָדער דעם אויסדרוק „פאַרבײַס די צונג און שווײַג" — בײַטן מיט „פאַרבײַס דעם לשון און שווײַג". צי דאָס ווערטל "אַ בהמה האָט אַ לאַנגע צונג און קאָן קיין שופר נישט בלאָזן" — צו זאָגן: "אַ בהמה האָט אַ לאַנגן לשון און קאָן קיין שופר נישט בלאָזן". אָדער אַזאַ מין מאכל ווי אַ „געפּעקלט צונג", אָנרופן אַ „געפּעקלט לשון". אַ פריילעך פּיקחדיק לשון איז אונדזער טײַער מאַמע־לשון ייִדיש. נישט צו פאַרזינדיקן, אויף אַ סך לשונות געזאָגט געוואָרן, אין גוטן מוט.

דעם ווערט נישט מײַן הנאה און מײַן טרייסט קלענער. איך בין צוזאַמען און פיל נאָענט, אַקסל בײַ אַקסל מײַן פאָלק און מכּל שכן, זונטיק, אין דעם אויטאָבוס — אַ סך חיילים און חיילות, מילוּיימניקעס. נאָך שבת, פאָרט מען פון די היימען, פון טאַטע־מאַמע, פון ווײַב און קינד צוריק צו די אײנהײַטן. זיי האַלטן נעבן זיך די אָנגעלאָדענע אויטאָמאַטן. איך פיל מיך זיכערער צווישן מײַנע לײַבלעך־נאָענטע זין און טעכטער מיטן גרייטן געווער צום שלאַכט. און נאָך אַ מאָראַלישע צופרידנקייט פאַרלאָזט מיך נישט: אין ישראל, ווער איך, דער אינוואַליד פון מלחמה קעגן די נאַציס, געזעצלעך צוגעגליכן, מיט אַלע רעכט, צו אַ נכה־צה״ל. און איך שטאָלציר דערמיט! און כאָטש מיר פאָרן און שווײַגן — יעדער איז פאַרטאָן אין זײַנע מחשבות — אָבער אין דמיון מײַנעם פיל איך, ווי בײַ אונדז אַלעמען וועבט זיך און צאַפּלט אַ געמיינזאַם־לעבעדיקער פאָדעם, דער גורל־פאָדעם, וואָס בינדט און אייניקט אונדז, — ס׳פאָלק ישראל.

מיר זײַנען נאָך נישט פאַרבײַגעפאָרן פּתח־תקוה און איך באַמערק, אַז אייניקע זעלנער האָבן זיך שוין באַקוועם אײַנגעמאָסטיעט, די דלאָניע אויפן רער פון ביקס און דרימלען געשמאַק. פאַר יונגע איז בכלל די נאַכט צו קורץ, בפרט פאַר אַ סאָלדאַט, וואָס איז תמיד זשעדנע אויף אַ טראָפּן שלאָף. עס האָט זיך פאַרקריצט אַ געראָטן רוסיש ווערטל: „סאָלדאַט ספּיט, אַ סלוזשבאַ אידיאָט״ — אַ סאָלדאַט שלאָפט און זײַן דינען גייט. איך דערמאָן מיך, אויפן פראָנט, די ווינטער־אויסצערנדיקע פערציק קילאָמעטער־ראָווע מאַרשן דורך די נעכט, ווען איך פלעג פאַלן פון די פיס און, אַפילו, גייענדיק דרימלען, אָבער אויגנבליקלעך דערשפירן, ווי די ערד גליטשט זיך אַרויס פון אונטער מיר. איך וואַקל זיך און פאַל, ווי אין אַ תהום... נעבן מיר, פון לינקס לויט דער באַוועגונג פון אויטאָבוס, זיצט אַ געלבלעך־באַוואָקסע־נער זעלנער, מסתמא, אַ מילוּיימניק. זײַן אָרט איז בײַם פענצטער. דעם ביקס האַלט ער צוגעשפּאַרט צום אויטאָבוס־ווענטל. ער כאַפּט זיך אויף פון דרימל און מיר שווײַגן ווידער. מיר זײַנען אָנגעקומען קיין עפולה, גיט צו וויסן דער נהג: — אַ צען־מינוטיקע הפסקה. אַ סך גייען אַרויס עפּעס איבערצוכאַפּן, אײַנצובײַסן זיך מיט אַ מויל יונגע ציין אין די פאַלאַ־פל־פּיתּהס. די אָנגעשטופּטע מיט גרין, געל און רויט און שאַר־ירקות. אַנדערע באַנוגענען זיך מיט אַ בולקעלע און אַ פּושקעלע הייסע קאַווע. עס לויפן דורך די צען מינוט, מען שטײַגט ווידער אַרײַן אין אויטאָבוס. דער נהג איז שוין אויף זײַן פּלאַץ, אָט רירט שוין דער אויטאָבוס... שרײַ איך: „נהג, מײַן שכן דער מילוּיימניק איז נאָך נישטאָ... דער נהג שטעלט תּיכּף אָפּ די מאַשין. נאָר אָט הויבט זיך שוין אויפן טרעפּל דער געלבלעך־באַוואָקסענער זעלנער, מיטן פאַלאַפל אין איין האַנט און מיט דער ביקס

אין דער צווייטער, און שמייכלט. אונדזערעביידנס פּלעצער זײַנען די פֿאָדערשטע און ער האָט געהערט מײַן שרײַען „נהג, נהג". ער באַדאַנקט מיך. איך לאָז אים דורך אויף זײַן אָרט בײַם פֿענצטער... איז מיר גוט און ווויל צו פֿילן מײַן אייגן פֿאָלק אַרום זיך. און ווי גרויס די סכּנה זאָל נישט זײַן, האָסטו אַ זיכערן אָנשפּאַר און שוץ — דײַן אייגענע ערד, דײַן געוואָגטע, אייגענע מדינה.



גראַדע אין די עטלעכע טעג, ווען איך האָב מיך נאָך געמוטשעט בײַם שרײַבטישל נאָך די שלאָפֿלאָזע נעכט, איז געקומען פֿון נצרת־עלית מײַן טאָכטער. פֿון דאָרט, דורכן אַראַבישן נצרת ביז טבריה איז 34 קילאָמעטער. נישט אַזוי ווײַט, נאָר מען מוז פֿאָרן מיט צוויי טראַנספּאָרטן. אויסער דעם, קומט דער אויטאָבוס קיין טבריה אויף דער דירעקט אויף דער תחנה מרכּזית און מ'דאַרף זיך נאָך זעצן אויפֿן אינערלעכן שטאָטישן אויטאָבוס צו דער ווערנער־גאַס. מײַן טאָכטער האָט מיר געבראַכט כּלים — שאָלעכלעך, ספּאָ־דיקלעך, אַ קאָך־טעפּל, האַנטעכער, קיך־האַנטעכער און אין אַ פּאַרמאַכטן פּלאַסט־מאַסע־געפֿעס — בוליאָן. און אין איינעם פֿון די טעפּלעך, גוט־אײַנגעוויקלט און אײַנגעדרייט, נאָך הייסע האָניק־לאַטקעס, און אויך מײַן באַליבטן רוסישן מאכל — ווינעגרעט — געקאָכטע פֿענעצלעך בוריקעס, געמישט מיט אַרבעסלעך, מערן, ציבעלע, אוגערקעס זויערע און נאָך און נאָך... זי האָט אַ קוק געטאָן אין קיל־קאַסטן וואָס אויף מײַן פּאָליצקע טוט זיך און איז אַרויסגעלאָפֿן אין דערבײַיִקן סופּערמאַרקעט און געבראַכט נאָך פּאָמידאָרן, אוגערקעס, מאַראַנצן און לימענעס. אָבער איך זע, אַז זי נערווירט זיך. איך וויל זי מכבד זײַן מיט מײַן זופּ, וואָס איך אַליין האָב צוגעגרייט, זי זאָל זען, וואָס פֿאַר אַ קוכער דער טאַטע איז, שטייט זי, ווי אויף הייסע קוילן. זי איז געווען זיכער, אַז די יאַזדע צו מיר אַהין און צוריק וועט בײַ איר געדויערן אַן אַנדערהאַלבן שעה.

— לאַנג, — זאָגט זי, — געוואַרט אויף דער תחנה מרכּזית אויפֿן אויטאָבוס, געדאַרפֿט אַהער קומען צופֿוס. — און כאָטש זי האָט נישט גע־בלאַנדזשעט און באַלד געפֿונען דאָס געסל און דאָס הויז, אָבער, זי כאַפּט אַ קוק אויף איר האַנט־זייגער: די קינדער (מײַנע צוויי אייניקלעך) זײַנען שוין געקומען פֿון שול. און צו 4 אַזייגער דאַרף זי שוין זײַן אויף דער אַרבעט. און ליאָווע וועט זיך ערשט צוריקקערן פֿון עכּו נישט פֿריער ווי 4.30...

מײַן איידעם ליאָווע איז שוין פֿינף יאָר דער צווייטער אָפֿיצער אויף אַ שיף פֿון ישׂראלדיקן האַנדלס־פֿלאָט, „צים". ער האָט שוין צוויי מאָל אָפּגעלייגט דעם לערן־קורס אויף אַן ערשטן אָפֿיצער און איצט, פֿון אָנהויב

יאַנואַר ד. י., גייט ער דורך דעם קורס אין עכו ביַים ברעג ים. דער וועג פון נצרת ביז עכו און צוריק נעמט ביַי דריַי שעה. איז עס פאַר מיַין טאָכטער איצט זייער אַן אָנגעשטרענגטע ציַיט.

— איז קום, — זאָג איך, — פירעטשקע (מיַין טאָכטער אסתר איז שוין אַלט צוויי און דריַיסיק און איך רוף זי אַלץ פירעטשקע) דאָ, נאָענט, שטעלט זיך אָפּ דער אויטאָבוס צו דער תחנה מרכזית. — און איך פיר זי צו צום מאַגיסטראַל־וועג. דער טראַנספּאָרט טראָגט זיך אַראָפּ און אַרויף־באַרג, פאַרביַי די האָטעלן „פאר", „עדן" און „גליל". ממש געפערלעך, ווי עס שטראָמען די מאַשינען אָן אויפהער. זאָגט זי צו מיר:

— גיי נישט, איך וועל אַליין אַריבערלויפן דעם וועג און דו שטיי דאָ, ווערסטו זען, ווי איך וועל אַריַינשטיַיגן אין אויטאָבוס. אויף דער תחנה וועל איך נעמען אַ „ספּעישל" און אין אַ האַלבער שעה אַרום וועל איך שוין זיַין אין דער היים. — קוים דערוואַרט זיך דער אויטאָבוס איז אָנגעקומען. איך פאָכע צו מיַין טאָכטער מיט דער האַנט און זי צו מיר. און ווען זי איז פאַרבייגעפאָרן, האָט זי דורכן אויטאָבוס־פענצטער מיט איר האַנט מיך ווידער געגריסט...

וואָס פאַר אַ ווערט האָבן פאַרן אויסגעשאַרפטן זינען אויף דער טאָ־טשילע פון יסורים־פּיַינען יאָרצענדליקער? — אין דעם אויגן בליק, ווען מיַין טאָכטער האָט דורכן אויטאָבוס־פענצטער ווידער אַ פאָך־געטאָן צו מיר מיט דער האַנט, האָב איך פּלוצעם אַזוי וואָרהאַפטיק־דיַיטלעך דערזען פאַר מיַינע אויגן, ווי אַזוי איך שטיי אין שטוב אויף דער ביראָבידזשאַנער שלום־עליכם־גאַס, אַנטקעגן גענינען... דער אָביסק — אונטערזוכונג, וואָס האָט זיך געצויגן דורך נאַכט, איז פאַרענדיקט. מיר קוקן זיך אָן שטומער־הייט מיט די בליקן, געזעגענען זיך. די ביַינאַכטיקע רוצחים באַפעלן מיר גיין צו דער דרויסן־טיר. גענינע הייבט אויף פון וויגעלע דאָס קינד, אונדזער אסתר, וואָס איז אַלט אַ יאָר מיט פיר חדשים, איך זאָל זיך אויך זעגענען מיטן עופל. איך קוש עס איןביידע הענטלעך. גענינע גיט אָפּ דאָס קינד אונדזער רוסישער ניאַניעטשקע און גייט מיר נאָך. אויף דער גאַס שאַריַעט שוין. ס'איז קאַלט. נעבן סאַמע הויז זעצן מיך די באַנדיטן אַריַין אין דער אויטאָמאַשין. איך ווענד מיַין בליק צום הינטערשטן אויטאָ־פענצטערל און זע, ווי גענינע גייט צוריק אין שטוב, די הענט צונויפגעלייגט אויף איר ברוסט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ...

# מײַן שײנע, שטאַרקע גענױע איז מיט מיר...

פּאַר וואָס האָט זיך אַזוי פאַרצויגן מײַן הפסקה ? — איך זעץ פּאָר אין טבריה מײַן געיאָגטע, אַזוי ווי מײַן געיאָגט לעבן, סיפּור־המעשה : מײַן כסדר פאַרטאָן זײַן אין שרײַבן... געקומען אַהיים נאָך אַ פּאָר וואָכן אַרבעט הינטער מינסק, אינעם קאָראָלישטשעוויטשער וואַלד, ווו דאָס ווײַסרוסישע הויז פאַר שאַפונג איז, מיט נײַע העפטלעך לידער, פלעג איך קוים דערלעבן די מינוט, איך זאָל וואָס גיכער קאָנען איבערלייענען גענױען, דאָס אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעשריבן. בײַם לייענען פלעג איך אפילו מײַן קאָפּ נישט אויפהויבן פון העפט און לייענען ליד נאָך ליד... אַצינד, אין אַזויפיל יאָרן אַרום, קום איך צום טריבן אויספיר — איך האָב נישט געקאָנט מיטציען, מיטרײַסן גענױען מיט זיך אויף מײַן מחשבות־סטעזשקע, ראַפּטאָם ייִנגלש־האָפּערדיק, אַ כאַפּ טאָן זי שטאַרק בײַ דער האַנט און פריילעך־לעבעדיק פאַרפּלאָנטערן זיך מיט איר צווישן די בוימער־קוסטעס, צודריקן זי שטײַף צו זיך, אויסקושן די זיך אויסוועבנדיקע בלויקײַט פון אירע אויגן, די האַרבע קנייטשן־קאַרבן אַרום די ליפּן און אויסשרײַען : לאָמיר מיט דיר, גענױע, זײַן אין אונדזערע מחשבות צוזאַמען, אייניק, איין קוועלכל... אָבער גענױע איז פאַרבליבן אויף איר טיף־פאַרהוילטער, פאַרבאָרגן שטעגל, ווו איך האָב קיין מינדסטן צוטריט נישט געהאַט. אַ היפּוך פון מיר : איך בין געווען געגליכן צו אַ שטוב מיט צעפּראַלטע טיר־און־פענצטער און זעלטן־ווען געקאָנט האַלטן אין זיך אַ מחשבה. מײַנע געדאַנקען זײַנען בײַ מיר געווען אויפן סאַמע שפּיץ צונג און בײַ גענױען איז אַלץ געווען אין איר נשמה פאַרריגלט און פאַרהאָנגען. נישט צוגעלאָזן צו זיך אפילו דורך אַ שפּאַרונע די טאָג־ליכט. און נאָך אירע דויערהאַפטע שווערע דעפּרעסיע־פּעריאָדן, ווען דער שפּיטאָל איז שוין געווען דער איינציקער אויסוועג, האָט זיך געברייטערט די אומזעעוודיקע מחיצה צווישן אונדז. איך פלעג באַמערקן ווי זי באַטראַכט זיך אין שפּיגעלע, גלעט בײַ די שלייפן די קנייטשן און בעת איך פלעג פאָרן קיין מאָסקווע, פלעגט זי מיר דערמאָנען, איך זאָל נישט פאַרגעסן צו קויפן פאַר איר דעם קרעם, אַ זאַלב מיטן נאָמען „סנעיזשינקי״ („שניילעלעך״), וואָס אין מינסק איז עס נישט צו קריגן : — מען לויבט אָט דעם זאַלב, ער פאַרווייכערט זייער די הויט און פאַרגלעט, — דערבײַ פלעגט זי טריב אַ שמייכל טאָן, — די קנייטשן. — איך פלעג זיך סטאַרען צו ברענגען איר עטלעכע אַזעלכע טיוביקעס „סניעזשינקי״־זאַלב.

איך געדענק, אַז אין מײַנע שמועסן מיט בראָניען (זי האָט שוין דאַן געלעבט אין מינסק באַזונדער און געהאַט אירע אייגענע פּראָבלעמען, געווען קידער־ווידער מיט דער שנור, האָט האַרץ־ווייטיק געהאַט פון דעם, וואָס איר איינציקער זון, איז נישט, ווי געהעריק, אויף דער מאַמעס צד), ווען עס פלעגט קומען צו רייד וועגן גאָניען, האָט זי מיר אַ פּאָר מאָל געזאָגט: — גאָניע איז זייערע אַ „סקריטנע‟, זי איז אַ בוך מיט זיבן שלעסער... און קיין צען קעפּ וועלן נישט קלעקן צו פאַרשטיין, וואָס זי טראַכט... און נאָך אַן אויס־דרוק בראָניעס האָב איך פאַרגעדענקט, ווען גאָניען פלעגט נעמען אין קלעם איר מרה־שחורה: „ס׳איז בײַ איר ווידער „כמאַרע־דע־קוקע‟... דאָס האָט געהייסן, אַז דער בליק אירער איז אַלץ מער פאַריאָגט אין זיך... אָבער דאָס מינערט נישט די שולד, אַזוי מיין איך, פון מײַן פאַרשלאָגנקײַט, פון נישט זען די וועלט אַרום זיך. מאַטעריעל האָבן מיר דאַן געלעבט נישט שלעכט, אויף דאָס נויטיקסטע האָט געסטײַעט. אמת, די קינדער זײַנען געוואַקסן און מע האָט אַלץ מער גדעדאַרפט. אין וואָס־זשע האָט זיך אויסגעדריקט, מײַן אייגענע פאַרבלענדעניש? — ערשטנס, איז אויך בײַ מיר געווען עפּעס אַזוינס, וואָס כ׳האָב פאַרטײַעט אין זיך און זיך נישט געטיילט, נישט מיט גאָניען און נישט מיט קיינעם. דאַכט זיך, אַ נאַרישקייט, גאַרנישט מיט נישט, דאָך האָט עס מיך געדרוקט, מײַנער אַ פערזענלעכער סוד... בײַם באַגעגענען זיך מיט מלחמה־אינוואַלידן, אַזעלכע, ווי איך, מערסטנטייל פלעגט עס פאַרקומען אויפן מינסקער פּראָטעז־זאַוואָד, וווּהין איך פלעג אָפט קומען פאַריכטן דעם פּראָטעז, אָדער צו באַשטעלן אַ נײַעם (אין די ערשטע נאָך־מלחמה יאָרן פלעגט מען האָבן רעכט יעדעס יאָר בײַטן דעם פּראָטעז), פלעגט מען זיך פאַנאַנדערשמועסן און נישט זעלטן אַרויף אויף דער טעמע פון אינטימען משפחה־לעבן. דאָס רוב מיטשמועסער זײַנען געווען פון מײַן עלטער, ווײַסרוסישע פויערים, האָרעפּאַשניקס פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער; געווען אויך גופא פון מינסק, שיכורים, אַנטיסע־מיטן, אונטערוועלט־טיפּן, וואָס פלעגן אויסנוצן זייער מלחמה־אינוואַליד־שאַפט צו כוליגאַנעווען, סקאַנדאַלעווען, ספּעקולירן אויף די מערק און דער עיקרשט — שילטן די ייִדן — „די גיבורים פון טאַשקענט‟... ס׳איז מיר עקלהאַפט־שווער געווען צו זײַן מיט זיי אין די איינע דלת אמות אויפן פּראָטעז־זאַוואָד. נאָר אַ ברירה האָב איך געהאַט? געדענק איך, ווי איינער אַ מלחמה־אינוואַליד, אַ קאַלכאָזניק האָט זיך געטיילט מיט מיר: „אין דאָרף, אין די ליימיקע בלאָטעס, אין די אָסיען־שליאַכאַטעס, קאָנסטו דיך אויף דער לעדערנער־הילצענער פוס נישט פאַרלאָזן. די שינעס* פּלאַצן גיך און דער

* שינעס — אַלומיניעווע פּאַסן, וואָס פעסטיקן דעם לעדערנעם־הילצערנעם פּראָטעז. אין ישראל זײַנען אַזעלכע פּרימיטיווע פּראָטעזן נישט בנמצא.

פראַטעז צעבראָכט זיך. זיכער ביסטו, מער אָדער ווייניקער, מיט די גע־ווינלעכע קוליעס, אויף זיי קאָנסטו אַרומשפרינגען, ווי אַ האָז, צווישן די פי און פערד אין די קאַלכאַזנע פי־פערמעס און שטאַלן פון אינדערפרי ביז בײַנאַכט. דער פראַטעז איז אין דאַרף בלויז צוליב שיינקייט־וועגן, אַז דו האָסט כלומרשט אַ פוס, אין די זונטיקן צו קומען מיטן ווײַב אינעם „נאַראָדני דאָם" (פאָלקס־הויז) צו קוקן אַ פילם און „לוסטשען סעמיעטש־קעס", אָדער אין בופעט אויסצוזשליאָקען אַ פּאָר פרישע קופל ביר פון פאַס".
און אַ צווייטער פויער האָט דעם פראַטעז־ענין אַרומגעטראַכט גאָר פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט: „אין שטאָט איז מיט אַ פראַטעז, אַוודאי, גרינגער אַרומצופאָרן מיט די טראַמווײַען און טראָלייבוסן, צו קריגן עפּעס אין די קראָמען אָן אַן אָטשערעד (די מלחמה־אינוואַלידן איז מען געוועז גע־צוווּנגען צו לאָזן אָן אַ ריי), אָבער ס'איז אַ שטעקן מיט צוויי עקן צו האַלטן די גאַנצע צײַט די „קולטיאַפּקע" (די געבליבענע טייל פוס) פאַרקוועטשט און פאַרפּענטעט מיט די לעדערנע רימענס און דאָס שוואַכט אָפּ די גע־שלעכטספעיקייט, — און ער ווינקט און פינטלט מיר צו מיט אַן אויגל: — פאַרשטייסט, מען פאַרלירט דעם חשק, ווערסט אויס האָן... און וואָס וועט אויף דעם דײַן ווײַבל זאָגן?..."

כ'האָב זיך געמאַכט נישט הערנדיק, אָבער איך האָב עס פאַרגעדענקט, ווײַל בײַ מיר איז מײַן אינוואַלידשאַפט געווען קאָמפּליצירטער מיט דעם, וואָס אָן דעם פּראַטעז, קאָן איך קיין צוויי טריט נישט מאַכן. די כלומרשטע גאַנצע פוס איז אויך שווער פאַרוואונדעט. די שפּליטערס זײַנען געבליבן אין ביין פון קני, פלעג איך אין משך פון גאַנצן טאָג אויף קיין ווײַלע נישט באַפרײַען זיך פון פּראַטעז. אָבער, צו קאָנטראָלירן, צי ס'איז טאַקע באמת דאָ אַ גרונט אין דעם, וואָס דער פויער האָט מיר געזאָגט, נאָכפרעגן זיך בײַ עמעצן וועגן דערויף, האָב איך מיך נישט אַנטשיידן, פשוט, געשעמט זיך, און אינגיכן גאָר פאַרגעסן אין דעם, אַזוי בין איך געווען אײַנגעשפּאַנט, פאַרסופּאָניעט אין מײַנע „לעבנס־פּאָסטראָמקעס", קיין רויקע מינוט נישט געהאַט, נישט בלויז צו פאַנאַנדערפּענטען דעם פראַטעז, נאָר, ווידער, פיגורעל גערעדט, אויף אַ ביסל צײַט צו באַפרײַען זיך פון מײַנע עול־כאָמוטן. און אַז איך פלעג מיך שוין אַרויסרײַסן פון שטוב אויף אַ חודש אין אַ הויז פאַר שאַפונג, נאָך דעם, ווי איך האָב עטלעכע חדשים נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו זיצן בײַם טיש, רויק צו פאַרשרײַבן אויפן פּאַפּיר אַ מחשבה, האָט געניע גוט געוווּסט, אַז דאָרטן אינעם הויז פאַר שאַפונג, וועל איך קיין בראָנפן נישט טרינקען, נישט אַרויס פון מײַן צי־מער, „קאָרפּייען", פראַצעווען בײַ מײַנע העפטן. ס'הייסט נישט, אַז איך בין אַ פאַרשלייערטער אַסקעט און נזיר. דאָס אינטים־פערזענלעך לעבן וועל

איך נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט און נישט אָפּקומען מיט אַ ביליק־צינישן קנייטש און ווונקל מיטן אויג... די פרוי איז די שיינקייט פון לעבן און איז די געבענטשטע נאַטור אַליין, וואָס פילט דיך אָן מיט פרייד און מיט די זיסטע האָפענונגען און טרוימען. און אָן איר איז די פּאָעזיע — אַ גזלניש־אַראָפּגעדרייטער, זיך וואַלגערנדיקער פּאַרוויאַנעטער קווייט...

איך דערמאָן מיך מיינע קוועלענישן און פּלאָגן אין דער כאַבאַראָווסקער איינצל־קאַמער אונטערן סאַמע דאַך אין די זומער־אָוונטן. די באַטאַגיקע חמימה פלעגט דורך די קראַטעס אַריינדרינגען און זיך אָפּזעצן אין דער פּיצל־קאַמער, וואָס איז גרויס, אַזוי ווי אַ געוויינלעכער זווערינעץ־שטייג — צוויי אַ האַלבע טריט פון דער דורכויסיק־אייזערנער טיר ביז דער שטיינערנער וואַנט מיט דער קליינער פענצטער־קראַטע אין דער הויך. עס פלעגט זיך מיר פאַרלייגן דאָס לינקע נאָז־לעכל — ס'פעלט אָטעם, עס נעמט שווינדלען אין די אויגן, נאָר איך האָב נישט אויף צו מאַרשירן די צוויי־מיט־א־האַלבע טריט פון דער טיר ביז דער וואַנט און צוריק, פּאַך מיט די הענט, צי זיך העכער צו דער קראַטע, דערשפּירן פון אויסן אַ טראָפּן קיל־קייט — אומזיסט. איך פיל, אַז אָט־אָט וועל איך נישט אויסהאַלטן און וועל נעמען פאַרצווייפלט, היסטעריש שרייען, טראַסקען מיט די פויסטן אין דער אייזערנער טיר... נאָר אָן אומזעעוודיקע געשטאַלט נעמט מיך פּלוצעם אָן צאַרט ביי מיין אָרעם, פירט מיך צו שטיל צו מיין נאַרע: „זעץ זיך... שטרענג אָן דיין זינען, דיין דמיון...” און איך זיץ שוין געהאַרכזאַם אויף מיין נאַרע מיטן אָקן צו דער טיר, צום „וואַלטשאָק”... איך בין שוין נישט אין דער דושנער איינצל־קאַמער... מיין דמיון האָט מיך אין איין אויגנבליק, אַזוי ווי אויף שוועבנדיקע פליגלען איבערגעטראָגן צען טויזנט קילאָמעטער פון כאַבאַראָווסק, קיין מינסק, אויף דער ראָזע לוקסעמבורג־גאַס, אינעם קליינעם צימערל... מיי, 1946 יאָר, אָוונט... אַ פּאָר חדשים, ווי איך האָב מיך צוריקגעקערט פון דעם טשעלאַבינסקער מיליטערישן שפּיטאָל. איך בין נאָך שטייגעריש לחלוטין נישט איינגעאָרדנט און איך גיי אויס פון בענק־שאַפט נאָך אַ נאָענטן מענטשן... עפנט זיך שטיל די טיר — עס קומט אַריין הינדע — געניע שוועדיק. אַ חודש שוין, ווי מיר זוכן איינער דעם אַנדערן און זי האָט מיך געפונען. מיר קושן זיך, האַלדזן זיך און איך שעפּטשע איר אין אויער: בלייב מיט מיר, לאָז מיך נישט אַליין... איך האָב זי צוגעדריקט צו זיך שטייף־שטייף און געצערטלט, גליק געקושט אירע גלידער און זי מיינע...

— איז דיר באַקוועם אַזוי ?, — האָב איך איר געמורמלט.

— יאָ, מיין טייערער, — שעפּטשעט זי. ס'גיסן זיך אויף אונדזערע אָטעמס. און ביז באַגינען האָבן מיר געקוויקט זיך, פאַרכליניעט געטרונקען

די צאַרטקייט, געזעטיקט זיך און ווידער מיט לעכצנדיקע ליפּן אויסגעפּונען איינער ביים אַנדערן נייע קוועלעכלעך פון ליבשאַפט און לייבלעכער זיסקייט...

... ס'ווערט מיר גרינגער, ס'עטעמט זיך לייכטער. כ'האָב רויק אַ קער געטאָן מיין פּנים צו דער אייזערנער טיר און ווען דער נאַדזיראַטיעל האָט אַ הייב געטאָן דאָס לעדעלע איבערן „וואַלטשאַק" אַ קוק צו געבן, וואָס איך בין אַזוי פּלוצעם אַנטשוויגן געוואָרן און אויפגעהערט, ווי אַ חיה, אַרומ־צוטופּען, אַרומצוטראָגן זיך איבער דער קאַמער, האָב איך אים באַגעגנט מיט מיין פאַרניכטנדיקן גרינגשעצנדיקן בליק: איך האָב דיך, גזלן, אין דער אדמה... מיין שיינע, שטאַרקע געניע איז מיט מיר!...

און אַלץ אין קאַמער... פון איין ליבשאַפט־זעונג, טראָג איך מיך אַריבער צו אַן אַנדערער. מיר זיינען מאַן און ווייב. ענדע זומער. מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט אַ פאַרפאַלק, וואָס האָט אויך נישט לאַנג חתונה געהאַט. די פרוי — אַ באַחנטע, צוציענדיקע, עטוואָס יינגער פון געניען און איר מאַן — אַ יאָר פערציק, אַ שמייכלענדיקער, געזונטער מאַנסביל. זיי האָבן אונדז איינגעלאַדן אין אַ פּרייטיק צו זיך אויף אָוונט־ברויט. מיר האָבן הנאה געהאַט, אויסגעטרונקען, גוט פאַרבראַכט. שוין געווען שפּעטלעך, מיר קלייבן זיך גיין אַהיים, פּלוצעם — אַ שלאַקס־רעגן מיט שטאַרקע דונערן־בליצן און טראַכט גאָרנישט אויפצוהערן. האָבן אונדז די פריינד באַרויקט: — נישט געזאָרגט, איר וועט איבערנעכטיקן ביי אונדז. מיר האָבן זיך געקווענקלט, געמיינט, דער רעגן וועט דורכגיין, גיסט ער נאָך שטאַרקער און די בליצן באַלויכטן אונדז אין צימער פון קאָפּ ביז די פיס... די דירות זיינען אין חרובן מינסק, גלייך נאָך דער מלחמה, ווען מ'איז נישט קיין מיניסטער און נישט קיין נאַטשאַלניק, ווייט פון געראַמע. אַ וווינונג פון צוויי צימערלעך איז אַ ראָסקאָש. די באַלעבאָסטע האָט פליייסיק גענומען גרייטן פאַר אונדז דעם נאַכטלעגער, אויסגעבעט אין אַ חדרל הינטערן ווענטל, בשכנות מיט זייער צימער. מיר האָבן באַדאַנקט, געזאָגט איינע די אַנדערע אַ גוטע נאַכט. איך און געניע זיינען אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון דעם שלאַקס־רעגן, ווייזט אויס געשמאַק איינגעשלאָפן. ווער ס'האָט זיך פון אונדז פּלוצעם אויפגעכאַפּט, איך, צי געניע — פּינצטער... ס'בליצט שוין נישט. איך האָרך זיך איין, דער רעגן האָט אויפגעהערט. נאָר פון הינ־טערן ווענטל דערגייען צו אונדז די הייסע זיפצן־אומאַרעמונגען פון דעם יונגן פאַרפאָלק אין מיטן נאַכט... איך שעפּטשע געניען אויפן אויער: — דו הערסט ?...

— יאָ, — און זי דריקט זיך צו מיר...

— זיי זײַנען זיכער, אַז מיר שלאָפֿן...

— יאָ...

איך שעפּטשע ווידער: זיי וועלן נישט דערהערן?

— ניין! זיי זײַנען פֿאַרנומען מיט זיך, — ציטערט אויף גאַניע אין מײַנע אָרעמס, — אָבער שטיל־שטיל, — מורמלט זי און פּרעסט זיך שטאַרקער צו מיר.

— ווויל, וואָס הינטערן וועגטל הערן מיר, — שעפּטשע איך.

— ווויל. שטילער טײַערער, שטילער, — און זי לעשט מײַן הייסן אָטעם צווישן אירע שטײַפֿע בריסטן.

און שוין אין ביראָבידזשאַן, נאָכן טויט פֿון אונדזער אַכט־חדשימדיקן קינד, אין אַ האַלב יאָר אַרום, — גאַניע איז שוואַנגער, פֿלעג איך אין אונדזערע גליקע נעכט פֿון ליבשאַפֿט און טרײַשאַפֿט, פּלוצעם דערמאָנען איר וועגן יענעם זײַן צו גאַסט אונדזערן אין מינסק, בעתן גוס־רעגן און פֿלעג איר אַריינשעפּטשען אין אויער: „ווויל, וואָס הינטערן וועגטל הערן מיר..." און גאַניע פֿלעגט אין לײַדנשאַפֿטלעכן עקסטאַז אומגעצוימט, צעפּאַליעט באַשטעטיקן: — ווויל, זייער, זאָל זיך, זאָל זיך נאָך הערן, טײַערער, זיסער מײַנער...

אָט אַזוי פֿלעג איך מיך פּרווון ראַטעווען, ווען אין דער פֿאַרדומפּטער קאַמער ווערט מיר מיט אַ מאָל מלאָסנע, ס'נעמט שטאַרק ווײ טאָן און קוועטשן, ווי מיט אָבצוועגנגעס דאָס האַרץ, פֿלעג איך מיך מיט גוואַלד אָפּשטויסן פֿון זיך אַליין, אָנשטרענגען מײַן כוח־הדמיון, מײַן פֿאַנטאַזיע, זי זאָל זיך צעשפּילן מיט זוניקייט און פֿרישקייט פֿון ים־כוואַליעס און מיט מײַן פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט פֿלעג איך אַרויסרופֿן פֿאַר מײַן בליק אין אַלע זאַפֿטיקע פֿאַרבן און קאָלירן מײַן חלום־וואַר, מײַן שיר־השירימדיקע ליבשאַפֿט צו גאַניען. און דאַן נעמט דונערן אין מײַנע שלייפֿן, די נשמה גייט אויס פֿון זיסקייט, עס שוואַכן זיך אָפּ די מלאך־המות־קלעמער. איך הייב מיך אויף פֿון דער נאַרע, גיי העפֿטיקער אַרום איבער דער קאַמער, צי זיך אויף מײַנע „שפּיץ־פֿינגער" צום פֿאַרקראַטעוועטן פֿענצטער, דערשפּיר פֿון יענער זײַט קראַטע דעם ערשטן ווייע פֿון דער קילער אָוונט־לופֿט, עטעם אים אַרײַן לעכצנדיק מיט דער גאַנצער ברוסט.

# פנים־אל־פנים מיט אונדזער גרויסן זיידע מענדעלע

עס זײַנען אין מײַן לעבן און שאַפונג געווען און אויך בײַ הײַנט־צו־טאָג דאָ, אין אַ היפּשער מאָס, אַנדערע, מער ערנסטע פּאַרבלענדענישן, שטרויכלונגען, אַנשיקענישן, וואָס בײַם דין־וחשבון מיט זיך אַצינד שאַנעווע איך זיך נישט און וואַרף זיך פאָר: האָסט זיך נישט, תכשיט, בשעתו מיט וואָס איבערצונעמען — מײַן פאַנאַנדערגעשלײַדערטע, דאָ און דאָרטן, ליטעראַרישע יאָרן־הײַזקעס, יאָרן־שטיבעלעך, אַ יאָר אייף אַ בערגל, אַ יאָר ערגעץ אין אונטן צווישן אַיר, בײַ אַ קוים זיפּענדיק וואַסערל, אַ יאָר הינטער אַ שיטער וועלדל מיט אָן אַ שיִער קריפּלען־פּניאָקעס און צווישן דעם אַלעם שפּרייטן זיך, ווו נאָר דו טוסט אַ וועגד דײַן בליק, פּאַרוויסטע, ליידיקע ערטער, פּוסטקעס, פּאַרוואַקסענע מיט ווילדע קוסטעס, מיסט־גראָזן, פּאַרשטויבטער ברײַקער קראָפּווע מיט קאָלטענעס פון שטעכיקע שישקעס, אַרום און אַרום פּאַרוואָרפענע, מיט צעזשאַווערטע כלאַם און טראַנטעס־לופּעטעס, וואָס האָבן מײַן ייִדישע זאַפּטיקייט, שפּרודלדיקײַט, נישט נאָר נישט גענערט, נאָר געשטיקט און געהלושעט. איז דאָס נאָך ווייניק, בין איך אַ ים מיט צײַט געווען מיט גוואַלד אַרויסגעריסן פון מײַן אייגענער ייִדישער מאַמע־לשון־סביבה: פון די ערשטע מלחמה־טעג, בעת היטלער איז באַפאַלן רוסלאַנד, ביז מײַן פאַרוווּנדעט ווערן אין בערלין, אַ יאָר דערנאָך געווען אין מיליטערישע שפּיטאָלן, ביז מײַן צוריקקערן זיך קיין מינסק אין 1946 יאָר — געדענק איך נישט, איך זאָל האָבן מיט וועמען געשמועסט אויף מײַן מוטער־שפּראַך. איך האָב מיך אויפן פראָנט, אין די באַטאַליאָנען און פּאָלקן, אויף די שלאַכטפעלדער, דערנאָך אין די שפּיטעלער — באַגעגנט מיט אַ סך ייִדן. אָבער איך האָב מיט זיי גערעדט אויסשליסלעך רוסיש. אפשר, ווען־נישט־ווען זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ וואָרט און גיכער פון אַלץ מיט די אויגן, מיט אַ ווונק, מיט אַ שמייכל, צי מיט אַ זיפץ, גיך־גיך — אַ פרעמדער בליק זאָל עס נישט אויפכאַפּן — פאַרשטענדיקט זיך, געמוטיקט און געשטאַרקט איינער דעם אַנדערן, צו האַלטן הויך די ייִדישע ווירדע, אונדזער שטאָלץ, די גויים־אַנטיסעמיטן, וואָס זײַנען געווען אומעטום איבערגעגנוג, זאָלן אונדז מיט גאָרנישט נישט קאָנען אויפוואָרפן, עס זאָל זיי אפילו די ניחפה נעמען.

ס'הייסט נישט, אַז איך האָב אויסבאַהאַלטן, אָדער געלייקנט מײַן נאַציאָ־נאַלן אָפּשטאַם — בשום אופן נישט! דורכויס אין אַלע מײַנע מיליטערישע דאָקומענטן בין איך אותות ומופתים פאַרשריבן — חיים איזראַיִליעוויטש. אָבער בײַ מײַן נאָמען און פאָטער־נאָמען, פלעגט מען מיך נישט רופן. די זעלנער האָבן מערסטנטייל, אויך מײַן פאַמיליע־נאָמען נישט געוווּסט. פאַר זיי האָב איך עקזיסטירט לויטן טיטל — לייטענאַנט, סטאַרשי־לייטענאַנט. מיט די אָפיצירן צווישן זיך, זיי פלעגן זיך ווענדן צו מיר לויט מײַן פאַ־מיליע־נאָמען, וואָס איז נישט קיין אויסגעשפּראָכן יידישער, כאָטש זיי האָבן אַלע געוווּסט, אַז איך בין אַ ייִד. ס'פלעגט טרעפן, אַז מיר פלעגן נעמען צוזאַמען — ס'פלעגן אויך בײַזײַן דערבײַ סיערזשאַנטן און אויך סאָלדאַטן — אַ רעכטע כוסה וואָדקאַ, פלעג איך זיי אָפּנהאַרציק, האַלב אין שפּאַס און מער אין ערנסט, אַרײַנקנעלן: פאַרגעדענקט־זשע, מײַן נאָמען איז חיים און חיים הייסט אויף רוסיש זשיזן — לעבן! און דאָס ווינטש איך אײַך, ווען מיר וועלן היטלערן צעברעכן זײַן חוס השדרה, צוריקקערן זיך געזונטער־הייט צו טאַטע־מאַמע, צו ווײַב און קינד!

ווען איך בין געשטאַנען אין די טראַנשייען, אין די שוצגראָבנס, גע־גאַנגען אויף די שלאַכט־וועגן, שלאַכטפעלדער, האָב איך דעם פאַרטונקלטן, גליענדן זשאַר פון מײַן יידישער שאַפונג געהאַלטן טיף אין דער נשמה, אַזוי ווי מע פאַרשאַרט אויף בײַנאַכט קעגן פראָסט דעם זשאַר — ריין פון די בלווילעך־גיפטיקע פעדים־פלעמלעך אין דער שוין אויסגעהייצטער היי־מישער הרובע. האָב איך דען געהאַט אַ מעגלעכקײַט אין בראַנד פון די שלאַכטן, אונטערן האָגל פון קוילן, שראַפּנעלן און באָמבעס רויק צו פײַלן און שלייפן מײַן ייִדיש וואָרט, אַזוי ווי אונדזער ליבער זיידע מענדעלע האָט עס געטאָן כל ימיו?

אין דעם 1968, צי 1969 יאָר האָב איך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אָפּגע־דרוקט מײַנס אַ קליין ייִדיש ליד „ערשט נאָך דער מלחמה". אָט איז עס:

„כ'ווייס אַליין נישט פאַר וואָס,
כ'האָב אַצינד זיך דערמאָנט:
אין טראַנשיי, אויפן פראָנט
מײַנס אַן אייגענעם אות
אויף פּאַפּיר נישט געוואָגט כ'האָב פאַרשרײַבן.
ביז מע וועט זיך אַ פּרווו טאָן פאַנאַנדערצוקלײַבן
אין דערײַן, וואָס איך טראַכט און איך מיין,
טאָמער פאַל איך אין שלאַכט
מײַנע לאַפּעטעס־קאָטשערעס,

ווער וועט זיי ריכטיק פאַרשטיין ?!...
מײַנע לידער פאַרקריצן כ'פּלעג אין דער נשמה.
און כ'האָב אין אַ העפט זיי פאַרשריבן
ערשט נאָך דער מלחמה."

צי האָב איך אין דעם ליד געזאָגט דעם גאַנצן אמת? — קיין פּערטל אפילו נישט. די אַנדערע דרײַ פּערטל זײַנען בײַ מיר געבליבן באַגראָבן אין האַרצן. ווײַל זיי האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו דערזען די סאָוועטישע ליכטיקע שײַן... עס האָט אַ דונער געטאָן די מלחמה, איך בין פרײַוויליק אַוועק אויפן פראָנט. איך בין געווען דערדריקט, דערשלאָגן — פאַר מײַנע אויגן זײַנען אין משך פון אַ צוויי־דרײַ טעג חרוב געוואָרן, אומגעוואָלגערט זיך, ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש, דער פּיליאָריקער סאָוועטישער אימאַזש פון דער מעכטיקײַט און אומבאַזיגבאַרקייט פון דער רומפולער רויטער אַרמיי. די אין בהלה אָפּטרעטנדיקע דיוויזיעס און אַרמייען האָבן זיך נישט געהאַט אין וואָס צו פאַרטשעפּען, בײַ וואָס צו פאַרהאַלטן. געקומען צו לויפן צו אַ בריק, איז ער שוין צעזעצט און צעשטערט געווען פון די דײַ־טשישע באָמבעס און די ריזיקע בריק־געשטעלן און אײַזן־געפלעכטן, זײַנען אַראָפּגעהאנגען אין וואַסער. די דײַטשן האָבן אונדז געטראָטן אויף די פּיאַטעס. נאָך איידער מיר פלעגן באַוויזן אַריבערלויפן די אויף לאָדקעס געשטעלטע פּאָנטאָן־בריקן, פלעגן שוין די ברוינע מחבלים פאַרלויפן אונדז דעם וועג און באַגעגענען מיט פײַער. איז טאַקע געקומען ממש פון בריק אין וואַסער... דאָס איז ראשית. און די אומגעבונג, אין וועלכער איך האָב פלוצעם אין ברענענדיקן מינסק צעשיידט זיך מיט מײַן מאַמען, פרוי און קינד ?... און אויסער דעם אַלעמען מײַן איבערלעבונג — סאַמע ערב דער מלחמה, ווען אין מינסק האָבן זיך אין אַ נאָוועגע אָנגעהויבן די אַרעסטן פון די ייִדישע שרײַבער, פּונקט אַזוי ווי אינעם 1937 יאָר, און ווען עס הייבט זיך נישט אָן די מלחמה, וואָלט איך דאָן אָן צווייפל, גאָר גיך אַריינגעפאַלן אין די נעגל פון דער נ.ק.וו.ד. בין איך אין דער גרויסער מהומה־צעמישעניש, ווי אַ דולער געלאָפן מיט דער אַרמיי און ציווילער באַפעלקערונג, סײַ פון די דײַטשישע טאַנקען און „מעסערשמידטן", סײַ פון דעם טשעקיסטישן געשפּענסט, וואָס איז פאַר מיר געווען פּונקט אַזוי גרויזאַם, ווי אַרײַנצופאַלן אין געפאַנגשאַפט צום דײַטש. האָב איך דען געקאָנט אין אַזאַ צושטאַנד אַלס רוסישער שלאַכט־קאָמאַנדיר פון קליינעם ראַנג, ווען איך בין אין פאַרלויף פונעם גאַנצן קריג, קיין־איין־איינציקן טאָג נישט געווען אין הינטערלאַנד, — שרײַבן ייִדישע לידער ?... דער פּחד פאַר אַ ייִדיש וואָרט האָט אויף מיר געלויערט... מ'זאָל אויף די שלאַכט־פּאָזיציעס צופעליק געפינען בײַ מיר עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז נישט רוסיש,

קאָן עס באַטראַכט ווערן, ווי שיפער־צייכנס און ווען איבערגעבן ידיעות דעם שונא, אָן שום גוזמא. און דאָס וואָס איך שרײַב אין מײַן ליד:

טאָמער פאַל איך אין שלאַכט,
מײַנע לאַפּעטעס־קאַטשערעס
ווער וועט זיי ריכטיק פאַרשטיין? —

דאָס איז בלויז אַ בלייכער רמז אויף דעם, וואָס בײַ מיר אויף דער נשמה האָט זיך דאַן געטאָן. הינטער אָט־די שורות איז געווען די שוידערלעכע סאָוועטישע ווירקלעכקײַט אין די סטאַלין פּאַנאָמאַרענקאָ־יאָרן, ערב דעם קריג, די צעיושעטע רוסיפיקאַציע, דער ביטול און חשד צו יעטוועדן נאַצי־נאַלן געפיל, — און איבער אַלעמען און אונטער אַלעמען — די אימה פאַר די בעריאַ־פּאַדוואַלן־קעלערן...

וויל איך מיט דעם זאָגן, אַז אין משך פון, כּמעט, זעקס יאָר האָט אין מיר געקוואָרט און געטשאַכניעט מײַן מאַמע־לשון. עס האָט פון אים, ווי פון אַן אָפענער ווונד אַרויסגעריזלט דאָס ריינע בלוט, דאָס חיות און זאַפט פון מײַן באַשיידן, לויט מײַנע מעגלעכקײַטן, יִדישן זינגעוודיקן וואָרט.

צוריקגעקערט זיך פון מיליטערישן שפּיטאָל קיין מינסק, זומער 1946 יאָר, האָט ווידער גענומען אין מיר אויפלעבן, אויפמינטערן זיך מײַן פאַר־חלשטער יִדיש. איך האָב אויפגעשריבן מײַנע געפילן פון אַן יִדישן זעל־נער אין די שלאַכטן קעגן די אומברענגער פון אונדזער פאָלק, פון מײַן אייגענער משפּחה אין מינסקער געטאָ, און איינצײַטיק האָב איך געדאַרפט ענערגיש וואָיעווען, דאַביוען זיך, איך זאָל מײַן אויפגעשריבן יִדיש ליד האָבן, ווו צו דרוקן, מען זאָל אין מינסק ווידער דערלויבן סיסטעמאַטיש אַרויסצוגעבן אַ יִדישן זשורנאַל, כאָטשבי אַן אַלמאַנאַך. נאָר איך האָב צו מײַן גרויסן ווייטיק פאַרשטאַנען — איך וועל גאָרנישט נישט פּועלן, איך זאָל זיך אַפילו לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט. דעם דײַטש האָט מע פאַרטריבן, נאָר אין דער לופטן האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעטראָגן, ווי אַ וויכער, די צונויפגעפּאָרטע היטלעריש־יוונישע יִדן־פײַנטשאַפט, אַ מין סאַדיסטישע עקזעם־בײַסעניש, אַז מען קאָן אַ יהודי אומבאַשטראָפט צע־טרעטן, ווי אַ מורעשקע און מיִאוסקייט. איך האָב מיט מײַן וועזן דערשפּירט, אַז די הפקרות בנוגע יִדן איז אַריין אין בלוט און מאַרך פון המון, אין די דערפער און שטעט.

אָט וואָס אַ מינסקער תושב האָט מיר דערציילט, ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט פון מיליטערישן שפּיטאָל:

— גלײַך ווי די סאָוועטישע אַרמיי איז אַרײַן אין מינסק און איך בין צוזאַמען מיט דעם ביסל לעבן־געבליבענע אַרויסגעקראָכן פון אונדזער

וואַלד־באַהעלטעניש, רופט מיך צו אין מיטן העלן טאָג אויפן מינסקער קאַמאַרויקער מאַרק אַ רוסישער קאַפּיטאַן. ער איז געשטאַנען אין אַ רעדל פּויערים: — דו ביסט אַ זשיד? —

— יאָ, — זאָג איך, — אַ זשיד.

— אַ! — זאָגט ער, — ווען דו ווייסט, ווי איך האָב אײַך, זשידעס מיט די „טאַשקענטסקע קרומע ביקסן" פּײַנט. תּכלית שינאה. איך וואָלט ברענגען דעם אָרט ווו אַ ייִד שטייט. און דו?, — קוקט ער מיך אָן מיט זײַנע דולע שיכּורע אויגן, — האָסט האָלט אַ רוס? —

זע איך שוין, מיט וועמען איך האָב וואָס צו טאָן און זאָג אים: — דאָס, וואָס איר האָט פּײַנט אַ ייִדן, דאָס איז אײַער זאַך. איך קען אַ סך גוטע רוסישע מענטשן, וואָס איך אוואזשע און אַכטע זיי, — שלאָגט ער מיך איבער: — ווען דו כאַפּסט זיך אַרויס כאָטש מיט איין שלעכטן וואָרט וועגן אַ רוס, דערשיס איך דיך דאָ אויפן אָרט, ווי אַ הונט...

לאָזט זיך עס פאַרגעסן?..

און דער רעגירער איז דאָך אין ווײַסרוסלאַנד געווען און געבליבן דער זעלבער צורר פּאָנאָמאַרענקאָ סטאַלינס סאַטראַפּ, וועלכער האָט נאָך ערב דער מלחמה פּלאַנירט אויסצוראָמען ייִדישקײַט פון דער ווײַסרוסישער ערד. און ער, פּאָנאָמאַרענקאָ, ווען ער איז געווען דער שעף פון דער סאָוועטישער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג אין די מלחמה־יאָרן, האָט דאָך פון מאָסקווע געשיקט דירעקטיוון אין די ווײַסרוסישע און פּוילישע וועלדער — בשום אופן נישט צולאָזן אין די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן קיין ייִדן פון די געטאָס, ווײַל ... זיי טראָגן מיט זיך סם און וועלן פאַרסמען די פּאַרטיזאַנער — ברו־נעמער...

האָב איך מיך דאָן אָנגעכאַפּט אין דעם שטרויעלע „ביראָבידזשאַן". נאָר צי האָב איך דעם נישט געוווּסט, אַז ס'איז אַ צעפּוילט און מאַכטלאָזע שטרוי, אָן זאַפט, אָן לעבן? און דאָך, זײַנען מיר צוזאַמען מיט געניען — זי האָט מיך אונטערגעהאַלטן, געמוטיקט — אַוועקגעפאָרן אַהין, אויף עק וועלט, אין דער טײַגע־ווילדעניש, אַבי צו זײַן דאָרט צווישן דעם ביסל ייִדן, צו פעסטיקן אונדזער אייגענע משפּחה און שאַפן און דרוקן זיך אין ייִדיש. ווייסט מען שוין, מיט וואָס דאָס האָט זיך פאַרענדיקט... אין משך פון 12 — 13 יאָר נאָך דעם, ביזן 1961 יאָר, איז ייִדיש־לשון אין סאָוועטן־פאַר־באַנד אומעטום געווען צעטראָטן. און ווען אין אַזויפיל יאָרן אַרום האָב איך מיט בענקשאַפט און ציטער אין האַרצן, ווידער גענומען אין מײַנע פינגער מײַן ייִדישע דודעלע, האָב איך מיר אַ נדר געגעבן, ווי ווײַט דאָס

איז מעגלעך, צו זײַן צווישן ייִדישע ייִדן, מײַן ייִדיש זאָל זיך אָננעמען מיט שײנקײַט, עס זאָל אין מיר ווידער אויפבליצן מײַן טײַערער מאַמעס נאַטירלעכער ייִדיש — דער ליטווישער נוסח.

איך האָב דאָן אַרומגערײַזט איבער אַזויפיל שטעטלעך, ריכטיקער וועט זײַן — אַרומגעלעבט, חדשימווײַז געוווינט מיט ייִדישע משפחות אונטער איין דאַך, אַלס שכן אין די חדרימלעך מיט ברעטלדיקע ווענטלעך — „פערעגראַדקעס", מיט אַ פּאָרהענגל, אַנשטאָט אַ טיר. צוזאַמען אין פּאָדערשטוב, אויף די ווערענדעס, אויף די גאַנקעס און נעבן שטוב אויף די זאַוואַלינקעס, פּריזבעס און אויף טאַבורעטקעס נאָך לעבן־געבליבענע, נישט פאַרברענטע, פון די פאַרמלחמה־יאָרן. פלעג איך מיר שעהענווײַז זיצן אויף זיי אין די גערטנדלעך, סעדלעך און געפּילט — עס קומט מיר צו פרישער כּוח און קליאָק אין מײַן ייִדיש שרײַבן און דערמיט זיך גע־טרייסט און געצוימט אין זיך מײַן שאַפונגס־פרייד, ווײַל די נישט־זיכער־קײַט מײַנע — צי איז עס טאַקע אַזוי? צי בין איך זיך נישט טועה — האָט מיך תמיד צורו נישט געלאָזט. די כּסדרדיקע אינערלעכע ספקות זײַנען פון מיר נישט אָפּגעטראָטן. אין מײַנע דמיונות בין איך נישט איין מאָל גע־שטאַנען, פּנים־אל־פּנים מיט אונדזער גרויסן, פּיקחותדיקן זיידע מענדעלע:

— האַרציקער זיידע, נעמט נישט אין באַטראַכט דעם דויער, די אַזוי־פיל אַנטרונענע יאָרן... דאָס שפּילט, דוכט זיך, קיין ראָלע נישט — זאָגט מיר, כאָטש עס שרעקט מיך אײַער פּסק־דין. נאָר פאַרפאַלן, איך שטעל אַלץ אויף מײַן איין־און־איינציקער קאָרט — מײַנע לידער וועגן קאַפּוליע און די אײַך געווידמעטע און אויך עטלעכע אַנדערע, זײַנען זיי אײַך געפעלן, צי נישט? און זאָגט מיר אין ביין אַרײַן...

און נאָך דעם, ווי איך האָב אין דמיון אויסגעפּאַליעט פאַר אים, מײַן גרויסן, שטרענגן שופט, מענדעלע שתחיה, מײַנע שורהעס, אַלץ וואָס אויף דער נשמה איז און שטיי אָן אויפגעטרייסלטער, צעחושטער, האָב מורא אויפצוהויבן צום זיידן מײַנע אויגן, ער זאָל מיר נישט אַ זאָג טאָן אין דעם נוסח פון זײַנעם אַ גאָלדענעם אויסדרוק — „גאַמלקעס פון שניי":

— נישט אַלץ, מײַן בחורל, נישט אַלץ...
וואָס האָט די ווערט אַ גאַמלקע אָן זאַלץ...

# בײַ יחיאל טשעטשיק אין שטוב...

און צוזאַמען מיט די פֿריידן און לײַדן פֿון מײַן שאַפֿונג וואַקסט אײַן מיר מײַן אומרו פֿאַר מײַן הויזגעזינד, און דער עיקרשט פֿאַר געניען. בײַ איר איז לעצטנס צוגעקומען אַ נײַער מין סאָרט „אַרגומענט״: „דער זון פֿאַרענדיקט שוין דעם זיבעטן קלאַס, די טאָכטער — צוואַנציק יאָר אַלט, אַ סטודענטקע פֿונעם צווייטן קורס פֿון דער מינסקער מלוכה־קאָנסערוואַ־טאָריע, אַ דערוואַקסענע שוין, זעלבשטענדיקע, און סײַ דער זון, און סײַ די טאָכטער האָבן זיך זייער קרײַז פֿון באַקאַנטע, פֿרײַנד און חברים, און די מאַמען דאַרפֿן זיי שוין לחלוטין נישט. זיי קאָנען שוין אויסקומען אָן איר. און זי, קאָן שוין, הייסט עס, אירע מאַמע־פֿליכטן פֿאַרקײַלעכיקן... איר מאַמע־געוויסן וועט אין דעם פֿרט זײַן ריין״...

איר פּערמאַנענטע קרענק, דער ערב־אַרײַן אין שפּיטאָל, דאָס זײַן דאָרט, און שפּעטער, דאָס צוריקקערן זיך, האָט זיך נישט געקאָנט נישט־אָפּרופֿן אויף איר מוטער־אויטאָריטעט און ברענגען סײַ בײַם זון, און סײַ בײַ דער טאָכטער, טריבע בושה־מחשבות... און דאָס האָט נאָך מער צעיאָטערט געניעס האַרץ.

און מיך האָט דאָן געצויגן צו דער ווײַסרוסישער פּאָליעסיע, נענטער צו איציק קיפּניסעס באַרימט שטעטעלע סלאָוועשנע פֿון „חדשים און טעג״ און „אונטערוועגנס״. עס איז מיר געוווען צום האַרצן דער פּאָליעסיער ייִדישער שטייגער. ס׳איז אפֿשר, געוווען אַן איבערגעטריבענער טשעפּען זיך צו זיך. פֿון לאַנג אָן בין איך אין מײַנע מחשבות מקנא געווען די ייִנגערע ייִדישע שרײַבער פֿון מײַן עלטער, וועלכע האָבן אין זייער קינדהײַט און אין די יוגנט־יאָרן געלעבט אין אַ ייִדיש שטעטל. זיי האָבן מיט דער מאַמעס מילך אײַנגעזויגן אין זיך דעם ליבן ייִדישן רוים און שטעטל־שטח. בײַ זיי איז דער ייִדישער שטייגער, האָב איך געפֿילט, אומפֿאַרגלײַכלעך פֿאַרביקער, קאָלאָריטער און די נאַטור־שילדערונגען רײַכער, שענער און דאָס מאַמע־לשון קלינגט שפּרודלדיקער, פֿרישער, באַטעמטער. און מײַן קינדהײַט און יוגנט איז דורך אין אַ שטאָט, אין וויטעבסק. אמת, איך האָב זיך געלערנט אין אַ ייִדישער שול און דערנאָך אין אַ ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום, ווו כמעט, אַלע סטודענטן און סטודענטקעס זײַנען געוווען אָנגעפּאַרענע פֿון די ווײַסרוסישע, און אַפֿילו אוקראַיִנישע ייִדישע שטעטלעך (וואָס ווײַ־

טער מע פלעגט אָוועקפּאָרן פון דער היים, אַלץ איז מע געווען זיכערער צו באַקומען אַ סטיפּענדיִע.). און דערנאָך האָב איך זיך געלערנט אין קיעוו אויפֿן ייִדישן אָפּטייל פון אינסטיטוט פֿאַר פֿאָלקס־בילדונג, ווו דאָס רוב סטודענטן זײַנען אויך געווען פון דער פּראָווינץ. און דאָך, איז עס אַלץ געווען נישט „פון דער ערשטער האַנט". האָב איך געשטרעבט אָנשווילעך און וואָס מער דויערהאַפטער צו זען פֿאַר מײַנע אויגן אַ פּאָליעסיער שטעטל, שוין נאָך אונדזער גרויסן פֿאָלקס־חורבן. איך האָב מיט דער הילף פון מײַנעם אַ מינסקער באַקאַנטן, וואָס האָט קרובים אין זשיטקאָוויטש (אַ געוועזענע פּאָליעסיער גרענעץ־שטעטל צווישן רוסלאַנד און פוילן ביזן 1939 יאָר, נישט ווײַט פון לוניניעץ), דערעדט זיך, און שריפטלעך צוזאַמענגעשריבן מיט אַ זשיטקאָוויטשער אַלטן תושב נאָך פון פֿאַר דער מלחמה, אַ געוועזענעם שמיד יחיאל טשעטשיק, אַז איך דינג בײַ אים אויף די זומער־חדשים אַ חדר. און נאָך דעם, ווי מײַן זון האָט פֿאַרענדיקט דאָס לערניאָר, — ס'איז געווען יוני 1970, זײַנען מיר צוזאַמען מיט אים אָוועקגעפֿאָרן קיין זשיטקאָוויטש. די באַן האָט געפֿירט פון מינסק ביזן שטעטל. מיט געניטן האָב איך מיך געהאַט דערערט: ווען פּירע וועט פֿאַרענדיקן איר לערניאָר אין דער קאָנסערוואַטאָריע, אין אַ חודש אַרום, זאָל זי מיט איר קומען קיין זשיטקאָוויטש.

מיט שפּײַז־פּראָדוקטן, ווי דער שטייגער איז אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, ווי באַלד נאָר מע דערווײַטערט זיך עטוואָס פון צענטער, באַזונדערס פון דער הויפּט־שטאָט (מינסק איז די הויפּט־שטאָט פון ווײַסרוסלאַנד) — איז אין די דאָרפישע קאָאָפּעראַטיוון און אין די מלוכה־מאַגאַזינען פּוסט, ווי אויסגערוימט. בלויז אויף די פּאָליצעס וואַרפן זיך אין די אויגן די גלעזערנע סלויטשיקלעך מיט מאַרינירטע שוועמען און אין די אַלטע פֿאַרחתמעטע פֿאַרזשאַווערטע בלעכענע קעסטלעך — פיש־קאָנסערוון. צוויי, צי דרײַ מאָל אין וואָך פלעגן מיר מיט מײַן זון אויפשטיין באַגינען, לויפן צום בופעט בײַם זשיטקאָוויטשער אײַזנבאַן־וואָקזאַל, שטעלן זיך אין ריי צו באַקומען אַ פֿאַר הונדערט גראַם טיי־ווורשט און נאָך אַ גאָר ביליקער סאָרט ווורשט — ליִווערנע פון סאַמע אָפּפֿאַל. אַלס מלחמה־אינוואַליד האָב איך געהאַט די זכיה אָוועקשטעלן אין ריי אויך מײַן זון, מ'זאָל אונדז צוזאַמען געבן עטוואָס מערער. מיט מילך־פּראָדוקטן האָבן מיר זיך אײַנגעאָרדנט נישט שלעכט. אין אַ דערבײַיִק געסל האָבן מיר בײַ אַ ייִדישער באַלעבאָסטע, וואָס האָט געהאַלטן אַ קו, גענומען מילך, פרישע טוואָרע (ווײַסע קעז), פּוטער און אייער. דאָס איז געווען מײַן זונס אַרבעט אין דער פרי צוגיין נאָך די מילך־פּראָדוקטן. גרינסוואָרג און פרישע יאַגעדעס פלעגן מיר קויפן אויפֿן מערקל, נישט ווײַט, בײַ די פּויערטעס. מײַן באַלעבאָס טשע־

טשיק פלעגט מיך באַזאָרגן מיט קאַרטאָפל. קיין נײַע האָט נאָך נישט גע־קאָנט זײַן און די אַלטע פון סקלעפּ (גופא בײַ טשעטשיקן אין הויז), פלעגט ער זיך באַמיען צו דערלאַנגען פון קעלער, שוין פון סאַמע דנאָ — די דריבניטשקע שעבעדריבניטשקע בולעבעטשקעס, וועלכע איך פלעג דאַרפן מיט זיבן וואַסערן אַראָפּשווענקען פון זיי די אַלע שיכטן „טשערנאָזיאָם״, ביז איך פלעג דערזען אַ ליכטיקע צורהקעלע פון אַ קאַרטאָפּעלע און בײַם נעמען שיילן עס, איז שוין נישט געווען וואָס אַרײַנצולייגן אין טעפּל.

דעם זופּ צו וואַרעמעס האָב איך אַליין געקאָכט. מײַן זון האָט זיך אײַנגאַנצן פאַרלאָזט אויף מיר... אים האָט מער געצויגן אויף דער שטויבי־קער, זאַמדיקער זשיטקאָוויטשער גאַס צו קײַקלען די פּילקע און צוליב דער פּילקע האָבן זיך צווישן מיר און טשעטשיקן אָנגעהויבן קליינע קאָנפליקטן, וואָס זײַנען שפּעטער אַריבערגעוואָקסן אין גרעסערע.

יחיאל טשעטשיק האָט אין זײַנע יונגע יאָרן פאַרלוירן אַן אויג און איז מיט איין אויג אַ דרײַסיק יאָר אָפּגעשטאַנען בײַם האָרן. ווען איך בין שוין געקומען צום אים אַלס דאַטשניק, האָט ער שוין לאַנג דאָס שמידערײַ געהאַט פאַרלאָזן, געווען אַ פּענסיאָנער. אָבער זײַן אויסקומעניש צו דער פּענסיע, „צוגעשטוקעוועט״ מיטן גאָרטן. זײַן ווײַבל ראָכע האָט געהאַט אַ שוואַך קראַנק האַרץ און די באַלעבאַטישקײַט אין שטוב, די השגחה איבערן גאָרטן — אַלץ איז געווען אין טשעטשיקס פעסטע קאָוולשע הענט. און, נתפעל צו ווערן, מיט זײַן איין־און־איינציקן אויג האָט ער גאָרנישט נישט פון אויג אַרויסגעלאָזט, געזען, ווו אַ „שפּילקע פאַלט״ אין שטוב און אין גאָרטן. און ווען מײַן גענע פלעגט מיט דער פּילקע אָנטרעפן אין די פּאָ־מידאָרן־בייטן, פלעגט טשעטשיק אויפגעקאָכט ווערן. און איבער דעם האָט ער געוואָרפן אַן אומחן אויף מײַן יינגל. איך, פון מײַן זײַט בין אויך געווען אש־להבה אויף מײַן זון, וואָס צוליב דער פּילקע, קאָן איך נישט רויק, כאָטש אַ פּאָר שעה זיצן בײַ מײַנע העפטן. ס'איז גראָדע געווען אַ רעגנדי־קער יוני־חודש און די זשיטקאָוויטשער זון פלעגט זיך באַווײַזן נאָר אויף אַ רפואה און תיכף אײַנגעגראָבן ווערן אין די אָנגעפּוישטע, אָנגעקוואָלענע וואָלקנס. און עס קאָפּעט שוין ווידער דאָס נודנע רעגנדל. די פּאָמידאָרן־קוסטעס דערלעבן גאָרנישט קומען צו זיך. די פאַרחלשטע, ראַכיטנע שטענ־געלעך נויגן זיך צו דער ערד. טשעטשיק שטעקט אַרײַן אין די בייטן נײַע העלצלעך, בינדט צו פעסטער די אויסגעבלייכטע פאַרקאַלייטע פּאָמידאָרן־שטענגלעך צו די שטעקעלעך, זיי זאָלן נישט פאַלן. טשעטשיק האָט שוין צוויי מאָל באַגאָסן די פּאָמידאָרן מיט וואַסער, אין וועלכן ער האָט צעלאָזן סעליטרע — און אַלץ איינס — די פּאָמידאָרן־שטענגלעך טשאַכנען. מען זעט נישט אויף זיי קיין סימן פון זון־רײַפקײַט. קראַפּירט טשעטשיק.

און דאָ האָט זיך נאָך געגעס פּילקע דורכגעקײַקלט איבערן פּאָמידאָרן־בייט...

אויסער דעם האָט טשעטשיק נישט געקאָנט צוזען מײַן אַרומדרייען זיך בײַ דער גאַז־פּליטע. ער האָט מיר נישט אָנגעטרויט דאָס אָנצינדן דעם גאַז. און נישט אַזוי דעם אָנצינדן, ווי דאָס איבעריקע ברענען. פאַר גאַז נעמט ער דאָך בײַ מיר נישט, דאָס גייט אַריין אין דירה־געלט.

— וואָס דאַרפט איר? — זאָגט ער צו מיר, — אַ גלאָז טיי? — זאָגט מיר, איך וועל אײַך אויפזידן. — מילא, פלעג איך אים באַרויִקן, זידט איר אויף, אויב ס'איז אײַך נישט שווער. — אָבער בײַ אַ צווייטן מאָל טאָן מיר אָט די געפעליקייט, פלעגט ער איידער ער שטעלט אַוועק דעם טשײַניק אויף דער פּליטע, צוגיין צו דער פּירהאַנקע־טיר פון מײַן חדרל מיטן טשײַניק, אויפהויבן אים אין דער הויך: — וויפל וועט איר אויס־טרינקען, אַ גלאָז טיי, צי צוויי?

דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן: טשעטשיק, זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וויפל גייט בײַ אײַך אַוועק גאַז אַ גאַנצן חודש — אַרײַנגערעכנט מײַן באַנוצן זיך מיט גאַז, ווען איך זאָל אפילו טרינקען אַ טאָג דרײַסיק גלעזער טיי?!

— אַ באַלאָן גאַז, אויב נישט מער.

— וויפל קאָסט אַ באַלאָן?

— עלף קאַרבוטשן.

— טאָ הערט זשע, טשעטשיק, רעכנט צו נאָך 15 קאַרבוטשן צו דעם, וואָס איך צאָל אײַך דירה־געלט פאַרן חודש... און איר וועט נישט דאַרפן יעדעס מאָל הייבן דעם טשייניק איבער מײַן קאָפּ און מיך פרעגן, וויפל איך וועל אויסטרינקען — איין גלאָז וואַסער, צי אַנדערהאַלבן?

עס איז דורך עטלעכע טעג און טשעטשיק האָט אַלץ איינס נישט געקאָנט רויִק זען, ווי איך דריי מיך בײַ דער פּליטע און שפּאָר נישט דעם גאַז.

ער האָט נישט אויפגעהערט פון דער זײַט שווײַגנדיק צו באַטראַכטן, ווי אַזוי איך קאָך מײַן מילכקין זופּ — שיט אין טעפל לאָקשן און דערנאָך ערשט גיס איך אַרײַן דאָס מילך. אָבער למען האמת, מוז איך זאָגן, ער האָט פון מיר נישט געלאַכט, קיין שמייכל אפילו נישט געגעבן, געשוויגן. און איך בין בײַ דער פּליטע געשטאַנען, ווי אויף געברענטע קוילן, געפילט אויף זיך טשעטשיקס איין־און־איינציק אויג... איך בין געווען אין איין ציטערניש, מײַן מילכיקער זופּ זאָל נישט אויסלויפן, עס זאָל נישט ווערן קיין טשאַד, ווײַל זײַן ראָכע, איז אויסער דעם, וואָס זי האָט אַ קראַנק האַרץ, לײַדט זי פון גרויסע קאָפּ־ווייטיקן.

און דאָך געדענק איך טשעטשיקן נאָר צום גוטן. איך בין אים געבליבן פון טיפן האַרצן דאַנקבאַר פאַרן זײַן מיט מיר צוזאַמען מער פון אַ חודש. איך האָב מיט באַוווּנדערונג און מתיקות צוגעהערט זיך צו זײַן גרויס־אַרטיקן, ווי אַ דימענט שײַנענדיקן יידיש, צו זײַנע שאַרפע ווערטלעך, הנאה געהאַט פון זײַן ניכטערן, האַרעפּאַשנעם קוק אויף זאַכן, אויפן לעבן. איך וועל נישט פאַרגעסן, ווי אַזוי איין מאָל רופט ער זיך אָן צו מיר: „קומט, איך וועל אײַך באַווײַזן מײַן יחוס". ער פירט מיך אַרײַן אין שטאָל — אין אַ ווינקל האָט ער אויפגעהויבן אַ שמאַטאָווע צעפליקטע סאָלדאַטסקע פופײַקע, שטיקלעך שמוציקע וואַטע האָבן אַרויסגעקוקט פון די נעט. אונטער אָט־דעם בגד איז געלעגן צוגעפּרעסט צו דער ערד זײַן שמידערײַ אינווענטאַר. און טשעטשיק רופט זיך אָן צו מיר:

— איך האָב אָפּגעהאָרעוועט מיט מיין איין אויג, דרײַסיק יאָר בײַם האָרן, געמוטשעט זיך אין דער עוואַקואַציע, — אויך דאָרט, אין אַן אוזבעקישן קאָלכאָז אָפּגעגאַנגען מיט שווייס בײַ דער קאָוואַדלע. און בײַ וואָס בין איך געבליבן? — האַ? — וואָס שווײַגט איר? — וואָס דאַרף איך עס אַצינד? — און ווער דאַרף מיך? — און ער וואַרפט ווידער אַרויף אויף זײַן אַלטן שמידערײַ־געצײַג די צעפליקטע סאָלדאַסקע מלחמה־פופײַקע.

איך האָב נישט געקענט יחיאל טשעטשיקס בענקשאַפט, ליבשאַפט צום שטאָלצן יידישן פאַך, צו דער אַרומיקער נאַטור, די האַרצרײַסנדיקע רייד, — נישט איבערגיסן — מיט זײַנע אייגענע ווערטער — אין זינגעוודיקע שורות:

מיט יחיאלן דעם שמיד
שפּאַצירן גיין איז וווילֿ.
פאַרבײַ אַ שוועלבל פליט,
אַ זאָג יחיאל גיט:
— די לאַסטאָווקע טראָגט
פײַער אין מויל...
כדי אַזוי
די שיינקייט פון דער ערד צו פילן,
באַדאַרף מען, כ'טראַכט,
אַ שאָק מיט יאָרן
אויף פּאָליעסיע
בײַם פלאַם פון האָרן
האָרעווען — זיך נישט שפּילן...

## בענקשאַפֿט

אין די זומער־אָוונטן
נעמט ברייטלעך גענעצן יחיאל,
ער ברענגט אַרויס אַזעלכע דזיקע קלאַנגען,
ווי, להבדיל, אַ בער אין שטײַג געגעבן וואָלט אַ בריל:
„עך, די דינאַסטיעס שמידן ייִדישע
אינגאַנצן שוין אונטערגעגאַנגען
צוזאַמען מיט דער שמידערײַ־מלאכה.
און נאָר געבליבן איז אין מיר
דער לץ און דער צולהכעיס, —
אַוועק די יאָרן...״

## אַ בײַקע

מסתמא, סתם אַזוי
אין מיטן תמוז,
באַווײַזט יחיאל מיר אין שטאַל
אונטער אַ שמאַטע,
זײַן אַלטן קוזניע־אינווענטאַר:
דעם גרויסן יחסנדיקן האַמער,
די לאַנגע שמידישע אַבצוואַנגע,
די העמערלעך,
די קלעמערלעך, —
און טוט אַ זאָג מיט קלעמעניש
און בענקעניש:
„מײַן זיידע איז געווען אַ שמיד,
מײַן טאַטע אויך,
און איך בין אָפּגעשטאַנען דרײַסיק יאָר
בײַם האָרן...
און וואָס איז פֿון דערײַן געוואָרן?
אין האַרץ אַ קרענקעניש.
דער זשאַר דער גאָלדענער פֿאַרשאָטן איז
מיט קופּעס ערד און אש...
און צוגעדעקט מיט אַ סאָלדאַטישער פּופּײַקע.
אָט האָט איר אײַך אַ טרויעריקן משל,
דאָ, אויף פּאָליסיע רופֿט מען עס
בײַ אונדז —
אַ בײַקע״...

טשעטשיק האָט זיך געהאַט זײַן נאַטור. אין די אָוונטן און אויך בײַטאָג פֿלעג איך אים זען זיצן נעבן זײַן קראַנקער ראָכען, אַזוי ווי ער זאָל זיך וואָרעמען נעבן איר, האַלטן זײַן האַנט אויף איר שויס. מיר קאָן זיך אויס־ווײַזן, אַז ער איז געווען אַ שווערער מענטש, טשעטשיק, און אַן אַנדערער קאָן מיר מיט אַ קאַפּוליער אַנצוהערעניש דערווידערן — און בײַ וועמען איז אַ גרינגער כאַראַקטער? עס איז מיר אָבער שווער געווען צופּאַסן זיך צו זײַנעם. באַזונדערס אין די אָוונטן. איך פֿלעג קוים דערלעבן, עס זאָל שוין ווערן טונקל און טשעטשיק זאָל פּאַרציען די פּירהאַנקעס אויף די נישט־גרויסע פֿענצטער אין עסצימער און אײַנשליסן די ראַדיאָ צו דער־הערן כאָטש עפּעס פֿון ישראל. דער ראַדיאָ־אויפֿנעמער איז בײַ טשעטשיקן שטענדיק געווען אָנגעשטעלט דירעקט אויף די ישראל־כוואַליעס. ער פֿלעגט נישט ווייניקער, ווי איך צוגעזאָטן ווערן צום אויפֿנעמער צו הערן אַ לעבע־דיק וואָרט פֿון ישראל. נאָר עס האָט זיך אים נאָכאַנאַנד געדוכט, אַז עס הערט זיך צו שטאַרק און פֿלעגט כּסדר צוגיין צו דער ראַדיאָ און מאַכן שטילער, דערנאָך צו גיין צום פֿענצטער, פֿאַרשאַרן די פֿאַרהענגלעך, צי עס שטייט נישט ווער בײַ דער שטוב פֿון דרויסן און האָרכט זיך אײַן, וואָס מען הערט דורך ראַדיאָ... און ער איז דער באַלעבאָס, און זײַן ראַדיאָ איז עס דאָך, און זײַן חדר... און לערנען אים, ווי אַזוי צו הערן — שטאַרקער, צי שוואַכער, האָב איך קיין רעכט נישט. האָב איך געמוזט שווײַגן. קומט אָן אָוונט — וויל ער גאָרנישט אײַנשליסן דעם אויפֿנעמער: „מע מוז עס יעדן טאָג הערן? — אפֿשר דאַרף מען אַ טאָג דורכלאָזן?"... פֿלעג איך זיצן, ווי אויף שפּילקעס, קיפּייען אין זיך, אָבער בעטן בײַ אים האָב איך נישט געוואָלט.

אויף אַן אמת צעקריגט זיך מיט טשעטשיקן האָב איך ווידער איבער מײַן זון. גענע האָט געמיינט, אַז טשעטשיק זעט נישט, וויאַזוי אין דער פֿרי, פֿאַר פֿרישטיק, לויפֿט ער אַרײַן אין גאָרטן צום בייט מיט די ציבעלעס און פֿליקט אַרויס אַ פֿרישן ציבעלע־פּאָדעם — אַ ציבעלײַסקע. טשעטשיק טוט אַ ווילדן געשריי, מיט שוים אויף די ליפּן באַפֿאַלט ער מײַן זון, אַרויסגעריסן פֿון זײַן האַנט דעם ציבעלע־פּאָדעם און שמײַסט אים מיט דעם איבערן פּנים: „דו, גאַנעפֿעץ אײַנער, איך וועל דיר באַווײַזן..."

און דאָס איז געשען ערב דעם קומען פֿון מײַן פֿרוי און טאָכטער פֿון מינסק. אין אָוונט זײַנען זיי אָנגעקומען מיט פּעק, בעטגעוואַנט, כּלים און פּירע שלעפּט איבערן גראָז אונדזער צונויפֿלייג־בעטל. זי שמייכלט און געניע גייט איר נאָך, ווי אַ קעלבל נאָך דער קו. איך האָב צונויפֿגעשטויסן זיך מיט אירע אויגן, אין געניעס אויגן ברענט העליש דער פֿיבער... ווי זי וואָלט גאָרנישט געשטאַנען נעבן מיר. איך פּרווו זיך מיט איר טיילן, דערצייל

איר, אַז ס׳איז מיר שווער מיטן באַלעבאָס, אַז איך ווייס נישט, וואָס צו טאָן, קוקט זי און שווײַגט מיט די אָנגעצונדענע אויגן און זאָגט מיר קיין וואָרט נישט... איך האָב נאָך געהאָפט, אַז געניע וועט זיך נעמען צו דער באַלע־באַטישקייט און מיר וועלן זיך דאָ, ווי נישט איז מיט איר הילף אײַנאָרדענען ... ווען איך האָב אויף מאָרגן ; אין געניעס אָנוועזנהייט דערמאָנט טשעטשיקן זײַן נעכטיקן שטויסן מײַן זון, דעם שמײַסן מיט דער ציבעלע־פּאָדעם איבערן פּנים און אים אָנרופן „גאַנעפעץ״! : „פּאַרוואָס קומט עס אים ?— ער איז דאָך קיין דרײַצן יאָר נישט אַלט. איבער אַ ציבעלײַסקע, אַזאַ יוכע ביי אײַך, טשעטשיק...״ און געניע שטייט דערבײַ אַראָפּגעלאָזט די הענט, אַזוי ווי זיי וואָלטן גאָר קיין הענט נישט געווען, נאָר אַראָפּהענגענדיקע פּוסטע אַרבל, שווײַגט, קוקט אויף מיר מיט צעפּיבערטער בלויקייט פון אירע ווײַסלן, ווי דאָס אַלץ האָט שוין צו איר קיין שייכות נישט...

און טשעטשיק אַליין, ווערט נישט איבעריק נתפּעל פון מײַן מוסרן אים. ער האָט עפּעס געהאַלטן אין בורטשען אונטער דער נאָז צו זײַן ראָכען און איך האָב עטלעכע מאָל געהערט זײַנע אייגע און די זעלבע ווערטער : „געקומען קיין זשיטקאָוויטש מיט אַ כּלה־מויד, טראַכט מען דאָך, אפשר, וועט זיך דאָ אויספּיקן אַ זשיטקאָוויטשער שידוך״ ?...

אַ וואָך האָבן מיר זיך געמוטשעט אין ענגשאַפט פון חדרל. פּירע איז געשלאָפן אויף דער דאַטשקע־בעטל אויף דער ווערענדע. געניעס צושטאַנד, פיל איך, איז נישט קיין גוטער. צו זײַן אין אַזעלכע באַדינגונגען, נאָך כּמעט אַ גאַנצן חודש, ווען מיטן באַלעבאָס בין איך צעאַמפּערט, פאַרשטיי איך שוין, איז אומעגלעך, האָב איך באַשלאָסן צוריקקערן זיך אַהיים. ס׳איז געווען נאָך אַן אויסוועג — אַריבער צו אַן אַנדער באַלעבאָס. אין פאַרלויף פונעם חודש, וואָס איך בין אין זשיטקאָוויטש, האָב איך זיך באַגעגנט מיט איינעם אַ ייִדן, וואָס ער, דער איינציקער, האָט אויסגעשריבן דעם „סאָוועט־טיש היימלאַנד״ און אים איז באַקאַנט געווען פון זשורנאַל מײַן נאָמען. געוועזן נאָך ייִדן, מיט וועלכע איך פלעג שמועסן. איינער פון זיי האָט אָפּגעגעבן אין זײַן שטוב אַ חדר, ווו עס פלעגט זיך אויפקלײַבן אַ מנין, בית עמעצנס אַ יאָרצײַט, און אויך אין די יום־טובים פלעגט מען דאָרט דאַווענען בציבור. בין איך צו אָט־דעם ייִדן אַ פּאָר מאָל אַרײַנגעקומען. ער האָט נאַרײַעט אַ באַלעבאָסטע מיט אַ גרויסער שטוב, די קינדער אירע לעבן אין מינסק. האָב איך זיך אויף דעם נישט אַנטשלאָסן — דאָס עצם איבערפּעקלען זיך אין שטעטל, צווישן די עטלעכע צענדליק ייִדישע מש־פּחות, פון איין באַלעבאָס צום אַנדערן, מיטן תירוץ, אַז מיט יענעם קאָן איך נישט הויזן און בין געצוווּנגען זוכן אַן אַנדערן, אַ בעסערן — הייסט

עס שוין אַרײַנפּאַלן בײַ אַלעמען אין די מײַלער. ניין, פאַרפאַלן, איך מוז אַוועקפאָרן.

איבער אַ וויכטיקן ענין האָב איך זיך נאָך אויף עטלעכע טעג פאַר־האַלטן אין זשיטקאָוויטש. ווען איך האָב מיך באַקענט מיט דעם זשיטקאָ־וויטשער לייענער פון דעם מאָסקווער ייִדישן זשורנאַל, האָט ער מיר מיט התפּעלות דערציילט, וויפל אויפמערקזאַמקייט די שטעטלדיקע ייִדן, מיט זײַן אָנטייל, פאַרשטייט זיך, גיבן אָפּ זייער בית־הקברות, וואָס געפינט זיך אַ זיבן קילאָמעטער פון שטעטל. נאָך פאַר דער מלחמה האָבן די זשיט־קאָוויטשער געפּועלט בײַ דער אָרטיקער מאַכט צו באַקומען דעם דאָזיקן שטח פאַרן בית־עלמין. פּלוצעם זאָגט מען מיר אָן: כּוליגאַנעס — ווען דאָס האָט פּאַסירט ווייסט מען נישט, מ׳האָט זיך ערשט די טעג וועגן דעם דערוווּסט — האָבן פאַראומווירדיקט דאָס הייליקע אָרט. מע האָט פאַנאַנדערגעשלײַדערט און צעקלאַפּט מצבות און די שענסטע פאַרגאָסן מיט דזשעגעכץ. זאָג איך צו די ייִדן, וואָס האָבן עס מיר דערציילט: צופוס אַהינצו וועל איך נישט דערגיין, נאָר אויב מע וועט פאַר מיר קריגן אַ וועלכן נישט איז טראַנספּאָרט, אַ פורל, אָדער אַ לאַסט־מאַשין, וועל איך אומבאַ־דינגט צופאָרן אַ קוק טאָן, וואָס דאָרט איז געשען.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אַ ייִד, וואָס אַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין דער זשיטקאָוויטשער אויטאָ־סטאַנציע, צוגעקומען צו טשעטשיקס שטוב מיט אַ קליינעם לאַסט־אויטאָ, — אַ „טריאָכטאָנקע״ און איך, מײַן פרוי און טאָכטער און נאָך אַ צוויי־דרײַ זשיטקאָוויטשער יודן זײַנען אַהין אַוועק־געפאָרן. דער בית־עלמין איז, באמת, געווען אין אַ וווּדער־שיינעם אָפּ־געצוימטן סאָסנע־וועלדל. שטיל־שטיל אַרום... אָבער ווען מיר זײַנען אַרויף אויפן הייליקן אָרט, האָבן מיר מיט די אייגענע אויגן דערזען די פרישע שפּורן פון רציחה לגבי אַ גרויסן טייל פון די מצבות. זיי זײַנען געווען אַזוי פאַר־פליוכעט, אַז די ייִדישע אותיות האָט מען קוים־קוים געקאָנט איבערלייענען. צווישן די פאַרשמוציקטע קברים זײַנען אויך געווען פון די נישט־לאַנג געשטאָרבענע ייִדן, וועלכע האָבן אין די מלחמה־יאָרן געקעמפט אויף די פראָנטן קעגן די נאַציס, פון סאָוועטישע בירגער־אַקטיוויסטן. מײַן טאָכטער האָט גופא אופין בית־עולם פאַרשריבן די נעמען און די פאַמיליעס אויף די מצבות, וואָס זײַנען אַזוי באַנדיטיש געווען צעשעדיקט און פאַרברודיקט...

און טשעטשיק איז זיכער געווען, אַז ער האָט מיך שוין אין אָרענדע, אַז ביז סוף אויגוסט וועלן מיר שוין זײַן בײַ אים. ער האָט נישט אויפ־געהערט אויפן קול צו דערמאָנען זײַן ראַכען: „געקומען מיט אַ כּלה־מויד...״ איז עס פאַר אים געווען אומדערוואַרט, ווען איך האָב אים פּלוצעם, אין דער פרי, געזאָגט: טשעטשיק, לאָמיר זיך פאַנאַנדעררעכענען, — מיר

קערן זיך צוריק אַהיים. און מיט געניען האָב איך זיך דערעדט, עס זאָל אונדז נישט זײַן אַזוי שווער צו שלעפּן די פּעק צוריק, — אַ טייל אונדזערע זאַכן אַוועקצושיקן פון דאַנען מיט דער פּאָסט. אין זשיטקאָוויטשער סיעלפּאָ־מאַגאַזין האָב איך געקויפט אַ בינטל שטריק. די רגילות־מוטשעניִנע, — אין משך פון יאָרן געהאַלטן אין איין פּאַקן זיך: פון עוואַקואַציע צוריק קיין מינסק, פון מינסק קיין ביראָבידזשאַן, פון ביראָבידזשאַן קיין נאַמאַנגאַן און לסוף ווידער קיין מינסק, האָט געניען אויפגעלעבט. און ס'איז געווען צו באַ־וווּנדערן, ווי אַזוי באַהאָוונט און געשיקט זי בינדט איבער, פאַרשטײַפט דאָס בעטגעוואַנט, די קאָלדערעס און צווישן דעם לייגט זי אַרײַן די כּלים און אַנדערע זאַכן. און בלויז זי אַליין האָט עס נאָך דעם אין שטוב געקאָנט אַלץ מיט אַ טאָלק פאַנאַנדערפּאַקן.

און מײַן טאַטער, זע איך, איז גאָרנישט באַזאָרגט, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט. זי האָט בכלל, איבעריק נישט געוואָלט פאָרן קיין זשיטקאָ־וויטש. געווען אַ סיבה — די מאַמע האָט יאָ געוווּסט פאַר וואָס, נאָר נישט געניע און נישט מײַן טאַטער האָבן זיך מיט מיר נישט געטיילט. ערשט ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט קיין מינסק, האָט זיך שוין אויסגעקלאָרט: פירע חברט זיך מיט אַ סטודענט פון מינסקער ראַדיאָ־אינסטיטוט און נאָך מיט אַ קאָמפּאַניע ייִדישע בחורים און מיידלעך. זיי ווייסן שוין דעם וועג צום מינסקער „אוויר”, לערנען עברית, מאַכן אויספלוגן מיט „פּלאַשטש־פּאַלאַטקעס” (געוואַנטענע אויפלייג־בײַדעלעך) אין די מינסקער וועלדער אויף אַ מעת־לעת און מער. און מײַן זון איז סתם געווען מלא־שמחה, וואָס ער ווערט פּטור פון טשעטשיקן.

צוריקגעקערט זיך קיין מינסק, האָב איך אין אַדרעס פונעם ווײַס־רוסישן שרײַבער־פאַריין אָנגעשריבן וועגן די געשענדעטע פּאַראָמרייניקטע און צעקלאַפּטע ייִדישע מצבות, וואָס כ'האָב געזען אויפן זשיטקאָוויטשער בית־הקברות און געבעטן, מ'זאָל דורך די געהעריקע קאָמפּעטענטע רעגיִ־רונגס־אַנשטאַלטן, אויסקלאָרן דעם דאָזיקן ענין.



מיר האָבן באַקומען אין מינסק אַ גרעסערע דירה אויף „זיעליאָני לוג”* — אַ נײַער וווינונגס־מאַסיוו. אונדזער טאָכטער פירע האָט זיך אַלץ אָפטער באַגעגנט מיט אירע יונגע פרײַנד — אַקטיוויסטן פון דער עליה און פלעגט קומען אַהיים שפּעט בײַנאַכט. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איך האָב זיך שוין מיט איר געהאַט דערעדט: דו, האָסט אַ פרײַנד, דו באַגעגנסט זיך מיט אים, איר מאַכט אויספלוגן צוזאַמען מיט אַנדערע חברים, איך

* זיעליאָני לוג — רוסיש: גרינער פּליין.

און די מאַמע, מיר שטערן דיר נישט אין דעם, אָבער פֿיר אונדז נישט אונטער, איך זאָל נישט דאַרפֿן בײַנאַכט איבערטראַכטן, ווו דו ביסט? אין וואָס פֿאַראַ וואַלד? און וואָס מיט דיר האָט דאָרט פּאַסירט? — זי האָט מיר צוגעזאָגט שפּעטער פֿון עלף אַזייגער בײַנאַכט נישט קומען...

אָבער דער זייגער איז שוין צוועלף... עס איז שוין איינס... עס פֿאַלט מיר אַרויס די נשמה. סוף זומער, אַ פֿינצטערע נאַכט... קיין טעלעפֿאָן איז נאָך בײַ אונדז אויף דער נײַער דירה נישטאָ. וואָס טוט מען? — מײַן אומרו, מײַן אויפֿרעגונג גיט זיך צעגפֿאַכיק איבער געניען. איך גיי אַרום איבערן צימער צעקאָכט, זידל אויפֿן קול מײַן טאָכטער: „זאָל זי נאָר דערלעבן צו קומען, איך וועל עס מער נישט דולדן, איך קאָן עס נישט אַריבערטראָגן. איך וועל זי צעקאַטעווען!" אָבער געניע שווײַגט. זי שרײַט נישט און מײַן יעדער געשריי, שנײַדט איר איבערן האַרצן. מיר האָבן דעם טעלעפֿאָן־נומער פֿון דער טאָכטערס חברטע. אין ברירה — לויפֿן צום טעליעפֿאָן־בײַדל, וואָס אויף דער דריטער גאַס, קלינגען צו דער חברטע, אפֿשר, האָבן זיי זיך שוין צוריקגעקערט און די טאָכטער געפֿינט זיך בײַ איר.

איך וועק פֿון שלאָף מײַן ייִנגל, ער זאָל צוזאַמען מיט דער מאַמען גיין קלינגען צו דער טאָכטערס חברטע. געניע גרייט צו מטבעות, זיי פֿאַלן בײַ איר פֿון דער האַנט. נאָר איך באַמערק נישט איר צושטאַנד, איך בין אינגאַנצן צעחושט: „מ'דאַרף דען אַ סך האָבן, מ'זאָל זיי דאָרט ספּעציעל צוהיטן און צעממיתן... וואָס האָט דאָרט אין וואַלד מיט זיי געקאָנט טרעפֿן?..." איך אײַל אונטער געניען און מײַן זון, זיי זאָלן שוין וואָס גיכער גיין. און אַז זיי זײַנען אַוועק, שטיי איך בײַ דער טיר און קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן, איך צייל די סעקונדן ביז זעכציק און נעם ווידער ציילן, געניע מיטן זון זאָלן זיך שוין צוריקקערן פֿון טעלעפֿאָן־בײַדל. אַזויפֿיל צײַט געדויערט עס... אָט זײַנען זיי... בײַ געניען פֿיבערן די אויגן, עס טרייסלט זי, קוים וואָס זי ברענגט אַרויס די פּאָר ווערטער: „נישט דערקלונגען זיך, אין טעלעפֿאָן־בײַדל איז חושך און די שוועבעלעך לעשן זיך, זי קאָן נישט אָננעמען דעם טעלעפֿאָן־נומער"... זי נעמט פֿאַנאַנדער איר פֿויסט, די מטבעות פֿאַלן אויפֿן דיל... וועל איך אַליין גיין!, — שרײַ איך און זוך מײַן קוליע און שטעקן. נאָר אָט, הונטערן טיר דערהערט זיך אַ שאַרעניש, אַ קוים־קוים שטילער אָנקלאַפּן אין דער טיר און תיכף נאָך דעם מײַן טאָכטערס קול, צוזאַמען מיטן בחורס, איך זאָל מײַן כּל חמתי נישט אויסלאָזן צו איר פֿאַר אַזוי שפּעט קומען. שטייט זי הינטער דער טיר צוזאַמען מיט איר באַשיצער. וועל איך זי דאָך שלאָגן נישט קאָנען. געניען קומט פֿון דעם קיין נחת נישט צו און דער עיקר, געזונט — געוויס נישט. אויב איך ברויז, קאָך און אַלץ רײַסט זיך אַרויס

אויף מײַנע ליפּן איז זי, געניע, שווײַגט און שטיקט אַלץ אין זיך. זי האָט קיינמאָל נישט געקאָנט אויפהייבן אַ הויכן קול אויף די קינדער, וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן, ווער רעדט שוין, וועגן דערלאַנגען אַ שטופּ, אַ צופּ...

אין יענע טעג האָבן מיר מיט געניען באַהאַלטענערהייט (אַ לעבן אָפּגעלעבט אין מורא און פּחד) באַזוכט די דירה פון דער משפּחה ווילענטשיק, פון די ערשטע מינסקער משפּחות, וואָס האָבן באַקומען אַן אַרויספאַר־וויזע קיין ישראל. פּירע האָט זיך געחברט מיט די יונגע ווילענטשיקעס און מיט זייַ טאַקע און מיט נאָך אַזעלכע בחורים און מיידלעך, פלעגט מען עס אָרגאַניזירן די אויספלוגן הינטער דער שטאָט. דער פאָטער, יאַקאָוו ווילענטשיק אַ שטילער, אַ האַרצקראַנקער מענטש, אַ קאָמוניסט, האָט פיל יאָרן געאַרבעט אין פלאַניר־אָפּטייל פון האַנדלס־מיניסטעריום פון ווײַסרוסלאַנד, האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק מיט זײַן אויסערגעוויינלעכער רויִקייט און שמייכל אויף די אויסגעבלייכטע ליפּן. איך טייל זיך מיט אים: איך האָב דאָ נישט לאַנג אָפּגעגעבן אין מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" מײַן בוך לידער אויף מאַמע־לשון און דער ווײַסרוסישער שרײַבער־פאַריין האָט מיר צוגעזאָגט משתדל צו זײַן זיך, מײַן בוך זאָל אַרײַן אינעם פאַרלאַג־פּלאַן פון 72טן יאָר. אַזויפיל יאָרן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן אַ ייִדיש בוך. — און בײַ די ווערטער מײַנע, ווערט בײַ מיר דאָס האַרץ צעשפּאַרט פון די עוולות, גזלאָוואָיע, וואָס איך האָב אין משך פון די לאַנגע יאָרן איבערגעטראָגן. ווי אַ וויוגע־ווינט פליט פאַרבײַ אין זינען מײַן מזל — בוכשטעבלעך, עטלעכע טעג פאַר דער היטלער־אינוואַזיע, האָט אין מינסק געדאַרפט דערשײַנען מײַנס אַ בוך, עס איז שוין געווען אין דער אײַנבינדערײַ... דערנאָך די פיר יאָר מלחמה, דערנאָך מיליטערישע שפּיטאָלן, דערנאָך דער פאַרשאָלטענער בירָאבידזשאַן, דער אַרעסט, דער טײַשעט־לאַג, די מאַטערנישן נאָך דעם אין נאַמאַנגאַן, דאָס קומען צוריק קיין מינסק... וועגן דעם אַלץ האָב איך יאַקאָוו ווילענטשיקן געוואָלט אויספּאַליען אין איין אָטעם, כּדי צו באַרעכטיקן זיך, אָבער איך האָב עס נישט געטאָן. פאַסט דען, מיט אַ מענטשן, וועלכן איך זע צום ערשטן מאָל, אויסצוטענהן זיך אַזוי באַריכות, אַראָפּרעדן זיך פונעם האַרצן? און ווען? — בעת ער אַליין שטייט פאַר אַזאַ האַרבן נסיון, פאַר אַזאַ געוואַגטן שריט, עולה צו זײַן? — האָב איך בלויז מײַן אייגענע אָנגעזאָליעטקייט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „קאָן איך דען אַצינד אָנגעבן פּאַפּירן אויף אַ וויזע? —

קוקט ער מיך גלײַך אין די אויגן און זאָגט: — אָבער די קינדער אײַערע, נעמלעך, אײַער טאָכטער, טאָרט איר נישט פאַרהאַלטן צוליב דעם...״

— יאָ, — זאָג איך צו אים, — און חזר איבער זײַנע ווערטער, ווי מײַנע אָן אײגענע שבועה: — מײַן טאָכטער טאָר איך צוליב דעם נישט פֿאַרהאַלטן, — און איך פֿרעג אים, — איך וואָלט וועלן וויסן, האָט מען אײַך געמאַטערט אין רײַקאָם, בײַם צונעמען דעם פּאַרטײ־בילעט?

שמײכלט ווילענטשיק מיט זײַן שטילן, בלאַסן שמײכל: — ס׳איז אַוודאי נישט גרינג, נאָר איר ווייסט דאָס אויך איבערקומען, דער הויפּט איז צונויפֿ־נעמען אין זיך אַלע כּוחות אויסצוהאַלטן די זילזולים, די פּאָמויניצעס מיט אַנטיסעמיטישן שמוץ און דערנידערונגען, די כוליגאַנישע קללות און יוו־נישע זידלערײַ.

איך דריק יאַקאָוו ווילענטשיקס ווײכע, אויסגעאײדלטע האַנט, נעם אים אַרום און ווינטש אים, און זײַן גאַנצער משפּחה געזונטערהייט אָנצו־קומען קיין ישראל.

# מײַן פּחד און שטאָלץ

דאָס איז געשען דעם 5טן סעפּטעמבער 1971 יאָר אין אָוונט, ווי תּמיד, אין אָט דער צײַט, זיץ איך אין מײַן חדרל בײַם ראַדיאָ־אויפֿנעמער אויפֿ־צוכאַפּן „קול ישראל". מ׳גיט איבער אין רוסיש אַן ענטוזיאַסטישע ווענ־דונג־בריוו צו דער פֿרײַער וועלט, פֿון אַ גרופּע יונגע מינסקער יידן קעמ־פּער פֿאַר עליה. מען רעכנט אויס דײַטלעך די נעמען און פֿאַמיליעס פֿון די, וועלכע האָבן די ווענדונג אונטערגעשריבן. און אײנע פֿון די ערשטע איז דער נאָמען און פֿאַמיליע פֿון מײַן טאָכטער — אסתּר מאַלטינסקי...

די איבערגעבונג איז פֿאַרענדיקט, נאָר איך זיץ נאָך אַלץ אַ געפּלעווטער אויפֿן שטול. אין מײַנע אויערן הילכט, ווי פּויקן־שרויט, יעדער אײנציקער זילב פֿון מײַן טאָכטערס נאָמען און אונדזער פֿאַמיליע. דאָס הילכן פֿאַלט צונויף מיט דעם קלאַפּן פֿון מײַן האַרצן, מיטן דונערן פֿון מײַנע שלייפֿן. צוויי געפֿילן ווירבלען אין מיר, ווי אַ האָסטיק־שווינדלדיקע קאַרוזעליע — מײַן פּחד און מײַן שטאָלץ פֿאַר מײַן טאָכטער. די טיר פֿון מײַן צימער איז אָפֿן, איך הייב זיך אויף פֿון שטול, אַ פֿאַרטערפּנעטקייט צווינגט מיך ווידער צו זעצן זיך. וואַרט, — מורמל איך צו זיך, — וואָס דאַרף איך טאָן? — און דאַן הייב איך זיך אויף און קום אַרײַן אינעם אַנדערן נישט־גרויסן אַלגעמיינעם צימער, אין דעם אַזוי גערופֿענעם סאַלאָן. דאָס שכנותדיקע צימערל מיט מײַנעם איז מײַן זונס. די טיר איז פֿאַרמאַכט. איך הער זיך צו, — ס׳איז דאָרטן שטיל, ער איז שוין אײַנגעשלאָפֿן... געניע איז אין

קיך. מײַן טאַטע, וואָס האָט זיך געלערנט אין דער מוזיקאַלער קאָנסערוואַטאָריע, האָט אײַנצײַטיק אויך געאַרבעט אינעם אָרקעסטער פונעם ווײַס־רוסישן קינדער־טעאַטער — איז נאָך נישט געקומען פון דער אָוונטדיקער רעפּעטיציע. זאָל איך דערציילן געניען? — ניין! שוין עטלעכע נעכט, ווי זי שלאָפט שלעכט. און איך אַליין, באַשליס איך, — האָב אויך גאָרנישט נישט געהערט... זאָל עס גיין — אַזוי ווי מײַן מאַמע פלעגט זאָגן, — מיט דער נאַטור... איך וועל אָנטאָן אַ „טויב־היטעלע"... אָבער.. איך געפין מיר קיין אָרט נישט. איך דריי זיך אַרום אַ צעחושטער, אַ געפיל בײַ מיר, ווי אויפן פּראָנט פאַר אַן אָנהויב פון אַטאַקע. נאָך געציילטע סעקונדן און — דו דאַרפסט אַרויסקריכן פון טראַנשיי, לאָזן זיך פאָרויס, ווען רונד־אַרום דזינקען דעם שונא'ס קוילן און אַלץ נעבעטער פאַלן און פּלאַצן מינעס און סנאַריאַדן מיט זייַלן פײַער און רויך, ס'צעשנײַדן די לופט שפּליטערס, וואָס זויגן זיך אײַן נעבן דיר, אין דער ערד...

איך קום אַרײַן אין קיך, רוף זיך אָן צו געניען: גיב אַ גלאָז טיי... און זי פרעגט מיך: — האָסט עפּעס געהערט?...

— ניין, — זאָג איך, — נעכטן האָט זיך אַזוי גוט געהערט און הײַנט גאָרנישט... נישט געקאָנט אויפכאַפּן, ס'האַלט אין איין הודזיען.

אויפן אַנדערן טאָג האָב איך שוין אין דער פרי נישט געקאָנט אײַנזיצן אין שטוב. פירע אײַלט אין קאָנסערוואַטאָריע. אויף איר פּנים קאָן איך גאָרנישט איבערלייענען. עס מאַכט דעם אײַנדרוק, אַז זי אַליין ווייסט נאָך נישט וועגן דעם, וואָס נעכטן אָוונט האָט איר נאָמען זיך געהערט פון ישראל פאַר דער גאַנצער וועלט און איך וויל בײַ איר גאָרנישט פרעגן. עס האָט מיך געהויבן, געטראָגן אין גאַס אַרײַן. און צו געניען זאָג איך: — איך וועל בעסער שוין הײַנט צוגיין אין שרײַבער־פאַריין, אין „ליטפאָנד" דערוויסן זיך, צי קאָן איך זײַן זיכער מיט אַ צימער אין דעם דובולטער * הויז פאַר שאַפונג. — האָב איך שוין געהאַט אַ תירוץ סײַ פאַר זיך אַליין, סײַ פאַר געניען, און סײַ פאַר די אָנפירער און די אָנגעשטעלטע, וואָס דרייען זיך אַרום אין די עטלעכע קאַבינעטן פון דעם ווײַסרוסישן שרײַבער־פאַריין, אַז איך בין געקומען נישט סתם־אַזוי, נאָר מיט מײַנעם אַן ענין אין „ליטפאָנד".

---

* דובולטי — ווען איך בין נאָך געווען אַ פּיצל־עופל, דרײַ יאָר, דאָס פּערטע, (עס איז נאָך געווען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה), מיר האָבן דאַן געלעבט אין שאַוול (ליטע), איז מײַן מאַמע מיט מיר געפאָרן צום באַלטישן ים אויפן שטראַנד, קיין דובלען, — אַזוי האָט זיך מיר פאַרקריצט אין זכרון דער נאָמען פון דער קוראָרט־שטאָט, וואָס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד הייסט זי דובולטי.

היות, ווי אין דובולטי, בײַם ריגער ים־ברעג, עפּנט זיך אין נאָוועמבער דאָס נײַע, ניַין־שטאָקיקע מיט צוויי־צימער־וווינונגען, אַלפֿאַרבאַנדישע הויז פֿאַר שאַפֿונג, האָב איך אין דעם ווײַסרוסישן „ליטפֿאָנד" געהאַט אָנגעגעבן אַ בקשה אויף אַ קאַרטע אין דעצעמבער חודש פֿאַר מיר, אַלס מלחמה־אינוואַליד, מיט אַ הנחה פֿון 50% און פֿאַר מײַן פֿרוי אויף צוויי וואָכן פֿאַרן פֿולן פּרײַז. און דאָרטן, אויפֿן אָרט, (איך פֿאַר שוין מיט איר אַהין דאָס צווייטע מאָל) האָב איך גערעכנט, בײַם דירעקטאָר פֿון הויז פֿאַר שאַפֿונג פּועלן, ער זאָל מײַנע און מײַן פֿרויס קאַרטע טיילן אויף גלײַך, מיר זאָלן קאָנען צוזאַמען אין איין צײַט צוריקקערן זיך אַהיים.

האָט מען מיר אין „ליטפֿאָנד" צוגעזאָגט צו באַפֿרידיקן מײַן ביטע.

אין שרײַבער־פֿאַריין, האָב איך, ווי געוויינלעך, געטראָפֿן זיך און געוועררטלט מיט ווײַסרוסישע שרײַבער, פּאָעטן און איך האָב נישט געפֿילט, אַז עמעצער פֿון זיי זאָל האָבן געהערט נעכטן דאָס, וואָס איך, און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: „ווער גיט עס זיך ספּעציעל אָפּ צווישן די ווײַס־רוסישע שרײַבער, צו הערן „קול ישראל"?" — איך האָב אויך געטראָפֿן אַ פּאָר ווײַסרוסישע שרײַבער — ייִדן, וועלכע קענען אויך מײַן טאָכטער, נאָר איך האָב אין זייערע אויגן קיין שום ענדערונג אין דער באַציונג צו מיר נישט באַמערקט... ערשט צוריקקערנדיק זיך אַהיים, האָט מיך נעבן מויער, וווּ איך וווין, אָפּגעשטעלט גאָרעליק, אַ ייִד, וואָס לעבט אינעם אַנדערן מויער בשכנות מיט מיר — מײַנע קינדער מיט זײַנע חברן זיך. און אויסער דעם, וואָס ער איז מײַנער אַ שכן, איז ער נאָך אויך מײַנער אַ „אָדנאָפּאָלטשאַנין" — ד.ה. מיר האָבן אין די מלחמה־יאָרן אַ געוויסע צײַט געדינט מיט אים אין איין מיליטערישער טייל, אין דער 87 שיסער־דיוויזיע. ער האָט געדינט אין דעם אַרטילעריע־פּאָלק. אין אַ דיוויזיע איז אַ צען טויזנט סאָלדאַטן און אָפֿיצירן און פֿערזענלעך האָבן מיר דאָן איינער דעם אַנדערן נישט געקענט. אָבער, אַז איך האָב זיך מיט גאָרעליקן אַנומלט פֿאַנאַנדערגערעדט, לאָזט זיך אויס, אַז ביידע געדענקען מיר די וויכטיקסטע דיוויזיע־אָפֿיצערן, דעם דיוויזיע־קאָמאַנדיר פּאָלקאָווניק קאָזאַרצעוו, דעם דיוויזיע־קאָמיסאַר פּאָלקאָווניק אַנטאָנאָוו, דעם קאָמאַנדיר פֿון אַרטילעריע־פּאָלק מאַיאָר באַגדאַרענקאָ, דעם קאָמאַנדיר פֿון דער פֿאַר־בינדלער־ראָטע קאַפּיטאַן מעזענצעוו, און אויסער דעם, האָבן מיר ביידע לכּבוד דעם 9טן מײַ, דעם טאָג פֿון זיג איבער היטלערן, באַקומען באַגרי־סונגס־בריוו פֿון דעם געוועזענעם רעדאַקטאָר פֿון דער דיוויזיע־צײַטונג „ווּפּיעריאָד נאַ וואָראַגאַ" („פֿאָרויס אויפֿן פֿײַנט") לעביעדיעוו. דער זעלבער לעביעדיעוו האָט געזאַמלט מאַטריאַלן און דאָקומענטן וועגן דער געשיכטע פֿון דער 87טער ווײַט־מזרחדיקער דיוויזיע, געגרייט אַרויסצוגעבן אַ בוך

און האָט אויסגעזוכט איבערן לאַנד לעבנגעבליבענע וועטעראַנען פון דער דיוויזיע און פון צײַט צו צײַט געשריבן צו זיי בריוו, געשיקט באַגריסונגען. רופט זיך צו מיר אָן מײַן שכן גאַרעליק:

— איר הערט דאָך, מסתם, „קול ישראל"?

— יאָ, — זאָג איך.

— נעכטן האָט איר געהערט?

— נעכטן? צעצי איך דעם נ ע כ ט ן... נעכטן האָט זיך עפּעס נישט געהערט...

איז ער מיט מיר נישט מסכּים: בײַ מיר האָט זיך געהערט פּרימע... ווײַזשע הייסט אײַער טאָכטער?

— איר ווייסט דען נישט? — שלאָג איך אים איבער אָנגעשפּיצט, — זי חברט זיך מיט אײַער ליובאָטשקען.

— יאָ, — זאָגט ער, — איך ווייס, אַז זי הייסט פּיראָטשקע אָבער ווי איז עס אויף אונדזער אמתן לשון?

— אויף אונדזער אמתן לשון, הייסט זי, אַזוי ווי מײַן מאַמע האָט געהייסן, אסתּר...

— אָ!, — זאָגט ער, — האָט איר דאָך יאָ געהערט. קאָן עס איר דאָך שאַטן צום שידוך...

— הערט, — זאָג איך צו אים, — גאַרעליק. ווו שטייט עס געשריבן, אַז ס'קאָן שאַטן? — להיפּך, עס קאָן צושפּילן...

— אָבער צו אײַער שרײַבן...

— זעט איר, צו מײַן שרײַבן, — וועל איך זיך מיט אײַך נישט שטעלן שפּאַרן...

איך קום אַרײַן אין שטוב, מײַן זון גענאַטשקע באַגעגנט מיך און באַטראַכט מיך מיט טשיקאַוועס: — די מומע בראָניע איז געווען... און געניע, באַמערק איך, האַלט שוין עפּעס אין דער האַנט. הייסט עס, אַז זי האָט אײַנגענומען פון אירע פּילן, אָדער געקליבן זיך אײַנצונעמען. זי איז אומרויִק... זאָג איך צו איר: — מ'האָט מיר צוגעזאָגט צוויי געמײנזאַמע צימערן, פֿאַר דיר און פאַר מיר, אין נײַעם דובולטער הויז פאַר שאַפונג. — און גענאַטשקע זעצט פאָר: — בראָניע האָט נעכטן גע־הערט... מ'האָט אויסגערעכנט זיבעצן פאַמיליעס, אסתּר מאַלטינסקי איז די דריטע, — שמייכלט מײַן זון צו מיר. געניע נעמט נישט אַראָפּ פון מיר די אויגן... שמייכל איך שוין אויך. — זעט איר, — זאָג איך צו געניען און צו מײַן זון, — אויף איין גאַס הערט זיך און אויף צוויי אַנדערע נישט. איז עס בראָניע געקומען אונדז אָנזאָגן די בשורה? — און גענאַטשקע שאַצט

אַפּ מיט ווירדע דער שוועסטערס טאַט: — מאַלאַדיעץ, פּיראַטשקאַ! נאָר אַזוי! איך וועל...

— וואָס ועסטו? — שלאָג איך אים איבער, — דו ביסט ערשט אַרי־בער אין אַכטן קלאַס, האָסט נאָך דרײַ יאָר צום ענדיקן די מיטלשול.

— נאָך דרײַ יאָר צו שלאָגן זיך מיט די כוליגאַנעס, אַנטיסעמיטן... — ענטפערט ער מיר און גייט מיט כעס צו זיך אין צימער און פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר...

— נישט גוט, זאָג איך צו געניען. — ער האָט שוין געגעסן?

— יאָ, — ענטפערט זי.

— און דו?

זי שווײַגט.

— קום אין קיך, מיר וועלן עסן צוזאַמען.

געניע גיסט מיר אָן אַ טעלער זופּ און עטוואָס צו זיך אין טעלער. איך עס, איך בין, ווײַזט אויס, הונגעריק. איך האָב אויפגעגעסן איין שטיקל ברויט און נעם שוין דעם צווייטן. און געניע פאַרפרעסט דעם ברעקל ברויט, אַזוי ווי אירן אַ פּיל... און קוקט אויף מיר מיט די פאַרשטאַרטע, בלוילעכע אַפּלען. — געניע, — זאָג איך, — עס, וואָס האָלטסטו אין דער פויסט פאַרקוועטשט דעם ביסן? נעם אים אין מויל אַרײַן, — פּרווו איך אַ שמייכל טאָן צו איר...

# אויף די קאָלכאָזנע פעלדער

דער דיריזשאָר פון דעם טעאַטער־אָרקעסטער האָט זיך אַלץ מער און מער גענומען טשעפּען צו מײַן טאָכטער — ס׳געפעלט אים נישט איר שפּילן, זי אַנטשפּרעכט נישט קוואַליטאַטיוו צו זײַן די צווייטע פידל. און האָט שוין אַ פּאָר מאָל פאַרשפּעטיקט צו די רעפּעטיציעס. און בכלל, איז זי אויף דער אַרבעט אָנגענומען צײַטווײַליק. קורץ גערעדט, מע האָט זי פון דער אַרבעט אין אָרקעסטער באַפרײַט. דאָס גרייטן זיך צו עולה זײַן, האָט געשטויסן מײַן טאָכטער צו פאַרלאָזן אין דער קאָנסערוואַטאָריע דעם בײַטאָגיקן גרונט־סטאַציאָנאַר און אַריבערצוגיין אויף דעם הינטעראויגיקן אָפּטייל. זי האָט זיך צוליב דעם געוועלנדעט מיט אַ בקשה־בריוו צום קאָנסערוואַטאָריע־דירעקטאָר. אויך איך בין געצוווּנגען געווען צו זײַן בײַ אים. געזאָגט אים, אַז ס׳פאַלט מיר שווער מאַטעריעל אויסצוהאַלטן מײַן טאָכטער. זי וועט מוזן אייניצײַטיק לערנען זיך און אַרבעטן. — אין מײַן קורצן געשפּרעך מיטן דירעקטאָר,

האָב איך גוט דערפילט די באַציונג סײַ צו מיר, און סײַ צו דער טאָכטער. ער האָט מיך געהערט און דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן אַ קוק צו טאָן אויף מיר און כעסדיק, אומגעדולדיק איבערגעריסן: פאַר וואָס אַזוי שפּעט? — דאָס לערניאָר האָט זיך שוין אָנגעהויבן. וועגן וואָס האָט איר פריער געטראַכט?

און איך בין געשטאַנען אַנטקעגן, אָנגעשפּאַרט אויף מײַן קוליע און געוואַרט, ביז ער האָט לסוף אַ שאַר געטאָן דאָס פּאַפּיר מיט מײַן טאָכטערס בקשה אויפן טיש צו מײַן זײַט: — טראָגט עס אָפּ אין דער קאַנצעלאַריע.

אַצינד האָט זיך פירע דרינגנד גענומען אײַנאָרדענען אויף אַרבעט, ווײַל אַנדערש האָט זי קיין רעכט נישט צו זײַן אַ סטודענטקע פונעם הינטער־אויגיקן אָפּטייל פון דער קאָנסערוואַטאָריע. נישט ווײַט פון אונדזער ווױנונג איז געווען אַ קינדער־גאָרטן, האָט מען זי דאָרט אָנגענומען נישט פאַר אַ דערציערן, נאָך פאַר אַ „ניאַנעטשקע", וואָס רוימט די צימערן, וואַשט דאָס געשיר אין קיך, שיילט קאַרטאָפל, העלפט דעם קוכער וכו׳. מײַן טאָכטער איז שוין צו פיזישער אַרבעט געוווינט געווען. די פיר יאָר פון זײַן אַ סטודענטקע פון מינסקער מוזיקאַלן טעכניקום, און שפּעטער די צוויי יאָר לערנען זיך אין דער ווײַסרוסישער קאָנסערוואַטאָריע, פלעגט מען זי יעדעס יאָר אויף די האַרבסט־חדשים אין די סאַמע רעכטע כליאָפּ־רעגנס שיקן מיט צוואַנג אין די קאָלכאָזן אויף די זומפּיקע ווײַסרוסישע פעלדער, אויסצוגראָבן מיט די הענט די קאַרטאָפל און געפינען זיך דאָרט אין באַדינגונגען פון ברוד און אומצוכט. די שווערע האַרעוואַניע געטאָן אומזיסט, בלויז פאַרן קאָל־כאָזנעם קעסט — דעם טעלער געקעכץ. און אויפן סאָוועטישן פּראָפּאַגאַנדע־לשון האָט עס געהייסן — די שטאָטישע אַרבעטער און די סאָוועטישע סטודענטשאַפט העלפן די ברידערלעכע קאָלווירטן אויסצופילן די אָבליגאַטאָרישע מלוכה־פאַרגרייטונגען אין אַראָפּנעמען די קאַרטאָפל־גערעטעניש. אין די אויגן פון המון האָט שוין אָט־דער אומפאַרשעמטער כזב ושקר געהאַט אַן אויסזען פון אַרויסגעוואָרפענע, צעטראָטענע קווייטן, וועלכע וואַלגערן זיך בײַ אַ מיסטקאַסטן. די קאָלווירטן פלעגן אין משך פון יאָרצענדליקער די פלענער פון די קאַרטאָפל־פאַרגרייטונגען, במילא נישט אויספילן. אויך די געצוווּנגענע „געמיינזאַמע כוחות" פון די שטאָטישע אונטערנעמונגען און דער סטודענטנשאַפט, האָבן נישט געהאָלפן. סײַ ווי סײַ, פלעגן יאָר אײַן — יאָר אויס אויף די פעלדער בלײַבן פוילן אין דער ערד הונדערטער טויזנטער טאָן קאַרטאָפל. מײַן טאָכטער פלעגט זיך דאָרט אין די קאָלווירטן און סאָווירטן גוט אָנבידעווען און, אַז זי פלעגט צוריקקערן זיך אַהיים מיט די פאַרקאַלייעטע, צעקרעלטע און צעראַצטע פינגער, האָט זי אַ חודש, אַוודאי, נישט געקאָנט האַלטן די פידל אין דער האַנט, ביז אירע פינגער

פלעגן ווידער קומען צו זיך און נעמען פילן דעם צאַרטן באַריר פון די סטרונעס.

היינט, די צרות און זדיעקערייען, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען צוליב איר אויסגעשפּראָכענעם חנוודיקן יידישן אַנבליק, געקרויזטן שוואַרצן קאָפּ האָר, שוואַרצע לעבעדיקע אויגן. עס פלעגט זי אַרויסברענגען פון די כלים דאָס טשעפּען זיך פון די שקצים, מע פלעג זי נישט לאָזן רויק דורכגיין די דאָרפס־גאַס, רק באַגעגענען זי און נאָכשרייען: — זשידאָוואָטשקאַ!...
דעם פאַריקן יאָר איז זי מיט נסים ניצול געוואָרן פון אַ גרויסן אומגליק — די קאָלכאָזניצע, איר מאַן אַ געוועזענער פּאָליצײַ בעת דער היטלער־אָקו־פּאַציע, בײַ וועמען מײַן טאָכטער איז מיט נאָך אַ גרופּע סטודענטקעס אײַנ־געשטאַנען אויף קוואַרטיר — מ׳פלעגט שלאָפן, וואַלגערן זיך אויפן פּאָל — האָט נישט אויפגעהערט מײַן טאָכטער יאָדען, דערגייַן די יאָרן און רופן זי: — „ושיוואַיאַ (לײַזיקע) זשידאָווקאַ!..." עס איז דערגאַנגען צו דעם, וואָס די מרשעת האָט בכיוון אַרײַנגעשטופּט אירן אַ לײַלעך אין פּירעס טשעמאָדאַן און געמאַכט אַ טומל, אַז מ׳האָט זי באַגנבעט. זי האָט געניש‏טערט אין אַלע־מענס זאַכן און מיט שאָדן־פרייד „געפונען די גניבה" אין פּירעס וואַליזקע און צעקלונגען איבערן דאָרף: „זשידאָווקאַ־וואָראָווקאַ".

דער קאָלווירט איז נישט קיין גרויסער, אַ הונדערט משפּחות. פּירעס חברטעס האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער באַלעבאָסטע האָט עס אויף פּירען אויסגעטראַכט, נאָר ווער וועט עס זיך גיין פאַרנעמען מיט דעם, אַז פון באַ־גינען טרײַבט מען שוין אַלע אין פעלד אַרויס און קוים וואָס מען קומט זיך צוריק צו שלעפּן מידע, אײַנגעקריטיקט, צעפּרוירן, דורכגענעצט ביזן לעצטן פאָדעם. אָבער בײַ די קאָלווירטניקעס, איבערהויפּט בײַ די שקצים און שיקסעס, איז שוין דאָס צונעמעניש „זשידאָווקאַ־וואָראָווקאַ" געווען אויף זייערע פאַרשיווע צינגער. און אין איינעם אַן אָוונט, עס איז שוין פינצטער געווען, נעבן דער גויעס שטוב — פּירע האָט נאָך נישט באַוויזן צו עפענען די פאָרטקע, האָט אַ טראַקטאָריסט דורך דער שמאָלער דאָרף־גאַס (אָדער ער איז שיכור געווען, אָדער פשוט געוואָלט מײַן טאָכטער אַוועק־הרגענען), פּלוצעם פאַרבלענדט זי מיטן פאָדערשטן עלעקטראָ־לאָמפּ אויפן טראַקטאָר און אַרויפגעפאָרן אויף איר. זי האָט זיך צוגעפּרעסט צום פּלויט און פון שרעק פאַרמאַכט די אויגן, האָט ער זי מיטן טראַקטאָר פאַרטשעפּעט און צעוווּנדיקט די רעכטע האַנט. מע האָט דרינגנד באַדאַרפט געבן איר ערנסטע מעדיצינישע הילף. עד־היום איז נאָך געבליבן אַ סימן. האָט אָבער אויף מאָרגן געטראָפן אַן אויסטערלישע אומגלויבלעכע זאַך — דער זעלבער שייגעץ־טראַקטאָריסט, איז געגאַנגען צו דער באַן־סטאַציע, דער קאָלווירט איז עטלעכע קילאָמעטער פון באָריסאָוו (אַ שטאָט נישט ווײַט פון מינסק)

און אויפֿן וועג איז אים איבערגעפֿאָרן אַ לאַסמאַשין און אים דערהרגעט אויפֿן אָרט. אויף די פּויערים פֿון דאָרף האָט די געשעעניש אַנגעוואָרפֿן אַן אימה. וועגן דעם, אַז נעכטן אין אָוונט איז ער אָנגעפֿאָרן און שיער נישט צעקוועטשט די ייִדישקע, האָבן זיך באַלד אַלע דערוווּסט און גלײַך אויף מאָרגן איז ער אַליין אומגעקומען. האָט עס דער פּראָסטער פּויערישער המון אין דעם קליינעם קאָלכאָז, ווי פֿון זיך אַליין, אויסגעטײַטשט, ווי אַ גרויזאַמען סימן: „גאָט האָט זיך אַרײַנגעמישט און זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר דער ייִדישקע, און אַזוי האָרב באַשטראָפֿט דעם טראַקטאָריסט".

פּירע האָט אונדז דערציילט, אַז די קאָלכאָזניקעס, סײַ די יונגע, סײַ די אַלטע, האָבן מורא געהאַט צוגיין נאָענט צו איר און פֿון ווײַטן געקוקט אויף איר מיט דער איבערגעבונדענער האַנט ווי אויף אַ בייז־ווונדער און די גויע, די באַלעבאָסטע, ווו פּירע איז אײַנגעשטאַנען אויף קוואַרטיר, האָט שוין געשוויגן, ווי יורקעס הונט, אויסגעמיטן זי און קוים דערוואַרט זיך די גרופּע סטודענטקעס מיט פּירען זאָלן שוין אָוועקפֿאָרן אַהיים.

# גילו, גיל, גיל...

און מײַן טאַטער פֿלעגט שוין נישט זעלטן אָוועקגיין צו אירע נײַע פֿרײַנד און צו יענע משפּחות, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַרויספֿאָר־וויזעס און קלײַבן זיך אין וועג, כּדי צו העלפֿן אין פּאַקן זיך, בײַזײַן אויף די געזע־גענונגס־אָוונטן לכּבוד די אָפּפֿאָרנדיקע, זינגען ישׂראל־לידער, מיטגעבן בריוועלעך... און צו זײַן צוזאַמען אין איין קרײַז מיט איר באַשערטן.

איך פֿלעג פֿון וואַרשע באַקומען די ייִדישע צײַטונג „פֿאָלקס־שטימע", דעם זשורנאַל „ייִדישע שריפֿטן" און אויך ייִדישע ביכער. מ׳האָט מיר געהאַט צוגעשיקט אַ ייִדישן לערנביכל, אַרויסגעגעבן פֿאַר די אָנפֿאַנג־קלאַסן, מיט אַלע אונדזערע ייִדישע אותיות, ווי גאָט האָט געבאָטן (ווײַל דער סאָוועטיש־ייִדישער אלף־בית, איז דאָך געוועזן הפקרדיק איבערגעדרייט, אַרויסגעריסן פֿון אים מיט בלוט און פֿלייש שטיקער פֿון ייִדישער נשמה, מיט אַלע — אָן אַן אויסנאַם — לשון־קודשע סימנים), האָב איך אָט־דעם וואַרשעווער לערנ־ביכל אָפּגעגעבן דער טאַטער און זי האָט צוזאַמען מיט מײַן זון אויסגע־שניטן די גרויסע אותיות, אויסגעסדרט דעם פּולן, אמתן ייִדישן אלף־בית, אויפֿגעקלעפּט עס אויף ווײַסע גרויסע בויגנס פּאַפּיר און ערגעץ אין אַ שטוב — צו וועמען האָב איך בײַ מײַן טאַטער נישט געפֿרעגט — גיין מיטן ברודער לערנען עבֿרית.

אין דער פרי, אויפגעשטאַנען, פלעגט שוין מײַן זון אויסזינגען מיט זײַנער אַן אייגענער מעלאָדיע די העבריִישע ווערטער: „בבקשה", „בוקר טוב", „שלום רב", „להתראות", „אמא", „אבא"...

געניע איז פון דער נאַטור באַשאָנקען געווען מיט אַ זיסער אײַנגענעם־ברוסטיקער שטים. אין די דרײַסיקער יאָרן, ווען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט עקסיסטירט יידישע קולטור, יידישער טעאַטער, מוזיק, איז זי געווען אַ כאָריסטקע פון דעם יידישן מלוכה־אַנסאַמבל פון ווײַסרוסלאַנד, מיט וועלכן עס האָט דאַן אָנגעפירט דער באַוווסטער יידישער קאָמפּאָזיטאָר פּאָלאָנסקי. אויסער דעם, האָט געניע פון אירע באַברויסקער קינדער־יאָרן געדענקט העבריִישע לידער, און איינע פון די באַליבטסטע, האָבן זיך אויך פון דער מאַמען אויסגעלערנט פירע און גענע. און גראַדע אין יענעם גישט־היימלעכן טריבן אָסיען פון 1971 יאָר, האָט אין אונדזער וווינונג אויף „זיעליאָני לוג" אָפּט געקלונגען די העלע, אויפמונטערנדיקע פרילינג־מעלאָדיע:

נירו ניר ניר, ניר
שירו שיר שיר שיר,
גילו גיל גיל גיל גיל,
כבר הנצו נצנים.

נירו ניר ניר, ניר,
שירו שיר שיר שיר,
גילו גיל גיל גיל גיל
עוד יבואו זרעונים.

און מערקווירדיק, אויך אין מײַנע אויערן האָבן אַזוי אייגן־נאָענט אָפּגעקלונגען די טענער פון דעם ליד. כאָטש איך האָב געגנוי דעם טײַטש פון די ווערטער נישט געוווּסט. דאָס איז נאָך געווען אין יענער צײַט, אַ דרײַ־פיר יאָר נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אינעם 1919—20 יאָר. איך האָב זיך געלערנט אין וויטעבסק בײַ אַ העבריִישן לערער, געדענק איך, אַז אין די רעוואָלוציאָנערע יום־טובים — אין אָקטיאַבער־יום־טוב, אינעם צווישנפעלקערלעכן יום־טוב 1טער מײַ, פלעגן אין וויטעבסק צוזאַמען מיט אַלעמען צווישן די קאָלאָנעס מיט רויטע פאָנען, מאַרשירן אויך די לערער און די קינדער פון די העבריִישע חדרים, און טראָגן בלוי־ווײַסע פענער מיט מגן־דודן און מיר, די גאָר קליינע, פלעגן האַלטן אין די הענטלעך בלוי־ווײַסע פענדלעך און זינגען דאָס זעלבע שיינע ליד:

נירו ניר ניר ניר
שירו שיר שיר שיר
גילו גיל גיל גיל...

אַצינד דערמאָן איך מיך, אַז ערב פון אַט די נײַע יום־טובים, פלעגט צו אונדז אין חדר ספּעציעל קומען דער לערער פון זינגען בעטכין (ער האָט אויך אָנגעפירט מיטן משוררים־כאָר אין דער זאַראטשייער גרויסער וויטעבסקער כאָר־שול), מיט זײַן קאַמערטאָן אין דער האַנט. עס האָט זיך מיר פאַרגעדענקט זײַן געשטופּלט פּנים און מער פון אַלץ זײַנע ברייטע שוואַרצע אויגן־לעדלעך, איך וואָלט אַפילו זיך אויסגעדריקט, אויגן־קליאַפּעס. זיי זײַנען בײַ אים תמיד געווען אײַנגעצן אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן און, ווען ער פלעגט דאַרפן אַ קוק טאָן אויף עמעצן, האָט ער געמוזט הויך פאַרהויבן דעם קאָפּ. ווען מ׳האָט שוין געהאַט פאַרמאַכט די חדרים, איז בעטכין געוואָרן אַ לערער פון מוזיק אין די ייִדישע סאָוועטישע שולן און אויך אַהין קומען מיט זײַן אַלטן קאַמערטאָן, געזונגען מיט אונדז שוין אַנדערע לידער פון די נײַע צײַטן, נאָר דאָך געוויסנהאַפט און ערנסט געשטרעבט אײַנצופלאַנצן אין די הערצער פון ייִדישע קינדער ליבשאַפט צו געזאַנג.



איך פלעג שוין יעדן אָוונט נישט דורכלאָזן אויפצוכאַפּן אויף מײַן ראַדיאָ־אויפנעמער די איבערגעבונגען פון ישראל. סוף סעפּטעמבער, אָדער אין אָנהויב פון אָקטאָבער, האָט מען פון דאָרטן ווידער איבערגעגעבן אַ בריוו פון די מינסקער עליה־אַקטיוויסטן. אַזוי ווי אין שטוב איז עס שוין געווען אויס־סוד, שרײַ איך אין סאַלאָן אַרײַן: „גיכער, געניע, מען גיט ווידער איבער!״ — געניע האָט באַוויזן צוצולויפן אין דעם מאָמענט, ווען מ׳האָט שוין געהאַלטן בײַם אויסרעכענען די נעמען און פאַמיליעס פון די, וואָס שרײַבן אונטער דעם פּראָטעסט־בריוו. און זי האָט מיט מיר צוזאַמען געהערט „אסתר מאלטינסקי״. ביידע, איך און געניע שטייען מיר בײַם נאָך רוישיקן ראַדיאָ־אויפנעמער און שווײַגן... און נישט איך און נישט זי קאָנען נישט זאָגן איינער צום אַנדערן קיין איינציק וואָרט. איך האָב זי באַדאַרפט אין יענער רגע אַרומכאַפּן און צעקושן פון שטאָלץ זײַן מיט אונדזער טאָכטער, וואָס שטעלט איר יונג לעבן אין קאָן אויסצוקעמפן דאָס רעכט עולה צו זײַן. איך וואָלט מיט דעם העלפן געניען צעטרײַבן די כמאַרעס פון איר מרה־שחורה, די אויסגעשפּונענע אייגענע אומווערטיקײַט און אומנוצלעכקײַט...

אין אָט די פּאָר חדשים האָבן זיך אַזויפיל פּחדים, דאגת־חיונה אָנגעזעצט אויף מיר, מיט אַן אַ שיער געענג און יעדער גאַנג קומט מיר אָן שווער... עס איז שוין נאָוועמבער חודש, אין די באַגינענדיקע שטאַרקע פראָסטלעך ווערן די בערגלעך און טראָטואַרן געפּאַנצערט מיט אַ דורכויסיקן שיכט אײַז און איך מוז גיין זייער פאָרזיכטיק, ממש, טראָט־בײַ־טראָט, ווײַל טאָמער,

חס־וחלילה, גליטש איך זיך אויס, פאַל איך אין מײַן אינוואַלידשאַפט מיטן קאָפּ צום אײַז... און געניע פיל איך שוין, קאָן נישט גובר זײַן זיך, אַרויס־צוגיין אין דער דערבײַיִקער שפּײַזקראָם... עס שוועבט איבער איר די שרעק פון באַגעגענען זיך מיט מענטשן... און בראָניע, די שוועסטער אירע, פילט זיך נישט גוט, זי קאָן נישט אין אַזעלכע קאַלטע און זאַלקע וועטערס קומען צו אונדז. אַ ביסל באַרויקט האָט מיך, וואָס מ'האָט ביי אונדז אין דער נײַער דירה אײַנגעשטעלט אַ טעלעפאָן, דאָס האָט מיר פאַרשפּאָרט מײַן שלעפּן זיך צום טראַלייבוס און אויך דעם עצם פאָרן אין שטאָט. איך האָב תיכּף אָנגעקלונגען אין ווײַסרוסישן אָפּטייל פון ליטפאָנד און דערוווּסט זיך, אַז פון מאָסקווע איז שוין אָנגעקומען פאַר מיר און מײַן פרוי די קאַרטע אויף דעצעמבער אינעם אַלפאַרבאַנדישן דובולטער הויז פאַר שאַפונג און איך קאָן זי שוין באַקומען. הייסט עס, טראַכט איך, קיין רעאַקציע מצד דעם שרײַבער־פאַריין אויף מײַן טאָכטערס פּראָטעסט־דאָקומענטן אין דער יש־ראל־ראַדיאָ איז נאָך נישטאָ. וואָס עס האָט מיך יאָ באַזאָרגט, דאָס וואָס אין דער צוגעשיקטער קאַרטע פון מאָסקווער ליטפאָנד איז אָנגעוויזן, אַז די צוויי גע־מײַנזאַמע צימערן און זייער נומער, פאַר מיר און פאַר מײַן פרוי, זײַנען אויפן אַכטן שטאָק און קיין ענדערונגען קאָנען נישט זײַן. פון מײַנע פריִע קינדער־יאָרן, זינט איך געדענק זיך — דאָס איז שוין מײַנע אַן אײַנגעבוירענע, וואָלט איך געזאָגט, מחלה — איך דערפיל אין זיך אַ מאָדנע נישט־זיכער־קײַט, ווען איך שטיי ביי אַ צעפּראַלטן פענצטער אויף אַ גאָר הויכן שטאָק און, בפרט נאָך, ווען איך קום אַרויס אויף אַ באַלקאָן פון זייער אַ הויכן מויער. איך קאָן דאַן נישט אײַנשטיין רויק, איך מוז אַרומנעמען מיט ביידע הענט דעם פּאַרענטש, איך געטרוי זיך אַליין נישט, די מחשבה, אַז עס איז אַזוי גרינג ווי אַ פעדער, יעטוועדע סעקונדע אַריבערצושפּרינגען דעם פּאַ־רענטש, בויערט מײַן מוח. עס ציט, ווי אַ מאַגנעט... און אײַנצײַטיק קומט מיר אַן שווער אַ קוק צו טאָן אויף אונטן... און דעריבער, גיי איך באַלד אַוועק פון באַלקאָן און שטיי נישט לאַנג ביי אַן אָפן־צעפּראַלטן פענצטער אויף די הויכע שטאָקן... אין דעם געגעבענעם פאַל, האָט עס צו מיר קיין שייכות נישט געהאַט... מיר פאָרן קיין דובולטי אין רעכטן ווינטער און עס איז קיין נויטווענדיקײַט נישטאָ צו עפענען די פענצטער, אָדער אַרויסצוגיין אויפן באַלקאָן. און דאָס וואָלט מיר אין מײַן אַרבעט נישט געשטערט. געטראַכט האָב איך וועגן געניען — צי עס איז פאַר איר נישט קיין געפאַר? און בעת זי איז מיטן זון אַוועק אין דער וועשערײַ אָפּצונעמען די וועש, האָב איך אָנגעקלונגען צו געניעס דאָקטאָר, געעצהט זיך מיט אים. ער האָט מיר געזאָגט, אַז לעצטנס, ווען ער האָט זי באַטראַכט, האָט זי זיך געפילט נישט שלעכט און דאָס פאָרן אָפּרוען בײַם ים, איז פאַר איר געוווּנטשן. און

אויף וועלכן שטאָק דער צימער וועט זײַן, האָט עס קיין באַדײַטונג נישט. — איך האָב אים באַדאַנקט און זיך אַליין דערנאָך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן: גלאָמפּ איינער, נישט קיין פראַגע, נאָר אַ קלאָץ־קשיה האָב איך אים געשטעלט, אַ בזיון...

# דובלען — דובולטי...

אונדזערע צוויי צימערן אויפן אַכטן שטאָק פון דובולטער הויז פאַר שאַפּונג, בײַם באַלטישן ים, זײַנען געווען מיט קאָמפאָרט, אַ לוקסוס־וווינונג — נײַע בלאַנקענדיקע מעבל, אַליין דער שרײַבטיש — קאָלאָסאַל־גרויס, אויסגעטאָקט, אויסגעלאַקירט... און ווען מיר פלעגן פאַר פרישטיק מיט געניען, אין דער שניי־זאַווערוכע, אָנהאַלטנדיק זיך איינער בײַם אַנדערן, צוגיין צום ברעג ים, פלעג איך פאַרכליניענדיק זיך פון ווינט זאָגן געניען: דער שרײַבטיש אין צימער איז אַזוי גרויס, ווי אַ ביליאַרד־טיש, און, זעסט, בײַם סאַמע ברעג האָט דער ים־ווינט צוגעגרייט פאַר אונדז פון אײַז אַזוי־פיל אויסגעקײַלעכטע אויסגעפּאָלירטע קוילן, אַז איך וואָלט געקאָנט מיט דיר שפּילן מיט זיי אויפן שרײַבטיש אין ביליאַרד, אַנשטאָט צו שרײַבן נײַע לידער... און הלוואי וואָלט איך אַזוי געטאָן...

מיר האָבן אונדזער צײַט אויסגעפּלאַנירט, אומגעפער, אַזוי: פרי־באַגינען, אין דרויסן איז נאָך שטאָק־פינצטער, פלעגן מיר אין דער בײַ־ימי־קער דעצעמבער־קעלט האַסטיק שפּאַנען צו דער דובולטער טעלעפאָן־און טעלעגראַף־צענטראַלע, כדי צו באַשטעלן אַ געשפּרעך מיט מינסק, מיט די קינדער. דערוויסן זיך, צי בײַ זיי איז אַלץ כשורה. אַזוי ווי אין שטוב איז שוין דאָ אַ טעלעפאָן, פלעגט בראָניע נישט אַלע נאַכט נעכטיקן בײַ אונדז און באַנוגענען זיך מיט אָנפרעגן דורכן טעלעפאָן. סוף־כל־סוף, איז שוין אונזער טאָכטער נישט קיין עופעלע — באַלד איין־און־צוואַנציק און גענאַטשקע איז שוין אויך דאָס פערצנטע. נאָר אַלץ איינס, האָב איך יעדן באַגינען געמינטערט געניען — אַזאַ גזלן בין איך שוין פון דער נאַטור, — צו גיין קלינגען די קינדער. דאָס ערשטע מאָל לאָזן מיר זיי איבער באַלעבאַטעווען אויף אייגענער אחריות. און איך זאָל אַליין גיין אין דער פינצטער, דער וועג צו דער פּאָסט איז באַדעקט מיט דינעם גלאָזיקן אײַז... פלעגן מיר יעדן באַגינען שפּאַנען אַהין צוזאַמען און צוריקגייענדיק, ס'ווערט שוין ליכטיקער — גייען מיר צו צום ווינטיקן ים, אָנצופּרירן די באַקן און די הענט, ס'זאָל זיך עסן מיט מער אַפּעטיט. אָבער

די אינדערפריזיקע שפּאַצירן אין דער דעצעמבער־קעלט, האָבן נישט גע־האָלפֿן, געניע האָט שלעכט און גאָר ווייניק געגעסן.

בײַם טיש איז מיט אונדז געזעסן אַ מאָסקווער רוסישע שרײַבערין, אַן איבערזעצערן און נאָך איינער אַ מאָסקווער לעב־יונג, אַ געזונטער גוי, נישט קיין שרײַבער, באַקומען, ווײַזט אויס, די חודש־קאַרטע אינעם מאָס־קווער ליטפאָנד דורך באַקאַנטשאַפט, אָדער, דער טײַוול ווייסט, ווי אַזוי. ער פלעגט צום טיש, ווי זײַן שטייגער, זעצן זיך שוין אונטערן גלעזל. סײַ בײַ דער מאָסקווער שרײַבערין, און סײַ בײַ דעם ניט שרײַבער דעם אויסבונד, דעם חברהמאַן, האָט געניע מיט אירע בלויע אויגן און שטילער גוטסקײַט — אויסגענומען און די רוסישע איבערזעצערן האָט זי געהאַלטן אין איין לויבן, אין משך פון די פּאָר וואָכן, וואָס מיר האָבן זיך זאַלבע־פערט געטראָפן בײַ איין טיש, האָט זי מיר נישט איין מאָל איבערגעחזרט: „וואָס קרופּנאָ פּאָוויעזלאָ”... איך ווייס נישט, ווי אַזוי בעסער און גילטיקער, איבערצוגעבן עס אויף מאַמע־לשון, אומגעפער, האָט עס אין מײַנע אויערן געקלונגען אַזוי — דאָס גליק האָט אײַך צוגעשפּילט, אָדער — ס'האָט אײַך שטאַרק אָפּגעגליקט. און אויך פאַסט זיך, דוכט מיר — איר האָט שטאַרק מצליח געווען...

נאָכן פרישטיק פלעג איך זיך אײַנגראָבן אין מײַנע העפטן און געניע האָט אין דעם אַנדערן צימער געלייענט אַ בוך, וועלכן איך האָב איר גע־עצהט נעמען אין ביבליאָטעק, נאָר וואָס פאַראַ בוך דאָס איז געווען, קאָן איך מיך בשום אופן נישט דערמאָנען, צי גאָגאָלס „טויטע נפשות”, צי פלאָבערס אַ ראָמאַן, וויפל איך פּרווו מיך נישט אָנשטרענגען, קאָן איך עס זיך נישט מוחל זײַן, וואָס איך געדענק נישט, וואָס פאַר אַ בוך דאָס איז געווען. מײַן אַרבעטס־צימער און אונדזער געמיינזאַמער צווייטער צי־מער האָבן געהאַט באַזונדערע אַרײַנגאַנגען אין וואַנע־דוש און טואַלעט, אַזוי, אַז געניע האָט מיר געגעבן די פולשטענדיקע מעגלעכקײַט צו אַרבעטן. ביז איך פלעג אַליין אויף מײַן טיש־זייגער באַמערקן, אַז עס איז שוין גע־בליבן עטוואָס מער פון אַ האַלבער שעה צו מיטאָג, פלעגן מיר זיך וואַרעם אָנטאָן און בײַ יעדן וועטער אַרויסגיין צום ים, כאָטש אַ צוואַנציק מינוט אָנקאַלייען זיך אויף דער שנײַיִדיקער קעלט. און נאָך מיטאָג האָב איך זיך ווידער געזעצט צום גראַנדיעזן טיש־פעלד... ביז איך האָב מיך צו אים צוגעוווינט, ווײַל גלײַך פון אָנפאַנג האָב איך מיך געפילט קליין און פאַר־לוירן נעבן אים. די ערשטע טעג פלעג איך די טיר צו געניען לאָזן אַביסל אָפן און פון צײַט צו צײַט כאַפּן אַ קוק, צי זי זיצט נישט נעבן פענצטער, מײַן מחלה... און שפּעטער, ווען איך האָב זיך שוין מיט פלײַס אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט, איז שוין די טיר, מיר דאַכט, געווען צוגעמאַכט... די

לידער, וועלכע איך האָב דאַן געהאַלטן, אַז זיי זײַנען בײַ מיר גרייט, פּלעג איך סײַ נאָכמיטאָג און, מערסטנטייל, אין די אָוונטן לייענען געניִען. זי האָט זיך אײַנגעהאָרכט אין יעדער שורה, אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אָבער איך געדענק נישט, אַז זי זאָל מיר וואָס באַמערקן, ס׳זאָל איר וואָס־נישט געפעלן, — ניין! אָבער אויך קיין סימן פון באַגײַסטיקונג, צופרידנקייט, איז נישט געווען אין איר בליק, קיין שמייכל אויף די ליפּן...

אוודאי און אוודאי, האָב איך נישט געטאָרט דאַן נעמען אין באַטראַכט, וואָס איך האָב שוין עטלעכע חדשים נישט געהאַלטן די פּען אין האַנט און געזאָלט דערשטיקן אין זיך מײַן שאַפונגס־נערוועזיטעט, קיין מינוט נישט באַדאַרפט אָפּטרעטן פון מײַן הינדע־לעבן, זײַן מיט איר אין די ביידע דו־בולטער צימערן צוזאַמען, אַזוי ווי מײַן מאַמע איז געווען מיט מיר אין דעם זעלבן דובלען, בײַם באַלטישן ים, ווען איך בין אַלט געווען דרײַ יאָר, דאָס פּערטע. ס׳איז דאַן זומער געווען, האָט מײַן זכרון פאַרהיט דאָס בילד, ווי אַזוי מײַן מאַמע האַלט מיך בײַ דער האַנט און פירט מיך פּאַזע ברעג (ס׳הייסט בײַ די ריגער ייִדן — „שטראַנד״) איבערן בורשטין־ווײַסן זון־בלענדיקן זאַמד, דאָס וואַסער גרייכט מיר בלויז ביז די קנעכלעך און דער שימערירנדיקער ים שפּרייט זיך ווײַט, ווײַט...

עך, מײַן דולע לידער־פאַרבלענדעניש... וואָלט איך פאַר די איבער־געבליבענע רובלען געקויפט ריגער שטאַרקן ליקער־ווײַן „באַלזאַם״ (וואָס אין די שמאָלע ליימענע קריגעלעך מיטן ברוינעם לעטישן אָרנאַמענט) און פּאַפּיראָסן פונעם בעסטן סאָרט — „קאַזבעק״ און הוליען מיט געניִען, צונויפקלינגען זיך מיט די גלעזלעך, אײַנבעטן זיך בײַ איר, זי זאָל מיט איר ברוסטיקער זיסער שטים, אויסזינגען די שיינע ייִדישע פאָלקסלידער, וואָס מע האָט געזונגען בײַ זיי אין שטוב אין באָברויסק, און די לידער פון פּאָלאָנסקיס אַנסאַמבל־כאָר אין מינסק. בײַ דער טונקעלער שײַן פון טיש־לאָמפּ אונטערן אַבאַזשור, וואָלטן מיר לעם גראַנדיעזן שרײַב־טיש אין צווייען אָרומגענומענערהייט געזעסן אין דעם ברייטן סאָוועטיש־אַריס־טאָקראַטישן פאָטעל און קושן זיך, צעוואַרעמטע פון דעם „באַלזאַם״, ווי בײַ אונדזערע ערשטע באַגעגענישן... איך וואָלט מיט פאַרגעניגן געקוקט ווי שיין און רייצנד געניִע רויכערט און האַלט דעם פּאַפּיראָס אין האַנט... און פּלוצעם דערמאָנען זיך עפּעס און איר דערציילן: מיט יאָרן צוריק האָבן געגנאַדי שווערדיק, מאָטל הארצמאַן, איך, רוווע רייזין * און נאָך יונגע פּאָעטן, צונויפגעקליבן זיך אין איזי כאַריקס דירה, ער איז נאָך

---

* געגנאַדי שווערדיק, מאָטל הארצמאַן און רוווע רייזין זײַנען געפאַלן אין די שלאַכטן אויף די פראָנטן קעגן די נאַציס.

דאַן אַלץ אַ בחור געווען און גראַדע געהאַט אָוועקגעפאָרן קיין אָדעס אויף ליטעראַרישע אָוונטן — האָבן מיר באַהעמעוועט אין זײַנע צוויי, כּמעט, פּוסטע גרויסע צימערן. בײַ כאַריקס שכנה, וואָס איז מיט איר מאַן ערגעץ אַוועק, האָבן מיר, אין אָפּענעם טשולאַנטשיק צונויפגעשקראַבעט אַ ביסל קאַרטאָפליעס, געפונען אויף די פּאָליצעס אַ סלויטשיק מיט זויערע אוגער־קעס (ס'איז געווען דער צוויי־און־דרייסיקטער יאָר, איינער פון די סאָוועטישע הונגער יאָרן) און די גלעזלעך בראָנפן פאַרביסן מיט הייסע בולבעס און מיט די אוגערקעס. זײַנען מיר דערנאָך שיכּורע, מיט שוועדיקן, געבליבן נעכטיקן אין כאַריקס דירה, געלייגט זיך אויף זײַן האַרטער, אַלט־בחורישער ברייטער בעט, געדענק איך, אַז אין מיטן נאַכט, האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט און שוועדיק איז אין די גאַטיעס פּלוצעם אַרויפגעשפּרונגען אויף כאַריקס הילצערנעם טיש און גענומען טאַנצן אַ „טשעטשאָטקע״, צוגעקלאַפּט מיט די באָרוועסע פיס, צוגעקנאַלט מיט די פינגער פון די הענט... איך האָב פון בעט מיט חידוש געקוקט אויפן בלויאויגיקן דיכטער שוועדיק, דעם האָפּערדיק־טאָנצנדיקן אויפן טיש. אין מיטן דער נאַכט... געניע הערט מיך, ס'געפעלט איר... זי קושט מיך הייס אין די ליפּן, דער רויך פון דעם פּאַפּיראָס אין איר מויל איז מיר אָנגענעם — געשמאַק. נאָר מיר דרייט זיך דער קאָפּ... איך גליטש זיך אַראָפּ פון פאָטעל, פאַל אויפן דיל... געניע הויבט מיך אויף, טראָגט מיך צום בעט, צעשפּיליעט די רימענדלעך פון מײַן פראָטעז, ברענגט מיר אַרויף פון עסזאַל אַ הייסע גלאָז טיי און פּאָיעט מיך פון אַ טיי־לע־פעלע... זי איז שטאַרק, געניע. אַ סך שטאַרקער פון מיר...

...וואָלטן מיר נישט געלאָפן באַגינען אַנטקעגן גלײַכן שניידיקן פראָסט צו דער פּאָסט, קאָנטראָלירן, דורכן טעלעפאָן די קינדער, נישט געקומען פּונקטואַלנע דרײַ מאָל אַ טאָג צום פרישטיק, וואַרעמעס און וועטשערע אין דעם גרויסן עסזאַל, אין דעם געדעמפּטן טומל און גערויש פון פאַר אונדז לגמרי פרעמדע מענטשן. ווען מיר זאָלן אַפילו האָבן געהאַט דורכגעלאָזט אַ מיטאָג, צי אַ וועטשערע, נאָר וואָלטן געווען צוזאַמען, פויגל־פרײַ... איז דאָס אָבער בײַ אונדז אַזוי נישט געשען — מײַן אומרו, מײַן זשעדנע וועלן אָניאָגן די פאַרלוירן־געגאַנגענע חדשים, צוגרייטן אַ נײַעם ציקל לידער, אַ נײַעם פּאָעטישן רעפּאָרטאַזש, האָט מיך בלינד געטריבן צום טיש, צו מײַנע העפטן, צו זײַן אין די ראַמען פון אונדזערן, פון פאָרויס אויסגעמאַרקירטן, רעזשים.

# די טיר האָט מיר געעפנט די טאָכטער

מיר זײַנען קיין דובולטי אָנגעקומען דעם 2טן דעצעמבער. עס זײַנען אַדורך עלף מעת־לעת און געניעס קאַרטע פאַרענדיקט זיך דעם 16טן דעצעמבער אײַנגעשלאָסן. בין איך דעם 14טן אינדערפרי געגאַנגען צום דירעקטאָר פון הויז פאַר שאַפונג איין מאָל און אַ צווייטן מאָל, — ס'איז בײַ אים אין קאַבינעט פול מענטשן, קוים דערוואַרט זיך אַ מאָמענט, ווען ער איז געווען אַליין. בעט איך אים: אַזוי ווי מײַן פרוי פילט זיך נישט גוט, איר קאַרטע ענדיקט זיך דעם 16טן דעצעמבער און מײַנע דעם 27טן, וואָלט איך וועלן מײַנע טעג צעטיילן פאַר מיר און פאַר מײַן פרוי, מיר זאָלן פאָרן אַהיים צוזאַמען. — ווייס איך נישט, צי דער דירעקטאָר האָט מיך נישט געהערט, צי ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס איך בעט בײַ אים, — ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, באַטראַכט מיך, נאָר באַלד אַרויסגעצויגן אויף זײַן פּנים אַ קאַלטע, שטרענגע מינע:

— ניין, ס'איז צוויי באַזונדערע קאַרטעס, אויף פאַרשידענע טערמינען, אײַערע מיט אַ הנחה, דאַכט זיך...

יאָ, — באַשטעטיק איך.

— די בוכהאַלטעריע קאָן נישט פּלאָנטערן, עס טראָגט אַרײַן אָן אומ־אָרדענונג אין גראַפיק... אָן דעם וויסן פון מאָסקווער ליטפאָנד, קאָן איך עס נישט טאָן און שרײַבן קיין מאָסקווע וועגן דעם איז שוין שפּעט... — בײַ אונדז, אין מינסקער הויז פאַר שאַפונג — קאָראָלישטשעוויטשי, איז דאָס שטענדיק אַ געוויינלעך־מעגלעכע זאַך, — פּרוּוו איך אים אויפקלערן.

— בײַ אײַך, אפשר, יאָ, אָבער דאָ... איז אַנדערש, לחלוטין אַנדערש...

איך בין פון זײַן קאַבינעט אַרויס אין גאַנצן אַ דערדריקטער, אַזוי ווי עס וואָלט זיך בײַ מיר עפּעס אָפּגעריסן אין האַרצן. איך האָב זיך צוריק־געקערט צו געניען און איר דערציילט וועגן מײַן געשפּרעך מיטן דירעקטאָר. און זי שווײַגט, זאָגט מיר קיין איינציקן וואָרט נישט. — ווייסט, — זאָג איך, — געניע, — לאָמיר מאָרגן צו אים צוזאַמען אַרײַנגיין, אפשר, וועט ער איבערטראַכטן, שווײַגט זי ווידער און זאָגט מיר גאָרנישט.

אויף מאָרגן נאָך פרישטיק זײַנען מיר באַנאַנד געשטאַנען בײַם די־רעקטאָרס טיר, געוואַרט, ער זאָל אונדז אויפנעמען. מיר זײַנען אַרײַן. איך ווענד זיך ווידער מיט מײַן בקשה. געניע שווײַגט. דער דירעקטאָר האָט

געקוקט אויף אונדז ביידן, אויפגעהויבן דעם בלײַער, וואָס ער האָט גע־האַלטן אין דער האַנט אויפן ניוואָ פון זײַנע ליפּן און נאָז און ער זאָגט מיר: — איך האָב דאָך אײַך שוין נעכטן געגעבן צו פאַרשטיין — צוויי פאַרשידענע קאַרטעס, איינע מיט אַ הנחה, די אַנדערע — אָן. איך קאָן עס אויף זיך, אָן דעם וויסן פון מאָסקווער ליטפאָנד — ער איז מײַן באַלע־באָס — נישט נעמען...

אָט אַזאַ איז געווען דער גזר, פּסק־דין פון אַ קליינעם מענטשעלע, אַ מאָסקווער ייִדן — אַ משומד. ווען דאָס וואָלט געגאַנגען אַ רייד וועגן אַ רוסישן מאָסקווער שרײַבער, אָדער וועגן אַן אָנפירנדיקן „קנעפּל" פון דעם ווײַסרוסישן שרײַבער — פאַריין, וואָלט בײַ אים קיין שום שוועריקײַט נישט געווען אָנצוקלינגען אויפן שטעל צו איוואַן וואַסיליעוויטשן, צי צו אַננאַ פיאָדאָראָוונען, אָדער ער וואָלט עס גיכער פון אַלץ געטומען אויף זיך און איינגעאָרדנט, צעטיילט, איבערגעשריבן און האָדי. אָבער, אין באַצוג צו מיר, אַ ייִדישן שרײַבער — „אַן אַנשיקעניש, ווער דאַרף זיי? שטייט דאָ מיט זײַן שאָטן, דער ווײַב, ווי אַ פּאָר בעטלער. מע האָט אים פון רחמנות וועגן אַלס אינוואַליד געגעבן די קאַרטע אויפן חשבון פון ליטפאָנד, דאַרף איך נאָך ספּעציעל קלינגען קיין מאָסקווע, צו דערשלאָגן זיך, מ'זאָל איבער־שרײַבן די קאַרטעס, צוליב וועלכע ס'איז פיר — פינף טעג צעשטערן דעם גראַפיק פון די שוין פריער — באַשטעלטע צימערן פון טביליסי, טאַשקענט, יערעוואַן — אַזאַ מין קאָפּ־דולעניש..."

ווען איך האָב אין מינסקער ליטפאָנד באַקומען די קאַרטעס קיין דו־בולטי פאַר מיר און פאַר געניען, האָב איך מיר נישט פאָרגעשטעלט, עס זאָל זיך אַזוי שלעכט באַקומען. ענדע יאָר, אין בין מאַטעריעל געענגט, ס'האָט מיר קוים געקלעקט אויף אויסצוקויפן מײַן חודשדיקע קאַרטע מיט דער הנחה און געניעס אויף צוויי וואָכן פון פולן פּרײַז און וועג־הוצאות, און באַזאָרגן די קינדער אויף דער צײַט מיט אַלץ דאָס נייטיקע... נישט בײַ מיר און נישט בײַ געניען האָט דאָן, אַנען פאַר זיך, נישט געקאָנט קומען דער געדאַנק, אַז עס זאָלן פאַרפאַלן גיין מײַנע צען פולע טעג אין דעם אַלפאַרבאַנדישן הויז פאַר שאַפונג, בעת אַ הנחה גיט דער ליטפאָנד איין מאָל, זעלטן צוויי מאָל אַ יאָר. זײַנען מיר אין דעם זעלבן טאָג אַוועק אויף דער דובולטער באַן־סטאַנציע און באַשטעלט אַ בילעט קיין מינסק אויפן 17טן דעצעמבער אין דער פרי פאַר געניען און שוין פאַר איינס צו פאַר־שפּאָרן אַ גאַנג, האָב איך אויך באַשטעלט פאַר זיך אַ בילעט, אַזוי ווי מײַן קאַרטע פאַרענדיקט זיך אין הויז פאַר שאַפונג דעם 27טן דעצעמבער, אויפן 28טן אין דער פרי, ערב נײַיאָר.

מיר זײַנען נאָך אין די לעצטע פּאָר טעג פֿאַר געניעס אָפּפֿאָרן אַהיים, געגאַנגען מיט איר אײַנצוקויפֿן עפּעס־וואָס, — מתּנות פֿאַר די קינדער און זײַנען דערנאָך אַוועק אויף דער פּאָסט, גערעדט מיט דער טאָכטער, פֿאַרזאָגט איר, ווען געניע, זי דאַרף באַגעגענען די מאַמען אויפֿן וואָקזאַל. איך האָב זיך באַאומרויִקט, וואָס געניע גייט נישט פֿאַרזיכטיק בײַם סאַמע ברעג פֿון טראָטואַר פֿון די שמאָלע יורמאַלאַר * גאַסן, איבערפֿולטע מיט טראַנספּאָרט און מענטשן; האָב איך זי די גאַנצע צײַט געצויגן פֿאַר דער האַנט, וואָס זי קוקט נישט, ווי זי גייט.

היות, מיר זײַנען קיין דובולטי געקומען צו פֿאָרן צו מיטאָג, האָט געניע — אַזוי איז געווען אײַנגעפּירט אין די הײַזער פֿאַר שאַפּונג — גע־האַט רעכט דעם 17טן אינדערפֿרי אויף אַ פֿרישטיק. און נאָכן פֿרישטיק, האָב איך זי באַגלייט צום עלעקטראָ־באַן, וואָס פֿירט קיין ריגע, און דאָרט דאַרף מען זיך איבערזעצן אין צוג אויף מינסק. ס׳איז געווען נישט קיין פּראָסטיקער — אַ זאַלקער, געדיכט־נעפּלדיקער ווינטער־טאָג בײַם באַלטישן ים. געניעס הענט זײַנען געווען קאַלט. איך האָב איר געצווונגען אָנצוטאָן די הענטשקעלעך, אָבער זי האָט זיי, איך ווייס נישט פֿאַר וואָס, אויסגעטאָן. אַ צען — פֿופֿצן מינוט האָבן מיר געוואַרט אויפֿן אָנקום פֿון באַן. פֿון יענעם באַגינען איז שוין דורך עלף — דאָס צוועלפֿטע יאָר און איך קאָן מיך נישט דערמאָנען, וואָס מיר האָבן דאַן גערעדט און צי מיר האָבן גערעדט? — ביידן איז אונדז שווער געווען... כ׳זע באַנעט פֿאַר זיך אירע מידע רויטלעכע אויגן מיטן פֿיבער־גלאַנץ, אַלע קנייטשן אויף איר פּנים זײַנען אַרויסגעטראָטן, ווי זיי וואָלטן זיך צוזאַמענגענומען אויף אַ טרויע־ריקער מסיבה... זי האָט אין יענעם פֿרימאָרגן, ווי זי פֿלעגט עס טאָן שטענ־דיק, אירע ליפּן נישט אָנגעפֿאַרבט און זיך געזײַטלט, ווי זי וואָלט וועלן אויסבאַהאַלטן פֿון מיר איר בליק. אַלע ווײַלע געהויבן בײַם הענטל דעם טשעמאָדאַן פֿון די פּלאַטפֿאָרמע־שטיינער. זאָג איך, געניע, לאָז אים אַראָפּ, מיר וועלן דערזען דעם באַן, וועסטו אים נעמען אין דער האַנט... איך געדענק נישט, זי זאָל מיר האָבן וואָס פֿאַרזאָגט, וואָס אָנגעזאָגט, נאָר איך האָב איר געבעטן: איך וועל קומען דינסטיק אין אָוונט, זאָלסטו מיך אויפֿן באַן נישט באַגעגענען און אויך פֿירען און געגען נישט שיקן, ווײַל קיין שווערע זאַכן האָב איך דאָך נישט, בלויז קליינינקײַטן, וועל איך אויפֿן וואָקזאַל נעמען אַ טאַקסי און תּיכּף קומען אַהיים...

ווען דער עלעקטראָ־צוג איז אָנגעקומען און געניע האָט שוין געהאַט

---

* יורמאַלאַ — דער נאָמען פֿון דער שטאָט בײַם ריגער ים־ברעג, וואָס פֿאַראייניקט אַלע קוראָרט־סטאַנציעס, אײַנגעשלאָסן דובולטי.

אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויפן וואַגאָן־טרעפּל, האָב איך זיך געסטאַרעט אונטערהויבן און גרינגער מאַכן דעם טשעמאָדאַן... דער עלעקטראָ־באַן שטייט אויף דער סטאַנציע דובולטי ווייניקער פון אַ מינוט. איך האָב געקוקט אויף די פענצטער פון וואַגאָן, צי זי איז פאַרבײַגעגאַנגען, אָבער איך האָב זי שוין נישט באַמערקט. זי האָט זיך בײַם אַרײַנגאַנג, מסתמא, געזעצט אויף אַ נאָענטן פרײַען אָרט...

... בין איך געבליבן אויפן אָכטן שטאָק אין די צוויי צימערן בײַ דעם שרײַב־פעלד איינער אַליין. אין די קאַלטע דעצעמבער־אָוונטן פלעג איך די ריזיק־ברייטע פענצטער־שויבן פאַרהענגען מיט די שווערע שטאָרן, אָבער איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטעלן פון זיך דאָס נאָכאַנאַנדיקע הודענדיקע וואָיען פון דעם ימיקן שטורעם־ווינט. עס האָט זיך מיר נישט אויפגעהערט צו דאַכטן, אַז דער אויסגעגלאָזטער נײַן־שטאָקיקער מויער וועט זיך אָפּ־רײַסן פון דער פּראָסטיקער ערד און אויפפליען אין ים־חשכות, פונקט אַזוי ווי איך וואָלט געזעסן פאַרקוועטשט אין אַ זיך אומשלײַדערנדיקער גאָנ־דאָלע פון אַ צעפּעלין, וואָס טראָגט זיך נידעריק איבערן צעבושעוועטן קרירה־ים. איך האָב מיך געטוליעט צו מײַנע העפטן, נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט מײַן בלײַער...

איך בין עטלעכע מאָל געגאַנגען צו דער טעלעפאָן־סטאַנציע און שטענ־דיק פלעגט אין שטוב דאָס טעלעפאָן־טרײַבל נעמען געניע. דאָס לעצטע מאָל האָב איך מיט איר גערעדט דעם 25טן דעצעמבער מיט דרײַ טעג פאַר מײַן דאַרפן אַרויספאָרן אַהיים. איך האָב איר נאָך אַ מאָל דערמאָנט — באַגעגענען זאָל זי מיך נישט. ווען איך האָב בײַ איר אַ פרעג געטאָן, ווי אַזוי זי פילט זיך ? — האָט זי מיר אַ זאָג געטאָן איין און איינציקן וואָרט — מיטל... אויך הײַנט קלינגט דאָס דאָזיקע וואָרט אין מײַנע אויערן, ווי אַ גרויזאַמער אַליאַרם־גלאָק. איך האָב אין משך פון וואָכן דערנאָך געפאָרשט, געענישטערט אַלע זײַנע שאַטירונגען און ניואַנסן: דאָס ערשטע, וואָס קומט אויפן זינען, באַטײַט מיטל — מיטלמעסיק, נישט גוט, נישט שלעכט. גאָר אַן אַנדער טײַטש פון מיטל, פון אַ מיטן איז — אַ שווער־פּונקט, זײַן אין ברען, אין פײַער. דערנאָך קומט דער אויסוועג, דאָס פאַרקלערן זיך, דאָס פאַרטראַכטן זיך, דער אויסוואַל, בוכשטעבלעך, דער מיטל, ווי פּראַקטיש צו מאַכן דעם שווידערלעכן שריט...

מאָנטיק, דעם 27טן דעצעמבער, אַ פּאָר שעה נאָך מיטאָג, אַזייגער פיר, עס האָט זיך שוין געטונקלט, די סאַמע קירצסטע טעג פונעם יאָר. מ׳קלאַפּט אָן אין מײַן טיר... עס קומט אַרײַן איינע פון די אויפּראַמערינס אין אַ ווײַסן שירץ: — דער דירעקטאָר וואַרט אויף אײַך אין זײַן קאַבינעט...

— וואָס איז געשען ? — פרעג איך.

— איך ווייס נישט, — קוקט זי מיר גלייַך אין די אויגן, — ער האָט מיר געהייסן זאָגן, אַז ער רופט אייַך.

איך גיי, — זאָג איך. — זי גייט מיר נאָך. בייַם ליפט זאָגט זי: — אפשר, צוהעלפן אייַך ? — ניין, — זאָג איך, — איך גיי דאָך... איך קום אַרייַן צום דירעקטאָר, אין דעם זעלבן קאַבינעט, ווו איך בין אַליין געווען און דערנאָך צוזאַמען מיט געניען. דער דירעקטאָר זאָגט מיר: — מע האָט אים געקלונגען פון מינסק — אייַער פרוי איז שווער קראַנק... זאָג איך צו אים: מייַן בילעט איז אויף מאָרגן...

— מיר וועלן אייַך העלפן אַרויספאָרן הייַנט. אין אַ צוואַנציק מינוט אַרום וועט די אויטאָמאַשין פון הויז פאַר שאָפונג אָפפירן אייַך קיין ריגע. איך וועל מיט אייַך פאָרן. פינף אַזייגער מיט מינוטן גייט אָפּ פון ריגע אַ באַן אויף מינסק. מיר וועלן אויפן וואָקזאַל, אין דער באַן־קאַסע, טוישן די בילעטן. גרייט זיך צו...

די זעלבע אויפראַמערין איז מיר נאָכגעגאַנגען. איך האָב אין מייַן טעקע אַרייַנגעשפּאַרט מייַנע העפטן, מייַן טיש־זייגער, די טואַלעט־קלייני־קייַטן. כ'האָב אַ קוק געטאָן אין מייַן טייַסטער, צי דער באַן־בילעט איז אויפן אָרט. אויפן דיל היינטערן פאָטעל האָט זיך געוואַלגערט מייַן שאַליק. די אויפרוימערין האָט אים מיר דערלאַנגט: — קוקט זיך אַרום, צי איר האָט גאָרנישט נישט פאַרגעסן.

אינעם אויטאָ בין איך געזעסן נעבן שאָפער (איבער מייַן אינוואַליד־שאַפט איז פאַר מיר דאָס אָרט פיל באַקוועמער), הינטער מיר — דער דירעקטאָר. די אויטאָ איז געגאַנגען האַסטיק, נאָר דער וועג האָט געמוזט נעמען מער פון אַ האַלבער שעה. איך האָב בייַם דירעקטאָר גאָרנישט נישט געפרעגט. קיין איינציקן וואָרט האָב נישט איך, און נישט ער אַרויסגעבראַכט... איך האָב זיך נישט קיין קער געטאָן און זייַן פּנים נישט געזען. אויפן ריגער וואָקזאַל, נעבן דער בילעטן־קאַסע איז, ווי געוויינלעך אַ צען־פופצן מינוט פאַרן אָוועקגיין פון באַן, אַ געדרענג און אַ געשטופעניש. דער דירעקטאָר האָט מיר געהאָלפן דערנענטערן זיך צו דער קאַסע. וואָס ער האָט די מענטשן הינטער מיר דערקלערט, האָב איך נישט געהערט. נאָר אָט בין איך שוין בייַם סאַמע קאַסע־פענצטערל: אַן אומגליק, — זאָג איך, — און שטרעק אויס מייַן בילעט.

קיין מינסק בין איך אָנגעקומען צוויי אַזייגער בייַנאַכט. ווען דער טאַקסי־שאָפער איז מיט דעם אויטאָ שוין געווען אויף „זיעלאָני לוג" און דערנענטערט זיך צום מויער, ווו מיר ווינען, האָב איך דערזען — אין אַלע דרייַ פענצטער פון אונדזער דירה, אויפן צווייטן שטאָק, איז פינצטער...

ס'האָט נאָך אַ צאַפּל געטאָן אין מײַן מוח אַ שוואַכער פונק פון האָפענונג — אַלע שלאָפן... איז עס אפשר, נישט קיין אומגליק?...

די טיר האָט מיר געעפנט מײַן טאָכטער: — דו ווייסט דען ניט? — די מאַמע איז געשטאָרבן...

אין טיר פון זײַן צימער איז געשטאַנען מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר, אין די זאַכן, באָרוועסערהייט, מײַן פערצניאָריקער זון...

# דער טראַמווײַ־בילעט

אין פאַרלויף פון די צען טעג — פון 17טן דעצעמבער, ביזן זיבן־און־צוואַנציקסטן, האָט זיך געניעס לעבן, אַזוי ווי אַ שטיין, וואָס רײַסט זיך אָפּ פונעם שפּיץ באַרג, געקײַקלט אַראָפּ... אויפן מינסקער וואָקזאַל האָבן זי באַגעגנט מײַן טאָכטער און איר בחור ליאָווע. אויפן אַנדערן טאָג איז זי געגאַנגען געוויר ווערן איר שוועסטער. בראָניע האָט זיך געהאַט שטאַרק צוגעקילט און איר איז נישט גוט געווען מיטן האַרץ. זי איז מיט אַ יאָר צוועלף — דרײַצן עלטער פון געניען. בראָניע האָט מיר דערנאָך דערציילט: געניע האָט מיר געזאָגט וועגן די פאַרבראַכטע צוויי וואָכן אין דובולטי מיט די ווערטער — „מיר האָבן געלעבט, ווי די טײַבעלעך, ווי אין די ערשטע חדשים פון אונדזער זײַן צוזאַמען". מער איז שוין געניע בײַ בראָניען נישט געווען און אויך בראָניע האָט צוליב איר אָפּגעשוואַכטקײַט און פאַרקילונג נישט געקאָנט זײַן בײַ אונדז. בראָניע האָט עטלעכע מאָל, האָט זי מיר געזאָגט, — געקלונגען צו איר. בראָניע אַליין האָט געהאַט אירע אייגענע עגמת־נפש — אַלץ געטראָגן דעם פאַרטײַעטן כּעס אויפן זון, וואָס איז גלײַכגילטיק צו די ביז גאָר שלעכטע באַציִונגען צווישן איר און דער שנור —. מײַן טאָכטער איז אינגאַנצן פאַרנומען געווען מיט זיך — די אַרבעט אין קינדער־גאָרטן, די איבונגען אויפן פידל און דאָס וויכטיקסטע — די ליבע מיט ליאָווען. זי האָט געזען, אַז די מאַמע פילט זיך נישט גוט, האָט שוין ווידער קיין מוט נישט. אַפילו, צו אַרויס אין גאַס אײַנצו־קויפן, וואָס מע דאַרף צום נײַעם יאָר.

— טאָכטערקע, — האָט איר די מאַמע געזאָגט, דו ביסט מײַן באַלע־באַסטעטשקע און דו ווייסט בעסער פון מיר, זע, וואָס אין קיל־קאַסטן איז און וואָס מע דאַרף נאָך צוקויפן. טו דאָס.

— וואָס די מאַמע האָט מיך יאָ געבעטן, — האָט דערציילט די טאָכטער, — קויפן קאָנווערטן און נײַ־יאָר־קאַרטלען, כּדי באַצײַטנס אָנצושרײַבן די

אייגענע און פרײַנד נײַ־יאָר־גראַטולירונגען, באַגריסונגען. איך האָב זיך געסטאַרעט, — האָט מיר די טאַכטער דערקלערט, — ווו איך בין נאָר אין משך פון טאָג געווען, אָנצוקלינגען דער מאַמען, אָנצופרעגן זיך בײַ איר, ווי זי פילט זיך. און, באַרויִקט זיך מיט דעם, וואָס איך געדענק און לאָז נישט אַרויס פון זינען די מאַמען. — און מײַן זון האָט זיך געפילט, ווי אַ פיש אין וואַסער: דער טאַטע — אין דובולטי און די מאַמע, זעט ער, רעדט שוין ווידער שטיל און מורמלט עפּעס צו אים — גענאַטשקע, גענאַ־טשקע... און זיפצט... דאַרף ער שוין דער מאַמען קיין חשבון נישט אָפּגעבן, וווהין ער לויפט און ווען ער וועט זיך צוריקקערן. געניע האָט איבערגעגעבן פירען עטלעכע אָנגעשריבענע גראַטולירונגס־בריוו און קאַרטלען, זי זאָל זיי אַרײַנוואַרפן אין נאָענטן בריוו־קעסטל. — דו זעסט, מײַן טאַכטערקע, — האָט איר די מאַמע געזאָגט, דו ביסט שוין אַ גרויסער מענטש, מען קאָן זיך אויף דיר אין גאַנצן פאַרלאָזן... אַ פאָלגע באַלעבאָסטעטשקע, אין קיל־קאַסטן איז שוין אַלץ דאָ צום נײַעם יאָר, צום טאַטנס קומען...

אין דער צײַט, וואָס זי איז געווען אין דובולטי, זײַנען קיין בריוו פון דער עלטערער טאַכטער נישט געווען און די געציילטע טעג פאַרן גע־שעענעם, האָט זי זיך געבעטן בײַ פירען און בײַ גענען: — איך זעט דאָך, אַז איך בין שוין ווידער קיין מענטש נישט, לאָזט מיך פאָרן צו רײַען. בײַ איר וועל איך זיך דערפילן בעסער...

האָבן די טאַכטער און דער זון דערוווידערט: — וויזשע וועלן מיר דיך לאָזן אַליין ווינטער, אין אַזאַ ווײַטן וועג און וואָס וועלן מיר זאָגן דעם טאַטן?

— לאָזט מיך, ס'וועט מיט מיר גאָרנישט נישט פּאַסירן... איך בין אַ שטײַנערנע... בלויז דער קאָפּ טוט מיר אַביסל ווײ... דאַרפט איר אַ מאַמען מיט אַזאַ מין קאָפּ?...

די טעג נאָך איר קומען פון דובולטי איז געניע געשלאָפן אין מײַן צימער, אויף מײַן בעט. די טאַכטער — אין איר צימער, דער זון — אין זײַנעם. אַלע זײַנען בײַ אונדז געשלאָפן אויף סאָפעס, בלויז אין מײַן צימער איז געשטאַנען אַ נידעריקע, ברייטלעכע בעט. אָבער אין דער נאַכט פון 26טן אויפן 27טן דעצעמבער, אַזוי האָט מיר מײַן טאַכטער געזאָגט, — האָט זיך די מאַמע גאָר אין בעט נישט געלייגט. זי האָט, ווײַזט אויס, די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, אָדער צוגעלייגט זיך אין סאַלאָן אויף איר סאָפע. און דאָס איז געווען ריכטיק, ווײַל ווען איך בין אַרײַן אין צימער און אָנגעצונדן די שײַן, האָב איך דערזען פאַר מײַנע אויגן, אַ מערקווירדיק־אַקוראַט־פאַרבעטע בעט, די גרינע קאָפּע מיט די ווײַסע שפּרענקעלעך אַזוי קונציק גלאַט אויסגעשפּרייט, דאָס הויך־אויפגעשלאָגענע

קישן באַדעקט מיט אַ ווײַס־בלאַנקענדיקן געזוימטן צודעקל, געניעס לעצטע זאָרגזאַמקײַט: „צוגעגרייט פאַר דיר פון וועג אַ פרישן געלעגר, נישט צוגערירט זיך צו אים...״

און אין דער פרי, ווען דער זון איז שוין געווען אַוועקגעלאָפן אין שול, און די טאָכטער האָט, ווי איר שטייגער איז געווען, דעם מוזיק־שטענדער איבערגעטראָגן אין ברודערס צימער, ווײַל דורך זײַן פענצטער האָט זי געזען די גאַנצע נאָך נישט־פאַרבויטע רעכטע טייל פון אונדזער ברייטער גאַס סיעדיך, וואָס דערגרייכט אַהינצו אַזש ביזן טראַמווײַ־מאַרשרוט צום צענטראַלן מינסקער יאַקוב קאָלאַס־פּלאַץ, אין דער ריכטונג פון טשעלוס־קין־פּאַרק. מײַן טאָכטער האָט ליב געהאַט צו שפּילן אויף איר פידל און איינציײַטיק צו זען פאַר זיך די לאַנגע באַזונטע גאַס סיעדיך ביזן סאַמע סוף. ס׳האָט שוין געמוזט זײַן די צענטע שעה, זאָגט געניע פּלוצעם צו־פירען: — טאָכטערקע, איך האָב באַשטימט, פונדעסטוועגן, צוגיין, — און האָט אָנגעוויזן דורכן פענצטער, — צו יענעם־אָ פיש־מאַגאַזין. ערב נײַעם יאָר איז דאָרט שטענדיק דאָ לעבעדיקע פיש. —

— דאָס איז פאַר מיר געווען אַזוי אומדערוואַרט, — האָט דערציילט די טאָכטער, — די גאַנצע וואָך נאָך איר קומען פון דובולטי איז זי דאָך, כמעט, פון שטוב נישט אַרויס. איך האָב נישט באַוויזן זי צו פאַרהאַלטן, אָפּצורעדן, זי זאָל נישט גיין, ווי זי האָט שוין עפענענדיק די טיר אַ זאָג געטאָן: „ס׳וועט בײַ מיר, טאָכטערקע, נישט געדויערן, איך וועל זיך באַלד צוריקקערן״. — איך האָב פאַרגעזעצט צו שפּילן און דורכן פענצטער אַלץ געקוקט, ווי די מאַמע האָט זיך דערווײַטערט, געגאַנגען אין איר גרינעם ווינטער־מאַנטל מיטן ברוינעם רענצל אין דער האַנט. אַהינצו, אַהינצו, ביז סאַמע סוף גאַס, האָב איך זי געזען פאַר מײַנע אויגן...

אין וויפל שעה אַרום מ׳האָט געניען געפונען ליגן טויט נעבן איינעם פון די אָפּגעווײַטערטע בענקלעך אין דעם פאַרשנייטן טשעלוסקין־פּאַרק, האָב איך זיך נישט דערוווּסט. קיין שום דאָקומענטן זײַנען אין איר רענצל נישט געווען, אויסער אַ באַטיק־ביכל. דאָרט זײַנען געווען פאַרשריבן אייני־קע היימישע אַדרעסן פון אַ ריי ווײַסרוסישע דיכטער, מײַנע איבערזעצער, צו וועמען מיר פלעגן נישט זעלטן גיין צוזאַמען אָפּנעמען גרייטע איבער־זעצונגען. אַזייגער איינס, צי אפשר שפּעטער, בײַטאָג, האָט די מיליציע אַרויסגערופן אַ צוויי, צי דרײַ פון אָט די דיכטער, צי זיי דערקענען נישט, ווער די טויטע פרוי איז?

און אַרום פיר האָט מען שוין געקלונגען צום דירעקטאָר פון דובולטער הויז פאַר שאַפונג, ער זאָל דרינגנד העלפן מיך צוריקקערן זיך קיין מינסק. איך האָב דערנאָך געניעס גרינעם ווינטער־מאַנטל אויפגעהאָנגען אויף

דעם זעלבן אָרט, אין אונדזער קליידער־שאַפע. עס איז דורך אַ יאָר און דער שאַרפער ריח פון דעם עסיק־עסענס האָט זיך פון אים נאָך אַלץ נישט געהאַט אויסגעוועפּט. אין אַ וואָך, צי צוויי וואָכן אַרום נאָך דער לוויה, האָט די מיליציע צוריקגעקערט געניעס האַנט־רענצל. דאָרט איז געווען אַ בײַטעלע מיט עטלעכע מטבעות, דאָס נאָטיץ־ביכל און די איינציקע אומאָפּפרעגלעכע עדות פון איר זיכערן טויט — די דרײַ אויסגעליידיקטע פלעשעלעך עסיק־עסנס און אַ שאַרף־שפּיציק שערעלע, מיט דער הילף פון וועלכער זי האָט, ווי מיט אַ פּינצעט אָפּגעבערעקלט אַרום די העלדזלעך פון די פלעשעלעך דעם טריוואַקס — סורגוטש און אַרויסגעצויגן די פּראָבקעס. מער איז אין דעם רענצל גאָרנישט געווען. און ווי אַזוי זי האָט עס אַלץ אָפּגעטאָן? — דאָס ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל...

איך האָב אין משך פון וואָכן איבערגענישטערט אין שטוב אַלץ, איבער־געבלעטערט אַלע ביכער און העפטן און נישט געפונען קיין איין־איינציקן רמז, קיין אות, געניעס, צו מיר, אָדער צו די קינדער. בלויז אין דער קעשענקע פון איר גרינעם ווינטער־מאַנטל, האָב איך אָנגעטאַפּט אַ צונויפ־געדרייט ברעקל פּאַפּירל — דער טראַמוויי־בילעט, מיט וועלכן זי איז גע־פאָרן צום טשעליוסקין־פּאַרק און נישט צוריקגעקערט זיך צו מיר און צו די קינדער...

געניעס האַנט־רענצל האָב איך געהאַלטן אין אונדזער קליינעם וווינונגס־אַלקערל, דעם אָנגעשטאָפּטן מיט פאַרשיידענע שטוב־זאַכן, אויף דער אויבערשטער פּאָליצע. און ווען איך פלעג אַליין בלײַבן אין שטוב, איז נישט געווען דער טאָג, איך זאָל נישט אָנצינדן אין אַלקערל די עלעקטריע און אַראָפּ־נעמען דאָס רענצל, עפענען און קוקן אויפן שפּיציקן שערעלע און אויף די קאַנטיקע פלעשעלעך פון נישט־דורכזיכטיקן דיקן גלאָז... וואָס אויף דער נשמה בײַ מיר האָט זיך געטאָן? — אַ שטוב נאָך אַ שריפה. די פּאָזשאַר־ניקעס זײַנען געקומען, דערשטיקט דעם פלאַם, אָבער דער דאַך איז דורכ־געבראָכן, די ווענט און די פענצטער פאַרשוואַרצט און פאַרקוילט, אַלץ צעוואַלגערט, צערונירט, חרוב...



רײַע, די עלטערע טאָכטער, איז געקומען צו פליען פון אַקטיובינסק. אין די שניי־שטורעמס זײַנען די עראָפּלאַן־רייסן געגאַנגען זייער נישט־רעגו־לער, מיט גרויסע פאַרשפּעטיקונגען. האָט זי קיין שום מעגלעכקײַטן נישט געהאַט קומען צו דער לוויה. זי איז אָפּגעווען בײַ אונדז אַ חודש. מיט אַ קורצער צײַט פאַר דעם האָט זי געהאַט פאַרענדיקט דעם אַקטיובינסקער מעדיצינישן אָוונט־אינסטיטוט און שוין אַלס דאָקטאָר געאַרבעט אין אַ יִשוב־שפּיטאָל, אַ 60—70 ק״מ פון שטאָט. זי האָט מיר דערציילט, אַז

אין שפיטאָל איז זי געוואָרן נאָענט מיט אַ חולה, אַ יונגן מענטשן, געהאָלפן אים געזונט צו ווערן און וויל מיט אים פאַרבינדן איר לעבן. איך האָב דאָן נישט געקאָנט און נישט געפּרוּווט פאַנאַנדערפרעגן זי, ווער דער דאָזיקער מענטש איז, מיט וועמען זי האָט באַשלאָסן חתונה האָבן. זי איז 31 יאָר, אינגאַנצן זעלבשטענדיק און איך האָב קיין רעכט נישט צו שטעלן איר איבעריקע קשיות. איך האָב איר צוגעזאָגט צו געבן אַ צימער אין אונדזער וווינונג און, כּדי מען זאָל זי דאָרט, אין קאַזאַכישן יישוב אָפּלאָזן פון דער אַרבעט, ווײַל נאָכן פאַרענדיקן דעם אָוונט־אינסטיטוט, האָט זי לויט די אָנגענומענע שטרענגע כּללים, באַדאַרפט דרײַ יאָר אַרבעטן אויף דער פּעריפעריע אין קאַזאַכסטאַן. האָב איך זיך געווענדעט צום ווײַסרוסישן שרײַבער־פאַריין וועגן מײַן לאַגע — אַ מלחמה־אינוואַליד, נאָך דער פּרויס טויט, האָבנדיק נאָך אַ קליינעם זון, — און געבעטן משתדל צו זײַן זיך, מ׳זאָל מײַן טאָכטער פון אַקטיוּבינסקער געגנט אַריבער פירן אויף אַרבעט קיין מינסק. אַזאַ בקשה־בריוו אין נאָמען פונעם שרײַבער־פאַריין, האָב איך פאַר רײַען געקראָגן. וואָס עס האָט מיך דאָן יאָ שטאַרק געקימערט? — די קרענק פון רײַעס נאָענטן פרײַנד, מיט וועמען זי וועט פאַרבינדן איר לעבן איז — שווינדזוכט. כאָטש, ווי רײַע האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער האָט זיך שוין אויסגעהיילט, האָב איך מיך, דער עיקרשט, געשראָקן פאַר מײַן זון. אין איין וווינונג צו זײַן מיט אַזאַ מענטש.

בײַ מײַן יינגערער טאָכטער פירען זײַנען געווען אירע אייגענע איבערלעבונגען, וואָס אויך מיר זײַנען זיי שטאַרק נוגע געווען: חתונה צו האָבן מיט ליאָווען האָט זי נישט געקאָנט איבער זייער אַ וויכטיקער סיבע: ליאָווע איז געווען דער איינציקער זון בײַ אַלטע טאַטע־מאַמע און לויטן סאָוועטישן געזעץ, האָט דאָס אים געגעבן אַ להאָטע, אַ פּריווילעגיע, וואָס באַפרײַט אים פון אַרמיי־דינסט. און ווי נאָר ער וועט חתונה האָבן, פאַרלירט ער די להאָטע און מוז גלײַך גיין דינען, ווערט נישט איינציקער, ווי אויף דרײַ יאָר, דערווײַטערט פון מײַן טאָכטער און פון איר באַשערטן זייער טרוים אַרויסצורײַסן זיך פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, עולה צו זײַן קיין ישראל. די אַנדערע איבערלעבעניש פירעס איז — אַ פּאָר חדשים, ווי זי מיט ליאָווען וואַרטן אויף די אַרויסרוף־קאַרטעס פון ישראל, פאַר יעדן פון זיי באַזונדער, כּדי אָנצוגעבן די דאָקומענטן אין אוויר. די אַרויסרוף־קאָרטן זײַנען שוין געוויס לאַנג אין מינסק, נאָר די ק. ג. ב. פאַרהאַלט זיי בכיוון און שיקט נישט פאַנאַנדער לויט די אַדרעסן. מײַן טאָכטער איז דאָך שוין אין די צעטלטן פון די מינסקער עליה־אַקטיוויסטן.

איך אַליין, כּל זמן זי האָט נאָך אירע דאָקומענטן אין אוויר נישט אָנגעגעבן, בין איך נאָך אונטער אַ האַלבן חשד — מײַן לידער־בוך פאַרן

מאָסקווער־פאַרלאַג „סאָוויעטסקי פּיסאַטיעל” האָב איך שוין צוגעגרייט. אמת, איך ווייס נאָך נישט, אין וועלכן יאָר־פּלאַן עס קאָן אַרײַן — אין 72טן, צי אין 73טן־ — איך האָב אויך באַקומען אַ חודשדיקע שעפערישע קאָ־מאַנדירונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד” (די שעפערישע קאָמאַנדירונגען פון „סאָוועטיש היימלאַנד” פלעגן באַשטעטיקט ווערן דורכן אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער פאַריין. און סײַ די קאָמאַנדירונג גופא און סײַ די געלט־מיטלען, פלעגט אַרויסגעבן דער מאָסקווער סעקרעטאַריאַט פון שרײַבער־פאַריין), אַזוי ווי כ׳האָב געבעטן, — קיין אוזדע, אַ ווײַסרוסיש־יידיש שטעטל, אַ זעכציק קילאָמעטער פון מינסק. מײַן איינציקע באַרויקונג — מיט דאָ־פלטער עקשנות און מיט אַלע מײַנע כוחות ראַנגלען זיך, צו שטאַרקן און שלייפן מײַן יידישן קינסטלערישן וואָרט. איך זאָל נישט אומקומען, ווי אַ יידישער שרײַבער, מוז איך ווײַטער זײַן אין מײַן סטיכיע — צווישן שטעטלדיקע יידן. אָבער, כדי צו באַקומען אַ מאַטעריעלע און אָפיציעלע מעגלעכקײַט צו זײַן אַ לענגערע צײַט אין אַ שטעטל, און קאָנען זיך באַגע־גענען מיט יידן, בין איך געצוווּנגען אין מײַנע לידער, רײַזע־באַשרײַבונגען, וועלכע איך דרוק אין דעם איינציקן יידישן זשורנאַל אין סאָוועטן־פאַר־באַנד „סאָוועטיש היימלנאַד”, דאָס עיקרדיקע, וואָס אויף מײַן נשמה טוט זיך, אויסצובאַהאַלטן צווישן די שורות, בלויז אָנדײַטן, נישט דערזאָגן... און דער ביטערער אמת פלעגט בלײַבן פאַרפּרעסט אין הארצן. למשל, אין דער באַשרײַבונג מײַנער וועגן אוזדע וואָס איז געווען געדרוקט אין זשורנאַל אינעם 1973י. לייענען מיר : „מײַנע יונגע יאָרן האָבן זיך שוואַ־ליאָם דורכגעטראָגן איבערן גרויסן הויכן לעבנס־בריק, זײַנען שוין העט־העט אַהינטער טויזנט פאַרשרפעטע, פאַרטונקלטע האָריזאָנטן. איך בין שוין איצט, — איך קאָן עס זאָגן בקול רם — אַן אַלטער, עלנטער ייד. איך האָב נישט לאַנג פאַרלוירן מײַן לעבנס־באַגלייטערין און איצט, אין מערץ פון דעם 72טן יאָר, האָב איך צום ערשטן מאָל אין מײַן אָרדנטלעכער רײַזע אַליין זיך אויסגעריכט אין וועג און מיט טריבער אומהיימלעכקײַט און האַרץ־טיאָכקעניש אַרײַנגעזעצט זיך, במחילה, אין אויטאָבוס”...

אין דערווירקלעכקײַט איז געשען גאָר אַדערש, וועגן וואָס איך האָב אין זשורנאַל נישט געטאָרט דערמאָנען. און געווען איז אַזוי : אין דעם זעלבן אויטאָבוס איז מיט מיר מיטגעפאָרן מײַן טאָכטער, די מינסקער אַק־טיוויסטקע פאַר עליה, כדי צו העלפן דעם טאַטן, דעם אינוואַליד צו שלעפּן דעם טשעמאָדאַן קיין אוזדע אויף דער פּראַלעטאַרסקער גאַס, צום יידן איטשע העלער, מיט וועמען איך האָב געהאַט אַ שריפטלעכע דערערעדקײַט צו וווינען בײַ אים אַ חודש. אָבער בעת מיר זײַנען אָנגעקומען קיין אוזדע און אַראָפּ פון אויטאָבוס, דאָס איז געווען, אומגעפער, צוועלף בײַטאָג,

האָט אַ מיליציאָנער מיך און מײַן טאַטער פאַרהאַלטן און אוועקגעפירט אין דער אוזדער מיליציע־באַצירק. און די שטעטלדיקע ייִדן און פּויערים האָבן דורך די פּאָר גאַסן, ביז צו דער אוזדער מיליציע־געבײַדע געזען, ווי דער מיליציאָנער האָט אונדז געפירט. אין דער מיליציע האָבן מיר בײַ אַ שעה געוואַרט, ביז מע האָט מיך און מײַן טאַטער אַרײַנגערופן צום נאַטשאַלניק. ער איז קנאַפּ וואָס נתפּעל געוואָרן פון מײַן אויפגעבראַכקייט, אים האָט הנאה געטאָן אונדזער פאַרלאָרנקייט, דערנידערונג, וואָס מיר האָבן ביידע אין אָט די מינוטן איבערגעלעבט. ער האָט לויט אַלע זשאַנ־דאַרמישע כּללים בודק געווען מײַנע דאָקומענטן, אײַנגעשלאָסן די אויטאָ־ריטעטע קאָמאַנדירונג פון דעם אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער־פאַריין.

— אויף וואָס פאַרא סמך האָט מען אונדז אין מיטן העלן טאָג פאַר־האַלטן? — ווענד איך זיך צו אים.

—— גייט, און נעמט אײַך נישט איבער, לערנט אונדז נישט, מיר ווייסן וואָס מיר האָבן צו טאָן, — האָט ער מיט אַ ביטול־בליק באַגלייט מיך און מײַן טאַטער.

מיר זײַנען אַרויס פון דער מיליציע־געבײַדע און דערזען פאַר זיך אַ געזעמל נײַגעריקע, וואָס האָט געוואַרט, געוואָלט וויסן, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן. איך בין אַ רגע געשטאַנען פאַרצווייפלט, שוין זשע פּלאַצט מײַן קאָמאַנדירונג קיין אוזדע? — און איך וועל געצוווּנגען זײַן צוריק־קערן זיך אַהיים מיט גאָרנישט? — נאָר מײַן טאַטער פרעגט בײַ דער גויע, וואָס דערנענטערט זיך צו אונדז: — ווו איז די פּראַלעטאַרסקע גאַס?

און די פּויערטע פרעגט איבער: די פּראַלעטאַרסקע? — וועמען דאַרפט איר דאָרט?

— איטשע העלערן, — ענטפער איך שוין פאַר מײַן טאַטער.

— קומט, — זאָגט זי צו אונדז — ס'איז אַ פּאָר טריט. איך וועל אײַך צופירן צו זײַן שטוב. ער איז געשטאַנען בײַ דער קאַליטקע, ווען מ'האָט אײַך געפירט... ס'איז אײַער טאַטער? — ענלעך אויף אײַך.

— יאָ, — זאָג איך, — מײַן טאַטער.

העלערן האָב איך בכלל נישט געקענט. אַ מינסקער פרײַנט האָט מיר געהאָלפן צונויפרעדן זיך מיט אַן אוזדער תּושב וועלכער איז שוין לאַנג אַריבערגעפאָרן קיין מינסק, נאָר וואָס האָט קרובים אין אוזדע. האָט יענער ייִד מיר נאָרײַעט פאַרפאָרן צו העלערן, וואָס לעבט אויף דער פּראַלעטאַרסקער גאַס און פאַרמאָגט אַ גוראַמע דירה. האָב איך זיך מיט יענעם העלערן צונויפגעשריבן און אָפּגעמאַכט צו זײַן בײַ אים אַ חודש אויף קוואַרטיר. צו העלערס שטוב איז געווען נישט קיין פּאָר טריט, נאָר, מסתם, די גאַנצע פּאָר הונדערט. און בײַ מיר אין קאָפּ האָט זיך געטראָגן אַ ווירבל פון

מחשבות: „דער ייִד העלער האָט געזען, ווי דער מיליציאָנער האָט אונדז געפירט אין מיליציע. ער וועט חרטה האָבן אויפן גאַנצן עסק, ער וועט זיך דערשרעקן. וואָס דאַרף ער זיך פֿאַרפּלאָנטערן מיט מיליציע?... איך האָב דאָך אַ מאָסקווער קאָמאַנדירונג, וועל איך, סוף כּל סוף, דינגען אַ צימער אין האָטעל...״

די פּויערטע, וואָס איז געגאַנגען האַרט נעבן מיר, לאָזט מיר אָבער נישט טראַכטן: — דער נאַטשאַלניק האָט אײַך געהייסן עפֿענען דעם טשעמאָדאַן? — טוט זי אַ ווײַז אָן אויפֿן היפּשן טשעמאָדאַן אין מײַן טאָכטערס האַנט.

— ניין, — זאָג איך.

— איר האָט עפּעס געבראַכט צו פֿאַרקויפֿן?...

— טײַערע, — זאָג איך צו איר, — איך האָב גאָרנישט נישט צו פֿאַרקויפֿן. איך בין אַ פּיסמעניק * און דער טשעמאָדאַן, וואָס מײַן טאָכטער טראָגט איז אָנגעפּאַקט מיט מײַנע פּאַקוטעס — מײַנע צרות און אומגליקן... אַ שווערער טשעמאָדאַן... און אײַער מיליציע־נאַטשאַלניק האָט ביסטרע אויגן, געזונט זאָלן זיי אים זײַן... ער האָט אויף מײַן נאָז תּיכּף איבערגעלייענט אַלץ, וואָס אין מײַן טשעמאָדאַן טוט זיך...

— אַהאַ... זאָגט די פּויערטע צו מיר, — איך פֿאַרשטיי שוין, איר זײַט אַ פּיסמעניק... אָט זײַנען מיר געקומען. עפֿנט די קאַליטקע, האָט קיין מורא נישט, גייט גלײַך דורכן הויפֿל, קיין הינט זײַנען בײַ העלערן נישטאָ. אַ ווילער ייִד, העלער...

איך האָב מיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר העלערן: דאָס בין איך עס דער ייִדישער שרײַבער און דאָס איז מײַן טאָכטער פּיראָטשקע.

איך האָב שוין געזען און געהערט, — רופֿט זיך צו מיר אָן איטשע העלער, — וואָס האָבן זיי געוואָלט פֿון אײַך? — אַ טראַסצע אויף זייערע הערצער. זעצט זיך, כאַפּט איבער דעם אָטעם... איך פֿיל דאָך, אַז איר זײַט אַ ביסל פֿריטשמעליעט. איך וועל אויפֿקאָכן אַ גלעזל טיי.

און ווער ווייס, וואָס עס וואָלט מיט מיר געשען, ווען איטשע העלער וואָלט טאַקע איבערגעקלערט און מיך אײדל אָפּגעשיקט אין אוזדער האָטעל? — וואָלט איך שוין געוויס אין אוזדע קיין צוטריט נישט געהאַט צו אַ ייִדישער שטוב. אין מײַן דעמאָלטדיקן צושטאַנד, ווען די ווונד אין מײַן האַרצן איז נאָך געווען אַזוי רוי. אין משך פֿון אַ פּאָר טעג האָבן שוין איטשע העלער, זײַן פֿרוי אידע און איר ברודער יוסף קאָנטאַראָוויטש אַלץ געוווּסט פֿון מײַן גאַנץ לעבן און וואָס עס האָט פּאַסירט אין מײַן

* פּיסמעניק (ווײַסרוסיש) — אַ שרײַבער.

משפחה, ביז די סאַמע לעצטע טעג פאַר מײַן אַרויספאָרן מיט דער קאָמאַנ־דירונג קיין אוזדע. איך האָב זיך אויך געטײלט מיט זײ װעגן מײַן טאַכטערס גרײטן זיך אַװעקצופאָרן קיין ישראל. װײל איך פאַר אײַך פאַרשטעלן אין מײַן בוך אָט די ליבע, האַרציקע ייִדן, אַזוי װי איך האָב זײ דאַן געמאָלט.

# איטשע העלער און זײַן װײַב אידע

אַ געפאַקטער, נישט קיין הויכער, גײט ער אַרום איבער דער שטוב אינעם מאַנטל און אין װינטערדיק היטל, אַרויפגערוקט שטײַף, װי אַ רײף אויפן שטערן. דאָס איז אַ סגולה — זאָגט ער, — צו זײַן גיפּערטאָניע און דיאַבעט. דער מאַנטל איז אויף אים ענג, און עס לאָזט זיך מערקן דער אַרויסטאַרטשענדיקער בויך. אויף אײַך גיבן שאַרף אַ קוק, װי דורך שפּעלטעלעך, צװײ בלױלעכע קלײנינקע אויגן, װי „געפּאַרלאָזע גאָל־מע־סערלעך". דער ערשטער אײַנדרוק איז, אַז דאָס איז אַ מענטש אַ פלעגמאַ־טישער, נישט קיין רירעװודיקער, אַ בריאה, װאָס קאָן נישט איבער זײַן פוילקײַט זיך צװינגען מאַכן אַן איבעריקע באַװעגונג. װען זײַן װײַב אידע קומט אַ מידע און אויסגעבלײכטע פון דער אַרבעט, הער איך שוין פון פאַרהויז איר שטענדיקע לידעלע: „די פולע הבדלה איז נאָך אַלץ אויפן בענקל?" — דאָס גיט זי איר מאַן װײך אָנצוהערן, אַז אונטער דעם האַנט־פאַס איז די שיסל ביז די ראַנדן פול מיט שמוציק װאַסער און, װי גע־װײנטלעך, פאַרגעסט ער זי אויסצוגיסן.

באַמערקט אָבער העלער פאַרבײַ פענצטער דורכגײן אַ נויטיקן אים מענטשן (אין דער פרי, װי נאָר איטשע שטײט אויף, רוקט ער צום אַלעם־ערשטן פאַנאַנדער די פאַרהענגלעך אויף אַלע פענצטער צו דער גאַס), גיט עס אים אַ טראָג, װי אַ װינט, צו דער טיר, און אָט הער איך שוין, װי האַסטיק ער טוט אַן עפּן די הויף־פאַרטקע, און איך זע, װי שנעל ער דעריאָגט דעם מאַנצביל, אָדער די פרוי, מיט װעלכער ער באַדאַרף צוליב עפּעס זײַנעם אַן ענין דורכשמועסן זיך. און דעריבער, װי איך פאַרשטײ, גײט ער עס אָפּט אַרום איבער דער שטוב אין מאַנטל און אין היטל, ער זאָל קאָנען גלײַך אַרויס אין גאַס. לאַנג זיצן אין שטוב קאָן ער נישט — עס ציט אים כּסדר אויף דער גאַס, צום מערקל, צום שטעטלשן געטומל, לכל הפּחות אַהין, װוּ צװײ שטײען. איך האָב אײנגיכן זיך אָנגעשטויסן, װאָס דער סוד איז פון העלערס אומרו, פון זײַן אַרומגײן איבער דער שטוב,

דאָס זיצן ווי אויף שפּילקעס. דער סוד, לאָזט זיך אויס, איז — דער ביטערער טראָפּן.

די פענצטער צו דער גאַס דינען העלערן פאַר אַ באַאָבאַכטונגס־פּונקט: אַנטקעגן זײַן שטוב איז דער פּלויט, וואָס צוימט אַרום דעם גרויסן קלויסטער־הויף. שבת און זונטיק שטעלן זיך אָפּ בײַ דעם דאָזיקן פּלויט דאָרפישע פורלעך — אַ פויער מיט אַ קעלבל, מיט הינדעלעך, צי מיט אַ „פויגלדיקן האָן", מיט אַ פּאָר גוטע טרוקענע קעזן. דורך העלערס פענצטער זעט זיך איבערן קלויסטערישן הויף דאָס קאָלווירטישע מערקל אויפן פּלאַץ, וואָס געפינט זיך אויף דער שכנישער גאַס. איטשע האָט שוין אַזוי אַנגעטרענירט זײַן ראיה, אַז ער באַמערקט מיט וואָס פאַר אַ מין סחורה דער, אָדער יענער פויער, צי פויערטע שטעלט זיך בײַ די האַנדלס־טישלעך.

אויסער דעם איז די פּראָלעטאַרסקע גאַס איינע פון די צענטראַלע אוזדער גאַסן און העלער זעט, אַזוי ווי אויף דער דלאָניע, ווער און מיט וואָס עס גייט פאַרבײַ זײַנע פענצטער. ער האָט די פולע מעגלעכקייט אַלע ווײַלע „אַרויסשפּרינגען" פון שטוב צו כאַפּן אַ שמועס מיט וועמען נאָר דאָס האַרץ גלוסט.

אין פאַרלויף פונעם חודש, וואָס איך האָב מיך געפונען בײַ העלערן אויף קוואַרטיר, האָב איך זיך צו אים צוגעוווינט און מיר איז געווען מיט אים נישט לאַנגווײַליק. אמת, איך פלעג, כּמעט, אַלע טאָג אוועקגיין שמועסן מיט די אוזדער ייִדן. איך האָב געהאַט באַשלאָסן באַקענען זיך מיט די ייִדישע משפּחות, וואָס לעבן אַצינד אין אוזדע. עס איז, אפילו, געווען נישט זייער איידל פון מײַן זײַט — איך פלעג זיך אַליין אַנבעטן צו זיי אין געסט. יאָ, מיט העלערן איז מיר געווען אינטערעסאַנט צו ריידן — אַ יודע־ספר, געדענקט פּסוקים, פאַרטײַטשט זיי ריכטיק, און זאָגט ער אַרויס אַן אייגענעם געדאַנק, איז ער אָפּגעטאָקט, ווי אין פּינטל אַרײַן. פון אַלע זײַנע פּסוקים האָט זיך מיר איבערהויפּט פאַרקריצט דער טרויעריקער פּסוק, וועלכן ער מורמלט נאָכאַנאַנד מיט אַ ניגון: „אל תשליכנו לעת זקנה, ככלות כּוחנו אל תעזבנו"... קיין קינדער זײַנען בײַ די העלערס נישט פאַראַן.

פון וואַנען העלער איז אַזוי באַהאַוונט אין די שוואַרצע פּינטעלעך איז פאַר מיר געבליבן נישט קלאָר, ווײַל, ווי כ'האָב פאַרשטאַנען פון זײַנע רייד, האָט ער קנאַפּ זיך געלערנט.

— קיין שום סמיכות, — האָט ער צו מיר געטענהט, — האָב איך נישט. פון מײַנע יונגע יאָרן אָן, בין איך אַן אפּיקורס און „ווידוויזשעניעץ". נאָר אין די געציילטע זמנים, וואָס איך האָב יאָ געלערנט אין חדר, האָב איך די תורה גוט אײַנגעזאַפּט אין זכרון. משמעות, געהאַט אַ שאַרף קעפּל.

איך קוק אויף איסאַק איזראַיליעוויטשן און טראַכט זיך מײַנע געדאַנ־קען: אַט דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז אַ לײדאַק, אַ בטלן, און אַט קלער איך שוין אַנדערש: פאַר וואָס קומט עס אים, איך זאָל אים אַזוי באַטיטלען?
— ער האָט אין זײַן לעבן אַזויפיל צרות געהאַט. אַן עלטערער מענטש, האָט אַ ווויל הארץ, זײַן טבע איז — אַרײַנצוגיין אין יענעמס אַ נויט. ער האָט ליב צו טראַכטן וועגן מענטשן, ער קאָן געדולדיק אויסהערן יעדן איינעם און דעריבער איז ער אַזוי נאָענט מיט אַלע אוזדער תושבים, מיט פיל פויערים פון די אַרומיקע דערפער. ער רעדט אויסגעצייכנט ווײַס־רוסיש — מיט שפריכווערטער, מיט קאַפּוליער אַנצוהערעניש, און, ווי איך האָב עס אַליין באַמערקט, — מיט יעדערן, מיט קליין און גרויס, האָט ער וואָס צו ריידן. ער ווייסט תמיד, וואָס עס טוט זיך בײַם מיטשמועסער אויף דער אַרבעט, אין דער משפחה, ווער צו וועמען עס איז געקומען צו גאַסט, וועמענס אַ זון, צי אַ טאַכטער האָט חתונה געהאַט, ווער עס איז קראַנק געוואָרן, ער ווייסט גענוי, וואָס פאַר אַן אָפּעראַציע, דעם אָדער יענעם שטייט פאָר צו מאַכן אין מינסק. דאָס רוב, ווען ער רעדט מיט עמעצן פון די אָרטיקע, שמייכלט ער. זײַנע בלויע אויגן קוקן נישט פאַרשפּיצט־שאַרף, ווי דאַן, ווען ער ווערט מיט אַ מאָל אויפגעטראָגן (העלער האָט ליב פון צײַט צו צײַט צו דערמאָנען וועגן זיך: איך בין אַ „שפּילטשעוווער"), נאָר זיי קוקן, די אויגן, מיט מיטגעפיל, גוטברודעריש, און אַן אַ חכמה גייט עס בײַ אים נישט. אָבער ער חכמהט זיך נישט בייז, נאָר גוטמוטיק־לצניש, פריילעך. די פויערים און פויערטעס באַגריסן זיך מיט אים פּאַניע־בראַטסקי. נאָך פון דער ווײַטן שרײַט מען צו אים:

— דזען דאָברי איסאַק איזראַיליעוויטש!

— זדאָראָוו איזרײַליטש!

— יאַק מאַיעסיאַ, (ווי פילסטו זיך, ווי גייט עס דיר) איזרײַליטש?

און פאַראַן פויערים, וואָס פאַרגעסן נישט די צײַט, ווען העלער איז געווען אַ פאַרגרייטער. די דאָזיקע האָבן ליב אַ שפּאַס צו טאָן: „העלער, ווילן מיר פאַר דיר אין אָסיען פאַרגרייטן 200 קילאָגראַם פעדער פון וואָראָבייטשיקלעך און ווינטער גוט אײַנטאָפּטשען אין זעק עטלעכע טאָן שנײַ און די זעק אַרויפוואַלגערן אויפן אויוון טריקענען".

איטשע זאָגט צו מיר: — ווען איך זאָל זיך שטעלן אינדערפרי בײַ דער קאַליטקע נעבן מײַן פריזבע, וואָלט איך תיכף אָנגענומען פולע קעשע־נעס מיט גוטמאַרגנס. ווען מ׳קאָן... לאַכט ער, — אויסבײַטן די „גוטמאַרגנס" אויף קלינגערס, וואָלט איך גרינג, ווי אַ פעדער, צו מײַן פענסיע געהאַט נאָך אַ פענסיע.

איטשע העלער איז אַליין אַ שאַצקער — אַ שטעטעלע צווישן אוזדע און פּוכאָוויטש, — נאָר קיינעם פֿאַלט גאָר נישט איַין צו רעכענען העלערן פֿאַר אַן אַנגעפֿאַרענעם. פֿאַר די זיבן און צוואַנציק יאָר נאָך דער מלחמה געדענקט שוין גאָר קיינער נישט, אַז ער איז פֿון שאַצק.

אין די מלחמה־יאָרן האָבן די דייַטשן אין שאַצק געהרגעט זייַן ווייַב און קינדער. צוריקגעקערט זיך פֿון קריג, האָט שוין העלער אין שאַצק פֿאַר קיין פֿאַל נישט געוואָלט פֿאַרבלייַבן און איז אַריבערגעפֿאָרן לעבן אין אוזדע. דאָ איז ער זיך צונויפֿגעגאַנגען מיט דער פּאַרטיזאַנקע אידע קאַנטאָראָוויטש, וועלוול־סראָלס דעם שמידס טאָכטער. אידעס עלטערן זייַנען אומגעקומען אין אוזדע. לעבט זי מיט העלערן אין איר ירושה־שטיבל. קיין קינדער, ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, האָבן זיי נישט. זיי האָבן די גאַנצע צייַט געלעבט נישט פֿאַרעגיסטרירט. סוף־כּל־סוף, דאָ נישט לאַנג, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק זייַנען זיי אַוועק אין זאַגס * און זיך פֿאַרשריבן. נאָר קיין גרויס נחת איז אַלציינס נישט פֿאַראַן, מ׳עלטערט זיך, קאָן מען זאָגן, נישט אין פֿריידן. און אַלץ צוליב דעם, וואָס איטשען ציט, ווי אַ מאַגנעט, צום ביטערן קאָפּ... איַי דער טראָפּן, — ער איז אַרייַנגעדרונגען אין זייַן נשמה, ווי אַ מכשף. דאָס איז עס זייַן „שטן", וואָס לאָזט אים נישט אָפּ און יאָגט אים און טראָגט אים... און, אַז מ׳איז אַלט אַ זיבן און זעכציק יאָר, איז אַזאַ מין „שטן־מקטרג" אַ גוטע אָנשיקעניש, בפרט נאָך, אַז מ׳האָט מחלות אויף מחלות.

— אויסער מייַן דיאַבעטל און מייַן גיפּערטאָניע, — קליגלט זיך איטשע, — האָב איך נאָך אַ קרענק, וואָס מען רופֿט זי — „מיר־ייִדן"... פֿון דער דיעטע ווער איך שוין אין גאַנצן צעמישט: קעז, יע, סמעטענע — נישט, פּוטער מעג איך אויפֿעסן אַ לעק, אַ בולבע — אַ טאָג, פּעטע קאָל־באַס טאָר איך אין מויל נישט נעמען. אַ זיסע גלאָז טיי מיט אַ שטיקל געבעקס — מייַן אידע באַקע אַן אַנטיק — חיות נישט זיכער. איז וואָסזשע נעמט מען אין מויל אַרייַן? — אַ קאַלב מאַכט זיך איין מאָל אין אַ שמיטה און, אַז מען נעמט שוין אין שותּפֿות אַ קאַלב, ענדיקט זיך מיט אַ מחלוקות און קריגערייַ: מייַן פֿעל, מייַן „סיטשוק", כאַטש גיב אים אָפּ פֿאַרן אָפּשינדן דאָס קעלבל דעם גאַנצן פֿריידעק, דעם קאָפּ מיט די פֿיס צוזאַמען.

איטשע העלער האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן נישט פֿון איין גוס — אַ געלאַטעט לעבן. צען מלאכות און ווייניק ברכות. אָן אַ גרונט־ספּעציאַלי־טעט. דער זיידע און דער טאַטע — בעלי־מלאכות, קירזשנער. אין די ייִנגל־יאָרן האָט איטשע געהאָלפֿן דעם טאַטן, און שוין אַלס בחור גע־

---

* רוסישע ראשי־תּיבֿות — אַמט פֿון רעגיסטרירן אַקטן פֿון ציווילן סטאַטוס.

אַרבעט אין דעם שאַצקער קירזשנער־אַרטעל. האָט אָבער געטראָפֿן, אַז מ׳האָט אים אין דעם 30טן יאָר אַרויסגערוקט, ווי אַ יונגן אַרבעטער פֿאַר אַ פֿאַרזיצער פֿון אַרטעל. ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו דעראָבערן דער־פֿאַרונג, פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט — און שוין אַ שטיקל „נאַטשאַלניק״. האָט ער זיך מיט דער אַרבעט נישט ספּראַוועט. שיקט מען אים אין אַן אַנדערן אַרטעל. און פֿון דעם אַנדערן גאָר אויף אַן אַנדער אָרט. אַ קורצע צײַט געווען דירעקטאָר, אָדער פֿאַרוואַלטער פֿון אַ קליינעם סמאָלע־קור זאַוואָד (טרײַבן סמאָלע, טערפּענטין). אויף קיין איין אָרט האָט ער זיך לאַנג נישט געהאַלטן, מע פֿלעגט אים רק „איבערוואַרפֿן״ פֿון איין אַרבעט אויף דער אַנדערער. מיט יאָרן איז צו דער „אַריבערוואַרפֿעניש״ צוגעקומען, זאָל ער מיר מוחל זײַן, איטשע, דער ביטערער טראָפּן. אַזוי איז געווען פֿאַר דער מלחמה, און דאָס זעלבע — נאָך דער מלחמה, ווען ער איז שוין געווען אַ מענטש פֿון אַ בכבודיקן עלטער. מיט עטלעכע יאָר פֿאַרן אַוועקגיין אויף פּענסיע, איז העלער געוואָרן אין אוזדע דער פֿאַרוואַלטער פֿון אַ פֿאַרגרייטונגס־קיאָסק. ער האָט באַדאַרפֿט אײַנקויפֿן בײַ די פּויערים פֿאַר דער מלוכה אייער, פֿעלכלעך, עפּל, באַרנעס, געטריקנטע פּרוכטן, הייל־גראָזן, פֿעדערן. כּדי צו דער צײַט, און ווי געהעריק, אויספֿילן די מלוכה־פּלענער, האָט מען געדאַרפֿט גוט אַ האָרעווע טאָן, אַרומפֿאָרן איבער די דערפֿער און אויפֿן אָרט פֿאַרסירן די פֿאַרגרייטונגס־אַרבעט. איז אים גע־קומען צוהילף אידע. צוזאַמען „אײַנגעשפּאַנט״ זיך אין קיאָסק, איז שוין איטשען געווען לײַכטער, אָבער פֿאַר איין געהאַלט — לויטן לוין־טאַריף האָט אין דעם קיאָסק געמעגט אַרבעטן נאָר איין מענטש. דערפֿאַר טאָקע פֿעלט איצט אידען אַרבעטס־סטאַזש צו איר פּענסיע. עטלעכע יאָר, גלײַך נאָך דער מלחמה, נאָך די שווערע פּאַרטיזאַנישע יאָרן, האָט זי געקרענקט, נישט געהאַט קיין מעגלעכקײַט צו אַרבעטן. זי איז שוין אַלט אַכט און פֿופֿציק יאָר. דאָס אַכטע יאָר, ווי זי אַרבעט אין אוזדער פֿיליאַל פֿון דער מינסקער שוך־פֿאַבריק „לוטש״, בײַם קאַנווייער פֿון פּרוּשע זומער־שיכלעך. אידע איז מיט איר אַרבעט צופֿרידן. זי פֿאַרדינט גוט. זי פֿילט זיך גוט אין דעם אַרבעטער־קאָלעקטיוו, וואָס באַשטייט אַממערסטנס פֿון יונגע שיקסעס און גויעס, אָנגעפֿאָרענע פֿון די אַרומיקע דערפֿער. זי טרייסט זיך דערמיט, וואָס איר אַרבעטס־סטאַזש ווערט אַלץ גרעסער. אַבי עס זאָלן איר, — ווי זי זאָגט, — נישט אונטערפֿירן די כּוחות.

אין די אָוונטן, ווען אידע איז אין דער היים, כאַפּן זיך צו איר אַרײַן חברטעס, אירע שכנטעס, געוועזענע פּאַרטיזאַנקעס, כּדי זיך דורכצושמועסן, אַראָפּריידן פֿון האַרצן, טיילן זיך מיט די פֿאַרדרוסן אויף די מענער, מיט אַן אוזדער נײַעס, פֿון עפּעס אַ פֿאַמיליע־לעבן, וואָס בײַ דער טוט זיך,

וואָס בײַ יענער טוט זיך. עס איז נישטאָ דער אָוונט, ווען אידע איז נאָר אין שטוב, עס זאָל צו איר נישט אַרײַנקומען זיצן אַ ביסל גאַלינאַ פּעטראָוו־נאַ (אַלע רופן זי דאָ — מאַראָזיכע), זי לעבט די דריטע שטוב פון די הע־לערס. אַ פּענסיאָנערקע און איינציַיטיק, שוין אַ סך יאָרן אַ שומרטע אין אַן אוזדער אַרטעל. זי שטאַמט אַליין פון דעם דערבײַיִקן דאָרף טשורזילאָוואַ. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט אין די קינדער־יאָרן געלערנט זיך צוזאַמען אין איין שול מיטן ווײַסרוסישן שרײַבער אַליעס יאַקימאָוויטש.

איך הער מיט איין אויער, ווי אַזוי די מאַראָזיכע קלאָגט זיך פאַר אידען:

— מע פאַרגינט מיר נישט, וואָס איך האָרעווע, שלאָף קיין נעכט נישט, וואָס איך באַקום פּענסיע און וואָס איך האַלט קוואַרטיראַנטקעס־מיידלעך. זייער באַבעס־דאגה. מײַן פאַהאָרעוועט געלט. און אַז איך קויף עפּעס אַ קאָפּטל, אַ פּאָר שיכלעך, אַ מתנה פאַר מײַנע אייניקלעך — זאָגן די בייזע צינגער, אַז דאָס האָב איך געירשנט רחלס גאָלד (גאַלינאַ פּעטראָוונאַ לעבט אין דער שטוב, וועלכע האָט ביז דער מלחמה געהערט צו דער אוזדער אײַנוווינערין רחל גאָלדין).

אידע ענטפערט איר אויף דערויף: — פון וואַנען איז בײַ רחל גאָלדין געווען גאָלד, אַז זי האָט אַ גאַנץ לעבן נישט אַרויסגעלאָזט די נאָדל פון דער האַנט? — געהאָרעוועט מיט דעם זיבעטן שוויס. לאָך זיך פון זיי אויס, פון דײַנע ניט־פאַרגינערס.

— איך מיין אויך אַזוי, — באַשטעטיקט די שכנה. פאַר מײַן האָרע־וואַניע קאָן איך קויפן, וואָס איך וויל און פאַר וועמען איך וויל.

עס טרעפט, אַז עס קומט אַ שכן, אַ שכנה אַנטלײַען עטלעכע רובל. אידע און איטשע זאָגן קיינמאָל נישט אָפּ אין אַזאַ געפעליקײַט.

זונטיק אין דער פרי, איך בין נאָך נישט געווען אַוועקגעגאַנגען, איז אַרײַנגעקומען די טימאָפײיִכע פון דער שכנישער שטוב אַנטלײַען אויף אַ טאָג 25 רובל. די שפּאָר־קאָסע, — זאָגט זי, — איז הײַנט פאַרמאַכט. און זי קאָן איצט גראָדע קויפן אַ „פּאָר שיינע חזירימלעך". טימאָפײיִכע איז דאָ אַ בטוח. אידע האָט אָן שום רייד אַרויסגענומען פון דער אָפענער גלעזערנער שאַפע, ווו עס איז צעשטעלט דאָס יומטובדיקע געשיר, פון אונטער אַ קאָלירט טעלערל, אַ פינף־און־צוואַנציקער און דערלאַנגט איר. ווען זי איז אַרויס, זאָגט מיר איטשע העלער זײַן השערה וועגן זייער שכנה: — כזב ושקר, זי האָט געלט אין שטוב. נאָר בײַ אַ פּויער איז אַ סגולה צו קויפן חזירימלעך אויף געליִען געלט, וועלן זיך די חזירים־לעך גוט האָדעווען, גוט פרעסן.

מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז אידע אַרײַנגעקומען אין שטוב אַ צעררודער־טע: זי האָט אין ברויט־קראָם זיך אויסגעקליבן אַ לעבל ברויט, איז אויף איר אָנגעפאַלן ריהאַרס זון דער שיכּור: — וואָס קלײַבסטו דאָ? — האָט ער זיך צעשריגן, — נעם און גיי! אָדער פּאָר קיין איזראַעל, — אַ גאַנצע באַלעבאָסטע. — האָב איך אים דערלאַנגט איבערן שנוק: שיכּור איינער, — זאָג איך, — דו נעמסט זיך פּאָר דײַנע חזירים אַ פולן זאַק מיט ברויט, איז דיר אַלץ איינס, און איך דאַרף אַ לעבל ברויט אויף אַ וואָך, קאָן איך מיר פאַרגינען אויסצוקלײַבן, וואָס מיר געפעלט, דאָס איז איינס אַוועק, און, צווייטנס, זײַ וויסן, אַז ווען דו ביסט נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, האָבן שוין מײַן זיידע און מײַן טאַטע געקאָוועט אַקער־אײַזנס און אונטער־געשמידט פערד פאַר די לאַשער פּויערים, און מיר זײַנען דאָ אויף דער דאָזיקער ערד מיט דיר גלײַכע יחסנים...

איטשע הערט און שמייכלט אונטער: — אַ טראַסצע אויף אים! און צו מיר איז ער, כאָטש נעם און לייג אים צו צו אַ מכּה. ער האָט מיר דאָ מיט אַ חודש צוריק — אַ מיידעלע איז בײַ אים געבוירן געוואָרן — פאַרשלעפּט צו זיך אין שטוב און האָב געמוזט מיט אים מאַכן אַ לחיים. ער האָט מיך געקושט און געהאַלדזט. אַ שיכּור, וואָס וועסטו נעמען בײַ אים?

— אַן אויסוווּרף איז ער, אַן אַנטיסעמיט, נישט קיין שיכּור, — איז נאָך אַלץ אויפגעקאָכט אידע.

אין פאַרלויף פון דער צײַט, וואָס איך בין געווען בײַ העלערן אויף קוואַרטיר האָט ער זיך געקליבן אָנצושרײַבן אַ בריוו צו זײַן ברודער קיין קורסק, און אַלץ אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער טאָג... און אַז איטשע קומט אַרײַן פון גאַס נאָך דעם, ווי ער איז אַ פּאָר גוטע שעה „אַרויסגעשפּרונגען אויף איין ווײַלעטשקע" פון שטוב, דערזע איך באַלד, אַז זײַנע בלוילעכע אויגן, די „געפּאַרלאַזע גאָל־מעסערלעך", פינקלען, בליצן, די באַקן זײַנען פאַרוויטלט, פאַרשטיי איך שוין, עס האָט אים צוגעשפּילט דאָס מזל — געמאַכט מיט עמעצן די רעכטע כּוסע. דער עיקר באַמערק איך עס לויט דעם, ווי העלער נעמט לעבעדיק־פריילעך דיריזשירן מיט די הענט און עס רײַסן זיך אַרויס פון זײַן מויל רייד, אַן אַ שיער רייד פאַר פײַער און וואַסער: — איך האָב פײַנט, — זאָגט ער, — אַ קאַרגן מענטשן. איך קאָן מיט אַזעלכן נישט אויסקומען. אַן איי אויף אַן איי וועסטו מיט אַזאַ מענטשן נישט אויסטוישן. אים ווערט זיך אַלץ אויסווײַזן, אַז זײַן איי איז אַ גרעסערס. הערט, ר' חיים, — ווענדט ער זיך פּלוצלונג צו מיר, — ס'טײַטש, שרײַבער טרינקען דען נישט? — טאָ ווי אַזוי שרײַבן זיי? — אָט האָט בײַ מיר געאַרבעט אַלס בוכהאַלטערן איינע אַן אוזדער שיקסע.

האָט זי זיך פאַר מיר באַרימט, אַז איר פעטער איז אין מינסק אַ שרײַבער און נעמט אַ גוטע „טשאַרקע", נאָר דאָס שאַט אים, — זאָגט זי, — אַ האָר נישט צום שרײַבן.

ענטפער איך אויף דעם איטשען: און איך, אַז איך זאָל אויסטרינקען אַ פינגערהוט בראָנפן, נעמען זיך קוליען בײַ מיר די אותיות אויפן פּאַפּיר... און אויסער דעם, האָב איך פון בראָנפן תמיד אַ שרעקלעכע ברענעניש אויפן האַרצן.

זאָגט מיר אויף דעם העלער גאַנץ פּשוט: — איז דאָך גוט! אַז עס ברענט דאָס האַרץ, ווערט ליכטיק אין בויך. אַ ביסל בראָנפן איז אַ תרופה צו אַלע צרות, — רעזומירט ער און זעצט זיך אַוועק בײַם טיש אַרײַנקוקן אינעם פרישן נומער פון דער „סאָוויעטסקאַיאַ ביעלאָרוסיאַ". אָנטוענדיק די ברילן, באַמערקט ער: — נאָך אַ ביסל בראָנפן, האָב איך ליב אַ גע־שמאַקע בלאַט.

בײַ איטשען איז שוין פעסט אײַנגעפירט זײַן טאָג־רעזשים — ער לאָזט נישט דורך דורך ראַדיאָ קיין איין לעצטע נײַס, באַזונדער די „סוואָדקע" וועגן וועטער. און אין די אָוונטן, ווען דאָס ווײַב איז אויף דער אַרבעט, האָט זיך העלער ליב באַקוועם אײַנצומאָסטיען אויפן שטול און זיצן בײַם טעלעוויזאָר, כאַפּנדיק פון צײַט צו צײַט אַ גוטן דרעמל. דערבײַ זאָגט מיר העלער, אַז בײַטאָג לייגט ער זיך קיינמאָל נישט צו, פון בײַטאָגיקן שלאָפן, וואַקסט דאָס פעטס אונטערן האַרצן. נאָר דאָס, וואָס ער כראָפּעט אונטער שעהנווײַז, זיצנדיק צעשפּרייט ברייט די פיס אין די שיך אונטערן טיש, דאָס רעכנט זיך נישט. — פון דער טעלעוויזיע־פּראָגראַם, — טיילט זיך מיט מיר איטשע, האָב איך באַזונדערס ליב, ווי די בחורים און מיידלעך פון גאָר דער וועלט שפּרינגען אויף די גליטשערס און מאַכן „קאָזלקעס" אין דער לופטן, נאָר אַז אַ יונגע גימנאַסטקע פאַלט אויפן אײַז, רײַסט זיך בײַ מיר אָפּ דאָס האַרץ. אַ ביטערער רחמנות אויף די יונגע געטאָקטע פיס. עס געפעלט מיר אויך די פּראָגראַם „אַן אײַנלאַדונג צום טאַנץ". — אמת, ס'איז שווער צו פאַרשטיין, צי מיינט ער עס ערנסט, צי דאָס שפּאַסט ער אַזוי...

# יוסף קאַנטאַראָוויטש

אַ היפּוך פון איטשע העלערן איז זײַן שוואָגער — אידעס אַ לײַבלעכער ברודער, — יוסף קאַנטאַראָוויטש. צווישן זיי איז דער אונטערשיד, ווי למשל, פון מנחם־מענדלען ביז טביה דעם מילכיקן. און יוסף איז לויט מײַן פאָרשטעלונג ענלעך אויף טביהן. אפילו אויסערלעך איז ער ענלעך אויף די טביה־פּאָרטרעטן, וועלכע ס'האָבן געשאַפן יידישע קינסטלער: אָנגעטאָן איז ער אין אַ קאַרטונענעם היטל מיט אַ קליינעם דאַשיקל, אין אַ געוויינלעך גרוי רעקל — אַזעלכע פלעגן אַמאָל טראָגן די יישובניקעס. בײַ אים זײַנען ברייטלעכע געזעצטע פּלייצעס. ער איז נישט קיין הויכער, אַ רויקער, באַדאַכטער, אַ בלייכלעך פּנים מיט אַ פּאָר יונגע, לעבעדיקע שוואַרצאַפּלען, פון וועלכע עס שײַנט אַרויס אַ קלוגע אָרנטלעכקײַט, עקשנותדיקײַט, דערהויבנקײַט. דער עיקר אָבער, וואָס עס לאָזט זיך מער פון אַלץ פאַרגעדענקען, דאָס זײַנען יוספס זגראַבנע, נישט־גרויסע הענט — די דלאָניעס מיט די קורצע, עטוואָס דיקלעכע פינגער.

קאַנטאַראָוויטשעס מזל־ברכה איז טאַקע אין זײַנע פראַצעוויטע געניטע הענט. סײַ צו אײַזן, סײַ צו האָלץ טויגן זיי זיך אויס. ער איז אַ גוטער שמיד און אַ גוטער סטאָליאַר. מעשהדיק־שיין, זויבער און ליכטיק זענען אויס די צוויי־און־צוואַנציק בינען־הײַזעלעך, וועלכע ער האָט אויסגעבויט מיט זײַנע אייגענע הענט און אַוועקגעשטעלט בײַ זיך אין גאָרטן.

יוספס שטוב איז די צווייטע יידישע שטוב נאָך העלערס, וועלכע איך האָב באַזוכט גלײַך נאָך מײַן קומען קיין אוזדע. פון יעדן ווינקעלע האָט אויף מיר אַ ווייע געטאָן מיט ווירדע און אחריות פאַר דער אייגענער מי און האָרעוואַניע, פאַרן פעסטן אײַנגעפונדעוועטן משפחה־לעבן. פערציק יאָר איז אַוועק זינט יוסף און חנה האָבן חתונה געהאַט און לעבן צווישן זיך מיט כסדרדיקן אָפּשײַ איינער צום צווייטן, מיטן טיפער אַחדות. אויף אַ סך משפחות אין אוזדע געזאָגט געוואָרן! אין די מלחמה־יאָרן אויף דער אָקופּירטער ערד, אין די יאָרן פון גזלנישער הפקרות, ווען דערהרגענען אַ יידן איז געווען אַזוי גרינג, ווי נישט ווילנדיק, צעקוועטשן מיטן שוך אַ מורעזשקע אין גראָז, אָט אין אַזעלכע טעג, ווען מ'האָט יוספן און חנהן אַרויסגעפירט פון געטאָ אויף אַרבעט, האָבן די דײַטשן פאַרטיליקט זייערע

צוויי קליינע קינדער. יוסף און חנה האָבן מיט אַ קורצער צײַט שפּעטער זיך געראַטעוועט. דאָס פּאַרפּאָלק האָט געפֿונען אַ מקום מקלט אין דעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, וועלכער איז טעטיק געווען אין די וועלדער צווישן לאַשע און אוזדע, נישט ווײַט פֿונעם דערפֿל פּאַוולאָווסטשיזנאַ, ווו יוספֿס זיידע און אויך זײַן טאַטע זײַנען געווען דאָרפֿסשמידן. יוספֿן איז דאָ פֿון קינדווײַז אָן געווען ליב יעדעס סטעזשקעלע, יעדע וואַלד־לאָנקע. ער וואָלט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן דאָ נישט פֿאַרבלאָנדזשעט. ווער פֿון די מיטליאָריקע פּויערים — פּאַרטיזאַנער האָבן נישט געדענקט די גאָלדענע הענט פֿון יוספֿס זיידע שמואל דעם קאָוואַל? נישט ווייניק פּאַרטיזאַנער — פּויערים פֿון אוזדער ריִאָן — האָבן אין משך פֿון יאָרן זיך געחברט מיט דעם קאָלווירטישן שמיד ישראל־וועלוול קאָנטאָראָוויטש — יוספֿס פֿאָטער. אינעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד האָט יוסף טאָג און נאַכט געהאָלפֿן צו באַוואָפֿענען דעם אָטריאַד. פֿון פֿאַרזשאַווערטע אַלטע געווער־טיילן האָט ער אויסגעשמידט ביקסן, געקאָוועט די פֿערד פֿאַר די רײַטער־אויסשפּירער. דערבײַ איז ער נישט איין מאָל צוזאַמען מיט די יונגע פּאַרטיזאַנער געגאַנגען אין אויסשפּיר, געלויערט נאָכן שונא און אַנגעקוואָלן פֿון נחת, ווען מיט זײַן אויסגעקאָוועטן געווער פֿלעגט אַ פּאַרטיזאַנישער סנײַפּער טרעפֿן אַ דײַטש אין האַרץ אַרײַן.

יוספֿס ווײַב חנה און זײַן שוועסטער אידע — זיי זײַנען געווען אין איין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד — האָבן געלאַטעט העמדער, איבערגענייט מלבושים פֿאַר די קעמפֿער, געקאָכט, געבאַקט — ערלעך פֿאַרדינט דאָס מיליטערישע ברויט אין אָטריאַד.

יוסף קאָנטאָראָוויטש איז פֿון די קליינע מײַסטערס עפּעס דערציילן וועגן זיך: — ווי געוויינטלעך, — זאָגט ער, — בין איך געגאַנגען אין חדר, נאָר גלײַך נאָך בר־מצווה געשטעלט זיך בײַם האָרן צו העלפֿן דעם טאַטן. אַ גרויס געזינט געווען, אַכט קינדער. נאָך גאָר אַ יונגער בין איך אָנגעקומען אַרבעטן אַלס שמיד אין אוזדער וואַלד־ווירטשאַפֿט. צוואַנציק יאָר אָרודעוועט מיט דער קאָוואַלסקע אָפּצווענגע און מיטן האַמער. אין די מלחמה־יאָרן אויך נישט אַרויסגעלאָזט דעם האַמער פֿון דער האַנט איינצײַטיק געהאַלטן די געלאַדענע ביקס לעבן זיך. —

נאָכן קריג איז יוסף אָנגעקומען אַרבעטן אין אוזדער באַנדער־אַרטעל. געוואָרן אַ מײַסטער פֿון צעך. — אַרבעטנדיק אין אַרטעל, — זאָגט יוסף, — האָב איך זיך באַפֿרײַנדעט מיט די בינען. צוערשט אײַנגעשטעלט בײַ זיך אין גאָרטן צוויי קלעצלעך (אַ קלעצל הייסט בײַ יוספֿן אַ בינשטאָק), פֿון צוויי איז אין גיכן געוואָרן פֿיר, און פֿינף. און ווען איך בין אַוועק אויף פּענסיע, האָב איך זיך מיט דער גאַנצער נשמה אָפּגעגעבן דער בינען־

ציכטלעריַי. מיַין חנה העלפֿט מיר שטאַרק. מיר פּאַסן צוזאַמען אויף אונ־דזערע בינען־משפּחות, אויף דער עלטער זיַינען מיר געוואָרן מיט חנהן בינען־פּאַסטעכער.

נישט צופֿעליק איז צו קאַנטאַראָוויטשן געקומען דער אינטערעס צו בינען ־ציכטלעריַי: געבוירן אין דאָרף, די עלטערן, דער זיידע מיט דער באָבען — דאָרפס־מענטשן, יישובניקעס, האָט אויך יוספן אויף דער עלטער גענומען ציען נענטער צו זיַין שורש, צו דער נאַטור, צום וואַלד, צו די גרינע פֿעלדער. אין די זומער־חדשים פֿירט ער דעם גרעסטן טייל פֿון זיַינע בינען־שטיבעלעך אַרויס אויף די פּליינען.

— קיין איין לעבעדיקע באַשעפֿעניש אויף דער ערד, — פֿאַרזיכערט מיך יוסף, — האָט נישט אַזוי ליב די רויִקייט, ווי די בין. אַ בין טראָגט נישט איבער קיין שום קלאַפּעריַי, גרילצעריַי, — נאָר ביַי אַ פֿולשטענדיקער רויִקייט אַרום־און־אַרום, קאָנען די בינען אומדערמידלעך זיך מיען פֿון זון אויפֿגאַנג ביז זון־פֿאַרגאַנג.

יוסף באַוויַיזט מיר, וויפֿל ביכער און זשורנאַלן וועגן בינען ער פֿאַר־מאָגט. ער פֿירט מיך אַרויס אין גאָרטן צו די בינשטאָק־שטיבעלעך און גיט מיר צו פֿאַרשטיין די תורה פֿון בינען־ציכטלעריַי, וויפֿל פֿאַרשידענע־רליי בינען עס זיַינען דאָ אויף דער וועלט: — אָט אין אַ־די־אַ שטיבעלעך לעבן ביַי מיר קאַווקאַזער בינען, און אין אָט־די־אַ — היימישע, וויַיסרוסי־שע. די קאַווקאַזער בינען האָבן לענגערע כאָבאָטלעך און קאָנען געשיקטער אַרויסקריגן דעם נעקטאַר פֿון דעם וויַיסן קלעוווער. דעריבער פֿיר איך זומער אַרויס אין פֿעלד די קאַווקאַזער בינען און די וויַיסרוסישע לאָז איך איבער פּאַשען זיך אין גאָרטן. זיי קריגן דאָ אויך חיונה אויף די פּרוכטביימער, ביַי די בלומען, ביַי די נאָענטע הרעטשקע־פֿעלדער.

מיר איז טשיקאַווע יעדעס וואָרט יוספֿס. איך בין זיך מודה, צום ערשטן מאָל קומט מיר אויס אַזוי באַריכותדיק צו באַקענען זיך מיט בינען.

— ביַי בינען, זאָלט איר וויסן, — דערציילט יוסף, — איז יעדער בינשטאָק אַן אייגענע סוווערענע מלוכה מיט זייער שטרענגע פֿאַראָנדקעס און פּירונגען. יעדער בינשטאָק האָט זיַין ספּעציפֿישן ריח, זיַין „דוך", און די בין, וואָס פֿליט מיטן נעקטאַר צוריק פֿון פֿעלד, דערשפּירט דעם דאָזיקן „דוך" נאָך פֿון דער וויַיטן. אַ בין זאָל זיך, למשל, פֿאַרבלאָנדזשען אין אַ שכנישן בינשטאָק, טרעפֿט זיך זייער זעלטן. און איר זעט דאָך, איין בינשטאָק שטייט גאָר נאָענט צום אַנדערן. נאָר פֿליט שוין יאָ אַריַין אַ בין אין אַ פֿרעמדן בינשטאָק, איז אויב זי ברענגט מיט זיך נעקטאַר — אַ יש, נעמט מען זי אויף אין דער ניַיער משפּחה. נאָר, טאָמער, חלילה וחס, פֿליט זי אַריַין מיט ליידיקן, מיט „פּוסטע לאַפּקעס", הרגעט מען זי אָוועק.

יוסף דערלאַנגט מיר אַ לאַנג גומע־טרײַבל. איין עק פֿון דעם טרײַבל שטעלט ער צו צום שפּעלטעלע, צום „לופּטיקל" פֿונעם בינשטאָק, און דעם אַנדערן עק פֿון טרײַבל לייג איך צו צו מײַן אויער. עס דערטראָגט זיך צו מיר, ווי ערגעץ פֿון ווײַט־ווײַט אַ הודעניש, אַ זשומעניש, אַ ווימלעניש, וואָס הערשט דאָרט אינעווייניק אין בינשטאָק, דאָרט טוט זיך, דאָרט קאָכט און הויערט אַ לעבן פֿון אַן ערב־רב באַשעפֿענישן.

ווען איך זאָל האָבן כּוחות צו שטיין אויף מײַן קוליע צווישן די בינען־שטיבעלעך און יוסף זאָל האָבן צײַט, וואָלט איך נאָך לאַנגע שעהן געקאָנט הערן וועגן דעם ביז גאָר טשיקאַווען בינען־לעבן. איך הייב אָן צו פֿאַרשטיין, אַז די בין איז אַ מערקווירדיקע האָרעפּאַשניצע און גלײַכ־צײַטיק זייער קאַפּריז און איידל־געפּאַצקעט. מע דאַרף אַרום די בינען אַרומהאַווען, זאָרגן זיך, ווי וועגן עופֿעלעך, מע דאַרף זיי קאָנען האַווירן, עס זאָל זיי גאָרנישט נישט פֿעלן, נישט קיין זיסקײַט, נישט קיין וואַרעמ־קײַט, נישט קיין פֿרישע לופֿט, באַזונדערס אין דעם אָנהויב ווינטער־פּעריאָד. ס'איז אַ מאַראָקע און אַ גרויסע האָרעוואַניע צו כאָווען אַ בינען־משפּחה.

די אונטערשטע שורה, — מאַך איך אויף בקיצור און טו אַ פֿרעג בײַ יוספֿן, ווי אַ ייִד פֿון אַ גאַנץ יאָר, ווי מען טוט אַ שטייגער בײַ מיר אַ פֿרעג: „וואָס האָט איר פֿון דעם, פֿון די בינען, הייסט עס?"

— איך דערלייג צו זיי דער באָבעס ירושה, — לאַכט יוסף.

— ניין, — פֿרעג איך אים איבער, — פֿונדעסטוועגן, אָן אַ געלעכטער.

— ראשית, זײַנען די בינען מײַנע געטרײַע מעדיקער. מײַנע קראַנקע, פֿאַרוווּנדעטע פֿיס פֿון פּאַרטיזאַנישע יאָרן הייל איך מיט זייערע ביסן. דער בינען־גיפֿט איז אַ רפֿואה־שלמה. נו, און מכּוח זיבעצן־און־דרייצן? — זיי טראָגן מיר אַרײַן רווח, דורכשניטלעך, נאָך אַ פּענסיע אַ חודש. עס קומט צונויף. מע דאַרף תּמיד אין שטוב אַ פֿרישן רובל. אָט מאַך איך הײַאָר אַ גרויסן רעמאָנט אין שטוב. עס איז אויף דער עלטער נימאס געוואָרן צו הייצן די הרובעס מיט בריקעט, זעקס חדרים — דרײַ הרובעס. אין די גרויסע פֿרעסט דאַרף מען אַלע דרײַ הרובעס הייצן צו צוויי מאָל אַ טאָג. הײַנט איז שוין דערעסן די מורא פֿאַרן טשאַד. האָב איך באַשלאָסן אַוועקצושטעלן אָן אייגענעם קעסל. צוזאַמען מיטן רעמאָנט וועט עס מיר אָפּקאָסטן נישט ווייניקער פֿון אַ פֿינף הונדערט רובל. און די קינדער דאַרף מען דאָך אויך העלפֿן. אין די ניט־אַרבעטס־טעג קומען זיי צופֿאָרן אַהיים. אַ בילעט אַהער, אַ בילעט אַהין, און מ'דאַרף דאָך זיי עפּעס מיטגעבן מיט זיך.

נאָך דער מלחמה זײַנען בײַ יוספֿן און חנהן געבוירן געוואָרן אַ זון און אַ טאָכטער. דער זון וואָלאָדיע האָט פֿאַרענדיקט דעם מינסקער ראַדיאָ־טעכ־נישן אינסטיטוט און איז אַ ספּעציאַליסט בײַ טעלעוויזאָרס. די טאָכטער איז

אַ לערערן פון דײַטש אין קאַפּוליע און לערנט זיך הינטער־אויגיק אין דעם רעפּובליקאַנישן אינסטיטוט פאַר אויסלענדישע שפּראַכן. זי טרוימט נאָכן פאַרענדיקן דעם אינסטיטוט צו בלײַבן אַרבעטן גופא אין מינסק און דאָס איז בײַ הײַנטיקע צײַטן, איך דאַרף עס אײַך נישט דערקלערן... גאָר נישט פון די לײַכטע זאַכן, פאַרסך־הכלל יוסף. — כל־זמן מ׳לעבט, דאַרף מען נישט אויפהערן צו שטרעבן. אויך אויף דער עלטער דאַרף מען האָבן צו עפּעס אַן אינטערעס, אַ זאַבאַווע, פּוסטעפּאַסעווען איז אַ געפערלעכע קרענק אי׳ יונגערהייט, אי׳ אַלטערהייט. דער „פּוילער" איז אויף דער עלטער אַ סך אַ שווערערע מחלה, ווי גיפּערטאָניע, און די׳אַבעט צוזאַמען גענומען. און דערצו, אַז מע איז נאָך „געכאַפּט" אינעם ביטערן טראָפּן... איר שטויסט זיך מן־הסתם אָן ווען איך מיין... דאָס קימערט מיך, אידע איז דאָך מײַנע אַ שוועסטער.

איך דריק יוספס זגראַבנע דלאָניע, געזעגן זיך מיט זײַן פרוי חנהן. זיי בעטן מיך, איך זאָל צו זיי אַרײַנגיין. אין משך פון מײַן זײַן אין אוזדע בין איך נאָך אייניקע מאָל געווען בײַ זיי, און ווען איך שעם זידנישט, וואָלט איך אַלע טאָג געקומען אין דער דאָזיקער שטוב.

## דינה גראָזאָווסקע

אידע העלערס נאָענטע חברטע איז דינה גראָזאָווסקע — דינה און איר מאַן חיים, זײַנען אויך געווען פּאַרטיזאַנער. נאָך דער אַרבעט, אין די פרײַע אָוונטן, קומט איין חברטע צו דער אנדערער דורכצושמועסן זיך און עס קלײַבט זיך תמיד אָן עפּעס אַזעלכעס, וואָס מע מוז אַראָפּריידן פונעם האַרץ. אָפטער קומט אידע צו דינהקען, — אַזוי רופט אידע איר חברטע.

דינה גראָזאָווסקע איז מיט אַ 5 — 6 יאָר עלטער פאַר אידען. דינה געהערט, ווײַזט אויס, צו דעם סאָרט מענטשן, וואָס נישט נאָר זיי קלײַבן זיך פאַנאַנדער אין דעם רוסישן פּסוק „פּאַטשאַם פּונט ליכאַ", ווײַל ווען פון אונדז איז עס נישט אויסגעקומען אַריבערצוטראָגן פורענותן און מאַ־טערנישן אין די שווערע מלחמה־יאָרן, נאָר זי פאַרמאָגט נאָך די מעלה, וואָס נישט יעדער פון אונדז פאַרמאָגט זי. נעמלעך — אין אַן עת־צרה נישט צו פאַרלירן זיך. אין גרויליקע רגעס פון טויט־געפאַר נישט בלינד און פאַרדולט ווערן, נאָר פאַרקערט, אַלץ, ביז דער מינדסטער קלייניקייט דײַטלעך זען אַרום זיך און בליץ־שנעל געפינען דעם איינציק־מעגלעכן

אויסוועג, פראָסט גערעדט, ראַטעווען זיך. דאָס איז שוין אַזאַ מעלה, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר אַן אויסגעפּרוּווטן זעלנער, וואָס איז שוין אין אַ סך שלאַכטן געקנאָטן געוואָרן, געפּרוּווט געוואָרן מיט פײַער און נישט איין מאָל זיך צעבוצקעט מיטן טויט... דינה גראַזאָווסקע איז נאָך הײַנט, בײַ אירע 63 יאָר, אַן אשת חיל, אַ מענטש מיט אַ מוּטיקער, שטאַר־קער נאַטור, און דעריבער ציט זיך אַזוי אידע צו דער באַשיידענער, קלוגער פרוי.

איך האָב אַ פּאָר מאָל געבעטן די גראַזאָווסקע מיר צו דערציילן, ווי אַזוי זי מיטן מאַן און זייער טעכטערל האָבן זיך געראַטעוועט. — איר פּאַרט דאָך נאָך נישט אַוועק, — האָט זי מיט אַ שמייכל עס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, — דער וואַלד ברענט נישט...

— דער וואַלד ברענט טאַקע נישט, — האָב איך איבערגעחזרט אירע ווערטער, — נאָר מיר שטייט נאָך פאַר מיט אַ סך אוזדער צו טרעפן זיך, און איך האָב מורא...

— אַז מ׳האָט מורא, — שלאָגט מיך איבער דינה, — פּלעגט מײַן מאַמע זאָגן, לייענט מען קריאת שמע, — שמייכלט זי ווידער און גייט תיכף איבער אויף אַן ערנסטן טאָן, — הײַנט האָב איך עפּעס דערצו קיין שטימונג נישט. נישט תמיד ווילט זיך אויפרודערן די אַלטע וווּנדן...

איך בין געצוווּנגען געווען אָנצוקומען צו אידעס אַ פּראָטעקציע: — די צײַט מײַנע, — זאָג איך צו איר, — לויפט, און מײַן פּלאַן דראָט אַ געפאַר נישט צו פאַרווירקלעכט ווערן.

— יאָ, — פּילט מיר אידע מיט, — אומעטום איז דער פּלאַן, ווי בײַ אונדז, אינעם אוזדער פיליאַל פון דער שוך־פאַבריק „לוטש״. איין לידעלע: „דערלאַנג דעם פּלאַן!״

מיט אידעס הילף האָב איך, סוף־כּל־סוף, געפּועלט בײַ דינהן, זי זאָל זיך לאָזן דינען. זי האָט אָנגעהויבן איר געשיכטע אַזוי:

— איר האָט בײַ מיר שוין אַ פּאָר מאָל געפרעגט, ווי אַזוי מיר האָבן זיך געראַטעוועט? — אַ מענטש אַליין, ער זאָל, אפילו, זײַן פון אײַזן, ראַ־טעוועט זיך תמיד מיט עמעצנס הילף. ס׳איז שוין געגאַנגען דער פערטער חודש, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה און איבערצולעבן דעמאָלט, אַפילו, נאָר איין טאָג איז געווען אַזוי שווער, ווי איבערצושפּרינגען אַ תהום. אוזדע איז אַלע יאָרן געווען אַ שטעטל מיט אַ סך ייִדן, און אָפּצאָמען דאָ פאַר די ייִדן אַ געטאָ, האָבן די דײַטשן נישט באַדאַרפט. פון וועמען אָפּצאָמען? — דאָס שטעטל איז אָנען פאַר זיך געוואָרן אַ געטאָ. דער גרויסער אוזדער פּאָגראָם, ווען די דײַטשן האָבן מיט זייערע טרײַע משר־

תים, די פּאָליציַיען אַרומגערינגלט דאָס שטעטל און גענומען קאַטעווען און הרגענען, איז פאָרגעקומען דעם 17טן אָקטאָבער, שמחת תורה איז דאָס געווען. נאָך איצט קלינגט אין מײַנע אויערן דאָס געשריי פון מײַן אַלטינ־קער מומע: „האַרציקע מײַנע, ליבינקע מײַנע, ס'איז תשעה באב, תשעה באב! נישט שמחת תורה...״ און כ'באַדאַרף אײַך זאָגן, ווי דער אמת איז, אַז גלײַך פון די ערשטע מינוטן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה און אַ שיסערײַ, זײַנען די שטעטלשע ייִדן נישט געלאָפן, ווי אַ סטאַדע שאָף אַהין, וווּ מען האָט זיי געיאָגט, פאַרקערט, אַוודאי, אַ דרײַ, אויב נישט פיר הונדערט ייִדן, — יונג און אַלט, מאַנצבילן פרויען און קינדער — האָט זיך אײַנגעגעבן אַרויסצורײַסן פון שטעטל. מ'האָט קיין אַכט נישט געלייגט אויף די פײַפנדיקע קוילן, מ'איז געלאָפן, כּדי אַרויסצוראַטעווען זיך פון די רוצחישע הענט. נאָר, פרעג איך אײַך, וווּ האָט מען זיך געקאָנט פאַרטײַען, באַגראָבן זיך? ווי ווײַט האָט מען געקאָנט לויפן, אַז אַרום האָט געסקריפּעט מיט די ציין דער אומבּרחמנותדיקער שונא? מ'האָט מיט אַ קורצער צײַט שפּעטער געכאַפּט די מענטשן, ווי די הינער, אין די וועלדלעך אַרום אוזדע און אייִנציקווײַז און משפּחותווײַז גופא אויפן אָרט צעשאָסן. איז אָט, מײַן ליבער חבר, ווען דער פּאָגראָם האָט זיך צעבושעוועט, בין איך מיט מײַן בײַניאָריקער פאָניען, — זי איז שוין איצט אַ דאָקטאָר און האָט — געזונט זאָלן זיי זײַן, צוויי קינדער — אַרומגעלאָפן אַרום דער שטוב און אַרום דעם הויף, איר הענטל פון מײַן האַנט נישט אַרויסגעלאָזט און נישט מיט מײַנע כּוחות געשריען: „אברהמעלע, אברהמעלע, אָט בין איך, אָט זײַנען מיר מיט פאָניטשקען, באַווײַז זיך!״. מײַן זעקס־יאָריק ייִנגעלע איז אָקאָרשט פאַר דער שיסערײַ געווען אין שטוב, איך האָב אים געהאַט אָנגעגאָסן אין אַ טשאַשקעלע אַ ביסל מילך, נאָר ער איז בײַ מיר פון אונטער די הענט נעלם געוואָרן, כאָטש טו זיך אַ מעשה אָן. איך בין שוין הייזעריק פון שרײַען, און וווּ חיים, מײַן מאַן, איז אַהינגעקומען, האָב איך קיין אַנונג נישט. גוואַלדעווע איך אַלץ: „אברהמעלע, אברהמעלע, באַווײַז זיך!״ נאָר אַז די שיסערײַ און טראַסקערײַ האָט זיך שוין דערנענטערט צו אונדזער געסל, האָט מיך אַ בלינדער כּוח צוזאַמען מיט מײַן טאָכטערקע אַרײַנגע־טראָגן אין אונדזער שטאַל. מיר האָבן זיך פאַרגראָבן אינעם היי. עס האָט אונדז ביידן אָפּגענומען ס'לשון. מיר האָבן זיך מיט קיין אבר נישט גערירט. און נאָך האַלבער נאַכט אַרויסגעקראָכן פון דער באַהעלטעניש, אַפילו די טיר פון שטוב נישט געעפנט און זיך געלאָזט גיין שטיל אויף די ציפּקעס צום וואַלד. אַ פינף־זעקס קילאָמעטער פון אוזדע איז אין וואַלד געשטאַנען אַ סמאָליאַרניע. אין אָט דער סמאָליאַרניע האָט געאַרבעט אונדזערס אַ באַקאַנטער פּויער, אַליעס קריסקאָ. ער פלעגט ווען־ניט־ווען אַרײַנקומען

צו אונדז. אין די זומער־חדשים, בעת דעם סאַמע רעכטן סעזאָן פון טרייבן די סמאָלע, האָט ער מיט זיין ווייב טאַטיאַנע באַריסאָוונאַ און מיט זייערע צוויי קלענערע קינדער מייען און דעם יאַריקן עופל קאַליען, געלעבט גופא אין וואַלד, אין אַ פּיצל שטיבל, לעבן דער סמאָליאַרניע. די עלטערע קינדער — די 15־יאַריקע אירינאַ און די 13יאַריקע נינאַ — פלעגן אַליין בלייבן באַלעבאָטעווען אין כאַטע, אַ קילאָמעטער פון אוזדע, אינעם דערפל בער־וויטשי. קריסקאָ און זיין ווייב האָבן אונדז אַריינגעלאָזט אין שטיבל, אָנגע־קאָרמעט און באַהאַלטן אויפן בוידעמל. דאָרטן זיינען מיר אָפּגעווען אַ צען טעג. נאָר אַרום דער סמאָליאַרניע האָט טאָג און נאַכט געשליאָנדרעוועט פּאָליציי, די פּאַרקויפטע הינט, זיינען געקראָכן פון דער הויט צו נושא חן ביי די דייטשן. יעדע ווײַלע האָט מען אונדז געקענט פּאַקן. מ׳וואָלט אליעסן און טאַטיאַנען צוליב אונדז אויך נישט געשוינט. האָב איך שפּעט אין אָוונט געזאָגט טאַטיאַנאַ באַריסאָוונען:

— ליבע מיינע, טייערע מיינע, איך וועל מיט מיין טאָכטער ביינאַכט דערקלייבן זיך צו אָסטראָוואָק, אפשר, לעבט מיין חיים, אפשר, באַהאַלט ער זיך דאָרט אויס (אָסטראָוואָק איז אַ דאָרף, אַ קילאָמעטער 8 — 9 פון אוזדע. פון דער סמאָליאַרניע איז עס געווען אַ קילאָמעטער 3 — 4. דאָרט האָט מיין מאַן ביז סאַמע אָנהויב מלחמה געאַרבעט אין סיעלפּאָ. אין די אַרבעטס־טעג פלעגט ער, ווי געוויינטלעך, בלייבן נעכטיקן אין דאָרף). טאַטיאַנאַ באַריסאָוונאַ האָט געשוויגן, נאָר אין אירע אויגן האָב איך איבער־געלייענט: „נישט גוט, גראַזאָווסקע, אָבער וואָס קאָן איך איצט טאָן? — זאָג אַליין...״ עס איז שוין געווען שטאָק־פינצטער, ווען מיר האָבן זיך געלאָזט גיין. דעם וועג צו אָסטראָוואָק, האָב איך געוווסט. איך בין דאָך אַ בעל־עגלות אַ טאָכטער. און נישט איין מאָל האָט מיך מיין טאַטע מיט־גענומען אויף זיין פור אין אַ יאַזדע. עס איז געווען אַ קאַלטע אָסיען־נאַכט, דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט צו גיסן. מיר זיינען געגאַנגען באָרוועס. ווען עס האָט שוין אַ האָרעלע גענומען שאַריען אויף טאָג, האָבן מיר, אויף דורך און דורך אויסגעווייקטע, אָנגעקלאַפּט פּאַוואָלינקע אין אַ פענצטער צו יאַשע קיסעל, מיט וועמען מיין חיים האָט געאַרבעט צוזאַמען אין סיעלפּאָ. יאַשע קיסל און זיין ווייב נאַסטיע האָבן אונדז אַריינגעלאָזט אין שטוב, געהאָלפן אויסטריקענען די קליידער און באַהאַלטן אונדז אין שטאַל, גע־מאַכט דאָרט פאַר אונדז אַ שטיקל מעלינע אין דעם היי. פון גיין אַ גאַנצע נאַכט באָרוועס איבער דער קאַלטער אָסיענדיקער נעץ, האָב איך זיך שטאַרק צוגעקילט. איך האָב געמוזט האָבן גרויסע היץ. מיין טאָכטער האָט געהאַלטן אין איין שעפּטשען צו מיר: „אוי, דריק מיך נישט אַזוי, מאַמע, וועסט מיך דערדושען״... אין אַ טאָג אַרום, האָב איך גענומען שרעקלעך הוסטן. דאָס

איז פֿאַר מיר געווען אַ פּײַן, איך פֿלעג שטיקן אין זיך דעם הוסט, כּדי מ׳זאָל נישט דערהערן, אַז אַ מענטש איז אין שטאָל.

נאַסטיע, קיסעלס ווײַב און וואָלאָדיע זייער זון, פֿלעגן אונדז טראָגן עסן — הייסן קרופּניק און זודיקע טיי. איך פֿלעג טרינקען פֿון טשוהונטשיק דעם אָקרעפּ, אָפּגיסן זיך מיט שווייס און ווידער טרינקען. נאַסטיע האָט מיר געבראַכט צו טראָגן אַ האַנטעך אַרומצווווישן זיך דעם שווייס. אַז עס איז מיר אַ ביסל לײַכטער געוואָרן, האָב איך געבעטן נאַסטיען, זי זאָל זיך דורך זיכערע מענטשן דערוויסן אין אוזדע, צי מײַן מאַן איז לעבן געבליבן.

„דאָס האַרץ זאָגט מיר, נאַסטיע, אַז ער לעבט, — און צוגעלייגט איר האַנט צו מײַן ברוסט, — דו הערסט, ווי עס טיאָקקעט דאָרט אינעווייניק ? — אָט אַזוי, פֿיל איך, דונערט איצט חיימס האַרץ. ער מוז זיך ערגעץ דאָ אויסבאַהאַלטן אין אָסטראָוואָק, אָדער אין אַ דערבײַיִקן דאָרף.״

אין אייניקע טעג אַרום איז נאַסטיע באַגינען אַרײַן אין שטאָל מיט אַ גוטער בשורה: „איך האָב באַגעגנט אַ פּויערטע, וואָס ווייסט פֿון איר מאַן, אַ וועכטער פֿון דער אוזדער פּאָזשאַרנע, אַז דײַן חיים לעבט און קומט בײַנאַכט אין דאָרף נאָך שפּײַז״. נאַסטיע האָט מיך געטרייסט און צוגעזאָגט אַלץ צו טאָן, כּדי צו געבן צו וויסן חיימען, ווו מיר געפֿינען זיך. נאָך דעם זעלבן טאָג, שפּעט בײַנאַכט, איז צו אונדז געקומען חיים. ס׳איז געווען אַ פֿריהלושעטע, טריבע פֿרייד מיט מורא און גרויל. אַ פֿרייד, וואָס האָט מיר גלײַכצײַטיק געמאַכט אַ גרויסן ריס אין האַרץ. בײַ מיר האָט זיך נאָך געהאַט געצאַפּלט אַ פּיצל האָפֿענונג, אַז אפֿשר האָט חיים אין דער מהומה דערזען אַברהמעלען און געראַטעוועט פֿונעם פֿײַער און באַהאַלט זיך אויס צוזאַמען מיט אים, אַזוי ווי איך מיט פֿאַניען. נאָר ווען איך האָב אין שטאָל, בײַ דער שײַן פֿון אַ שוועבעלע, וואָס נאַסטיע האָט אָנגעצונדן דער־זען חיימס פֿינצטער פּנים, האָב איך באַלד פֿאַרשטאַנען — אומזיסט איז געווען מײַן האָפֿענונג...

בײַ יאַשע קיסעלן זײַנען מיר אָפּגעווען ביזן אָקטיאַבער־יום־טוב, נאָר אין דער פֿרי, — איך געדענק שוין נישט, ווען דאָס איז געווען, דעם זיבעטן, צי דער אַכטן נאָיאַבער, מיר זײַנען שוין צוגעוווינט געווען צו דעם, אַז קיין פֿרעמדע מענטשן פֿלעגן אין שטאָל נישט אַרײַנקומען, — איז פּלוצעם אַרײַן אין שטאָל אַ פּויער, ער האָט אַראָפּגענומען פֿון דער וואַנט יאַשעס נעץ אויף צו כאַפּן פֿיש. אין אָט דער רגע, ווען דער פּויער איז אַרײַן, האָב איך געהאַלטן אין אַרומשערן די האָר בײַ פֿאַניטשקען. אירע קאָלטענעס איז שווער געווען פֿאַנאַדערצוקעמען, האָב איך באַשטימט איר אונטערשערן די האָר. דער פּויער האָט אונדז קיין וואָרט נישט געזאָגט, אַזוי ווי ער וואָלט אונדז גאָרנישט געזען. נאָר מיר האָבן זיך אינגיכן דער־

ווּסט פוּן יאַשען און נאַסטיען, אַז ער צעפּויקט איבערן דאָרף, — ביי קיסעלן אין שטאָל באַהאַלט זיך אויס גראַזאָווסקי מיט זיין גאַנצער משפּחה...

מיר האָבן קוים דערלעבט צו דערוואַרטן זיך, עס זאָל ווערן נאַכט. נאַסטיע האָט אונדז מיטגעגעבן אַ פלעשל מילך, אַ לעבל ברויט, און מיר זיינען אין דריי׳ען אַוועק אין בערוויטשי צו קריסקאָן. צוזאַמען מיט אַליעסן, זיין ווייב טאַטיאַנאַ באַריסאָוונאַ, האָבן מיר געמאַכט ביי זיי אין שטאָל אַ מעלינע, פאַרשטעלט זי מיט אַ וואַנט פון היי. די עלטערע מיידלעך קריס־קאָס, איראַ און נינאַ, האָבן אונדז געטראָגן עסן. ביי קריסקאָ אין שטאָל זיינען מיר אָפּגעווען ביז מערץ 1942, כמעט פינף חדשים. די מעלינע איז געווען די הויך און די ברייט, ווי אַ טיש און אונטער דעם־אַ „טיש" האָבן מיר אין דריי׳ען געזיפּעט... פון צייט צו צייט איז אַליעס אַריינגעקומען צו אונדז אין שטאָל. מיר פלעגן אַרויסקריכן פון דער באַהעלטעניש און אַליעס פלעגט אונדז דערציילן, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. אַ האָפענונגס־פונק האָט תמיד געטליעט אין זיינע גוטע אויגן: „בודזיעם ספּאַדיעוואַטסיאַ" (לאָמיר האָפן), — פלעגט ער שטענדיק איבערחזרן.

אין מיטן מערץ, ווען עס האָבן געלאָזט די פרעסט און עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט ווערסנע, — די שכנישע קינדער האָבן גענומען שטיפן, אַרומלויפן אַרום די שטיבער און שטאַלן, שפּילן אין באַהעלטעלעך, — האָט געדראָט אַ געפאַר, אַז די קונדסים זאָלן זיך אָנשטויסן אויף אונדזער מעלינע. האָבן מיר זיך מישב געווען מיט אַליעסן און טאַטיאַנען און זיינען געקומען צום באַשלוס — מ׳דאַרף וואָס שנעלער אַריבער אין אַ מער זיכערן אָרט. קריסקאָ האָט אַזאַ אָרט צוגעזוכט — אין וואַלד, לעבן אַ בלאָטע, ווו עס פלעגט זעלטן זיך באַווייזן אַ לעבעדיקער נפש. אין משך פון אייניקע טעג האָבן מיר דאָרטן אויסגעגראָבן אַן ערד־שטיבל. מיר פלעגן אין אַ בלעכענער שיסל אָפּטראָגן די אויסגעגראָבענע ערד וואָס ווייטער פון אונ־דזער נייעם מקום־מקלט. דאָס איז שוין געווען אונדזער אייגענע מעלינע, אונטערן אָפענעם הימל. מיר האָבן באַדעקט די זיעמליאַנקע מיט זשערדינ־קעס און צווייגלעך, די גרוב איז געווען נישט קיין טיפע, ווייל טיפער איז אוממעגלעך געווען צו גראָבן: ס׳האָט זיך תיכף באַוויזן ווילגאַטש, פּשוט וואַסער. ס׳איז דאָך געווען בשכנות מיט דער וואַלד־בלאָטע, זייער אַ שליימיק אָרט, אַ טאָרפיאַניק. זומער איז דאָס, מסתּם, געווען אַ שטייענדיק זומפּיק וואַסער — אַ קוראָרט פאַר זשאַבעס. מיר האָבן אין אונדזער מעלינע זיצן נישט געקאָנט, בלויז ליגן. ווען דער שניי איז אין וואַלד אין גאַנצן אַראָפּ, האָבן מיר די שטעקנס און די זשערדינקעס באַדעקט מיט אויסגעשניטענע שטיקער ערד, וועלכע זיינען געווען באַוואַקסן מיט פאַרטריקנט, פאַריאָריק גראָז. די ערד־שטיקער האָבן אויסגעזען, ווי לעקעכער. אַז מ׳זאָל דאָס נישט

באַמערקן, האָבן מיר דאָס גראָז פאַרשאָטן מיט כוואָיע־נאָדעלעך, בלעטער. כּמעט, אַ נאַכט איבער אַ נאַכט פלעגן מיר מיט חיימען אויסהאַקן אַ כוואָיע־ביימל און עס אַריַינשטעקן צווישן די זשערדינקעס פון אונדזער מעלינע, עס זאָל זיך וואַרפן אין אין די אויגן די פרישע גרינקייַט, קיינעם זאָל גאָר נישט איַינפאַלן — טאָמער פאַרבלאָנדזשעט אַהער אַ נישטגוטער, — אַז עס עטעמען דאָ לעבעדיקע מענטשן. מייַן חיימען פלעגט נאָך קלעקן מוט אויף צו חכמע־נען זיך: „איצט זייַנען מיר פּעוונע, סייַדן אַ בער וועט זיך אויפהייבן פון דער ספּיאַטשקע און זיך לאָזן איבערן וואַלד און נעמען שפּאַנען איבער אונדזערע זשערדינקעס, דעמאָלט האָבן מיר דעם לעקיש פאַר אַ גאַסט"... איך פלעג זיך בייזערן פאַר זייַן חכמענען זיך.

יעדן אָוונט פלעגט טאַטיאַנאַ קריסקאָ אָנטאָן אַ פּאָסטעלקע, נעמען מיט זיך אַ סערפּ, כלומרשט געלאָזט זיך גיין צו דער בלאָטע אָנצושנייַדן אַביסל פאַריאַריק גראָז פאַר דער כודאָבע. אין די ברייטע פאַרטעך־קעשענעס פלעגט זי אונדז ברענגען צו טראָגן אַ פלעשל מילך, ברויט און בולבעס. בייַ קאַרגע צוויי חדשים זייַנען מיר אָפּגעווען אין דער זעמלאַנקע נעבן דער בלאָטע און דעם 12טן מייַ פון 1942 יאָר איז געשען, ווי מען זאָגט, דער „נס מן השמים" — אַלעס קריסקאָ האָט אונדז בייַנאַכט געבראַכט צו פירן אין דעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד „באַיעוויק". פון יענעם טאָג אָן זייַנען מיר שוין געווען קעמפּער, נישט פאַרלוירן אונדזער ווירדע אין די אויגן פון אָטריאַד, באַגלייַך מיט אַלע אָטריאַד־קעמפּער, נישט שאַנעווענדיק דאָס אייגענע לעבן, אָנטייל גענומען אין די שלאַכט־אָפּעראַציעס. ווען די סאָווע־טישע אַרמיי האָט באַפרייַט אונדזער שטעטל, האָט מייַן מאַן מיט נאָך אונז־דער פּאַרטיזאַנער אַרייַנגעגאָסן זיך אין די רעגולערע טיילן און פאַרגעזעצט דעם אָנגריף אויף מערב. מייַן חיים איז דערגאַנגען ביז בערלין.

איך האָב בעת מעשה אַ טראַכט געטאָן — אַ היפּשע צאָל חיימס האָבן די זכיה געהאַט זיך נוקם זייַן אין די היטלער־באַנדיטן, אָנטייל גענומען אין חרוב מאַכן זייער בערן־הייל — בערלין.

דינה גראָזאָווסקע זיצט צוזאַמען מיט מיר בייַם טיש אין העלערס זאַלע. זי האָט עטוואָס לויזער געמאַכט דאָס וואַרעמע טיכל אויפן קאָפּ, עס הענגען אַראָפּ פרייַ די עקן אַרום איר האַלדז. זי שפּירט אויפמערקזאַם נאָך, ווי איך פאַרשרייַב אין העפטל אירע רייד. איך ווייס נישט, צי קלייַבט זי פאַנאַנדער מייַן האַנטשריפט, צי נישט. נאָר מיר געפעלט דווקא, ווי דינה גראָזאָווסקע זיצט אָנגעלייגט מיט בײדע הענט אויפן טיש, דערציילט אויס איר לעבן און קוקט אויפמערקזאַם אַרייַן אין מייַן העפטל. עפּעס ווער איך אַלייַן רויִקער פון דעם — אַ מענטש זעט מיט די אייגענע אויגן, אַז איך פאַרשרייַב בלויז דאָס, וואָס איך הער. איך קום אַלץ מער און מער צו דער איבער־

צייַגונג, אַז די גרעסטע צאָל מענטשן זייַנען גאַנץ באַשיידן און עס איז זיי גאָרנישט אַזוי צום האַרצן, ווען מען מאַכט אַרום זיי אַן איבעריקן טומל. און ווען מיר האָבן לסוף פאַרענדיקט אונדזער טרחה, האָט אידע העלער, וואָס איז די גאַנצע צייַט געזעסן אַנטקעגן אונדז אויפן דיוואַן, געזאָגט צו מיר: — מיט מזל, איר קאָנט שוין שטעלן אַ „גאַלאָטשקע" אַנטקעגן דינהס נאָמען.

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און זיך פאַרענטפערט פאַר אידען און אויך פאַר דינה גראָזאָווסקע: איך האָב פאַרט געשטעלט פאַר זיך אַ ציל — זאָל מען וויסן וועגן די פשוטע ווילע אוזדער יידן.

און דינה האָט צוגעגעבן: — מיר האָבן גאָרנישט קעגן, שרייַבט אייַך געזונטערהייט, זאָל אייַך וויל באַקומען.

# מאַניע און יאַנקל פּאָלויקע

אין וואָס פאַרא יידישער שטוב איך זאָל אין אוזדע נישט אַרייַנקומען, טרעף איך אָן אויף געוועזענע פּראַנטאָוויקעס, פּאַרטיזאַנער, מלחמה־אינ־וואַלידן. מאַניע פּאָלויקע, וואָס איז נאָך קיין פופציק יאָר נישט אַלט, איז שוין אַ קראַנקער, צעבראָכענער מענטש, אַ מלחמה־אינוואַליד. אַ 17־יאָרי־קע איז מאַניע פרייַוויליק אַוועק אויפן פראָנט. געווען אַ פאַרבינדלערין, אַ טעלעפאָניסטקע. אינעם זעקס־און־פערציקסטן יאָר האָט זי זיך דעמאָ־ביליזירט און זיך צוריקגעקערט אין איר היים־שטעטל אוזדע. פון די בלאָ־טיקע ליים־שטיבלעך און טראַנשייען האָט זי געבראַכט אַ שווערע אַסטמע, וואָס פּייַניקט זי עד היום. קיינעם פון אירע אייגענע האָט זי אין שטעטל נישט געטראָפן — זי האָט זיך בלויז דערוווּסט, אַז די דייַטשן האָבן אין דעם ערשטן פּאָגראָם דערהרגט איר טאַטן דעם שוסטער, איר מאַמע, די ברידער און שוועסטער. געבליבן איינע אַליין, ווי אַ שטיין, האָט איר קיין כוח נישט געקלעקט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, דעם גרויסן אוזדער קבר, ווו עס ליגט באַגראָבן איר משפחה. לעבן דאַרף מען דאָך, אַ ברירה האָט מען, מ'איז דאָך נישט מער, ווי אַ לעבעדיקער מענטש, האָט זי, ווי אַ שוואַלב אין וועסנע־צייַט, גענומען אומדערמידלעך קלעפּן אַ נעסט און נישט אַליין, זי האָט געפונען אַ זיווג — אַן אוזדער תושב, אַ פּאַרטיזאַן, יאַנקל פּאָלויקע. אויך זייַן משפחה האָט דער דייַטש פאַרטיליקט. פון מאַניעס טריבע שוואַרצע אויגן, פאַרצויגענע מיט אַ נעפּל־רויכל, שייַנט נאָך הייַנט

אַרויס אַ חנוודיקע יונגקייט, די תמימותדיקייט פון אַ שטעטלדיק יידיש מיידל. באַזונדערס שטרײַכן עס אונטער די געטאָקטע ברעמען, דער שטי־לער שמייכל, וואָס גייט זיך פאַנאַנדער פון די מויל־ווינקלען, ווי אַ קוועלכל פון אונטער אַ שטיין אין שאָטנדיקן וואַלד.

און ווען מאַניע איז צוגעגאַנגען צום אַלטן קאָמאָד און האָט פון אַ שופלאָד אַרויסבאַקומען איר מעדאַל „פאַר סטאַלינגראַד" מיט דער גרינער סטענגע, וואָס איז דורכגעווירעט מיט די צוויי דינע, בלוט־רויטע פאַסיקלעך, און איז עפּעס מאָדנע שווײַגנדיק געבליבן שטיין פאַרקלעמטערהייט אין מיטן צימער מיט איר רעליקוויע אין דער האַנט, ווייס איך נישט, ווי אַזוי עס האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו דערשטיקן אין זיך די טרערן, וואָס האָבן פּלו־צעם אַ שפּאַר געטאָן צום האַלדז. עס זײַנען פאַר מיר אויפגעשווומען די גרויזאַמע שלאַכטן בײַ דער וואָלגע און איך האָב דערשפּירט מײַן דעמאָלט־דיקן אומרו, די חלשותדיקע מלאָסנעקייט פון דער געפאַר צו פאַרלירן די ערד אונטער די פיס... כ'האָב דערזען פאַר מײַנע אויגן, ווי אַזוי אין די סטאַלינגראַדער באַלקעס, אין די זאַמדיקע טראַנשייען און טאַנקען־ריוון זיצן די מיידלעך־טעלעפאָניסטקעס, אין שינעלן און אין פילאָטקעס, אויס־געבלייכטע, אויסגעצערטע, בײַ זייערע טעלעפאָן־אַפּאַראַטן... אין די בישט־פאַרגעסלעכע אויגוסט־טעג פון 1942 יאָר, האָט פון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט געוויכערט דער טויט־האָגל איבער די טראַנשייען, עס האָבן נישט אויפגעהערט צו פײַפן די סנאַריאַדן־שפּליטערס, קוילן, און פון דער הייך פאַלן, מיט גרילצנדיקן וואָיען מינעס און באָמבעס. נאָר די מיידלעך־סאָל־דאַטן זײַנען, ווי אײַנגעוואָקסן אין דער ערד, געזעסן בײַ די טעלעפאָנען, געטוליעט זיך צו זיי און נישט אויפגעהערט אַרײַנצוטעמען מיט זייערע יונגע מיידלשע קעלעכלעך לעבן אין די טעלעפאָן־טרײַבלעך, גלײַך ווי זיי וואָלטן מיט זייערע אויסגעשרייען „אַלאָ־אַלאָ" געמיזנטערט די אָנט־שוויגן־געוואָרענע טעלעפאָנען אויף די קאָמאַנד־פּונקטן. זיי האָבן זיך גע־ווענדט צו זייערע חברים מיט די צערטלעכסטע ווערטער, מיט די נעמען פון די שענסטע, דופטיקסטע קווייטן: „אַלאָ־אַלאָ", „פּאָדסניעזשניק", „פּי־אַלקע", „טיולפּאַן" — איר הערט מיך? דאָס רעדט צו אײַך אײַער שכנה „לאַנדיש". אַלאָ־אַלאָ, איך רעד עס, „לאַנדיש", ענטפערט ליבינקע, „פּאָדס־ניעזשניק", „פּיאַלקע", ענטפערט!" נאָר איבער די באַלקעס און טראַנשייען שיטן זיך קוויטשיקע דײַטשישע באָמבעס, הויבן זיך זײַלן שטויב, זאַמד און שטיינער...

עס קאָן גאָר זײַן, אַז שפּאַנענדיק אין די דאָזיקע טעג מיט אַ שליחות פון פראָנט־שטאַב, צו איינעם פון די שיסער־באַטאַליאָנען, האָב איך, מעג־לעך, זיך צונויפגעשטויסן מיט די בליקן פון מאַניע פּאָלויקע, וואָס איז

דעמאָלט געזעסן בײַ אײנעם פֿון די טעלעפֿאָן־אַפּאַראַטן, אין אַ װינקל פֿון טראַנשײ... איך האָב אַלײן נישט באַמערקט, װי איך האָב זיך אַ צי געטאָן צו מאַניען, גענומען פֿון איר האַנט דעם מעדאַל און, װי צום ערשטן מאָל, אױפֿמערקזאַם אײַנגעקוקט זיך אין איר: איך האָב אױך אַזאַ מעדאַל, — האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן צו מאַניען. — זי האָט באַהאַלטן אין שופֿלאָד איר באַלױנונג און גענומען דערצײלן גראָד דאָס װאָס מיט איר האָט פּאַסירט גלײַך אין די ערשטע מלחמה־טעג:

— נאָך דעם, װי איך האָב פֿאַרענדיקט די אוזדער ייִדישע זיבניאָריקע שול, — האָט זי אָנגעהױבן, — בין איך אַװעקגעפֿאָרן קײן דאַלגינאָװע, װאָס איז אין דעם 1939טן יאָר געװאָרן אַ סאָװעטישע. איך האָב זיך דאָרט אײַנגעאָרדנט אַרבעטן אַלס טעלעפֿאָניסטקע. עס האָט אױסגעבראָכן די מלחמה און אױפֿן צװײטן, צי דריטן טאָג האָט מען שױן אין דאַלגינאָװע געפֿילט, אַז דער דײַטש איז שױן גאָר נאָענט. דערקלײַבן זיך צופֿוס קײן אוזדע איז שױן אוממעגלעך געװען. מײַנע באַקאַנטע האָבן מיר נישט געעצהט דאָס צו טאָן. עס האָט זיך געהערט די קאַנאָנאַדע. די סאָװעטישע אַנשטאַלטן פֿון דאַלגינאָװע האָבן זיך אין אײַלעניש עװאַקוירט, דערונטער אױך די פּאָטשט, װוּ איך האָב געאַרבעט. צוזאַמען מיט נאָך אָנגעשטעלטע, איך האָב אָבער באַלד דערפֿילט אױף זיך די בײזע בליקן פֿון דעם שאָפֿער. אַ קרובה, צי אַן עלטערע שװעסטער, צי, אפֿשר, גאָר אַ מומע — דער טײַװל װײסט זי. זי איז אַרײַנגעקראָכן אין קוזאָװ מיט פּעק און טשעמאָדאַנעס, מעשה באַלעבאָסטע.

— װאָס שטײסטו נישט אײַן אױף אַן אָרט? — איז זי אױף מיר אָנגעפֿאַלן. — גײ, פֿון װאַנען דו ביסט געקומען.

איך האָב זיך געפּרוּװט װערן: — די מאַשין איז פֿאַר די אָנגעשטעלטע פֿון דער פּאָטשט און איך אַרבעט דאָ.

— װי לאַנג אַרבעטסטו דאָ? פֿאַראַן בילכערע פֿון דיר, — האָט די גויע זיך אַלץ נישט באַרויִקט, — פֿאַרשיװוּקע דו...

די מאַשין האָט גערירט פֿון אָרט און אױף מײַן טריפֿהנעם מזל, האָב איך זיך אַ װאַקל געטאָן און אומגערן אָנגעטראָטן אױף אַ פֿוס פֿון דער מכשפֿה. יענע האָט זיך צעגװאַלדעװעט: „דו, זשידאָװקע, איך װעל דיך שױן אַרױסשלײַדערן פֿון דער מאַשין, װי אַ מײַזל אױף צװײ שפּענדלעך...‟ איך האָב מיך צעװײנט אױפֿן קול, פֿאַרשטופּט אין אַ װינקל פֿון דער לאַסטמאַשין און געביסן זיך די פֿינגער און געשלוכצט, באַװאַשנדיק זיך מיט טרערן. עמעצער האָט זיך געפּרוּװט פֿאַר מיר אײַנשטעלן, אָבער די איבעריקע האָבן געשװיגן, מורא געהאַט, אַז דער שאָפֿער פֿון דער מאַשין, דער

מרשעת, אָן אייגענער, צי אַ ברודער זאָל זיך נישט נוקם זײַן... מלחמה־הפקרות... ס'האָט זיך שוין אומעטום געלאָזט פילן די אַנטיסעמיטישע העצע...

...די מאַשין איז דורכגעפאָרן מינסק, די שטאָט האָט געברענט, די צענטראַלע גאַסן זײַנען געווען אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען, באַלקאָנס האָבן געטרעשטשעט, אָן אַ שיער צעפּיצלט, צעדרויבלט גלאָז האָט באַדעקט די טראָטואַרן. אַ גליִענדיקער ווינט מיט אַ שלל פײַער־פונקען האָט געווייעט אין פּנים אַרײַן. אויפן מיטן גאַס האָבן זיך געוואַלגערט פּאַרקוילטע, צע־האַקטע לאַסט־מאַשינעס, באַזונדערע אויטאָמאָביל־רעדער, אײַזערנע אַקסן, צונויפגעדרייטע, ווי שטריק־קנופּן. אויף שריט און טריט זײַנען געלעגן געהרגעטע מענטשן אַרום אַ סך באָמבע־גריבער, ענלעכע אויף גרויסע „לייקעס". אויפן מאָליעווער שליאַך האָט דער שאָפער געמוזט אָפּט אָפּ־שטעלן די מאַשין: די דײַטשישע עראָפּלאַנען האָבן אָן אַן אויפהער פּיקירט. אַלע מענטשן, וואָס זײַנען געזעסן אין די מאַשינעס, פלעגן זיך צעלויפן, ווו די אויגן האָבן געטראָגן צו באַהאַלטן זיך אויפן פעלד, פאַרשטעקן זיך הינטער אַ בערגל, אין אַ גריבל, פאַרטײַען זיך צווישן הויכן, געדיכטן קאָרן. איך פלעג פון דער מאַשין נישט אַראָפּשפּרינגען. איך האָב פעסטער זיך צוגעטוליעט צו איינעם פון די באָרט־ווינקלען, אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסלען און פאַרהאַלטן דעם אָטעם. די מורא, אַז איך קאָן בלײַבן אין מיטן פעלד, איז בײַ מיר געווען גרעסער, ווי די שרעק פאַר די שפּריצנ־דיקע קוילן פון עראָפּלאַן. איך האָב געפילט, אַז די לאַסט־מאַשין איז פאַר מיר די איינציקע שוץ. בלײַבן אויסער דער מאַשין — הייסט אַרײַנפאַלן צום געפערלעכן שונא אין די הענט. אין גיכן האָבן מיר זיך איבערגעזעצט פון דער אויטאָ אין אַ באַן. אין הינטערלאַנד בין איך לאַנג נישט געווען — אַלס פאַרבינדלערין־טעלעפאָניסטקע פרײַוויליק אַוועק אויפן פראָנט. —

און ווער איז יאַנקל פּאָלויקע, מאַניעס מאַן? — „קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאַטן"! זײַנע געזונטע באַקן — צוויי ראָזע „פּעפּינקעס", ערשט פונעם עפּל־בוים. יאַנקל פּאָלויקע איז גלײַך ווי אַ סטרונעלע, רירעוודיק, ווי קוועקזילבער. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָב איך אים געטראָפן לעבן דער אויטאָבוס־סטאַנציע אין זײַן היטעלע, וואָס ער טראָגט אַביסל אויף אַ זײַט, מיט די מיליטערישע מעדאַלן אויף דער ברוסט, האָט ער אויסגעזען, ווי אַ „דאָפּריזיוניק". אין זײַנע תמיד־שמייכלענדיקע אויגן קאָן מען אויס־לייענען: „נו, איז וואָס, אַז איך בין שוין זיבעציק און בין שוין באַלד אַ צענדליק יאָר, פּענסיאָנער ?..."

די עטלעכע שעה, וואָס איך בין געווען בײַ דעם פּאָרפאָלק אין שטוב, האָב איך באַמערקט, אַז יאַנקל פּאָלויקע רוט נישט, ער מוז נאָכאַנאַנד עפּעס

טאָן, ער פאַרלויפט מאַניען דעם וועג אין יעדער קלייניקייט, ער לאָזט איר קיין טאַבורעטקע נישט איבערשטעלן. מיר דוכט, אַז ער ווייסט גאַרנישט, וואָס הייסט זיך צווזעצן אויף אַ רגע — אמתער קוועקזילבער. ער באַווײַזט אָפּטאָן אַ גרויסע טייל פון דער שטוב־אַרבעט, מאַניען זאָל נישט זײַן צו שווער און זוכט זיך אויס תמיד אַ שטיקל שטעלע צו דער פענסיע.

## נחום און באַשע

דאָס קאַפּיטל „נחום און באַשע" וואָס קלינגט מיר אין די אויערן, אַזוי ווי „אדם און חווה", קאָן איך נישט אָנהייבן אַנדערש, ווי מיט אַן אַלט שאַבלאָן ווערטל: „אַ באַרג מיט אַ באַרג קומען זיך נישט צונויף, און אַ מענטש מיט אַ מענטש — יאָ". דאָס איז געווען אויפן צווייטן, צי אויפן דריטן טאָג נאָך מײַן קומען קיין אוזדע, איך בין אַוועק אויף דער פּאָטשט אַנצוקלינגען אַהיים, דערוויסן זיך, וואָס עס מאַכן מײַנע קינדער, וואָס עס הערט זיך אין שטוב, צי דער זון גרייט צו דער צײַט די לימודים? צי מען נעמט אַרויס די צײַטונגען פונעם פּאָסט־קעסטל? צי זײַנען אָנגעקומען בריוו? צי מ'לייגט זיך צו דער צײַט שלאָפן? — די שטוב איז דאָך אָן אַ באַלעבאָסטע. גערעדט האָב איך מיט מײַן זון — נאָר אָט דאָס אַלץ, וואָס כ'האָב זיך געקליבן צו פרעגן, איז מיר אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ. איך האָב אַרײַנגעשריגן אין טעלעפאָן־טרײַבל שטיקלעך רייד: גענע: דו הערסט מיך? איך שרײַ נישט! נו, איצטער הערסטו? וואָס טוסטו? ביסט ערשט געקומען פון שול? מיר איז דאָ זייער טשיקאַווע!... זײַ פאָרזיכטיק בײַם אַריבערגיין די גאַס... עס נישט קיין מאַראָזשענע — עס איז נאָך קאַלט, — און אַזוי ווײַטער און דאָס גלײַכן... נאָר ס'איז נישטאָ, וואָס צו לאַכן — אַ פיל — געפּרוּווטער טאַטע פון קינדער, וואָס זײַנען אין מיטן העלן טאָג געבליבן אָן אַ מאַמען... אָפּגעשריען די באַשטעלטע פינף מינוט, בין איך אַ צעפּאַרעטער אַרויס פון דער טעלעפאָן־קאַבינע. כ'וויש דעם שווייס פונעם שטערן און דערזע אַ ייִדענע פון אַ יאָר זעכציק, אַ פריטשמעליעטע, מיט אַ גראָבער אַראָפּהענגענדיקער אונטערשטער פּײַכטער ליפּ, רויטלעכע קישעלעך אונטער די אויגן, נישט קיין קישעלעך, נאָר עפּעס צעשוואָמענע קרײַזן. און די אַפּלען — ווײַסלעך־שיטערע גלאַנציק־הײַטל־דיקע, אַן אויסגעצערט מיד פּנים. אַ רגע האָב איך געקוקט אויף איר, אויף דער אונטערשטער ליפּ, דער גאַנצער אָנבליק אירער איז מיר געווען זייער

קענטלעך. ווען און ווו האָב איך זי געזען? — און פון מײַן צונג פליט אַראָפּ, ווי אַ פייגל פון אַ צווײַג: — באַשע! איר דערקענט מיך?

זי גיט אַ הייב אירע אויגן אויף מיר: — ניין, וואָס־סי?

איר הייזעריקלעך קול און דער אופן פון אַרויסברענגען מיט אַ ניגונדל דעם „וואָסי״? האָבן מיר פולשטענדיק איבערצײַגט — איך האָב קיין טעות נישט, — ס׳איז זי, באַשע. — און מײַן ווײַב סטערע, געדענקט איר? און מײַן יינגל טאָליקל? — וויל איך, זי זאָל זיך דערמאָנען...

— אַהאַ, אַהאַ, איך געדענק, — זאָגט, ווי פאַרחלומט, באַשע.

איך פאַרפינקטלעך: — איר זײַט געווען סטערעס אַ באַקאַנטע, איר פלעגט אַרײַנקומען צו אונדז, ווען מיר האָבן געלעבט אין מינסק אויף יובילײנע...

— יע, יע... דאָס זײַט איר, איצט האָב איך אײַך דערקענט, איר האָט געהאַט קוטשערלעך... אַ זשוואַווער געווען...

— אַ דרײַ־צי פיר־און דרײַסיק יאָר איז אַדורך, באַשע, זינט מיר פלעגן זיך זען. איז טאַקע ריכטיק, אַז אַ באַרג מיט באַרג קומען זיך נישט אויף און...

— יע, ריכטיק, — באַשטעטיקט באַשע און גיט צו: — אַנומלטן האָב איך אין ראַדיאָ געהערט, ווי מען האָט איבערגעלייענט, נו, ווי זאָגט מען עס, אַ סטיך, האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז אײַער זונס.

— ניין, באַשע, נישט מײַן זונס — מײַן זון און מײַן ווײַב סטערע און אויך מײַן מאַמע האָט מען געהרגעט אין מינסקער געטאָ.

— סטערע איז געווען אַ גוטע, אַ שיינע און דאָס יינגל איז אויך געווען אַ שייגינקס, — צעציט באַשע די ווערטער. — אוי! טו איך אַ טראַכט, ווער זאָגט עס, אַז אַ מענטש ענדערט זיך? די זעלבע באַשע, וואָס מיט פיל יאָרן צוריק, זי האָט זיך שוין צעוואָרעמט, פאַנאַנדערגערעדט: — ווען איך פלעג קומען צו אײַך, פלעגט מיך סטערע תמיד מכבד זײַן. סטערע פלעגט מיך מינטערן: „באַשע, וואָס שלאָפט בײַ דיר דער לעפל אין האַנט? —עס!״ — טוט באַשע פלוצעם אַ שמייכל, און איר שמייכל האָט זיך פון איר גראָבער ליפּ אַראָפּגעגליטשט, ווי אַ קינד אויף אַ שליטעלע אַראָפּ־בערגל.

דרײַ צי פיר־און דרײַסיק יאָר האָט ווי אַ טאבון פערד, דורכגעוויכערט פאַרבײַ. די ווײַלן שטויב און זאַמד האָבן זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד. און איך האָב דערזען אַזוי באַשײַמפּערלעך־נאָענט מײַנע פאַרמלחמה־יאָרן, מײַן סטערען, מײַן זיבניאָריקן זון נפתלי מיט די עטוואָס קאָסע אייגעלעך — סטערעס ציגײַנער־אויגן, אַ מערקווירדיק שטיל יינגעלע געווען. עפּעס

געדענק איך גאַרנישט, ער זאָל ווען אַ געשריי געבן, צי ער זאָל ווען וויינען...

מיר זײַנען מיט באַשען אַרויס פון דער פּאָטשט, אינעם סקווערזיק, וואָס אַנטקעגן האָבן מיר זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק און זיך פאַנאַנדער־גערעדט. איך האָב דאָך וועגן איר גאָרנישט נישט געוווסט אויסער דעם, וואָס זי איז נישט געווען קיין איבעריקע קראַסאַוויצע. ווען זי פלעגט אַרײַנקומען צו אונדז אין שטוב, האָב איך אויף איר גאָר קיין אַכט נישט געלייגט. איך האָב בײַ סטערען נישט געפרעגט, ווער זי איז, פון וואַנען זי קען זיך מיט אָט־אָ דער באַשען, דאָס נעמט זיך אַלץ פון מײַן דעמאָלט־דיקער לידער־פאַרטאַראַמקייט, פון דער פּאָעטישער שמײַעניש און פון די אויסערגעוויינלעכע פּרנסה־דאגות, מיט וועלכע מײַנע יונגע געהירן זײַנען דעמאָלט פאַרשלאָגן געווען, און קיין רויקע צײַט נישט געהאַט, קיין געדולד אַרײַנצודרינגען אין אַ מענטשלעכער נשמה. און ס'קאָן געוויס זײַן, אַז שוין דעמאָלט איז אָט די געוויינלעכע אוזדער באַשע אַ סך מער מענטש פון מיר געווען. אַצינד האָט מיר באַשע דערציילט, אַז זי איז אַ געבוירענע אָן אוזדער, וועגן די עלטערן, וואָס זײַנען געווען קאָלווירטניקעס, וועגן די שוועסטער מיט זייערע משפחות, וועלכע די דײַטשן האָבן אומגעבראַכט אין דעם גרויסן אוזדער פּאָגראָם...

ערשט איצט האָב איך זיך דערוווסט פון באַשען, פון וואַנען ס'קומט איר באַקאַנטשאַפט מיט מײַן סטערען: — דאָס איז נאָך געווען פאַר דעם, ווי איר האָט מיט איר חתונה געהאַט. איך האָב פאַרענדיקט די אוזדער יידישע שול און נישט געוואָלט בלײַבן אין שטעטל, אַוועקגעפאָרן קיין מינסק און זיך אײַנגעאָרדנט אין טיפּאָגראַפיע. סטערע האָט דעמאָלט אויך געאַרבעט אין טיפּאָגראַפיע, געווען אַ זעצערן. מיר זײַנען אַ פּאָר מאָל געפאָרן מיט איר אויף אַ פור פון מינסק קיין אוזדע. איך — אַהיים, און זי — צוגאַסט צו איר ברודער, וואָס האָט געאַרבעט אין דער אוזדער מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציע און געלעבט נישט ווײַט פון אונדזער געסל, אין עק שטעטל. עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. מינסק האָט שוין גע־ברענט, זײַנען מיר מיט מײַן באַלעבאָסטע, בײַ וועמען איך בין געווען אויף קוואַרטיר, אַוועק צופוס פון שטאָט און זיך געראַטעוועט פונעם דײַטש. די פיר מלחמה־יאָרן האָב איך אין קויבישעוו געאַרבעט אויף אַ מיליטערישן זאַוואָד און געווען אַ דאָנאָר — איך האָב זיך אַזוי צוגעוווינט צו געבן בלוט, אַז ס'האָט מיך געצויגן צו דעם ווי אַ מאַגנעט. ווען איך האָב נאָך דער מלחמה זיך צוריקגעקערט קיין מינסק, בין איך נאָך אַ יאָר צײַט געווען אַ דאָנאָר. איך בין געוואָרן זייער אָפּגעשוואַכט. אײַנאָרדענען מײַן לעבן האָב איך אין מינסק נישט געקאָנט, האָט שוין איצט, פאַרקערט, מיך גע־

צויגן צוריק אין שטעטל. פון עוואַקואַציע האָבן זיך צוריקגעקערט מײַנע קרובים. דאָ האָט מיך מײַן מזל צונויפגעפֿאָרט מיטן שוסטער נחום הימל־שטיין — אונדזער אַ ווײַטער קרוב, פּיַיוול־יאָשעס דעם שנײַדערס זון, אויך אַן אינוואַליד פון דער מלחמה. דאָס נײַנטע יאָר, ווי איך אַרבעט דאָ מיט אים צוזאַמען אין פיליאַל פון דער מינסקער שוך־פאַבריק „לוטש”. —

אָט אויף אַזאַ אופן האָב איך זיך דורך באַשען באַקענט מיט נחומען, וואָס איז געוואָרן אין אוזדע מײַן וועגווײַזער און מײַן רעכטע האַנט.

איך בין אַדורכגעלאָפן מיט די אויגן דאָס קאַפּיטל „נחום און באַשע” און זע, אַז ס׳איז דאָ, כמעט אַלץ נאָר וועגן באַשען, — אַז עס אַנטשפּרעכט נישט דעם נאָמען. טאָ פאַרשרײַבט אויף מיר אַן עוולה. און אויב שוין דעם אמת גערעדט, בין איך אין דעם נישט שולדיק: נחום האָלט מיר אין איין דערציילן אַ מעשה נאָך אַ מעשה, אַ געשיכטע נאָך אַ געשיכטע און אַלץ וועגן אוזדע. זאָג איך נחומען: „איך קאָן דאָס אַלץ נישט פאַרגעדענקען, לאָמיר זיך אויף איין ווײַלע צוזעצן, כאָטש פאַרשרײַבן דאָס, וואָס איר האָט מיר אָקאָרשט דערציילט”. פאָכט ער מיט די הענט: „שפּעטער, שפּעטער, אָט הערט בעסער אַזאַ געשיכטע” — און קלאַפּט שוין ווײַטער, פאַרכליניעט זיך אַזש, אַ וואָרט אויף ווײַסרוסיש, אַ וואָרט אויף מאַמע־לשון.

## הײַנט איז מאַנטיק...

הײַנט איז מאַנטיק. איטשע העלערס ווײַב, אידע וועט די גאַנצע וואָך אַרבעטן אין דער ערשטער משמרת. האַלב זיבן אינדערפרי הייבט זי זיך אויף. כּדי מיך נישט אויפצוּוועקן, נעמט זי שטיל אַראָפּ דעם לאַנגן ריגל פון דער טיר אינעם גרויסן פאָדער־חדר, ווו איך שלאָף אויף דער נידעריקער שמאָלער קושעטקע. נאָר איך שלאָף שוין נישט. איך האָלט מכּלומרשט צוגעמאַכט די אויגן און ריר זיך נישט, אין בין שוין פון לאַנג וואַך. כ׳האָב געהערט איר יעדן באָרוועסן טראָט אויף דער פאָדלאָגע. איך הער אויך, ווי אַזוי זי עפנט אין פאַרהויז דעם ריגל פון דער דרויסנדיקער טיר און ווי אַזוי זי טוט אַ הויב אויפן הויף די קליאַמקע פון דער פאַרטקע, במלא, וועל איך שוין נישט אַנט־שלאָפן ווערן — מײַנע מחשבות, טראָגן זיך אַרום, ווי ווילדע בינען...

נחום הימלשטיין האָט צוגעזאָגט אין דער פרי אַרײַנצוגיין נאָך מיר. ער אַרבעט הײַנט אין דער צווייטער משמרת, וועל איך מיט אים באַווײַזן צו עמעצן אַרײַנקומען, אָדער מיר וועלן זיך ווידער הײַנט דורכגיין מיט אים

איבער אַ פּאָר גאַסן פון שטעטל. ווײַל אויף יעדער גאַס און בײַ יעדער שטוב דערמאָנט ער זיך נאָך אַ מעשה, נאָך אַ געשיכטע. עס איז פאַר מיר נאָך, אפשר, אַ ביסל צו פרי אויפשטיין, נאָר איך קאָן שוין סײַ־ווי נישט אײַנליגן, עס הייבט מיך. פּאַמעלעך נעם איך זיך אָנטאָן. יעדער קער און ווענד איז בײַ מיר, ווי בײַ אַ שאַכמאַטיסט, פּאָרויס אויסגערעכנט, איך זאָל אָקאָרשט נישט געבן קיין צופעליקן רוק מיטן שטול, אויפוועקן דאָרט אין שלאָפצימער איסאַק איזראַילעוויטשן. איך בין דאָך, בסך־הכל, נישט מער, ווי אַ צײַטווײַליקער קוואַרטיראַנט, נישט בײַ זיך אין שטוב, ווו איך קאָמאַנדעווע. עטלעכע נעכט בין איך דאָ געשלאָפן אין זאַל אויף דעםברייטן און ווייכן דיוואַן, נאָר איבער געוויסע טעמים בין איך אַריבער אויף נאַכטלעגער אין פּאָדער־חדר. אָנהויב אַפּריל איז נאָך אין שטוב געווען קאַלט, פלעגן מײַנע באַלעבאַטים אין אָוונט אויסהייצן די הרובע, וואָס געפינט זיך אין זאַל אַנטקעגן דיוואַן, בײַם אַרײַנגאַנג אין די באַלעבאַטימס שלאָף־חדר. בײַנאַכט פלעגט פון דער צעפלאַמטער הרובע גיין אויף מיר אַזאַ חמימה, ווי פון אַ צעגליטער „בורזשויקע" און דער בריקעט־„דוך" פלעגט מיר דערלאַנגען אין די שלייפן. אינדערפרי איז מיר געשטאַנען אַ טומאַן אין קאָפּ, ביז שווינדלעניש. דאָס איז איינס אַוועק. צווייטנס, איז געווען אַ גאַנצער עסק אין אָוונט מיטן פאַנאַנדעררוקן דעם דיוואַן און אין דער פרי ווידער מיטן צוזאַמענשטעלן אים. באַזונדערס קשה איז געגאַנגען דאָס צוזאַמענרוקעניש. איבער מײַן אינוואַלידקײַט האָב איך עס נישט געקאָנט ווי באַדאַרף צו זײַן מאַכן. אַ פּאָר מאָל האָט מיר איטשע העלער געפרוווט העלפן, נאָר איך זע, אַז עס קומט אים אויך אָן שווער דאָס אָנבויגן זיך, כדי צונויפלייגן די פּיסלעך פון דער קאַנאַפּע און אַרײַנפּאַסן זיי אַקוראַט אין די שליצן־עפענונגען. העלער הייבט אַזש אָן צו פרײַכן פון אָנגעשטרענגקײַט, עטעמט זיך קוים אָפּ און טוט, סוף־כל־סוף, אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגט מיר, אונטערשמייכלענדיק: — „פון מײַנעטוועגן, קאָן עס אַזוי בלײַבן, ביז די ווײַב וועט קומען פון דער אַרבעט. זי איז בײַ מיר אַ בעסערער ספּעציאַליסט אין די זאַכן". האָב איך דעריבער באַצײַטנס באַשלאָסן אַריבערצוקלײַבן זיך אין פּאָדער־צימער אויף דער קושעטקע. אויסער דעם, איז דאָרט אַ סך קילער און פרישער די לופט. פּונקט אַנטקעגן דעם פּאָדער־צימער איז די קיך, פלעג איך בײַנאַכט לאָזן אָפן דעם לופטשיק אין קיך־פענצטער.

איטשע איז נאָך נישט אַרויסגעגאַנגען פון שלאָפחדר, ווי איך האָב שוין געהאַט אין פירהויז אײַנגעוואַשן זיך, צוגעגרייט פאַר זיך פרישטיק, אָפּגעגעסן, אויסגעטרונקען אַ גלעזל וואַרעמס און אַרויס אויפן הייפל צו באַגעגענען נחומען. ער איז דאָך אויך אַ געוועזענער סאָלדאַט און אינוואַליד (שפּלי טערס האָבן בײַ אים אַרויסגעריסן שטיקער פלייש אויפן רוקן, צעקאַרדאַשעט

די פּאַכווע, אַ נס, וואָס דיביינער זײַנען גאַנץ געבליבן), וואָס האַלט נאָך עד־היום פון פּינקטלעכקייט.

איך קום אַרויס אויפן נידעריקן גאַניקל, גיי פּאַוואָליע אַראָפּ פון די פּאָר פּײַכטע, גליטשיקע טרעפּלעך. בײַ דער נאַכט האָט אויסגעשאָטן אַ משקלות־שנייעלע, אַזאַ, וואָס פאַלט אין ווײַסרוסלאַנד ראַפּטאָם אַרויס אין די ערשטע טעג פון אַפּריל. מ׳קאָן אַזאַ שנייעלע אַ נאָמען געבן „פרילינג־שנייעלע״, ווײַל ווי נאָר ס׳וועט אַ שײַן טאָן די אינדערפרײַיקע זון, וועט פון דעם קיין שריד ופליט נישט בלײַבן. נאָר דערווײַל באַדעקט עס שיטערלעך־דין, ווי מיט מעל־צוקער, דאָ און דאָרט דאָס שמאָלע הויפל, וואָס פירט אויף לינקס, צום הויז־גאָרטן, און אויף רעכטס, צו דער טויער־פאָרטקע. די טשאָטע הינער מיטן האָן בראש לויפן מיר אַנטקעגן. דאָס זײַנען נישט העלערס, זיי האַלטן נישט קיין הינער. אידע גייט אַוועק אויף דער אַרבעט, און אויף איטשען קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן, ער זאָל אָנקאָרמען אַ הון, דער קאָפּ ליגט אים נישט דערבײַ. ער איז פאַרטאָן מיט אַ סך בילכערע ענינים. די הינער זײַנען זייערע שכנימס — די וואַסילעווסקעס, וואָס לעבן אַ טיר לעבן אַ טיר מיט איטשען און אידע העלער. איין האַלבע שטוב געהערט צו די העלערס, און די אַנדערע העלפט — צו די וואַסילעווסקעס. נישט אַנדערש, אַז די הינער ווײַזט זיך אויס, אַז דאָס טראָג איך זיי עפּעס צו פּיקן. זיי זײַנען, משמעות, אויפגעשטאַנען נאָך פריער פון מיר, און האָבן שוין באַוויזן אויפן ניכטערן האַרצן אָנצומאָלן מיט פאַרקאַלייטע לאַפּקעס אויפן שניי אָן אַ שיער „בלימלעך״ און „שטענגעלעך״, דער עיקר, אַזעלכע, וואָס זײַנען ענלעך אויף „פיקסעלעך״.

אידעס שכינה, וואָס אַרבעט אַלס שנײַדערקע אויפן אוזדער קאָמבינאַט פון שטייגער־באַדינונג, איז געפאַלן אויף אַ המצאה — כדי אירע ווײַסע אינקובאַטאָרסקע הינער זאָלן האָבן, וועלכע ס׳איז סימנים און זי זאָל זיי דערקענען, האָט זי זייערע רוקנס געדיכט אָפּגעפאַרבט מיט פיאָלעטן טינט. קיין טינט האָט זי דערבײַ נישט געזשאַלעוועט. אויך דעם האַנס גרויסן רויטן קאָם באַשפּרענקלט מיט טינט־פלעקן. איך קוק אויף די שוין ווײַס־פיאָלעטע הינער און שמייכל אין זיך — איך האָב זיך דערמאָנט מאָטל פּייסיס און זײַן ברודער עליע, וואָס האָבן בײַנאַכט פון האַרצוויייטיק, וואָס מע קאָן נישט פאַרקויפן די טינט־פּראָדוקציע, פאַרפלויכעט מיט טינט דעם שכנותדיקן פלויט און, דאַכט זיך, אויך מנשהס הינער, צי אפשר, די ציג... עס טוט אַ סקריפּ די פאָרטקע — נחום איז דאָ! מיר ווערט פריילעכער אויפן האַרצן.

איך דאַנק נחומען פאַר זײַן פּונקטואַלנאָסט. און מיר גייען ביידע אַרויס אויף דער פּראָלעטאַרסקע גאַס. פּונקט איבער דער גאַס, אַנטקעגן העלערס שטוב, איז דער קלויסטער, בשכנות מיטן קלויסטער און דעם אַרומגעצוימטן

פוסטן הויף, איז דוד יעלס שטוב. איטשע איז מיט דוד יעלן קידער־ווידער. איטשע האַלט יעלן פאַר אַ פּרא־אדם, פאַרן סאַמע לעצטן שיכורניק. ווען העלער דערזעט אים דורכן פענצטער, מוז ער זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ בייז וואָרט וועגן אים, ווי אַ שטייגער: „דוד יעל האָט שוין אָפּגעשטעלט דעם קיידער, וואָס טראָגט די פלעשער כסדר", „נעצט איַין אַ טיכעלע, עס זאָל פון דעם שמעקן מיט בראָנפן, וועט דוד יעל איַיך נאָכלויפן אַ דריַי קילאָ־מעטער"... הינטער יעלס שטוב איז די פּאַזשאַרנע מיט דער קאַלאַנטשאַ. צווישן יעלס שטוב און דער פּאַזשאַרנע זעט מען דעם פּלאַץ און אויפן פּלאַץ דאָס קליינע מערקל, וווּהין פּויערים פון די אַרומיקע דערפער ברענ־גען צו פירן אייער, פּוטער, קעז און סלויטשיקלעך און האַרלאַטשיקלעך מיט סמעטענע. אויפן זעלבן מערקל פאַרקויפט מען אויך זוימען פון גאָרטן־צוכט און בלומען. איבערן פּלאַץ, שוין אויף דער צענטראַלער לענין־גאַס, זעט מען די גרויסע קראָם. אַביסל אין דער טיף, הינטער די יונגע טאָפּאָלן, — די „גיכע הילף". הויך־הויך אין דעם אינדערפריַיקן הימל, האָט שוין אַ רעאַקטיווער עראָפּלאַן צעלאָזט איבער אונדזע זיַין לאַנגן, וויַיסן פּאַווע־עק. איך האָב דעם קאָפּ פאַרריסן צום הימל און איך בין זיך מסופק, צי דער פּילאָט זעט אַצינד פון דער מסוכנער הויך מיך מיט נחומען דעם שוסטער, ווי אַזוי מיר גייען פריַינטלעך, אַקסל ביַי אַקסל, איבער דער אונדזער פּראָליעטאַרסקער גאַס. אָבער דערפאַר זע איך באַשיַימפּערלעך־קלאָר, ווי אַזוי „דאָס שפּינעלע", וואָס הייסט רעאַקטיווער סאַמאָליאָט באַוועגט זיך שנעל־שנעל אין דעם קאָפּשווינדלענדיקן בלויען רוים און ציט נאָך זיך דעם שפּינוועבס־דינעם עק, וואָס ווערט ביסלעכוויַיז אַלץ ברייטער און צעקנוילטער, אַלץ ענלעכער אויף אַ פּאַווע־עק.

מיר גייען פאַרביַי איין שטוב, אַ צווייטער שטוב, און נחום שטעלט זיך אָפּ. ער האָט שוין מיר וואָס צו בריַיען: — גאָר אַמאָל האָט די דאָזיקע גאַס געהייסן „סוויִנאַיאַ", די חזירישע גאַס. — פאַר וואָס עפּעס חזירישע? — וויל איך פעסטשטעלן.

— בעס יאַגאָ וויעדאַיע (ווייס זי דער טיַיוול) — גיט מיר צו פאַרשטיין נחום, — מהסתם, וויַיל דורך דער גאַס קאָן מען קומען צום חזירים־מאַרק, ווו אין די זונטיק־טעג, ברענגען די פּויערים פון די דערפער קוויטשיקע חזירימלעך אין צעלעכערטע זעק, אָדער אין קאַדקעלעך, אַרומגעפלאָכטענע מיט שטריק, און, אפשר, דערפאַר, וואָס פון דאַנען איז צום דאָרף געווען מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, און חזירים פלעגן דאָ אַרומלויפן ווי הינער. נאָר זיַיט איך געדענק זיך, נאָך מיט אַ סך יאָרן פאַר דער מלחמה, הייסט די חזירישע גאַס — פּראָלעטאַרסקע.

איך האָב שוין דערמאָנט וועגן דעם, אַז אין אונדזע האָבן ביז דער

מלחמה געווינט, כמעט, אויסשליסלעך ייִדן און בלויז געציילטע משפּחות איז געראָטן אָפּצוראַטעווען זיך פון די דײַטשישע מחובלים און פּאָליצײַען. אָבער דאָס שטעטל גופא, די שטיבער זײַנען אין דער איבער־וועגנדיקער מערהייט גאַנץ געבליבן. אוודאי איז פּאַרט היפּש אין אַ זײַט פון אײַזנבאַן־מאַגיסטראַל, און בעתן אָפּטרעטן האָבן די דײַטשן אין קדחת־שרעק געהאַלטן זיךּ בענטשטער צו די באַן־ליניעס. וועגן וואָס פּאַר אַ שטוב איך זאָל ביי נחומען נישט אַ פרעג טאָן, געדענקט ער, ווער עס האָט אין איר געלעבט, וואָס איר באַלעבאָס האָט געטאָן, ווי אַזוי ער און זײַנע קינדער האָבן געהייסן. נחום דערמאָנט זיך די פריילעכע און טרויעריקע געשיכטעס, וואָס עס האָט אין דער, אָדער יענער משפּחה מיט פיל יאָרן צוריק פּאַסירט, ער געדענקט די פּילצאָליקע צונעמעניש, וואָס אַ סך תושבים פון שטעטל האָבן געהאַט, און, אַז נחום רעדט זיך אַזוי „פּאָדראָבנע" מיט אַלע פּרטים און איינצלהייטן, אָנווייַזנדיק אויף די לעבעדיקע עדות — די שטיבער, די פענצטער, די גאַנעקעס, טויערן־פּאַרטקעס, הינטער וועלכע ס'האָט געלעבט מיט פריידן — ליידן דער פּשוטער, ליבער עמך — די צענ־דליקער טויזנטער ייִדן פון די שטעטלעך אין ווייסרוסלאַנד, הייבט אָן מײַן האַרץ צו דריקן אַ חלשותדיקע שוואַכקײַט און אומגעהויערע קלעמעניש כאַפּט אַרום מײַן נשמה, נישט איבערצוטראָגן. און נחומס, דאַכט זיך, אין פלוג, פריילעכע מעשיות, שיטן נאָך מער זאַלץ אויף מײַנע צעיאָטערטע ווונדן, וואָס ווערן מיט יאָרן נישט פאַרצויגן...

# נחומס מעשיות

## דאָס בײַטעלע מיטן שטעמפּל

— אין דער דאָזיקער שטוב מיט די פיר פענצטער צו דער גאַס, — טוט מיר אַ ווײַז נחום, — האָט געלעבט דער שערער איסער מאַניעוויטש. ער איז אַ סך יאָרן געווען דער נאַטשאַלניק פון דער אוזדער פײַערלעשער־געזעל־שאַפט. האָבן די אוזדער פּאָזשאַרניקעס אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן באַשלאָסן, בשתיקה פון זייער גלאַוונעם „יאַטיעביעדאַם", אַראָפּוואַרפן אים פון „בענקל", מאַכן אים פאַר אויס־נאַטשאַלניק. איסערן האָט עס, ווי אַ דונער דערלאַנגט — אַזאַ חרפּה, ווי קאָן עס גאָר געמאָלט זײַן, אַז נישט ער זאָל זײַן דער הויפּט פון דער אוזדער פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע? ער האָט געסטראַ־שעט, געפּאָכעט אין דער לופטן מיט דער אָנגעשײַערטער בלישטשענדיקער

פאַזשאַרנער קאַסקע, וואָס איז תמיד געהאָנגען לעבן גרויסן שפּיגל אין זײַן פאַריקמאַכערסקע און פון כעס און הריזאָטע נישט געוואָלט אָפּגעבן דעם שטעמפּל פון דער פּײַערלעשער־געזעלשאַפט. האָט מען גענומען מײַן טאַטן, פּײַוועיאָשע דעם שנײַדער, וואָס איז אויך געווען אַ פּאַזשאַרניק, און מאיר שקליאַרן, זײַן צונעמעניש איז געווען „בעהון". ער איז געווען אַ קאָראָבייניק, און מע פלעגט וועגן אים זינגען אַ לידעלע: „נאָדלען שפּילקעס, וואָס שטעכן אין די זײַטן". מ׳האָט זיי ביידן געשטעלט אַ בוטל בראָנפן. האָבן זיי געמאַכט דעם גוטן „בורא פרי הגפן" און זיך שטילינקערהייט אונטערגעגנבעט צו איסערן און פּלוצעם פאַרדרייט אים אויף הינטער די הענט און מיט גוואַלד אַרויסגעשלעפּט פון זײַן בוזעם־קעשענע דאָס קליינע בײַטעלע אין וועלכן ער האָט געהאַלטן דעם טײַערן שטעמפּל פון דער פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע...

## מיכל ענטוס

— אָט דאָס שטיבל האָט געהערט צום טאַפּעטן־קלעפּער מיכל ענטוס — אַ לץ פון לצים־לאַנד. אַז מען פלעגט אים אָנגיסן אַ גלעזל בראָנפן, פלעגט ער די פולע גלאָז משקה אַרויפשטעלן זיך אויפן קאָפּ, מיט אַ האָקוס־פּאָקוס אַ כאַפּ־טאָן די גלאָז מיט די ציין און אין איין אויגן־בליק זי איבערקערן צו זיך „אין לאָמפּ", נישט פאַרגיסנדיק דערבײַ קיין איינציקן טראָפּן. דערנאָך, פּאַמעלעכקע, מיט פאַרטײַעטער ווירדע אָוועקשטעלן די ליידיקע גלאָז אויפן טיש, אויסווישן די ליפּן און אַ זאָג טאָן: צו געזונט דיר, מיכל ענטוס!

## געשטאָרבן אַ יינגעלע, געבוירן אַ מיידעלע...

— איר זעט די שטוב מיט די פענצטער צום גאָרטן? — דערציילט נחום שוין אַ פרישע געשיכטע. — דאָרט האָט געלעבט מײַן פעטער, קלמן דער שמיד. האָט מען אים פאַר זײַן מאָרודנעקייט גערופן „דער קאַלטער שמיד". אַ שוואַכער בעל־מלאכה געווען, געלעבט אין דחקות, זײַן ווײַב ציווע־רחל האָט געהאַלטן אין איין קינדלען. נאָר די קינדער פלעגן זיך — פאַר קיינעם געדאַכט, — נישט האַלטן, שטאַרבן קליינערהייט. פון די צוועלף קינדער זײַנען געבליבן צוויי — אַ טאָכטער, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין געטאָ און אַ זון, וואָס האָט זיך מיט נסים געראַטעוועט און לעבט, דאַכט זיך, איצט אין מינסק. אַנומלט, קומט דער פעטער צולויפן צו אונדז אויפן הויף מיט אַ געשריי: „געשטאָרבן אַ יינגעלע, געבוירן אַ מיידעלע!"...

## אַ הויכער דונער

— און דאָ האָט זיך געפּריידט אַן אַנדער שערער — נוח.

— אויך אַ פּאַזשאַרניק ?, — פרעג איך נחומען.

— ניין, ער איז געווען זייער אַ קליינטשיקער, און, ווי אויף להכעיס דער וועלט, וואָס ער איז אַזוי נידעריק אין וווקס, האָט ער זיך אויסגעזוכט אַ הויך, גאָר אַ הויך ווייַב, אַ דאַרע דראַנדזיע. קיין גוט לעבן איז צווישן זיי נישט געווען. פלעגט נוח דער קורציאַק זיך שטענדיק ביטער ווערטלען פאַר זייַנע קליענטן: „איך האָב געזוכט אַ הויכע ווייַב און געפונען אַ הויכן דונער...”

## צו נחומס ירושה־שטיבל

הערנדיק נחומס געשיכטעס, באַמערק איך גאָרנישט, ווי ער האָט מיך אַוועקגעפירט פון די אוזדער הויפּט־גאַסן. מיר שפּאַנען איבער די שמאָלע געסלעך, ווו דער וועסנע־זון קומט אַן פיל שווערער צו אויסטריקענען זיי. מיר גייען פאַרבייַ די מאַסלאַבויקע און דעם אָפּגעברענטן ברויט־זאַוואָד. אין מיטן וועג איז דאָ אויסגעשאָטן אַן אַ שיער קופּעס אָפּגעאַרבעטער גרויער שלאַק פון די קאָטשעגאַרקעס. דער שלאַק האָט זיך צעמישט מיט דער וועסנע־בלאָטע און אַרויסצושלעפּן „מייַנע פיס” פון דער שיטערער זומפּי־קייַט, קומט מיר אַן נישט לייַכט. נאָר איך שלעפּ זיך און שווייַג. די זאַך איז אין דעם, אַז שוין מיט עטלעכע טעג צוריק, האָט נחום געפירט מיט מיר אונטערהאַנדלונגען וועגן קומען צו זיי אויף לאַטקעס. צוערשט האָט נחום זיך אויספירלעך בייַ מיר דערקונדיקט, אַ וועלכע לאַטקעס איך אוואַזשע מער — מעלענע, צי בולבענע ? האָב איך אים, פאַרשטייט זיך, געזאָגט: בולבענע, צוגעברוינטע, טרוקענע, דאַרלעכע וואָס „טרישטשען” אין מויל.

— טאָ קומט גלייַך צו אונדז — פאַר איין האַלבער שעה וועלן זיי פאַר אייַך אַ גלאַנץ טאָן אויפן טעלער...

גיב איך אים צו דערקלערן, אַז איך גיי אָקאָרשט פון דער גאַרקיך. האָבן מיר „די לאַטקעס” איבערגעטראָגן אויף שבת, און שבת געמוזט אָפּלייגן אויף זונטיק, אָבער סייַ דער שבת און סייַ דער זונטיק זייַנען בייַ מיר געווען „אָנגעפּיקעוועט” מיט באַגעגענישן. איז שוין געבליבן, אַז די לאַטקעס זאָל איך עסן בייַ הימלשטיינען מאָנטיק, נאָך דעם, ווי מיר וועלן זיך אַ ביסל דורכגיין דורך די אוזדער גאַסן.

נאָך אַ ווייַלעטשקע און מיר זייַנען שוין אויף קאָמסאָמאָלסקע געסל.

און נחום איז שוין איצט זיכער, אַז היינט וועל איך זיך פּוז זיינע בולבענע לאַטקעס נישט אַרויסדרייען. ער טוט אַ קוק אויף זיין האַנטזייגער:
— זיי פּרעגלען זיך שוין אויף דער גרויסער סקאָוואָראָדע. מען קאָן זיך אויף מיין באַשען פאַרלאָזן.

מיר דערנענטערן זיך צו זיין ירושה־שטיבל אויף קאָמסאָמאָלסקע־געסל, און נחום „כאַפּט אַריין" און דערציילט מיר נאָך איין אוזדער געשיכטע.

## מיין טאַטנס קאָנקורענט

— אין דער דריטער שטוב פון אונדז, האָט געלעבט דער שניידער, מיין טאַטנס קאָנקורענט, נישט קיין געהויבענער שניידער, אַ לאַטוטניק געניייט פאַר די פויערים קאַרטענע און לייוונטענע פלודערן. פלעגט קומען צו אים אַ פויער מיט אַ פּעקל צייג און אים וואַרענען: „פּאַשיי מניע, מענדול, מייטקי, אַליע ס׳קעשעניאַמי" — ניי מיר אויף מענדול, אַ פּאָר הויזן, אָבער מיט קעשענעס.

פאַר מענדלען זיינען די קעשענעס געווען איבעריק, ווי אַ לאָך אין קאָפּ. דערצו נאָך זיינען ביי אים צו די קעשענעס די הענט נישט דער־גאַנגען, אַ שווער שטיקל תורה. פלעגט ער נעמען איינשמועסן דעם פויער:
— צו וואָסער טייוול באַדאַרפסטו קעשענעס ? — וועסט גיין אין פעלד, וועסטו נעמען אַ טאַרבעטשקע, וועסטו גיין אין קלויסטער אַריין, ס׳טו נעמען מיט זיך אַ כוסטאַטשקע — אַ טיכל...

— ניין ! — פלעגט זיך שפּאַרן דער פויער, — ניי מיט קעשענעס !

זעט שוין מענדל, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ פויער — אַן עקשן, גיט ער מיטאַמאָל אַ כאַפּ פון טיש מיט כעס דעם גרויסן קיך־מעסער און פאַרהייבט עס, ווי אַ חלף, איבערן פויערס פּעקל סחורה. דערשרעקט זיך דער פויער — מענדול וועט אים צעפּאַסעווען די לייוונט — און טראַכט תיכף איבער: — אַן קעשענעס, אָן קעשענעס, זאָל שוין זיין אַזוי ווי דו ווילסט !

## די קאָמפּענסאַציע

איך האָב טאַקע גוט אַריינגעהאַרעוועט, ביז איך האָב זיך דערקליבן צו נחומס ירושה־שטיבל אויף דעם קאָמסאָמאָלסקע־געסל. אָבער דערפאַר איז מיין האָרעוואַניע „קאָמפּענסירט" געוואָרן מיט די צוגעברויינטע בול־בענע־לאַטקעס, די דינע, כרושטשענדיקע, וועלכע איך האָב מיט אַפּעטיט

געטונקט און געטובלט אין די ספּאָדיקעס מיט קאַלטע סמעטענע, צע־שמאָלצענע פּוטער, האָניק און פלוימען־וואַרעניע. דערביַי האָט מיר באַשע אוועקגעשטעלט אַ וויַיסרוסיש מאכל — אַ טעלער מיט הייסער מאַטשאַנ־קע־יויך מיט פליישׂ. איך האָב געגעסן און, בוכשטעבלעך, געלעקט די פינגער. און באַשע מינטערט מיך: — עסט, שעמט זיך נישט, אַז איך פלעג קומען צו איַיער סטערען, פלעגט זי מיך תמיד מכבד זיַין און איך האָב זיך נישט געשעמט און געגעסן.

— נאָך איין לאַטקע און גאַר, — האָב איך זיך געוועדט, — זיי זיַינען צו געשמאַק, באַשע. מען קאָן פאַרלירן דעם חשבון — ס'איז אַ ריזיקע...

דערנאָך האָט מיר נחום באַוויזן זיַין הויז־באַלעבאַטישקייַט, אַריַינ־געפּירט אין קילן, טונקעלן טשולאַנטשיק, צו די געדיכט־אָנגעשטעלטע אויף די פּאָליצעס סלאָיעס און סלויטשיקעס מיט שוואָמען, פאַרזיַיערטע אוגערקעס, פּאָמידאָרן, צו די „פאַרדרייטע" און „נישט פאַרדרייטע" באַנקעס מיט כלערליי וואַרעניעס און קאָמפּאָטן. אין ווינקל פון טשולאָן איז געשטאַנען אַ גרויסע בוטל מיט אַ ביז־אַ העלפט שוואַרצע יאַגעדעס און נאָך עטלעכע צוויי און דריַי־ליטראָווע בײַכיקע פלעשער מיט ווישניק, אַגרעסן, וויַינפערלעך און מאַלינעס — „שיריים" נאָך פון דער פּאַראַיאָ־ריקער גערעטעניש.

— אָט די דאָזיקע בוטלען און פלעשער, — קלערט מיר אויף נחום,— איז מיַין פּאָליקליניקע און מיַין אַפּטייק, מיַינע ווילע דאָקטוירים און מעד־שוועסטער. פאַרשאַט אַמאָל אָן איבעריקער ביסן און עס כאַפּט אָן אַ „לויפעניש", איז גענוג אויסצוטרינקען אַ האַלבע סטאָפּקע פון אָט די שוואַרצע יאַגעדעס, — איך האָב זיי אַליין יאַגעדע צו יאַגעדע געקליבן אין וואַלד, קיין אַנדער רפואה דאַרף מען נישט און פאַרקילט איר זיך, אָדער איר ווערט הייזעריק, אָדער איר שטעקט זיך אָן מיט אַ גריפּ, האָט איר דאָ פאַרשידענע סאָרטן מאַלינעס — טרוקענע, מיט צוקער פאַר־שאָטענע, געקאָכטע, וואָס שלאָגן פון איַיך אַרויס אַלע זיבן שווייסן צוזאַמען מיט דער כוואָראָבע.

פון טשולאַנטשיק האָט מיר נחום צוגעפירט צום שטעלכל מיט די קראָליקלעך, באַוויזן מיר די קוואָטשקע מיט די ציפּליאַטעס: — די קוואָטשקע, — באַמערקט נחום, — האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרן און פאַרע־כנט פאַר אייגענע הינדעלעך אַ צוואַנציק אינקובאַטאָרסקע ציפּליאַטקעס.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן גאָרטן. איך האָב באַטראַכט די פרוכטביימער, די מאַלינע און אַגרעס־קוסטעס, דער גאָרטן איז געווען ריין צוגעקליבן, טיילוויַיז אויפגעאַקערט, גרייט מיט אַלע אויסגעשטרעק־

טע צווײַגן און צווײַגעלעך און שוין מיט אייניקע געפֿורעמטע, צעווירעטע בייטן צו באַגעגענען די ליבע וועסנע.

— פֿאַר דעם שבת און זונטיק האָבן מיר שוין באַוויזן צו פֿאַרזעצן רעטעכלעך, מערן און בורעקעס. ווען איר ווייסט, אָקאָרשט, סאַראַ געשמאַקע בולבע עס וואַקסט אין אונדזער גאָרטן. איך מוז אײַך אין אָסיען ברענגען קיין מינסק אַ זעקל פֿון אונדזערע בולבעס. זאָל אײַך נישט אַרן...

# מיר באַגלייטן איינער דעם אַנדערן

פֿון דעם גאַנצן האַרצן דאַנק איך אײַך די באַלעבאַטים פֿאַר דער גאַסטפֿרײַנטלעכקײַט, לויב אין הימל אַרײַן די לאַטקעס, דאָס ווײַסרוסישע מאכל — די הייסע „מאַטשאַנקע" — און פֿאַרזאָג נחומען און באַשען איין מאָל און נאָך אַ מאָל: „איר וועט זײַן אין מינסק, זאָלט איר למען השם אַרײַנקומען צו מיר!". איך פֿאַרפֿינקטלעך, ווי אַזוי מ'דאַרף צו מיר פֿאָרן פֿון וואָקזאַל, מיט וועלכן אויטאָבוס, ביז וועלכן אָפּשטעל און אַזוי ווײַטער. נחום האָט מיך באַגלייט און גלײַכצײַטיק האָב איך אים באַגלייט צו דער אַרבעט. ביזן אָנהויב פֿון זײַן וואַכטע איז נאָך געווען איבער אַ שעה. מיר האָבן זיך נישט באַדאַרפֿט אײַלן. אַלס אַקאָמפּאַנימענט צו אונדזער צוריקמאַרש האָט מיר געדינט נחומס אַ שפּאָגל־נײַע מעשה. דאָס מאָל האָט ער מיר דערציילט וועגן זיך אַליין:

— אויפֿן פֿראָנט, אַז מיר זײַנען געשטאַנען אין „אָבראָנע" (שוץ), פֿלעגט מיך מײַן ראָטנע־קאָמאַנדיר שטענדיק מיטנעמען מיט זיך, אי, ווען מען פֿלעגט אים פֿלוצעם אַרויסרופֿן אין באַטאַליאָן־שטאַב, אי אין מיטן נאַכט, ווען ער פֿלעגט זיך אַוועקלאָזן איבער די ראָטע־טראַנשייען און אָקאָפּעס קאָנטראָלירן די סאָלדאַטן, ווי אַזוי מ'שטייט אויף דער וואַך אין די נאַכט־שעהן, ווען פֿון זיך אַליין קלעפּן זיך די אויגן. איך בין געווען זייער „ציאַמקע", אויף אַ וועג, וווּ איך פֿלעג נאָר איין מאָל דורכ־גיין, פֿלעג איך שוין דאָס אַנדערע מאָל אָנטרעפֿן סליאַד אין סליאַד, ווי אַ וואָלף. מיר האָבן מיט מײַן לייטענאַנט קיינמאָל נישט געבלאָנדזשעט. איך האָב ווי מײַנע פֿינף פֿינגער געוווּסט אַלע דריידלעך, זיגזאַגן פֿון די טראַנשייען און אָקאָפּעס אויפֿן שטח פֿון אונדזער ראָטע און שוין געהאַט אײַנגעחזרט דעם סאַמע רויקן וועג צום באַטאַליאָן־שטאַב. אין איינער

אַ נאַכט האָט זיך דער לייטענאַנט געקליבן גיין אין קוילן־וואַרפער ווזוואַד. ס'איז געווען אַ חושכדיקע אָסיען־נאַכט, ס'האָט נאָכאַנאַנד געריגנט. איך בין געלעגן אין זיעמלאַנקע לעבן מײַן קאָמאַנדיר און, מסתם, ווי אַ דער־הרגעטער אײַנגעשלאָפֿן, ווײַל מיר זײַנען שוין מיט אים אין דער־אַ נאַכט היפּש זיך אָנגעגאַנגען. האָט ער רחמנות געהאַט מיך אויפצוּוועקן און גענומען מיט זיך אַן אַנדער סאָלדאַט. נאָך דעם האָט מיר דער לייטענאַנט דערציילט, אַז ער האָט זיך מיט אים אָנגעמוטשעט, זיי זײַנען פּאַרקראָכן אין אַן אַנדער טראַנשיי פֿון דעם שכנותדיקן באַטאַליאָן, אוודאי, אין אַ שעה אַרום האָבן זיי זיך מיט צרות דערקליבן צו די קוילן־וואַרפער. מײַן לייטענאַנט, — שטעלט זיך נחום אָפּ, ווי ער וואָלט בעסער וועלן אין זכרון דערמאָנען זיך דעם אָנבליק פֿון זײַן ראָטנעם קאָמאַנדיר, — איז געווען זייער אַ וואָזשנער מענטש, אַ לערער פֿון אַן אינסטיטוט, שוין נישט קיין יונגער. ער האָט מיר עטלעכע מאָל אָפּגעגעבן דאָס געבעקס פֿון זײַן אָפּיצערסקע פּאַיאָק. איך פֿלעג נישט וועלן נעמען. — און נחום פֿאַרגעסט פֿלוצעם דעם פּראָנט און זײַן לייטענאַנט און הייבט אָן צו פֿילאָזאָפֿירן:

— אַ מענטש דאַרף זײַן אײַנגעשפּאַרט. האָט ער עפּעס באַשלאָסן צו טאָן, טאָר ער אויף איין האָר נישט נאָכלאָזן. מ'דאַרף קאָנען זײַן אַן עקשן. אָט הערט, איר וועט דערנאָך פֿאַרשרײַבן. מיט אַ לענגערער צײַט צוריק, זומער איז דאָס געווען, פֿאַראַיאָרן זומער, טראַכט איך, איך וועל מיר צוגיין צו סיעמיאָן אײַנבינדער, דעם אינוואַליד, ער לעבט הינטער דער אויטאָבוס־סטאַנציע, פֿאַרבײַ דער געבײַדע פֿון דער אַמאָליקער יידישער זיבניאָריקער שקאָלע. הינטערן פּלאַץ, ווו עס בויט זיך איצט דער נײַער האָטעל. שאַ, וואָס דערצייל איך אײַך, איר זײַט דאָך בײַ אײַנבינדערן גע־ווען. ווייסט איר דאָס געסל, ווו ער לעבט. ס'האָט שוין געמוזט זײַן אַרום זעקס, צי זיבן אין אָוונט. האָב איך קיינעם פֿון זיי אין שטוב נישט געטראָפֿן, נישט סעמיאָנען און נישט זײַן ווײַב קאַטיען. דערנאָך האָב איך זיך געהאַט דערוווּסט, זיי זײַנען מיט דער גאַנצער משפּחה אַוועק צו קאַטיעס אַ באַקאַנטער אויף אַ חתונה. לאָז איך מיר פֿון הויף צוריק, שפּרינגט אַרויס פֿון בײַדל סעמיאָנס הונט אויף דער קייט און וואַרפֿט זיך אויף מיר. איז מיר אין דער דאָזיקער רגע אַרײַנגעפֿאַלן אַ המצאה — לאָמיר אָקאָרשט אויף טשיקאַוועס זען, ווער וועמען עס וועט איבערהאַוו־קען? — סעמיאָנס הונט מאַכט צו מיר: „האַוו"! — מאַך איך צו אים: „האַוו־האַוו"! סעמיאָנס הונט: „האַוו"! — ענטפֿער איך ווידער — „האַוו־האַוו"! איך קוק אים גלײַך אין די אויגן און פּונקט מיט דעם זעלבן נוסח, וואָס ער: — „האַוו־האַוו"! איך האָב אים נישט נאָכגעגעבן, געשטאַנען, זיך פֿון אָרט נישט גערירט און וואָס מיינט איר? — איך האָב

אויסגעשפּילט. דער הונט האָט נישט אויסגעהאַלטן. איך זע, סעמיאָנס הונט לאָזט אַראָפּ דעם עק און — פּיטש אין בײַדל. פֿאַרשווונדן. אויף מאָרגן אין אָוונט גיי איך ווידער צו סעמיאָנען. איך האָב אים געטראָפֿן אויפֿן הויף. ער איז געשטאַנען אַנטקעגן זײַן הונט און אים פֿאַר עפּעס „געמוסרט". סעמיאָן אײַנבינדער איז אַ גרויסער מאָראַליסט. ווי נאָר דער הונט האָט מיך דערזען, האָט ער תיכף אַראָפּגעלאָזט דעם עק און — פּיטש אין בײַדל... האָב איך אויסגעשאָסן אַ געלעכטער: — וואָס איז דאָס בײַ דיר פֿאַר אַ הונט אויף דער קייט, וואָס האָט מורא אַ ביל צו טאָן אויף אַ מענטשן? — און איך האָב אים דערציילט די נעכטיקע געשיכטע...

ס'האָט זיך מיר געוואָלט גוטמוטיק אַ פּאַטש טאָן נחומען איבערן אַקסל, ווי דאָס טוען פֿיל אוזדער, און אים אַ זאָג טאָן: „אוי, נחום, ביסטו אַ חכם"! נאָר איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן, נחום איז דאָך פֿאַרט מײַן וועג־ווײַזער און מײַן רעכטע האַנט אין אוזדע.

## פֿאַרזיכטיק, קינדער

ס'איז דורכגעלאָפֿן דער חודש פֿון מײַן זײַן אין אוזדע. פֿון מינסק איז געקומען מײַן טאָכטער מיט ליאָווען צו העלפֿן מיר אײַנפּאַקן דעם טשעמאָדאַן און ברענגען מיך בשלום אַהיים. און מײַן טאָכטערס שײַנענ־דיקע אויגן גיבן מיר צו וויסן: גוטע נײַעס. זי רוימט מיר אײַן: באַקומען פֿון ישׂראל דעם „לאַנגן קאָנווערט מיטן פֿענצטערל". און זי האָט שוין אָנגעגעבן די דאָקומענטן אין אוויר.

— אויך ליאָווע?, — טו איך שטיל אַ פֿרעג.

— יאָ, פֿאַר זיך און פֿאַר זײַן טאַטע־מאַמע אין איין קאָנווערט.

בײַם געזעגענען זיך מיט די העלערס, קאָן איך זיך נישט אײַנהאַלטן און גיב זיי איבער מײַן טאָכטערס בשורה. און איטשע און זײַן פֿרוי אידע קוקן מיט באַגײַסטערונג אויף איר און אויף איר בחור און ווינטשן מיר און מײַן טאָכטער און ליאָווען, אַז ס'זאָל אַלץ זײַן גוט און ס'זאָלן זײַן שׂמחות בײַ ייִדן.

איך דריק שטאַרק איטשעס הענט און אידעס הענט. איך בין, — זאָג איך צו זיי, — בײַ אײַך צו זיך געקומען. — איטשע און זײַן פֿרוי אידע

באַגלייטן אונדז. איטשע הייבט אויף זײַן בליק צום בײַשטידל פון דער צעעפנטער טיר און זאָגט זיך אַליין אין ביין אַרײַן: — אַ ייִדישע שטוב אָן אַ מזוזה...



און אין מינסק, אין דער היים, באַגעגנט אונדז גענאַטשקע מיט אַ טעלעגראַמע אין דער האַנט. רײַע גיט צו וויסן פון אָקטיובינסק, זי קומט מיט איר פרײַנד. די קינדער האָבן גלײַך אָנגעקלונגען צו דער מומע בראָניען, אָנצוזאָגן איר די נײַעס. בראָניע איז לעצטנס שטאַרק אָפּגע־שוואַכט און קאָן פון שטוב נישט אַרויס.

אַצינד, ווען פירעס צימער געהערן צו איר עלטערער שוועסטער און צו איר פרײַנד. און פירע ווען שלאָפן אין סאַלאָן אויף דער מאַמעס סאָפע. פירע און גענע גרייטן צו דעם צימער פאַר די געסט. צום אַלעם ערשטן טראָגט פירע אַרויס פון צימער איר פידל־שאַכטל. זי קוקט זיך אום, ווו זי זאָל אין סאַלאָן געפינען אַ פּאַסיקערן אָרט פאַר איר פידל. אויפן אַלמער איז אָן אומאָרדענונג, אָנגעוואָרפן שטוב־זאַכן. דאָס פּאַ־סיקסטע — אָוועקלייגן די פידל אויפן קלאַוויר. איידער זי לייגט אַוועק דעם שאַכטל, נעמט זי אַרויס די פידל און לויט דעם, ווי זי ווישט פאַר־טראַכטערהייט מיט דער שמאַטקע דעם שטויב פון דער פידל, פאַרשטיי איך, אַז פאַר אַט דער צײַט, וואָס איך בין געווען אין אודזע, אָן דער מאַמען, אין דעם נײַעם הו־האַ אין שטוב, ליאָווע, ישראל... איז פירעס באַליבטע פידל אין שאָטן און אויך פירע אַליין פילט זיך שוין אין שטוב, ווי אַ גאַסט. אַ סך פון די, וואָס האָבן שוין אָנגעגעבן די דאָקומענטן, באַ־קומען אין משך פון אַ דרײַ וואָכן די וויזעס. פירע אַרבעט נאָך אין קינ־דער־גאָרטן, נאָר אין קאָנסערוואַטאָריע האָט זי שוין אינגאַנצן אויפגע־הערט צו גיין. אין די אָוונטן איז זי מיט ליאָוועס אויף צוזאַמענטרעפן, געזעגענישן, לכבוד די אָפּפאָרנדיקע משפּחות, אָבער איך בין שוין איצט רויִק, ווי שפּעט זי זאָל נישט קומען, באַגלייט זי ליאָווע ביז צו דער טיר. עס פּאַסט אים נישט אַזוי שפּעט אַרײַנצוגיין, הער איך, ווי זיי געזעגענען זיך. איך פרעג מײַן טאָכטער נישט פּאַנאַנדער, איך פיל, אַז בײַ זיי איז אַלץ גוט און בין צופרידן. ליאָווע איז מיר געפעלן, אַן ערנסטער בחור, און איך טרוי אים מיטן גאַנצן האַרצן. און דאָס, וואָס מיר איז איר אויס־וואַל געפעלן, קאָן נישט פירע, נישט טיילן זיך מיט מיר, מיט איר איבערגעפולטער פרייד און דערציילט מיר וועגן זייערע געמיינזאַמע טרוימען און פּלענער. און איך באַגיטיק און שטאַרק איר מוט — האָט איר זיך ליב, בין איך, פיראָטשקע, גליקלעך.



אויפן אַנדער טאָג נאָך מײַן צוריקקערן זיך פון אוזדע, איך זיץ אין מײַן צימער און לייען רײַעס בריוו, וואָס איז אָנגעקומען נאָך מיט אַ וואָך פאַר דער טעלעגראַמע. זי גיט צו וויסן: „ס'זײַנען געווען גרויסע שוועריקײַטן בײַם אָפּלאָזן זי פון דער אַרבעט. גופא אין אַקטיוּ־בינסק האָט זי עס נישט געקאָנט פועלן און געווען געצוווּנגען צו פאָרן קיין אַלמאַ־אַטאַ (הויפּט־שטאָט פון קאַזאַכסטאַן), זײַן אין געזונט־הײַטס־מיניסטעריום. די בקשה געשטיצט פון דעם ווײַסרוסישן שרײַבער־פאַריין האָט געהאָלפן. זי מיט איר חבר גרייטן זיך שוין אין וועג אַרײַן און וועלן גאָר אין גיכן קומען צופאָרן.״ — דערהער איך: ליאָווע איז דאָ. באַצווייט מיט פירען קומען זיי אַרײַן צו מיר אין צימער — אַ פּאָוזע. שווײַג איך אויך... זאָגט ליאָווע שטיל:

— פירען פעלט נאָך אויס איין דאָקומענט, אַז איר טאַטע איז נישט קעגן, וואָס זי פאָרט קיין ישראל, אָן דעם זײַנען די אַלע אַנדערע דאָקומענטן נישט גילטיק.

— דאַרף איך עס אַליין מיט מײַן האַנט אָנשרײַבן ?, — פרעג איך זיי.

— ניין, — זאָגט פירע.

— אָט האָט איר עס שוין אָפּגעדרוקט אויף דער שרײַב־מאַשינקע, — נעמט ליאָווע אַרויס פון זײַן פּאַפּקע דאָס צוגעגרייטע פּאַפּיר.

— דאַרף איך בלויז אונטערשרײַבן ?

— יאָ, — רופן זיי זיך אָן אין איין קול.

איך גיב אַ בליק אין פּאַפּיר און כאַפּ איבער דעם אָטעם, איך זאָל נישט געאײַלט, דײַטלעך שטעלן מײַן נאָמען און פאַמיליע, — אָט דאָס אַלץ ? — זאָג איך.

— ניין, — זאָגט פירע, — און ליאָווע גיט צו: — איר דאַרפט אַליין מיט דעם אַרײַן אין דער וווינונגס־פאַרוואַלטונג, מען זאָל באַשטעטיקן אײַער אונטערשריפט, זיי דאַרפן שטעלן דעם שטעמפּל.

— און, אַז איר וועט עס אָנשטאָט מיר אַרײַנטראָגן ? וואָס איז די נפקא מינא ? — שווײַגן זיי...

— קומט !, — זאָג איך. — פון איין זײַט גייט די שוואַרץ־חנעוודיקע פירעטשקע, פון דער אַנדערער זײַט — מײַן צוקונפטיקער אײדעם ליאָווע, אַ געלער (אַ „דזשינדזשע״, — אַזוי רופט מען אַזאַ אין ישראל) אַ גאָלדענער בחור, און איך אין דער מיטן מיט מײַן קוליע און שטעקן. זיי פירן מיך צו

דער הויז־פּאַרוואַלטונג, ווי דעם חתן צו דער חופּה. און אַלע דרייִען שפּאַנען מיר זייער ערנסטע. נאָר פּיראָטשקע גיט פּלוצעם אַ זאָג: — טאַטע, לויף נישט אַזוי, לאָמיר גיין שטילער... ביי דער טיר פון דער הויז־פּאַרוואַלטונג באַמערקט ליאָווע: — מירן דאָ צוּוואַרטן אויף אייַך...

דער פּאַרוואַלטער, אַ הויכער, דיקער גוי, אַ טיפּישער אָטסטאַוויניק, אַן אָפּיצער, וואָס איז אַרויס אויף פּענסיע. די אָנפירער פון די הויז־פּאַרוואַלטונגען זייַנען בדרך כלל איינצייַטיק די פּאָרשטייער פון דעם אינערן־מיניסטעריום, פּשוט געזעגט, קאַגעביסטן — איך דערלאַנג אים דאָס פּאַפּיר. ער איז שוין אין קורס פון דעם ענין. מייַן טאָכטער איז שוין ביי אים געווען וועגן אַ ריי אַנדערע אירע דאָקומענטן. אויך איך בין אים קענטלעך. ער שטעלט זיך אויף פון זייַן שטול אין זייַן גאַנצער הויך: — איך קאָן עס נישט חתמענען, — און נעמט מיר טאַדלען און שטעכן מיט די ווערטער: — איר זייט דאָך אַ סאָוועטישער שרייַבער, אַ פראָנטאָוויק. ווי זשע וואָגט איר צו שיקן אייַער טאָכטער אין אימפּעריאַליסטישן איזראַעל, צו זייַן דאָרט פאַר די קאַפּיטאַליסטן האַרמאַטן־פלייש?!...

— הערט, — זאָג איך צו אים, — אוואַזשאַיעמי (חשובער)! אַ שרייַבער בין איך, נאָר וואָס איז פון דעם געדרונגען? — איך בין אָבער אויך אַן אינוואַליד, די ווייַב איז ביי מיר געשטאָרבן, און איך האָב נאָך אַ קליינעם יינגל. און מייַן טאָכטער איז שוין אַלט דאָס דריי־און־צוואַנציקסטע יאָר און וויל חתונה האָבן, און דער געליבטער פאָרט... קאָן איך זיי מיט גוואַלד נישט פאַרהאַלטן. איך וויל נישט, אַז מייַן טאָכטער זאָל מיר בלייַבן אַ דם־שונא. זאָל זי פאָרן... איך בין דאָך איר טאַטע, זאָל מיר דאָרן דער קאָפּ...

דער פּאַרוואַלטער שטייט אַ ווייַלע מיטן פּאַפּירל, דרייט עס אין דער האַנט... מייַנע עטלעכע ווערטער האָבן אים עפּעס אונטערגעזאָגט: ער האָט זיך ווידער געזעצט אויף זייַן בענקל, אַרויסגענומען פון שופלאָד דאָס שטעמפּעלע, אַ קוועטש געטאָן מיט דעם אויפן פּאַפּיר און מיר עס אָן קיין שום ווערטער דערלאַנגט, ווי איינער רעדט — ווערג זיך מיט דעם און אַנטרין פון מייַנע אויגן...

אויף דער גאַס האָב איך דעם פּאַפּיר אויסגעשטרעקט פירען און ליאָווען:
— פּאָרזיכטיק, קינדער, פּאָרזיכטיק, ווי איר גייט, — און אַ שמייכל געטאָן צו זיי ביידן.

# מיט אייוואַס גוסיינאָוון ביים טיש

אין צוויי טעג אַרום, אין אָוונט, זיינען פירע, גענע און ליאָווע אוועק־געפאָרן אויפן מינסקער וואָקזאַל צו באַגעגענען רייען מיט איר פריינד. איך האָב מיך צוגעלייגט אויף מיין בעט, געלאָזן אָפן די טיר פון צימער, איך זאָל דערהערן, ווען אַלע וועלן קומען. איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן. עס איז שוין געווען אַ שטיק אויף נאַכט, ווען די געסט זיינען אָנגעקומען. זייער מיד פון דעם לאַנגן וועג, האָט רייע איר חבר גלייך אַריינגעפירט אין איר צימער, נישט געוואָלט מאַכן ביינאַכט אַן איבעריקן טומל אין שטוב. עס זיינען בלויז אַריין צו מיר אין צימער גענע און פירע און ביידע האָבן מיר מיטגעטיילט:

— אַ הויכער.

— אַ שיינער.

און גענע האָט צוגעגעבן: אַ קאַווקאַזעץ...

אין דער פרי, גענע איז שוין געווען אַוועק אין שול, פירע — אויף דער אַרבעט, האָט רייע באַקאַנט מיך מיט איר אויסדערוויילטן. איך האָב געדריקט זיין האַנט. אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען אַ מאַנצביל פון מיטעלן וווקס, אַ ביינערדיקער, אַ טיפּישער פאָרשטייער פון די קאַווקאַזער פעל־קערשאַפטן. אַ גרוזין, צי אַן אַזערביידזשאַנער. ער האָט מיר אָנגערופן זיין נאָמען און פאַמיליע — אייוואַס גוסיינאָוו. לכבוד דעם גאַסט האָט רייע צוגעגרייט פרישטיק נישט אין קיך, נאָר אין סאַלאָן. מיר האָבן באַ־דריט געגעסן, אויסגעטרונקען און געמיטלעך און היימיש געשמועסט. דער גאַסט האָט מיך ביים טיש גערופן מיט רעספּעקט — באַטיאַ. אַ זשאַר־גאָנישער, פּראָסט־המונישער ניואַנס פון דעם רוסישן וואָרט „באַטיושקאַ" — פאָטער. אין די לאַגערן פלעגן די יינגערע אַרעסטאַנטן אַזוי זיך ווענדן צו די אַלטע, צו די זקנים. איך האָב ביים טיש, שמועסנדיק מיט אים און מיט רייען, באַמיט זיך מיט יעדן וואָרט מיינעם, ווי נאָר דאָס איז פאַר מיר מעגלעך געווען, אויסצובאַהאַלטן פון זיך אַליין מיין פאַרדראָס און איבערלעבונג, וואָס רייע האָט אַריינגעבראַכט צו מיר אין שטוב נישט קיין ייִד. און, אַז מ׳זאָל וועלן דאָן, פון אַ זייט דערגראָבן זיך צום סאַמע שורש, האָב איך גאָר קיין רעכט נישט געהאַט, אפילו, אין דמיון מיינעם פאַר־צוואַרפן מיט עפּעס מיין אַדאָפּטירטע טאָכטער: יאָרן־לאַנג געווען אוי־סער דער משפחה. אַכט יאָר געלערנט זיך אין אַקטיובינסקער אָוונט־אינסטיטוט, אין דער אַרומרינגלונג פון רוסן און קאַזאַכן. און דאָ, ווען מיר האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון נאָמאַנגאַן און רייע איז אין דער זעלבער

צײַט אָנגעקומען אין אינסטיטוט, האָבן מיר זי בײַם אַריבערפֿאָרן מיט־גענומען מיט זיך, געלט איז דאָך געווען, פֿאַרקויפֿט מײַן אינוואַלידן־מאַשין. האָט רײַע דאָן אַליין בשום אופֿן נישט געוואָלט בלײַבן מיט אונדז אין מינסק, און איז תּיכּף צוריק אָוועקגעפֿאָרן קיין אַקטיובינסק: בײַם אָנגעבן די דאָקומענטן אין אינסטיטוט, האָט זי זיך באַקאַנט מיט אַ סטו־דענט. זיי האָבן זיך ליב באַקומען, איז געשען אַן אומגליק — דער בחור האָט פֿאַרנדיק אויף זײַן מאָטאָציקל, צונויפֿגעשטויסן זיך מיט אַ לאַסט־אויטאָ און איז אומגעקומען. אין אַ קורצער צײַט אַרום איז רײַע, אָנגעטאָן אין שוואַרצן געפֿאָרן פֿון אַקטיובינסק קיין בעסאַראַביע צו דעם בחורס מוטער, טיילן זיך מיט איר מיט זייער געמיינזאַמען צער און ווייטיק. און ווען מיר האָבן עטלעכע יאָר געלעבט אין דעם זעקס־מעטראָוון צימערל, איז, כּמעט, אוממעגלעך געווען רײַעס אַריבערפֿאָרן קיין מינסק. און שפּע־טער האָב איך שוין אַליין מורא געהאַט צו נעמען אויף זיך אַזאַ עול און געניע האָט מיך צו גוט פֿאַרשטאַנען און מיר ווען דעם, אַפֿילו, קיינמאָל נישט דערמאָנט. האָבן מיר זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס רײַע פֿלעגט יעדעס יאָר אויף די זומער־קאַניקולן קומען צו אונדז, און מיט דער הילף פֿון געניעס חבֿרטעס, האָבן מיר ענערגיש גערעדט איר שדוכים. און ווען רײַע האָט אינדערפֿרי פֿאַרגעשטעלט פֿאַר מיר איר זיווג, דעם קאַווקאַזיער, איז מיר דורכגעלאָפֿן אַ מחשבה, אַז אויסער דעם, וואָס ער איז נישט קיין ייִד, איז דער בונד נישט קיין זיכערער און דער פֿאָדעם אַ צו שוואַכער... איז ווידער, וואָס פֿאַר אַ רעכט האָב איך, אַפֿילו, מיט אַ מינדסטן קרים, צו אַנטפּלעקן פֿאַר איר מײַן אומצופֿרידנקײַט. און ווו בין איך פֿריער געווען ?; און מאַלע־וואָס מיר אַליין קאָן זיך אויסווײַזן — פֿאַר איר איז ער גוט און ווויל, ווי די וועלט... באַמי איך זיך נישט צו פֿאַרשטערן איר שׂמחה, טרינק מיט רײַעס נאָענטן חבֿר אויס אַ צווייטן און אַ דריטן גלעזל, און הער זיך צו צו זײַן יעדעס וואָרט, שטרײַך אונ־טער מײַן אָפּשײַ צו אים, בעת ער דערציילט: „איך בין דער בעסטער בויער — סטאַכאַנאָוויעץ אין אַקטיובינסק, אין דער געשווינדקײַט פֿון לייגן ציגל, קאָן זיך קיינער מיט מיר נישט גלײַכן. פֿאַרשטאַנען, באַטיאַ ?"

און איך בין שוין אונטערן גלעזל, איך קריך אין אַלמער אַרויסציען פֿון דאָרטן מײַן פֿאַרשטעקטע „האָב און גוטס" — די אָרדענס און מעדאַלן, צו באַווײַזן אים, אַז איך בין אויך נישט קיין „הינקענדיקער שנײַדער" — באַשיצט סטאַלינגראַד ! באַפֿרײַט וואַרשע ! געשטורעמט בערלין ! און בײַ רײַען זע איך, פֿינקלט פֿרייד אין איר בליק: איך האָב זי נישט פֿאַרשעמט אין זײַנע אויגן. זיי טוען זיך אָן, זיי דאַרפֿן גיין אין שטאָט, זיי האָבן געגנג אויף געגנג און איך זע, ווי אַזוי רײַע וויקלט מיט רירנדיקער זאָרג

דעם שאַרף אַרום זײַן האַלדז, כאָטש עס איז שוין אַפּריל, אָבער „ער מוז היטן זײַנע לונגען", באַזונדערס טאָקע פּרילינג, ער זאָל זיך נישט צוקילן. זי פֿאַרשפּיליעט אים די קנעפּ פֿונעם מאַנטל און שטרעקט אים אויס די הענטשיקלעך...

אָבער אויך דער זיווג איז רײַען נישט באַשערט געווען... אונדזער דירה־שטח, די אַנטשפּרעכיקע קוואַדראַט־מעטרען זײַנען אויסגערעכנט אויף פֿיר מענטשן. נאָך דער מוטערס טויט, פֿליוס דער שתדלנות־בריוו פֿון דעם ווײַסרוסישן שרײַבער־פֿאַריין, האָט די מיליציע רײַע חיימאָווגען מאַלטינסקי יאָ צוגעשריבן. און, אַז זי האָט שוין געהאַט אין איר פּאַס דעם מינסקער שטעמפּל, האָט זי אײַנגיכן געקראָגן אַרבעט אַלס דאָקטאָר אינעם רודינסקער שפּיטאָל, בײַ אַ האַלבע שעה פֿאָרן פֿון מינסק מיט דער עלעקטראָ־באַן. אָבער דאָס צושרײַבן נאָך עמעצן צו אונדזער דירה, דאָס האָט מען געקאָנט בלויז מיט איין תּנאַי — רײַע און אײַוואַס גוסיינאָוו דאַרפֿן אָפֿיציעל לויטן סאָוועטישן געזעץ חתונה האָבן, דאָס הייסט, גיין אין זאַגס פֿאַרשרײַבן זיך. און אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז דער „זאַגס" איין האַנט, „אַ שטוב מיט אַ קאַמער" מיט דער מיליציע. רײַע און אײַוואַס זײַנען אַהין געגאַנגען נישט איין מאָל און נישט צוויי מאָל... און בײַ יעדן צוריקקערן זיך פֿון דאָרט איז צו זען געווען אויף רײַעס מידן און פֿאַרזאָרגטן פּנים — נישט כּשורה... און וואָס עס איז שפּעטער צו מיר דערגאַנגען — לויט זײַן פּאַס איז קענטיק, אַז ער, אײַוואַס גוסיינאָוו האָט אין אַזערביידזשאַן אַ פֿרוי מיט צוויי קינדער. נאָר דאָס איז, משמעות, געווען נישט די איינציקע סיבה פֿון נישט וועלן אים צושרײַבן צו מינסק. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט רײַע אײַוואַסן באַגלייט צום באַן. ער האָט איר צוגעזאָגט ספּעציעל צו פֿאָרן קיין אַזערביידזשאַן און דאָרט, האָפֿט ער, „טשיק־טשאַק" ברענגען אין אָרדענונג זײַן פּאַס... און זיך צוריקקערן... רײַע האָט שטאַרק איבערגעלעבט.

# די דאָמינאָ־קעסטעלע און די פּידל

און איין געשעעניש יאָגט אָן די אַנדערע — די מומע בראָניע האָט געהאַט אַ האַרץ־אָנפֿאַל און רײַע פֿלעגט שוין נאָך דער אַרבעט פֿאָרן צו דער מומען, צו זײַן מיט איר. אין די זעלבע טעג האָט פּירע באַקומען פֿון אָוויר די דערלויבעניש־וויזע. מען האָט איר געגעבן בלויז איין וואָך צײַט צו פֿאַרלאָזן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. און געענג און לויפֿענישן, נישט־פֿאַרויס־

געזעענע, ספּעציעל־אויסגעקליגלטע שטערונגען, זדיעקעריי־פּאַסטקעס פונעם אויער זײַנען געווען אָן אַן ענד. קיין באַגאַזש האָט מײַן טאַטער נישט מיטגענומען — טשעמאָדאַנעס. מיט אייניקע טעג פאַר מײַן צוריק־קערן זיך פון אוזדע, האָט פּירע געהאַט צוגעגרייט אַ קעסטל מיט זאַכן און ליאָוועס אַ חבר, זײַנער אַ שכן, וואָס האָט שוין געהאַט אַ וויזע אַרויס־צופאָרן, האָט אים צוגעזאָגט מיטצונעמען מיט זײַן באַגאַזש אויך פּירעס קעסטל. אָבער צוליב דעם דאַרף ליאָווע פאָרן מיט אים קיין ברעסט (בריסק) און העלפן אָפּצוגעבן דעם גאַנצן באַגאַזש. בײַ ליאָווען איז דערבײַ געווען נאָך אַ כוונה: ער האָט אין זײַן בוזעם־קעשענע געהאַלטן אָנגעגרייט אין אַ בלעכענער פלאַטשיקער פושקעלע פאַר דאָמינאָ־ביינדלעך די פּאַטאָ־טאַשמע פון מײַנע אַ פּערציק, צי פופציק קאָמפּאַקטע אַלגעמיינע העפטן מיט לידער. אין משך פון אַ פּאָר חדשים פלעגט צו אונדז אין שטוב, כמעט יעדן טאָג קומען מיט זײַן פּאָטאָ־אַפּאַראַט דער עליה־אַקטיוויסט אַבראַשע מאַרגאָלין און אַרײַנהאַרעווען, ביז ער פלעגט יעדעס העפטל־זײַטל אַראָפּ־פאָטאָגראַפירן מיקראָסקאָפּיש, כדי די טאַשמע זאָל פאַרנעמען וואָס ווײ־ניקער אָרט און וואָס מער לידער־העפטן זאָלן פאָטאָגראַפירט ווערן. און ליאָווע רודערמאַן האָט אין לעצטן מאָמענט, ווען די גרענעץ־פיסקאָלן די קאַגעביסטישע טאַמאָזשניקעס האָבן שוין געהאַט איבערגעקערט אויפן צעמענט פּירעס קעסטל מיט זאַכן און איבערגעטאַפּט און איבערגענישטערט יעטוועדער פּיצל קלייניקײַט און באַפוילן ליאָווען אַלץ מיטאַנאַנדער צוריק אַרײַננעמען אין קעסטל און איבערבינדן, איז ווען ליאָווע האָט זיך אָנגע־בויגן מיטן רוקן צו דער „גרינער קאָקאַרדע", האָט ער, ריזיקירנדיק, שנעל אַרויסגעכאַפּט פון בוזעם דאָס דאָמינאָ־קעסטעלע און עס אַרײַנגעשטופּט צווישן די זאַכן. דאָס זײַנען געווען מײַנע לידער, וואָס איך האָב נאָך מײַן צוריקקערן זיך פונעם לאַגער אין פאַרלויף פון אַ פופצן יאָר געשריבן „פאַרן שופלאָד"... די פאָטאָ־טאַשמע איז בשלום אָנגעקומען קיין ישראל.

און פּירע גרייט זיך אין וועג אַרײַן. עס ליגן צעעפנט אויף די טישן, אויפן דיל, אַלע אירע אַכט גרויסע טשעמאָדאַנעס. פון די שאַפעס, פון די סאָפעס, פון די שופלאָדן איז אַלץ אַרויסגענומען. פּירע אַליין באַשליסט, וואָס זי נעמט מיט און וואָס זי לאָזט איבער פאַרן טאַטן, פאַר דער שוועס־טער און פאַרן ברודער. רײַעס זאַכן, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך פון אַקטיוּבינסק זײַנען נאָך געשטאַנען נישט פאַנאַנדערגעפּאַקט. רײַע איז אויף דער אַרבעט אין רודינסק. ווי פּירע איז נישט געווען פאַרטאָן, גייט זי נאָכאַנאַנד אַרײַן אין מײַן צימער, אַ קוק צו געבן אויפן טיש־זייגער:

— עס דאַרף, — זאָגט זי, — קומען ליאָווע. ער וועט מיט מיר מיט־פאָרן אויפן בית־עולם. איך וויל זיך זעגענען מיט דער מאַמען...

און טאַקע באַלד, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. ס׳איז אַריַין ליאָווע. איך האָב דורכן טעלעפאָן באַשטעלט אַ טאַקסי. זיי זיַינען אַוועקגעפאָרן. איך האָב מיך אַרומגעדרייט איבער די צימערן צווישן די צעפּראַלטע טשעמאָדאַנעס און אָפענע שופלאָדן און אַלמערס און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. אַ האַלבע שעה נאָך נישטאָ, ווי זיי זיַינען אַוועקגעפאָרן און איך וואָלט שוין וועלן, זיי זאָלן זיַין צוריק. איך קלינג אָן צו מיַין אונטערשטן שכן מישעליעוויטש. באָריס גריגאָריעוויטש און זיַין וויַיב לידיאַ טימאָפייעוונא (נוחאָוונאַ) זיַינען, ווייס איך, ביידע איצט אין שטוב ניטאָ. און מיַין געגנט, פּוסט־און־פּאַסעוועט ביַי זיי גאַנצע טעג צוזאַמען מיט זייער מישען. — מישע, — רוף איך זיך אָן בייז, — גיב אַהער געגען! און, אַז געגנט נעמט דאָס טעלעפאָן־שריַיבל, צעשריַי איך זיך: וויפל איז דער שיער! דו, דאַרפסט גאָר צו מאָרגן קיין לימודים נישט גרייטן? — די מינוט אין שטוב אַריַין!



צו האָבן רעכט מיטצונעמען מיט זיך איר פידל, האָט פּירע באַדאַרפט זי ברענגען אין קולטור־מיניסטעריום פון וויַיסרוסלאַנד פאַר אַ ספּעציע־לער קאָמיסיע, וואָס וועט די פידל באַטראַכטן, צי זי איז נישט קיין אויס־טערלישע קונסט־ווערק פון גאָר אַ הויכן ווערט און דאָס לאַנד פון סאָציאַ־ליזם קאָן זיך מיט דעם בשום אופן נישט צעשיידן... און אויב די פידל איז נישט איַי־איַי־איַי, איז וויפל דאַרף מען פאַר איר אָפּצאָלן פּאָשלינע, ביַים אַריבערפאָרן די גרענעץ פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. פּירע איז שוין צוויי מאָל געלאָפן מיט איר פידל אין קולטור־מיניסטעריום, אויפצוזוכן דעם צימער און דעם מענטשן, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דעם. קוים אָנגעטראָפן אויפן מיידל דער סעקרעטאַרשע פון דער קאָמיסיע. דאָס מיידל האָט איר נישט געקאָנט זאָגן, ווען די קאָמיסיע וועט זיך צונויפקליַיבן, ווייל דער פאָר־זיצער איז אויף קוראָרט, דער פאַרטרעטער — אין מאָסקווע. נאָר צום אַלעם ערשטן, — האָט איר דאָס מיידל געעצהט, דאַרף מען די פידל, פאָטאָגראַפירן אין אַנפאַס און אין פּראָפיל, אַנדערש וועט מען זי אין באַגאַזש אויפן גרענעץ נישט נעמען. — דערקלערט איר פּירע:

— זי האָט קיין באַגאַזש נישט און וועט די פידל נעמען מיט זיך. עס איז געבליבן בלויז דריַי טעג צום אַרויספאָרן און זי דאַרף נאָך זיַין אין מאָסקווע אין די קאָנסולאַטן צו חתמענען די וויזע.

באַרויקט זי דאָס מיידל פון דעם וויַיסרוסישן קולטור־מיניסטעריום:
— זייער גוט, נעמט די פידל קיין מאָסקווע, אין אַלפאַרבאַנדישן קולטור־מיניסטעריום אַרבעט, אפשר, די קאָמיסיע עפּטער.

און איך בין אין דער צײַט געשטאַנען אין דער ריי אין דער שטאָ־טישער אײַזנבאַן־קאַסע, צו קריגן פאַר פירען אַ בילעט קיין מאָסקווע אין אַ פלאַצקאַרטנעם — וואַגאָן, זי זאָל כאָטש האָבן אַ מעגלעכקייט די נאַכט זיך אויסצורוען, ווײַל אין מאָסקווע איז איר פאָרגעשטאַנען צו זײַן אין דער האָלענדישער געזאַנדשאַפט (וואָס פאַרטרעט די אינטערעסן פון יש־ראל), אין דער פוילישער, ווײַל זי פאָרט דורך די פוילישע טעריטאָריע, אויך אין פאָלקקאָמבילד, לעגאַליזירן אירע לערן־דיפּלאָמען. צי וועט זי באַ־ווײַזן אַלץ פאַר איין טאָג? איין נאַכט וועט זי מוזן איבערנעכטיקן אין מאָסקווע.

מיר האָבן זיך, כמעט, אין איין צײַט צוריקגעקערט מיט פירען אַהיים. איך מיט אַ באַן־בילעט פאַר איר און זי מיט איר פידל. און איך זע שוין נאָך אירע צעגליטע אויגן און צעשוויצטן פנים, אַז ס'האָט איר נישט גע־פידלט: — דרײַ מאָל, — זאָגט זי, — אומזיסט און אומנישט געגאַנגען. וועל איך פּרוּוון אין מאָסקווע, אין דעם אַלפאַרבאַנדישן קולטור־מיניס־טעריום...

# איבערצונעכטיקן אין מאָסקווע

און מיר עגבערט דער קאָפּ, צו וועמען פון אונדזערע מאָסקווער נאָענ־טע קאָן איך זיך פאַרטרויען און בעטן, אַז פירע זאָל בײַ זיי איבערנעכטיקן אַ נאַכט? — דאָס בעסטע וואָלט געווען אָנצוקלינגען צו בעטיען, געגאַדי שוועדיקס געוועזענע פרוי, לויט דער אַמאָליקער משפּחה־קרובהשאַפט — דער נאָענטסטער מענטש. — לעבט זי שוין אָבער אַ פינף און צוואַנציק יאָר מיט אַן אַנדערן מאַן, נאָר נישט דאָס איז די מניעה. בעטינקע איז בײַ היינטיקן טאָג אַ פאַרטיינע און אַרבעט אין אַ כעמישן אינסטיטוט און איז דאָרט אַ גרויסע קאַכלעפל, אַ שרײַערקע אין מיעסטקאָם (אָרטיקער קאָמי־טעט פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין) און איז תמיד אײַנגעטונקט אין די נאַטשאַלסטווע־פּליאָטקעס. ווען זי וועט נאָר דערשמעקן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, קאָן זי גלײַך אין טעלעפאָן צעשרײַען זיך: — וואַזראַזשאַיו! (איך דערווידער!) ני ווקאַיעם סלוטשאַיע! (פאַר קיין פאַל נישט...) פאַלט עס אָפּ. אָבער פירע דאַרף האָבן, ווו איבערצונעכטיקן. אויפן וואָקזאַל? — געפערלעך... איך דערמאָן זיך — איך קאָן אָנקלינגען צו חײַקינען, מיט וועלכן איך בין געזעסן אין טײַשעטלאַג. איך האָב בײַ אים אַנומלט אי־בערגענעכטיקט. ער לעבט אין אַ קליינעם צימער. געבליבן ווי געווען, אַ

גרייז־אַלטער בחור און פירט נאָך אַלץ ליבעס. ער האָט מיר דאַן אָפּגע־טראָטן זיַין בעט און אַליין זיך אָפּגעמאַטערט די נאַכט אויף אַ צעפּאָרענער דאַטשקע־בעטל. ניין! דער פּלאַן טויג לגמרי נישט. איך עצה זיך מיט פירען און מיר קומען ביידע צום אויספיר — ביַי ליוסיען לוריע, געניעס שוועסטערקינד. אין אירע יונגע יאָרן איז ליוסיע געווען אַ ייִדישע זינגע־רין. דער מאַן אירער יאָשקע גורעוויטש, אויך אַ באַברויסקער, איז אין די מער רויקערע יאָרן, נאָך פאַר דעם 37טן, געווען אַ זשורנאַליסט און געאַרבעט אין דער מינסקער רוסישער צייַטונג „ראַבאָטשי" און אפילו גע־דרוקט דאָרט רוסישע לידער. אָבער נאָך קיראָווס טויט, האָבן זיי באַצייַטנס איבערגעוואַנדערט אין אַן אויסרייַסעניש — קיין סעמיפּאַלאַטינסק און דאָרט איז יאָשקע גורעוויטש פּראָסט און פּשוט, אַ סך יאָרן געווען פון „סאָיוזז־פּעטשאַט" אַ צייַטונגס־פאַרקויפער. נאָכן קריג — אַריבערגעפאָרן קיין מאַלאַכאָווקע, הינטער מאָסקווע, גורעוויטש האָט דאָרט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען זיך מיט איבערזעצן אין רוסיש ייִדישע פּראָזע און פּאָעזיע. עס איז זיי געגאַנגען נישט שלעכט. ווען יאָשקע איז געשטאָרבן, האָט ליוסיע געביטן איר גרויסע דירה אין מאַלאַכאָווקע אויף איין צימער אין מאָסקווע, וווּ זי האָט געלעבט מיט איר טאָכטער ליובע. ליובע האָט חתונה געהאַט און געבוירן אַ קינד און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געוווינט אין אָט דעם צימער. איך האָב פירען געגעבן ליוסיעס נייַעם אַדרעס און טעלעפאָן. ווען ליאָווע האָט אין דעם זעלבן אָוונט באַגלייט פירען צום באַן, רייַע איז געווען ביַי בראָניען, און גענע ביַי זייַנע חברים — ייִנגלעך, האָב איך רויִקערהייט, אַליין אין צימער, אָנגעקלונגען קיין מאָסקווע צו ליוסיען. אויף מייַן מזל איז ליוסיע געווען אין דער היים. ליוסיע, — האָב איך שיער וואָס מיט רחמים ביַי איר זיך געבעטן: פּיראָטשקע מוז אַ טאָג, צי צוויי זייַן אין מאָסקווע און זי האָט נישט, ווו איבערצונעכטיקן, — ליוסיע האָט גלייַך פאַרשטאַנען וואָס און ווען, און מיט אימפּעטפולע ווערטער איבערגעריסן מיך, — איך זאָל אין טעלעפאָן נישט דאַרפן אָנקומען צו „פּרטים": — געוויס, זאָל זי קומען צו אונדז, דו דאַרפסט זיך נישט באַאומרויִקן. גערים בראָניען... ס'וועט אַלץ זייַן גוט...

די ערשטע העלפט פון 72טן יאָר... ס'לאָזט זיך גוט פילן דער דראַנג עולה צו זייַן. מאַסן ייִדן פון שטעט און רעפּובליקן קומען אָן קיין מאָסקווע. אייַליק, אין משך פון איין טאָג, צי צוויי, פאַרענדיקן די פילצאָליקע אַרויספאָר־פאָר־מאַליטעטן. אין דער פרי איז שוין פירע געווען אין מאָסקווע און גלייַך פון דעם ווייַסרוסישן וואָקזאַל געפאָרן צו דער האָלענדישער געזאַנדטשאַפט. ביַי אַ הונדערט ייִדן זייַנען דאָרט געשטאַנען אין ריי. נאָר ביזן סוף פונעם אַרבעטס־טאָג האָט זי אויך באַוויזן צו חתמנען די וויזע אין דער פּוילישער געזאַנדשאַפט. איבערגענעכטיקט ביַי ליוסיען, איז איר געבליבן נאָך אויף

מאָרגן צו זײַן אין פאָלקסאָמבילד, לעגאַליזירן אירע לערן־דאָקומענטן. אומע־טום איז זי געגאַנגען מיט דער פידל־שאַכטל אין דער האַנט, אָבער צו זוכן דעם קולטור־מיניסטעריום האָט זי שוין נישט ריזיקירט. עס איז שוין געווען די צווייטע שעה און ווען זי זאָל תיכף פאָרן אויפן „ביעלאָרוסקי וואָקזאַל״ צו נעמען אַ בילעט אויף די בײַטאָגיקע געוויינלעכע פּאַסאַזשיר־באַנען קיין מינסק, וואָלט זי קיין מינסק אָנגעקומען אין מיטן נאַכט. וואָלט איר געבליבן בלויז געציילטע 3 — 4 שעה צום מאָמענט, ווען זי דאַרף שוין מיט איר „האַק און פּאַק״ זײַן אויף דער ערשטער פּלאַטפאָרמע, בײַם עקספּרעס־באַן מינסק־ברעסט־ווין קיין ישראל. האָט מײַן טאָכטער געטאָן, ווי אַ חכמה און איז אַרויסגעפלויגן פון מאָסקווע קיין מינסק מיטן עראָפּלאַן און אַזייגער 5 אין אָוונט איז זי שוין געווען אין שטוב. איך האָב זי פאַר פרייד אַרומגעכאַפּט קושן.

— אוי טאַטע, לאָז, עס קאָן דאָך בײַ מיר אַרויספאַלן די פידל פון האַנט.

...שוין זײַענדיק אין ישראל, ווען עס איז געקומען צו רייד, האָט מיר מײַן טאָכטער דערציילט וועגן איר דעמאָלטדיקן איבערנעכטיקן אין מאָסקווע בײַ ליוסיען:

— ליוסיע, איר טאָכטער ליובע און איר מאַן, האָבן זיך זייער געזאָרגט וועגן מיר, אײַנגעאָרדנט אַ באַקוועמען געלעגער. אָבער ליוסיע האָט זיך לחלוטין נישט וויסנדיק געמאַכט און נישט געפרעגט בײַ מיר, צוליב וואָס איך בין געקומען קיין מאָסקווע... און ווען אויף מאָרגן אין דער פרי, איז ליובע אַרויס מיך צו באַגלייטן צו דער מעטראָ־סטאַנציע, האָט זי מיר אין דער מאַמעס נאָמען געבעטן: — חס־וחלילה, קיינער דאַרף נישט וויסן, אַז דו האָסט גענעכטיקט בײַ אונדז...

# אויפן מינסקער וואָקזאַל

דער לעצטער באַגינען פאַר מײַן טאָכטערס פאַרלאָזן די שטוב, מינסק, סאָוועטן־פאַרבאַנד. אויף מײַן אחריות איז צו באַשטעלן אַ טאַקסי צום באַן. פון אונדזער וווינונג ביזן וואָקזאַל איז אַ פערציק מינוט וועג, האָב איך דורכן טעלעפאָן באַשטעלט אַ מאַשין אויף זיבן אין דער פרי. אָבער דאָך בין איך געווען אומרויק, נישט זיכער, ווי, אַז די טאַקסי־קאַנטאָר, אָדער דער טאַקסיסט וועלן מיך אונטערפירן? — דען ווינציק אַנטיסעמיטן צווישן זיי? מ׳ווייסט שוין, אַז צום אינדערפרײַקן באַן מינסק—ווין, פאָרן איצט ייִדן קיין ישראל.

האָב איך זיך, פונדעסטוועגן, געהאַט דערעדט מיט מײַן שכן מישעלעוויטש, אויך אַ טאַקסיסט. מײַן ייִנגל האָט זיך עס געחברט מיט זײַנעם, האָט מיר מישעלעוויטש פעסט צוגעזאָגט:

— חיים איזראַילעוויטש, סוויאַטאָ (הײליק), זיבן אין דער פרי וועט די מאַשין וואַרטן בײַ דער שטוב.

ביז איך שוין געווען מער־ווייניק רויִק. ליאָווע האָט די נאַכט גענעכטיקט בײַ אונדז. ביז אַ שטיק אין דער נאַכט האָט מען נישט אויפגעהערט צו קלינגען אין טעלעפאָן. פירעס חברטעס האָבן זיך מיט איר געזעגנט, אַנדערע האָבן צוגעזאָגט קומען באַגלייטן צום באַן. שוין שטיל אין שטוב... קאָן איך דען אײַנשלאָפן? — איך נעם נישט אַראָפּ מײַנע אויגן פונעם וועקזייגער. ער זאָל „האַלטן וואָרט" און אין דער רעכטער אָפּגערעדטער מינוט נישט כאַפּן קיין „דרעמל"... ס'בלײַבט מיר איבערצוקומען די פּאָר שעה, ביז ס'וועט נעמען שאַרײַען דער דינסטיק פון 14טן מײַ 1972 יאָר... איך וועל מיר שוין אָנטאָן, איך גיב אַ לײַכטן דריק אויפן וועקזייגער, ער זאָל זיך נישט צעגרילצן, זאָלן זיי נאָך אַ קאַפּעלע שלאָפן. און אויף מײַנע שפּיצפינגער האָב איך אין קיך אָרודעוועט, צוגעגרייט עפּעס איבערבײַסן אין דער באַשטימטער צײַט. און פונקט זיבן זײַנען שוין אונטן בײַ אונדזער פּאַראַד־טיר געשטאַנען די צוויי באַשטעלטע אויטאָס. פירע מיט ליאָוועןן מיט די טשעמאָדאַנעס — אין איין מאַשין, און איך מיט גענען האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין מישעלעוויטשעס אויטאָ. פירע און ליאָווע האָבן נאָך אין וועג געדאַרפט אַרײַן צו בראָניען. פירע וועט זיך געזעגענען מיט איר. און זיי וועלן מיטנעמען אויפן וואָקזאַל רײַען, וואָס וויינט, לעצטנס, בײַ דער קראַנקער מומען.

✶

אַצינד באַדאַרף איך זיך שוין אָנשטרענגען צו דערמאָנען די צײַט, ווען טויזנטער זין און טעכטער, דער עיקרש טאָקע פון די יונגע, וואָס ווילדפרעמד איז שוין פּאַר זיי געווען די צורה פון אַן ייִדישן אות און נאָך זיי — טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע, אַ באַדײַטנטער טייל פון דעם סאָוועטישן ייִדנטום, האָט זיך נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, אין דעם ערשטן האַלבן צענדליק פון די זיבעציקער יאָרן, ווי אַ כוואַליע צעוויגט און מיטן גאַנצן כוח געצויגן עולה צו זײַן קיין ישראל. אַזוי ווי אַ בייז — ווונדער וואָלט געשען! — אַ יעטוועדער צענטער, צי צוואַנציקסטער ייִד, האָט דעשטיקט אין זיך די פּיליאַריקע סאָוועטישע הכנעה און אַן מורא און מיט שטאָלץ געהויבן דעם קאָפּ, דרייסט געקוקט דעם גויישן אַנטיסעמיטישן ערב־רב אין די אויגן און געפאָדערט בקול רם: — צעפּראַלט פּאַר אונדז די פּאַרהאַסטע אײַזערנע טויערן! שלח את עמי!...

אָט דער צעשוימטער, צעכוואַליעטער אויפברויז דערמאָנט שוין מיר איצט אַ פּלוצעמדיקן גוט־רעגן אין מיטן זומער, אין אַ מינסק, צי אין מײַן היימשטאָט וויטעבסק: כּהרף עין טראָגן זיך שוין מיט אַ גערויש איבער דער שטאָט פון די באַרג־אַראָפּ גאַסן קאָכיק־האַסטיקע ריטשקעס, פאַרפלייצן די טראָטוארן און שטיפערלעך — קונדסימלעך לויפן, שפּרינגען מיט חדווה אין מיטן פון דעם „מבול”, טאַנצן אונטער די פויקנדיקע רעגן־טראָפּנס פאַרהויבן די פּלודערן, אָנצויאָגן די שיפעלעך פון פּאַפּיר, די שפּענדלעך־לאָדקעלעך, וועלכע זיי האָבן אַוועקגעלאָזט איבערן געוויסער... אָבער מע באַוויַיזט זיך נישט אומקוקן, דער פלייץ־רעגן האָט אויפגעהערט, די ריטשקעס פליסן פאַר־מעלעכער און פונקט אַזוי ווי אין דעם שוין רייַנעם הימל ווערט אַלץ בלאַסער און קוים־קענטלעכער, דער אָקאַרשט—זאַפטיקער פרישער רעגן־בויגן, ווערן אויך נעלם, אַנטרינען די אָקאַרשט ברויזיקע וואַסער־שטראָמען... און עס בלײַבן זיך וואַלגערן בײַ די טראָטואַר־ראַנדן, — אין די קאַנאַוועס און אויף די אָפּגעוואַשענע שטיינער, די צעווייקטע, צעקנייטשטע פּאַפּיר־שיפלעך און שפּענדלעך־לאָדקעלעך... טוט אַזוי ווי, וואָס אָט דער העלער נאַציאָנאַלער אויפבליץ איז אַזוי ווי אַ שוועב פון אַ שוואַלב פאַרביַי און, כמעט, קיין סימן נאָך זיך נישט איבערגעלאָזן.

און זינט דאַן האָבן זיך אַדורכגעטראָגן אַנדערע 6 — 7 יאָר, געוויינלעכע, גרויע, וואָס זעען אויס, ווי „אַ ייִד פון אַ גאַנץ יאָר”, אַ שיבוש אין אָנבליק פון טויזנטיאָריקער פאָלקס־געשיכטע, נאָר פאַר מיר, איז עס אַ ריזיקע מחנה פון אומעטיקע טעג און נעכט, איינע צום אַנדערן ענלעכע און, גראָדע, ווי אַ שטערן צעשייַנט זיך פאַר מיר דאָס העט־העט אָפּגעווייַטערטע, די זוני־קייט פון מייַנע וויטעבסקער קינדער־יאָרן, די פריע ליבשאַפט־יוגנט, ווי דורכ־געוועבט מיט גרויקייט און ביטערנישן זיי זאָלן נישט האָבן געוועז. נישט צו פאַרגלייכן שוואַכער געדענקען זיך די מיטעלע יאָרן און דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט, דאַכט זיך, דאָ גאָר נישט לאַנג, קלינגט שוין, ווי אַ „מעשה שהיה”. און דו נעמסט זיך שוין אויפן פאָן פון די הייַנטיקע גרויע טעג, צו ספקן זיך, — צי איז עס אַזוי געוועזן? — אפשר, איז עס גאָר אַזוי נישט געוועזן?... דאָך, די אַנוועזנהייט פון מייַנע אייגענע קינדער און אייניק־לעך אין ישראל, העלפן מיר צו דערמאָנען זיך, אויפשטעלן דאָס וואָרהאַפּ־טיקע, דאָס נישט לאַנג העל־קוואַליק פאַרלאָפענע...

דעם 14טן מאַי 1972 יאָר אַזייגער אַכט — האַלב נייַן אין דער פרי, איז זיך אויפן מינסקער וואָקזאַל צונויפגעקומען אַ געדיכטער געזעמל מענטשן צו באַגלייטן די אָפּפאָרנדיקע קיין ישראל. אין יענעם טאָג זייַנען אַוועק־געפאָרן אַ 5 — 6 משפחות און אייניקע איינצלנע, צווישן זיי אויך מייַן טאָכ־טער. דאָ, אויפן צענטראַלן פּעראָן, אין דער שוין בייַטאָגיקער שייַן, לענג,

אויס די פענצטער פון דעם מינסקער וואָקזאַל־רעסטאָראַן, ביי די בופעטן און קיאָסקן, באַגאַזש־צימערן, איז שוין אוממעגלעך זיך אויסצובאַהאַלטן און פּאַרטייען. דאָ, ביסטו געקומען צו באַגלייטן דיינע נאָענטע און ליבע בפּר־הסיה, אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט, נישט געקוקט אויף דעם וואָס עס שפּיזן דיך דורך מיט שינאה־בליקן די זשעלעזנאָדאָראָזשניקעס (באַן־אָנגע־שטעלטע), די מיליציאָנערן, זשאַנדאַרמען־קאַגעבעשניקעס און דו ווערסט פון זיי אַלעמען באַטראַכט, ווי אַ מיטשותּף פון די אָפּפאָרנדיקע „ייִדליקעס, בוגדים־ציוניסטן".

אויף דער פּלאַטפאָרמע ווערט יעדע אָפּפאָרנדיקע משפּחה און די איינצלנע אַרומגערינגלט מיט נאָענטע, קרובים, שכנים, מיט בוקעטן בלומען אין די הענט, מען נעמט זיך אַרום, מען קוקט זיך מיט ליבשאַפט אָן, ווער עס זיפצט, ווער עס לאָזט אַ טרער, ווער עס שמייכלט, חכמעט זיך:

— מיט מזל! אַ צוויי־דריי טעג געבליבן צום „לשנה הבא בירושלים".

— און ביי דיר?...

— ערשט אָנגעגעבן די פּאַפּירן...

— ביי מיין שוועסטער האָט עס געדויערט צוויי וואָכן...

— הלוואי, ביי אונדז אַזוי!...

און ווער עס ווינקט צו און דערמאָנט מיט די אויגן און טאָקע באַלד אויפן קול: — זע, חלילה, פאַרליר נישט מיין „פּאַפּירל"... איך וועל ציילן די טעג, וואַרטנדיק אויפן קאָנווערט מיטן „פענצטערל"...

און אַן עלטערע, בלייכלעכע פרוי, וואָס שטייט דערביי, און האַלט אירעביידע הענט אַריינגעטאָן אין אַן אַלטמאָדישער ווינטער־מופטע רופט זיך אָן:
— ליבינקע הלוואי, זאָל שוין ביי ייִדישע קינדער אַ שיין טאָן די זון אין אַלע פענצטער...

און אין דעם געדרענג פון די רעדלעך, זעט מען שוין — אין דער מיט שטייט אַ קוטשעראַווער בחור מיט אַן אַקאָרדיאָן. עס לויפן שוין זיינע פינגער איבערן פּערלמוטער און ס'צעטראָגן זיך איבערן וואָקזאַל־פּעראָן די קלאַנגען פון דער נייער, שוין היימיש־געוואָרענער ישראל־ליד „הבה נגילה". און אין אַלע רעדלעך כאַפּט מען אונטער און מען זינגט צוזאַמען שטאַרקער און הילכיקער און דער אַקאָרדיאָניסט דערלאַנגט פייער... ער שפּילט שוין אַן אַנדער פּאָפּולער־געוואָרענע אין מינסק העברעיִשע ליד „כחול ולבן, זה צבע שלי". די מעלאָדיע און די ווערטער פונעם ליד האָט, צו באַוווּנדערן, געשאַפן אין, יענע אויפברויז־טעג דער יונגער מינסקער עולה־אַקטיוויסט ישראל ראַשאַל.

איך גיב דאָ איבער דעם טעקסט אויף מאַמע־לשון:

**בלוי און ווײַס**

בלוי און ווײַס —
דער קאָליר ז׳מיר באַשערט.
בלוי און ווײַס —
דער קאָליר פון מײַן ערד.
בלוי און ווײַס —
ניטאָ קיין אַנדער קאָליר!
בלוי און ווײַס —
ליב איבערצוחזרן מיר.
בלוי און ווײַס —
הימל און שניי!
בלוי און ווײַס —
מיט וווּנדער דערפריי!
בלוי און ווײַס —
כנרת, חרמון!
בלוי און ווײַס —
זינג מײַן האַרץ
און דערמאָן —
בלוי און ווײַס —
האָפענונג, שלום!
בלוי און ווײַס —
ווי אַ ליד,
ווי אַ חלום.

צום אַקאָרדיאָניסט דערנענטערן זיך די מיליציאָנערן, כלומרשט, מען פאַרוועט נישט, נאָר מיט צערייצטע, אויפרעסנדיקע בליקן גיבן זיי אים צו וויסן: ווער אײַנגענומען!... און מען וואַרנט די זינגענדיקע: — איר שטערט דער וואָקזאַל־אָרדענונג...

אַרום פירען — ליאָווע, גענע, רײַע, בראָניעס זון קים מיט זײַן פרוי ראָזע, אַ סך פירעס און ליאָוועס פרײַנד און חברטעס און צווישן זיי דער ליבלינג פון די מינסקער עליה־אַקטיוויסטן, דער הויכער, תמיד שמייכלענדיקער מו־טיקער פּאָלקאָווניק יעפים דאַווידאָוויטש...

איך, וואָס בין פאַרלוירן און צעטראָגן אַרויף אויפן פּעראָן, האָב מיך צוערשט צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט צווישן די פענצטער פונעם וואָקזאַל־

רעסטאָראַן און אַזוי אַ ווײַלע געשטאַנען, דערנענטער מיך צום רעדל, וויל עפּעס זאָגן דער טאַטער,נאָר איך בין פאַרקלעמט, איך טו אַ גלעט פּירעס האַנט... עס קומט אָן דער צוג. ס׳וועדט ראַשיקער, טומלדיקער, ס׳צעשיטן זיך די רעדלעך. ליאָווע, גענע, קים, רײַע מיט פּירעס טשעמאָדאַנעס לויפן צום וואַגאָן. בײַ פּירען אין דער האַנט איר פידל־שאַכטל. ליאָווע באַגלייט פּירען מיטן זעלבן צוג ביז ברעסט. אפשר, וועט איר געלינגען מיט די זאַכן אויך מיטצונעמען די פידל. פּירע שטייט שוין אין טיר פון דעם צווישן־פעלקערלעכן וואַגאָן ברעסט־ווין און דערנעבן איר ליאָווע. דער לעצטער פײַף... טאַכטערקע, היט זיך, טײַערע... עס רירן זיך די רעדער און גענע און רײַע לויפן נאָך דעם וואַגאָן, פאַרבײַ דעם וואַגאָן־פענצטער און פאָכען מיט די הענט צו פּירען:

— דאָ סקאָראַי ווסטרעטשי! להתראות ואיזראיליע!

...איך שטופּ מיך אין דעם מענטשן מיש־מאַש בײַם אַרויסגיין פון וואָק־זאַל און שטויס זיך צונויף נאָז מיט נאָז מיטן משומד דעם קלײַנטשיקן, גראָב־טשיקן ווײַסרוסישן שרײַבער־קריטיקער אַלעס — אײַזיק קוטשער. ער קוקט מיך אָן דורך זײַנע דיקע ברילן־גלעזלעך מיט זײַנע ציניש־צווינקערנדיקן שמוך... תמיד איז ער צו מיר אַזוי ליבעסווירדיק, ווי צו אַ מכה צוצולייגן. בײַ יעדער געלעגנהײַט גרייט מיך צופירן אויף זײַן אויטאָ. און כאַפּן בעת־מעשה אויג־אויף־אויג מיט מיר אַ שמועס. נאָר דאָס מאָל שווײַגט ער און זעצט פאָר פרעך אונטערצושמייכלען...

דו, וואַרטסט דאָך,מן הסתם, — זאָג איך צו אים, — איך זאָל דיר די זאַך אויפקלערן, — איך האָב ערשט באַגלייט מײַן טאָכטער קיין ישראל...

און הינטער זיך דערהער איך שוין מײַן זונס קול: — טאַטע, וואַרט, מירן צוזאַמען אַריבער דעם וואָקזאַל־פּלאַץ צום אויטאָבוס...



אין ברעסט האָבן די סאָוועטישע טאַמאָזשניקעס געפאָדערט בײַ מײַן טאָכטער די דערלויבעניש מיטצונעמען איר פידל. מײַן טאָכטער האָט בײַ זיי געבעטן:

— איך האָב באַקומען בלויז אַ וואָך אויף אַרויסצופאָרן און גראָדע איז אינעם מינסקער קולטור־מיניסטעריום נישט געווען דער מענטש, וואָס פאַר־נעמט זיך מיט דעם, אפשר, איז דאָ צווישן אײַך פאַראַן אַזאַ — מײַן פידל איז דאָך אַ געווינלעכע, נישט קיין אויסנאַם, טוט אַ קוק...

האָט איינער פון די „גרינע קאָקאַרדעס” אַ טײַטל געטאָן מיטן פינגער אינעם געשניצטן לייבן־קאָפּ אויפן האַלדז פון דעם פידל: — דאָס ווערטו

ציוניסטקע, דײַן באָבען דערציילן, — דער „לייב" זאָגט דעם אמת — אַן אוניקאַלע פידל...

שמייכלט מײַן טאָכטער און פּרוּווט אים אויפקלערן די „אוניקאַלקײַט":
— איך האָב מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פאַרריכט די פידל, האָט מיר דער מײַ־סטער אויפן העלדזל אַרויפגעדרייט דעם לייבן־קאָפּ פון אַן אַנדער פידל.

דער קאָגעבעשניק האָט מיט רציחה זי אָפּגעשטופּט אין אַ זײַט: — די פידל בלײַבט דאָ!...

ליאָווע האָט צוריקגעבראַכט די פידל און מיך פאַרזיכערט: — ער וועט גיין אין קולטור־מיניסטעריום, דערשלאָגן זיך אַ דערלויבעניש און מיט זײַנעם אַ פריינד, וואָס פאַרט אָפּ אין גיכן, איבערשיקן די פידל. די זאַך איז ליאָווען גאָרנישט אַזוי לײַכט אָנגעקומען — קאָפּ־דרייעניש, בלוט־צאַפּעניש איז נאָך פאַרויסגעשטאַנען נישט וויניק. אַ פּאָר חדשים האָט געדויערט, ביז דער קולטור־מיניסטעריום האָט געפּסקנט — 200 רובל פּאָשלינע פאַר אַרויספירן פון לאַנד די פידל. אָבער ליאָוועס חבר, וואָס האָט מיטגענומען מיט זיך די פידל, האָט אין אײַלעניש אַרײַנגעלייגט אין זײַן באַגאַזש די פידל־פּאַטאָ — דעם „אַנפּאַס" און „פּראָפיל". דער באַגאַזש איז אַוועק... און בײַם באַווײַזן אויף דער גרענעץ פאַר די „גרינע אָקאָלישקעס" די פידל, האָבן זיי בײַ ליאָוועס חבר גלײַך אַ פּאָדער געטאָן: — ווו איז די פּאַטאָ? —ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן: אוי! — און זיך דערמאָנט...

— ניין, ניין! — האָבן די „אָקאָלישקעס" ווי אָפּגעשניטן, — ס'איז געוויס אַן אַנדער פידל. מיר קענען שוין אײַך...

סהאָט נישט געהאָלפן. גוט נאָך, וואָס ליאָווע איז אויף יעדן פאַל מיט־געפאָרן מיט זײַן חבר, כדי צו זײַן אין גאַנצן רויִק, אַז די פידל איז אַריבער די גרענעץ... האָט ער זי ווידער געבראַכט צוריק קיין מינסק און אין אַ נאָוועגע גענומען גרייטן די אַלע סאָוועטסקע „פידלשטיק" מיטן „אַנפּאַס" און „פּראָפיל".

אַצינד האָט שוין ליאָווע געסטאַרעט זיך אַלץ פאַרויסצוזען, אָפּצורוימען יעדן „שטיינדל" אויפן וועג פאַר פירעס פידל. און סײַ איך האָבן, ענדלעך, באַקומען פון פירען די גוטע בשורה: ברוך השם (מיט רוסישע אותיות), מען האָט איר אין קיבוץ־אולפּאַן געבראַכט די פידל, גאַנץ, געזונט און פריש. און זי דאַנקט אונדז פונעם גאַנצן הארצן. מײַן טאָכטער — פאַר מיר איז זי שיין, ווי די וועלט און שײַנט אַרויס ווי אַ יאַגדע פון דער מילך!

# די ערשטע שוואַלבן־בריוו

זי שיקט מיר אָן אַן אויפהער בריוו*, פּאָטאָ־קאַרטלען מיט ישראל־פּייזאַזשן און בילדער פון די שטעט און קיבוצים, צוגעשיקט מיר פּאָטאָ — זי מיט אירע אולפּן־חברטעס, און סברהס־פריינד פון איר קיבוץ. זי שרײַבט צו געגען, צו רײַען, צו דער מומען און וויפל בריוו און קאַרטלען ליאָווע און זײַנע עלטערן באַקומען פון איר, דאָס ווייס איך שוין נישט. איך האָב מיך געסטאַרעט צו ענטפערן אויף איר יעדן בריוו און מײַן זון פלעגט קוקנדיק אויף מיר, זעצן זיך אין זײַן צימער און שרײַבן צו דער שוועסטער.

מײַן טאָכטער האָט אירע בריוו נומערירט. אָט זײַנען אייניקע פון אירע ערשטע בריוו און באַזונדערע שטעלן פון זיי:

## בריוו נר. 1

17.5.72

גוטמאָרגן טײַערער טאַטע און גענאַטשקע!

איך בין דערפאָרן בשלום. באַלד, ווי מיר זײַנען געקומען קיין ווין, האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין שלאָס „שענאַו". ס'האָט מיר אָפּגעגליקט: מ'האָט מיך פאַרשריבן אין ערשטן עראָפּלאַן־רייס קיין תל־אביב. מיר זײַנען 17.30 אַרויסגעפליוגן פון ווין און אין אָוונט 21.15 בין איך געווען אין תל־אביב. אַלע הונדערט און צוואַנציק פּאַסאַזשירן פון עראָפּלאַן — רעפּאַטריאַנטן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. אויפן אַעראָדראָם האָט מען אונדז באַגעגנט און אַוועקגעפירט אין זאַל ווו מען האָט אונדז געגעבן די דאָקומענטן און די צוטיילונג. אַזוי, ווי איך בין געווען אַליין, — האָב איך זיך ספּראַוועט פריער פאַר אַלעמען. איך בין, אַלנפאַלס, געבליבן זייער צופרידן — מײַן אולפּאַן געפינט זיך אינעם קיבוץ „עין דור". דעם זעלבן אָוונט האָט מען מיך אײַנגעאָרדנט אין האָטעל „מרכז" אין תל־אביב. מאָרגן דאַרף קומען נאָך מיר אַן אויטאָ און וועט מיך מיט מײַנע זאַכן אַוועקפירן אין אולפּן. געגעבן די האָבן זיך אין האָטעל מיט אַן אַמעריקאַנערן (זי קען ענגליש, פראַנצויזיש און שפּאַניש). מיר האָבן זיך מיט איר פאַרשטענדיקט בלויז מיט די הענט. תל־אביב איז זייער אַן אינטערעסאַנטע שטאָט, איבער די גאַסן גייען אום פאַרשיידענע

* אויך אַלע בריוו פון מײַנע קינדער האָב איך פאַרהיט און געבראַכט קיין ישראל.

מענטשן — שוואַרצע, ווײַסע, ברוינע און אַלע זײַנען ייִדן. אויף די גאַסן איז שמוציק. אויפן מאַרק איז דאָ אַלץ, וואָס דײַן האַרץ גלוסט (פּאָמידאָרן, עפּל, באַרן, דיניעס, קאַוועגעס, באַנאַנעס, פּערסיקעס), דורכשניטלעך קאָסט אַ קילאָ פּרוכט און גרינס אַנדערטהאַלבן לירות. אַ ים געשעפטן מיט גלאַנציק־רײַכע וויטרינעס און קיין רייען זײַנען נישטאָ. זייער אַ סך קליינע קינדער. פרויען גייען מיט עטלעכע קינדער. איך האָב געזען אַ פרוי מיט פינף קינדער און אַלע שיינע.

זײַט געזונט, פּירע

## בריוו נר. 2

20.5.72

טײַערער טאַטע און גענאַטשקע !

איך בין שוין דעם דריטן טאָג אין קיבוץ „עין דור". איך וווין אין אַ צימער צוזאַמען מיט צוויי מיידלעך — דאָרע פון פינסק און נועמי פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן. אונדזער טאָג־רעזשים — פיר שעה אַרבעטן און פיר שעה לערנען זיך. די פיר שעה אַרבעט איז דער אָפּצאָל פאַר דער לערע אין קיבוץ. דאָס איז זייער גוט. דאָס עסן איז דאָ אַ וווּנדערלעכער — אַ סך גרינס און פּרוכט. מ׳קאָרמעט פיר מאָל אַ טאָג : 7.30 פרישטיק, 12 — מיטאָג, 3 — נאָכמיטאָג־צובײַס און 6 וועטשערע. אין קיבוץ איז דאָ אַ פאַבריקמאַ־כערסקע, אַ גוטער אָפענער שווים־באַסיין מיט פיר אָפּטיילן. ס׳באָדן זיך אַלע — ווער עס קען שווימען און ווער — נישט. צו דער אַרבעט גיט מען אַרויס אַרבעטס־קליידער. דאָ גייט מען אַרום אין וואָס מ׳וויל, מ׳קאָן קומען אין עסזאַל אין אַ באָד־קאָסטיום. בכלל, גייען אַלע אין שאָרטן — קליינע הייז־לעך, אָדער אין קורצינקע קליידלעך. אין קיבוץ לעבן דאָ כמעט אויסשליסלעך יונגע (פון 25 ביז 35 יאָר) מיט קליינע קינדער. דאָס קליינוואַרג איז שרעקלעך דרייסט, פאַרברוינט און שוין צו דרײַ יאָר שווימען זיי און פאָרן אַרום אויף וועלאָסיפּעדן. מ׳לעבט דאָ אין אחדות און אַלץ ווערט געטאָן צוזאַמען. אויף דער קיבוץ־טעריטאָריע איז דאָ אַ פאַבריק, אַ פייגל־פערמע, ציטרוס־פּלאַנ־טאַציעס, פּרוכט־סעדער. איך האָב הײַנט דעם ערשטן טאָג געלערנט און גע־אַרבעט. איך אַרבעט אין סטאָלאָווע. מײַן נישט־גרויסער זאַפּאַס עברית, העלפט מיר אַרויס. מע פאַרשטייט מיך. וואָס הערט זיך מיט מײַן פידל ? עס האָט מיר מיט איר זייער נישט אָפּגעגליקט.איך מוז אומבאַדינגט ביז סעפּטעמבער אויסלערנען דעם פּראָגראַם, מ׳זאָל מיך פאַרהערן און אָננעמען אַלס סטודענט־קע אין אַקאַדעמיע.

איך קוש אײַך, פּירע.

## בריוו נר. 3

24.5.72

טײַערער טאַטע און גענאַטשקע!

אַ וואָך שוין, ווי איך בין אין קיבוץ. דאָ איז זייער גוט. די וואָך לערנען מיר זיך פון 6.00 ביז 10.30 און אַרבעטן פון 12.30 ביז 4.30. איך אַרבעט צוויי טעג אין דער קיך און צוויי טעג בין איך אָפּיציאַנטקע. דאָ איז אַלץ אויטאָמאַטיש, דאָס גאַנצע עסן איז בײַם אַרײַנגאַנג צעשטעלט אין קעסטע־לעך און יעדער נעמט, וואָס ער וויל, לויט זײַן געשמאַק און אַפּעטיט. אויף די טישן איז תמיד ברויט, פּוטער, דזשעם, קאַווע, מילך. יאָ, אין אונדזער קיבוץ לעבן פּראָפעסיאָנאַלע מוזיקאַנטן — אַ פּיאַניסט, אַ פלייטיסט, וויאָלאָנ־טשעליסט און אַ פידלער. איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט און געהערט זײַן שפּילן. ער שפּילט זייער גוט, ווייל צו לעבן אין קיבוץ! אַלץ אומזיסט — די קליידונג, דאָס עסן, די קינדער האָבן אַ זעלטענעם אויפזיכט. פאַר די יונגע פּאָרלעך מיט קליינע קינדער איז דאָ גרויסאַרטיק! זיי זעען זייערע קינדער יעדן טאָג, נאָך מיטאָג, פון צוויי ביז צוויי־מיט אַ האַלבע־שעה. דאָס לערנען איז אינטערעסאַנט. אַ גוטער לערער, רעדט צו אונדז צוטריטלעך, קען ענגליש און רוסיש. יעדן טאָג פאַרגיט מען אַ סך און אין די אָוונטן דאַרף מען אַ פּאָר שעה חזרן, עס זאָל בלײַבן אין קאָפּ.

פּירע.

## בריוו נר. 9

27.6.72

טײַערער טאַטע!

ווען דער בריוו וועט אָנקומען, וועסטו זיך שוין, מסתמא, האָבן צוריק־געקערט קיין מינסק. איך טראַכט, ווי אַזוי האָסטו זיך אײַנגעאָרדנט אין וואָל־גאָגראַד? אין אַ האָטעל? צי אויף אַ פּריוואַטער דירה? האָסטו געזען אַלץ, וואָס דו האָסט געוואָלט זען? מסתם, אָנגעטראָפן אַהין אין די גרויסע היצן. שרײַב מיר אָן וועגן אַלץ. מיר איז דאָ גוט. איך הויב אָן מיט אַלעמען צו ביסלעך רעדן אויף עברית. איך פיל, אַז מע באַציט זיך גוט צו מיר. בעת איך אַרבעט, איז אײַנגעשלאָסן די ראַדיאָ. און איך הער קלאַסישע מויזק. יאָ, טשיקאָווע, פיל פּרויען, מיט וועלכע איך אַרבעט אין קיך, טוען אַלץ מיט דער לינקער האַנט. אין אונדזער קלאַס שרײַבן אַ פינף־זעקס מיט דער לינקער האַנט.

אין די אָונטן איז דאָ זייער פריילעך. צוויי מאָל אַ וואָך — קינאָ. ס׳איז דאָ אַ קאַפעטעריִע, אַן אָונט־קלוב מיט טיש־שפּילן, קאָנסט טרינקען קאַווע, זאַפט, לייענען אַ זשורנאַל, ביכער. אין דער פאַבריקער וואָך זײַנען בײַ אונדז געווען צוויי אויספלוגן: די ערשטע קיין נצרת (נאַזאַרעט) און די צווייטע — קיין קסריה. אין נצרת איז לויט די פּילצאַליקע לעגענדעס געבוירן געוואָרן דער קריסטלעכער גאָט — יעזוס. די שטאָט שפּרייט זיך אויף הויכקייטן (גלילער בערג, הרי הגליל). און איז באַפּעלקערט מיט אַראַבער. זיי האָבן (פאַרשטייט זיך, נישט אַלע) אַ קאָלאָריטפול־אויסערלעכן אויסזען, הויכע, שטאַלטנע, טונקל־ברוינע, מיט אויסגעשפּראָכן סעמיטישע געזיכט־שטריכן. עס פּאַסט זיי די נאַציאָנאַלע קליידונג. אויפן קאָפּ די טשאַלמאַ און גייען אין לאַנגע כאַלאַטן. (אויך אין די גרויסע היצן טראָגן זיי אָט־די מל־בושים).

קסריה — נישט קיין גרויסע, שיינע שטאָט אויפן ברעג פון מיטלענדישן ים. די רוימער האָבן זי געבויט. די שטאָט טיילט זיך אויס מיטן אַמפיטעאַטער און פעסטונג פון דער ביזאַנטישער אימפּעריע.

זײַ געזונט, פּירע.

### פונעם בריוו נר. 10

28.6.72

...טײַערער טאַטע!

ווי האָסטו זיך געפילט אין וואָלגאָגראַד? אָנגעשריבן לידער וועגן דער שטאָט? דו קומסט דאָך אָלעמאָל פון אַ נסיעה מיט פרישע אײַנדרוקן, צו שאַפן נײַע זאַכן. די מאַמע פלעגט שטענדיק זאָגן: „לערנט זיך בײַם טאַטן, מע טאָר זיך נישט פוילן״. יאָ, אין אונדזער קיבוץ זײַנע דאָ עלטערע פרויען, וואָס געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון פּסיכיאַטאָרן. פאַר אַזעלכע קראַנקע איז דער קיבוץ, ווי געוווּנטשן. אויב זיי קאָנען, אַרבעטן זיי צו צוויי־דרײַ שעה אַ טאָג, און אויב נישט, טוען זיי גאָרנישט, זיי לעבן אויף אַלצדינג גרייטן און דאַרפן נישט אויפרעגן זיך און טראַכטן, וואָס צוקאָכן אויף וואַרע־מעס. דאָס רויִקע לעבן אַליין אין קיבוץ, אויף דער שויס פון דער נאַטור, ווירקט אויף זיי צום בעסערן.

זײַ געזונט, פּירע.

### פונעם בריוו נר. 13

...די יוגנט איז דאָ אינגאַנצן אַן אַנדערע, האָט נישט ליב קלאַסישע מוזיק, קען שלעכט ליטעראַטור, פּשוט, ס׳איז געווען נישט קיין גרינג לעבן, און ס׳איז אין קאָפּ נישט געלעגן. די יוגנט האָט דאָ ליב קינאָ, ספּאָרט, זי איז פיזיש

אַנטוויקלט, געזונט, פלינק, אַ ביסל פרעך און דערבײַ זייער סימפּאַטיש. דאָס, וואָס עס טיילט זי אויס און דער וויכטיקסטער שטריך אירער — פרײַהײַט און אוממיטלבאַרקײַט אין דער אויפפירונג.

## פונעם בריוו נר. 15

15.7.72

מיר שטייען בײַם כותל, קעגנאיבער דער וואַנט — אַ גרויסער פּלאַץ. פון דער רעכטער זײַט אַן אָרט פאַר פרויען, פון לינקס — פאַר מאַנצבילן. צענדליקער־טויזנטער יידן פון אַלע עקן וועלט טרוימען עולה, רגל זײַן און תפילה טאָן בײַ־אָט דער הייליקער רומפולער אָנדענק־וואַנט פון אונדזער פאָלק. ס'איז אַזוי, ווי אַנגענומען, אַז וואָס דו בעטס דאָ בײַ גאָט, ווערט דאָס מקוים ווערן. איז צו באַמערקן אין דער וואַנט אַ סך פּאַפּירלעך. מע שרײַבט אויף די אייגענע מחשבות און פאַרלאַנגען און מע לייגט עס אַרײַן צווישן די שפּאַלטן פון די שטיינער... איך האָב אויך זיך אַנטשיידן צו בעטן, עס זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן מײַנע פאַרלאַנגען און וועגן זיי אָנגעשריבן אויף אַ קליין שטיקעלע פּאַפּיר. און געבעטן האָב איך, — אַלע מײַנע אייגענע און נאָענטע,דעם טאַטן, רײַען, גענען, זאָל מען אַרויסלאָזן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, מ'זאָל אַרויסלאָזן ליאָווען מיט זײַנע עלטערן, מיר זאָלן אַלע, סוף־כל־סוף, טרעפן זיך אין ישראל.

איך קוש אײַך, פירע.

## פונעם בריוו נר. 17

23.7.72

וואָס הערט זיך מיט מײַן פידל ? דערווײַל שפיל איך אויף אַ באַשיידענער פידל, וועלכע מ'האָט מיר געגעבן אין קיבוץ. אויף יעדן פאַל,איז דאָס בעסער, ווי גאָרנישט.

פירע.

## פונעם בריוו נר. 18

2.8.72

טאַטע, דו ביסט פול מיט כוחות,אַרבעטסט די גאַנצע צײַט, דו האָסט שוין, מסתם, פאַרענדיקט דײַנע פאַרטראַכטע זאַכן וועגן אוזדע. נאָך אונדזער גוטער מאַמען איז שווער צו געפינען אַזאַ. אָבער פון דער אַנדער זײַט, דאַרף מען הילף : גרייטן עסן, וואַשן וועש, אויפרוימען אַ דירה און דאָס סאַמע וויכ־

טיקסטע, מע דאַרף האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורײדן... טײלן זיך. און אָן אַזאַ מענטשן איז פּשוט אוממעגלעך. דו זאָלסט קאָנען רויִק אַרבעטן, לײע־נען, צוליב דעם דאַרף מען האָבן באַדינגונגען. און אַזעלכע באַדינגונגען קאָן נאָר שאַפן אַ פרוי, וועלכע וועט זיך גוט באַציִען צו דיר. דאָס איז זײער אַן ערנסטע זאַך און מע דאַרף עס באַטראַכטן און אָפּוועגן.

זײַ געזונט, פּירע.

## פונעם 22טן בריוו

20.8.72

יאָ, ס׳איז זײער שווער עמעצן צו געפינען. און אַזאַ מענטש, ווי עס איז געווען אונדזער מאַמע, איז בכלל נישטאָ און ס׳וועט נישט זײַן. זי איז געווען זײער אַ גוטע און זײער גוט פאַרשטאַנען מענטשן. בײַ אונדזער מאַמען איז געווען אַ סך טאַקט. יאָ, וועגן ליאָוועז, איך באַאומרויִק זיך זײער, איך צווייפל, צי ער וועט האָבן מיטלען אַרויסצופאָרן. טאַטע, איך בעט דיך זײער אויב בײַ דיר איז דאָ אַזאַ מעגלעכקײַט, העלף אים, דאָס איז נויטיק פאַר ליאָוועז און פאַר מיר. פּירע.

## פון דעם 25טן בריוו

29.8.72

...איר ווייסט, מסתם, וועגן דעם אומגליק, וואָס עס האָט געטראָפן אויף דער מינכענער אָלימפּיאַדע? אַזעלכע מנובלים! זײ ווייסן פון קײן שום מענטשלעכע געזעצן נישט. צווישן די אומגעקומענע ספּאָרטסמענער איז גע־ווען אונדזער מינסקער מאַרק סלאַווין, ער האָט געלעבט צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן, נעבן דער פילהאַרמאָניע, אינעם הויז, ווו גרישאַ בעריאָזקין לעבט. מאַרק איז געווען אַ באַרעץ, אַן אַטלעט. ערשט נישט לאַנג איז אים געוואָרן 19 יאָר, ער איז געקומען אין לאַנד, עטוואָס שפּעטער פון מיר, סוף מײַ.

ווען ליאָווע וועט קומען, וועלן מיר באַשליסן, ווו מיר וועלן זײַן. וויכ־טיק, וואָס די קיבוצניקעס שטייען לויט זײער קולטורעלן ניוואָ העכער פאַר די שטאָטישע. דאָס לעבן איז דאָ אָנגעזעטיקט, אינטערעסאַנט, אומעטום ריין, רויִק, אַ פרישע לופט און לעבנדיק אין קיבוץ, קאָן מען פאַרזעצן די לערע און אַרבעטן לויט דער אייגענער ספּעציאַליטעט. און דאָס וויכטיקסטע, וואָס דו און די מאַמע האָבן מיר געגעבן אַזאַ דערציונג, וואָס צו געלט בין איך אין גאַנצן גלײַכגילטיק און אויף לוקסוס קוואַפּע איך זיך נישט.

פּירע.

און נאָך איין בריוו פון די שפּעטערדיקע, דאַטירט דעם 17טן יאַנואַר 1973 יאָר:

גוט מאָרגן, טײַערער טאַטע!

איך האָב די טעג באַקומען פינף בריוו פון דיר און פון גענען. דו פאַר־מאָגסט אַ באַוווּנדערנדיקע אינטויִציע, אין דײַן בריוו פונעם 6טן יאַנואַר, שרײַבסטו מיר מיט דער פולער זיכערקייט: „איך האָב שוין אַן אייניקל". (כאָטש איך האָב געקאָנט געבוירן נאָכן 20טן יאַנואַר). דאָס מיידעלע, קיין עין־הרע נישט, איז זייער אַ וווילנקע און אַלע וואָס זעען זי, זאָגן, אַז אמתע ליאַלקע. זי עסט גוט. מילך איז בײַ מיר גענוג, וואָס עס איז זייער וויכטיק. זי שלאָפט אויך זייער גוט. בײַנאַכט מאַכט זי שוין איבעררײַסן אין עסן 6 — 7 שעה — אַן אנטיק, וואָס זי שלאָפט אַזוי נאָכאַנאַנד, שוין ווי אַ צוויי־חדשימדיק קינד. און בײַטאָג, עסט זי יעדע דרײַ אַ האַלבע — פיר שעה. זי איז איצט אין בית־תינוקות (הויז פאַר די זויגלינגען). אין די קיבוצים איז אַזוי: ווען די געווינערינס קערן זיך אום פון געבורט־הויז, געפינט זיך דאָס עופעלע אין אַזאַ בית־תינוקות. די באַדינגונגען זײַנען דאָ אויסער־געוויינלעכע, ראשית, איז דאָס קינד יעדע רגע פון מעת־לעת אונטער אַ אידעאַלער השגחה. בײַטאָג אַרבעטן דאָ דערציִערינס מיט אַ צוואַנציק־יאָריקן סטאַזש און בײַנאַכט — געטרײַע דעזשורנע. בײַ אַלע מאַמעס איז דאָ אַ ספּעציִעלער עלעקטרישער מכשיר, דורך וועלכן מיר ווערט איבערגעגעבן, ווען דאָס קינד וויינט, אויב עס איז אים שוין צײַט צום עסן. אין בית־תינוקות זײַנען דאָ דרײַ צימערן. גילאָטשקע געפינט זיך אין דעם צימער פון די סאַמע קליינטשינקע. מיט איר צוזאַמען זײַנען דאָ נאָך דרײַ זויגלינגען. דער צימער ווערט אָנגעוואַרעמט מיט אַן עלעקטראָ־אויוון. די שטענדיקע טעמפּעראַטור איז 20 — 23 צעלסיוס. בשכנות איז דער חדר מיט דער וואַנעלע צו באָדן די עופעלעך, און אַ טיש, זיי איבערצוטאָן. איך באָד שוין אַליין דאָס מיידעלע, ס'איז איר זייער אָנגענעם אין וואַסער. אינעם כאָוועץ אַ פּיצל־קינד איז דאָס וויכטיקסטע, נישט צו אײַלן, נישט אויפרעגן זיך. יעטוועדע מינדסטע רע־גונג, גיט זיך מאָמענטאַל איבער צום נפשל און עס הייבט אָן וויינען. איצט איז נאָך אין גאַנצן נישט באַוווּסט אויף וועמען ס'וועט ענלעך זײַן. ליאָווע זאָגט, אַז זי האָט עפּעס פון דיר. בײַ גילאָטשקען איז זייער אַ שיין מײַלעכל, פולע ליפּלעך, דאָס נעזל איז דערווײַל נישט גרויס. ווי געוויינלעך, גייט בײַ די זויגלינגען אַראָפּ די הויט פון פּנים און פון קאָפּ. און בײַ איר איז אַ זויבער געזיכט, אַ ווײַסע און גלאַטע הויט און צאַרטע בעקלעך. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס קאָן זיך נאָך אַלץ צען מאָל בײַטן. דער עיקר, אַז עס זאָל זײַן אַ געזונטיקע. דעם שבת אָרדנט מען אײַן אַ מסיבה לכבוד דעם געבוירן פון

דעם מיידעלע. פריַיטיק וועט ליאָווע קומען צוזאַמען מיט די עלטערן. זיי האָבן נאָך גילאָטשקען נישט געזען. איך וועל דערנאָך אָנשריַיבן, ווי אַזוי עס איז דורך די מסיבה.

יאָ, מאָרגן איז דער יום ט"ו בשבט. אין אָט־דעם טאָג פיַיערט מען דאָס נייַע יאָר פאַר די יונגע פלאַנצונגען. יעדער מענטש דאַרף פאַרזעצן אַ בוים, אָדער אַן אַנדער געוויקס. איך באַגריס דיך און גענען מיט אָט דעם שיינעם יום־טוב. אַ גרוס אַלעמען, איך קוש איַין — פירע.

# אונטער בראָניעס השפעה

און מיט יעדן פירעס נייַ־אָנגעקומענעם בריוו האָב איך געפילט, אַז עס שטאַרקט זיך ביַי מיַין זון דער ווילן צו זיַין אין ישראל. ער האָט אָפטער גענומען גיין צו דער מומען. בראָניע, איז אין אירע יונגע יאָרן, לעבנדיק אין דער יִדישער שטאָט באָברויסק, געווען ציוניסטיש־געשטימט און האָט גוט געקענט העברעיש. פלעגט זי גענען און רייַען, דערציילן וועגן ארץ־ישראל און אויף וויפל די כוחות האָבן איר דערלויבט, געלערנט מיט זיי צו ביסלעך עברית, רייַע האָט נאָך בראָניעס שווערן האַרץ־אָנפאַל געוווינט ביַי איר.

אין די ערשטע נאָך אָקטיאַבער־יאָרן, איז די שטאַלטנע צוויי־דריַי־און צוואַנציק יאָריקע בלוי־אויגיקע בראָניע מיט אירע שיינע ראָמאַנטישע צעפּ, נאָך דאַן נישט געווען די פרוי פונעם פשוטן באָברויסקער אַרבעטער־בערש־טער יוסף גערשאָן, וואָס איז שנעל געוואָרן אַ וויכטיקער פּאַרטיי־טוער, ערשטער סעקרעטאַר פון רייַקאָם פון פּאַרטיי, — בראָניע איז דאַן געווען אַ דערציִערין אין דער מאַלאַכאָווקער יִדישער קאָלאָניע הינטער מאָסקווע, וווהין עס פלעגן מיט ליבשאַפט אַראָפּקומען אין בלי פון זייערע יאָרן די יִדישע דיכטער און שריַיבער דוד האָפשטיין, כאַטשע דאָברושין, דוד בערגעל־סאָן, אהרן קושניראָוו, און די באַרימטע, די גרויסע יִדישע מאָלער און גראַפיקער, צווישן זיי אויך מאַרק שאַגאַל. זינט דאַן איז בראָניע מיט איר רייַכער יִדישער נשמה געבליבן איינע פון די פלייַסיקע ליב־האָבערין פון דער יִדישער ליִטעראַטור. און ווען איך האָב מיך צוריקגעקערט פון נאַמאַנגאַן קיין מינסק און ווידער פאַרכאַפּט געקייַקלט „מייַנע געשטריַיפטע פּאָעטישע רייפן", איז בראָניעס מיינונג וועגן אַ ליד, געווען ביַי מיר דער אַנטגילטיקער פּוסק אחרון. ווער־ווער, נאָר דו, געטרייַער אויסגעדמיונטער לייענער, האָסט באַמערקט אין איינעם פון מייַנע לידער־זאַמלונגען די פאָלגנדע שורות:

„איך פאַל ביי זיך נישט אַראָפּ אין מײַן ליד
לגבי די גרויסע ליטעראַטורן.
אַ מינדסטער שטערנדל זיך צעשיט —
זעט די ערד זײַנע ליכטיקע שפּורן.
איז צו טרויערן, גאָרנשיט כדאי:
איך שרײַב פאַר צוויי חשובע לעזערינס מײַנע —
מײַן ווײַב הינדע
און מײַן שווערערין ברײַנע...
אַ, עד בלי די!"

אונטער בראָניעס השפּעה, איר לעבנס־דערפאַרונג און אַדאַנק איר פּיל־באַרקײַט און מיטגעפיל, האָט זיך רײַע געזומען באַרויקן פון אירע איבערלעבענישן מיט איװואַס גוסייגאַון. רײַע איז מיט בראָניעס הילף, אומ־באַמערקט פאַר זיך אַליין, אַרײַן אינעם קרײַז פון פירעס פרײַנד און באַקאַנטע עליה־אַקטיוויסטן. איר איז געלונגען אײַנצואָרדענען זיך אויף אַרבעט גופא אין מינסק, צו ווערן אַ דעזשורנער דאָקטאָר אין דער שטאָטישער גיכער הילף און דאָס האָט איר געגעבן אַ גרעסערע מעגלעכקײַט אָנטייל צו נעמען אין די האַלב־לעגאַלע צוזאַמענטרעפן פון דער ציוניסטיש־געשטימטער ייִדי־שער יוגנט. אין די טעג פון די אָפיציעלע סאָוועטישע יום־טובים, אָקטיאַבער, 1טער מײַ און 9טער מײַ — דער טאָג פון זיג איבערן פאַשיסטישן דײַטש־לאַנד, פלעגט רײַע מיטנעמען געגעען און גיין צום מינסקער ייִדישן דענקמאָל לזכר די קדושים, ווו עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען הונדערטער מינס־קער ייִדן, און אין די ייִדישע יום־טובים און שבתים גיין מיט אים אין דער מינסקער סינאַגאָגע צו באַגעגענען, שמועסן און עצהן זיך מיט ייִדן, וועלכע האָבן שוין אָנגעגעבן די דאָקומענטן אין אוויר, אָדער קלײַבן זיך אָנצוגעבן.

אַצינד האָט רײַע איר זאָרג און ליבשאַפט געווענדט צום ברודערל, אַרונטערגענומען אים אונטער אירע פליגל.

איך האָב שיון פון מײַן זונס כלומרשט־צופעליקע רייד פאַרשטאַנען — ביי אים און ביי רײַען איז שוין אַ „דערעדטע זאַך" — „זיי וועיסן דען, וואָס פאַראַ פלענער דער טאַטע האָט?"... און מיר פלעגט מײַן זון פון צײַט צו צײַט אַרײַנזאָגן: „רײַע גרייט זיך קיין ישראל און ער וועט מיט איר מיטפאָרן". — מסכים, — זאָג איך, — איך האָב פירען נישט פאַרהאַלטן און איך וועל אויך דיר נישט שטערן. אָבער, דו מוזט פאַרענדיקן דעם 9־טן קלאַס, וועט דיר דאַן ווערן פולע 16 יאָר און וועסט באַקומען אַ פּאַס — רעכענען זיך פאַר זעלבשטענדיק און דאַן, וועל איך דיך און רײַען אונטער־שרײַבן די זעלבע פּאַפּיר, וואָס איך האָב אונטערגעשריבן פאַר פירען. איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, דו זאָלסט מיט רײַען פאָרן צוזאַמען, אָבער איצט

קאָן עס נישט געמאָלט זײַן. דער אוויר וועט נישט דערלויבן, ער וועט דיך באַטראַכטן, ווי אַ מינדעריאָריקן און פֿאָדערן, איך זאָל זיך אָפּזאָגן פֿון מײַן פֿאַטערשאַפֿט און דאָס איז פֿאַרבונדן מיט פֿאַרשלעפּעניש, משפּטים און וועט געדויערן לענגער. און נישט דיר און רײַען און נישט מיר וועט עס איצט נישט לוינען, מיר וועלן פֿאַרלירן מער צײַט און נאָך עפּעס. מײַן 15יאָריקער זון און רײַע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דער „נאָך עפּעס" באַטײַט — די צוויי מײַנע זאַמלביכער לידער, וואָס דאַרפֿן דערשײַנען אין מינסק אין דער ווײַס־רוסישער איבערזעצונג און דער עיקר — מײַן יידישער בוך אין מאָסקווער פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטיעל"...

און איך אַליין בין געווען איבערפֿולט מיט אומרו, אָנגעשפּיצט מיט אַלע מײַנע נערוון, אָנגעצויגן, ווי אַ פֿײַל־און־בויגן. איך האָב געלאָזן אין גאַנג אַלע מײַנע חושים... נאָר דערווײַל נישט געפֿילט, עס זאָלן זיך אויף מיר אָנרוקן „כמאַרעס"... דער דריטער חודש, ווי מײַן טאָכטער איז אין ישראל. מיר האָבן שוין אויף מײַן שטוביקן אַדרעס באַקומען אַ מענגע בריוו און איך און גענע און רײַע באַזונדער און צוזאַמען שרײַבן איר און בלײַבן איר קיין איין ענטפֿער נישט שולדיק. אמת, דעם ערשטן פּירעס בריוו אין קאָנ־ווערט מיטן „פּענצטערל" — דער ישראל־וויזאָוו פֿאַר דער גאַנצער משפּחה, אויך מיך אַרײַנגערעכנט, האָט געבראַכט, נישט, ווי געוויינלעך, דער פּאָטש־טאַליאָן, נאָר אַ מיליצאָנער. אָבער, מען רופֿט מיך נישט אין ערגעץ אַרויס, נישט אין שרײַבער־פֿאַריין, נישט אין דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און קיינער זאָגט מיר נישט און קלינגט מיר נישט וועגן פּלוצעמדיקע ענדערונגען אין באַצוג צו די צוויי איבערגעזעצע זאַמלביכלעך, וואָס דאַרפֿן ביז סוף יאָר דערשײַנען. פֿאַרקערט, — איך האָב באַקומען אַן אָנגענעמע ידיעה: ווען איך האָב זיך געהאַט צוריקגעקערט פֿון אוזדע, האָב איך, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פֿאַרשטייענדיקער אַלפֿאַרבאַנדישער גרויסער פֿײַערונג — 30יאָר זינט די שלאַכטן פֿאַר סטאַלינגראַד, אָנגעגעבן אין שרײַבער־פֿאַריין אַ בקשה, מע זאָל מיר געבן אַ מעגלעכקײַט צו באַזוכן די שלאַכט־ערטער, אין וועלכע איך האָב מיך באַטייליקט, האָט מיר גראָדע אין דעם זעלבן טאָג, ווען דער מיליציאָנער האָט מיר געבראַכט דעם ישראל־וויזאָוו, אָנגעקלונגען די סעק־רעטאַרין פֿון שרײַבער־פֿאַריין אַננאַ קוזמיניטשנאַ:

— איך באַגריס אײַך, מע האָט צופֿרידן געשטעלט אײַער ביטע — אויף 15 טעג אַ קאָמאַנדירונג קיין וואָלגאָגראַד.* און דאָך, ווען איך בין אַרויס

* וואָלגאָגראַד — אין 1961 יאָר, נאָכן 20 צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמפּאַרטיי פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, האָט דער העכסטער סאָוועט פֿון פּ.ס.ר.ר. געביטן דעם נאָמען פֿון דער שטאָט סטאַלינגראַד אויף וואָלגאָגראַד. אין משך פֿון 36 יאָר, אָנגעהויבן פֿון 1925, האָט די שטאָט געהייסן — סטאַלינגראַד. פֿאַרן 1925 יאָר האָט מען די אַלטע רוסישע שטאָט בײַ דער וואָלגע גערופֿן צאַריצין.

פון דעם סעקרעטאַרן־צימער מיט דער קאָמאַנדירונג אין דער האַנט, האָב איך אין קאָרידאָר געטראָפן דעם ניי־באַשטעטיקטן פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר פון דעם ווײַסרוסישן ליטעראַריש־פּאָליטישן זשורנאַל „פּאָלימיאַ", דעם פּאָעט קאָסטוס קירײַענקאָ. ווי אַן אויסנאַם פון פיל אַנדערע ווײַסרוסישע פּאָעטן, האָב איך תמיד אינעם גלאַנץ פון זײַנע קליינינקע פאַרשווומענע אויגן געפילט אַ פאַרבאַהאַלטענע שנאה צו זיך. מיר איז גאָר קיינמאָל נישט אײַנגעפאַלן װענדן זיך צו אים, ער זאָל איבערזעצן מײַנס אַ ליד.

— וואָס איז דאָס ביי דיר אין דער האַנט ? — האָט ער מיך מיט ביטול אַ פרעג געטאָן.

— אַ קאָמאַנדירונג קיין וואָלגאָגראַד.

— אַזוי, — און זיך גאַליק צעשמייכלט, די טאָכטער קיין תל־אביב און דו, קיין וואָלגאָגראַד ?...

האָב איך אים אויף דעם תיכף געענטפערט : איך האָב אָנטייל — גענומען אין די סטאַלינגראַדער שלאַכטן. עצהסטו מיר, נישט צו פאָרן ?...

— איך עצה דיר גאָרנישט, — האָט ער דורכגעזײַט צווישן די ציין און געעפנט די טיר פון סעקרעטאַריאַט...

דאָס איז געווען די ערשטע „אויסניכטערונג", ווען איך האָב מיך פּלוצעם דערפילט איינזאַם און דערדריקט און ניטאָ קיין נאָענטער מענטש, מיט וועמען איך זאָל זיך קאָנען טיילן...

# ווידער צו דער וואָלגע

געגנע איז געבליבן אויף רײַעס אחריות און איך האָב זיך געלאָזט אין ווײַטן וועג...

וואָלגאָגראַד — סטאַלינגראַד, דרײַ טויזנט קילאָמעטער פון מינסק. אָנ־הויב יולי חודש. איך האָב מיך נישט פאָרגעשטעלט איך זאָל פּלוצעם אַרײַנ־פאַלן אין אַזאַ מסוכנער טראָפּישער היץ. די אָרטיקע אַלטע תושבים, האָב איך געהערט רעדן, זיי געדענקען גאָרנישט דאָ אַזאַ חמימה.

פונעם אָרומגיין גאַנצע טעג אונטער דער גליִענדיקער וואָלגאָגראַדער זון איבער די בולוואַרן, פּראָספּעקטן און פּלעצער פון דער שיינער גרינער שטאָט ביי דער וואָלגע, אָנגעשפּאַרט זיך, צוזאַמענגעדריקט שטײַף מײַן קוליע־הענטל און שטעקן, האָבן זיך פון דער אָנשטרענגונג, שווייס און היץ אויף די פינגער פוןביידע הענט אויפגעבלאָזן בלוי־רויטע מאָזאָליעס, ווי אייטערדיקע, אָפענע באָליאַטשקעס־וווּנדן. אויף מײַן צעכראַסטעטן ווײַסן

לײַוונטענעם רעקל אויף בײדע לאַצן — צוגעשרויפּט און אָנגעטשעפּעט מײַנע אָרדנס און מעדאַלן און אויפן אָנגעזעענסטן אָרט — מײַן מעדאַל „פֿאַר סטאַלינגראַד". כדי עס זאָל זיך מיר פֿאַרקריצן דער ריזיקער דענקמאָל־אַנסאַמבל אויפֿן שפּיץ פֿון דעם מאַמײַעווער קורגאַן — די גראַנדיעזע סקול־פּטור פֿון דער פֿרוי, וואָס האַלט הויך פֿאַרהויבן איבער זיך אַ דינע שווערד, בין איך אַהין געגאַנגען עטלעכע מאָל. געהויבן זיך, אַרויף, אַרויף איבער די פּילצאָליקע קאָלאָסאַל־ברײטע מירמלנע טרעפּ, אָן פֿאַרענטשן, צוקומען נענטער צום הערלעכן מאָנומענט און אײַנקוקן זיך בעסער אין די געזיכט־שטריכן פֿון דער פֿרוי־סקולפּטור מיט דער שווערד איבער זיך.

נאָך דעם בין איך אונטער די הויכע געוועלבן פֿונעם פֿאַרטונקלטן זכרון־זאַל צוזאַמען מיט גרופּעס עקסקורסאַנטן געשטאַנען פֿאַרשטילט קעגן איבער דער הויכער שטאַרק־באַלויכטענער וואַנט, אויף וועלכער עס זײַנען אויסגראַווירט מיט גאָלדענע אותיות די נעמען און פֿאַמיליעס פֿון די צענ־דליקער טויזנטער סאָלדאַטן, סערזשאַנטן און אָפֿיצירן, וואָס זײַנען געפֿאַלן אין די שלאַכטן פֿאַר סטאַלינגראַד. מיט באַזונדערן שטאָלץ און פֿאַרכט, ביז טרערן, האָב איך בלחש זיך אײַנגעלײיענט אין די אַ סך אויסגעשפּראָכן־ייִדישע נעמען און פֿאַמיליעס, זיי אויסגעשעפּטשעט, ווי אַ תּפֿילה...

...איך בין געפֿאָרן מיט דער עלעקטראָ־באַן, מיט טראָליבוסן, אויטאָבוסן קײן גומראַק, סטאַנציאַ קאָטלובאַן, קײן באַלשיע ראָסאָשקי, מאַליאַ ראָסאָש־קי, מאַרינאָווקאַ, קאַרפּאָווקאַ, אויף די אַלע פּלעצער, וועלכע האָבן זיך מיר אַזוי גוט פֿאַרגעדענקט.

אין יענעם שרפֿהדיקן זומער פֿון דעם 1972 יאָר זײַנען קײן וואָלגאָגראַד אָנגעקומען מיט שיפֿן, באַנען, עראָפּלאַנען, המונים מענטשן — קאָלעקטיווע אויספֿלוגן פֿון סטודענטן און קינדער פֿון אַלע עקן לאַנד, אָפּצומערקן די רומפֿולע דאַטע פֿון די סטאַלינגראַדער שלאַכטן און צוזאַמען מיט די טויזנטער האָב איך מיטגעשפּאַנט. און איך ווייס נישט, וואָס האָט זיך מער געוואָרפֿן אין די אויגן — דער אויסזען פֿון אַ 62יאָריקן ייִדן אָנגעשפּאַרט אויפֿן קוליע־שטעקן מיט דער סטאַלינגראַדער מעדאַל, אָדער די בלוי־רויטע מאָזאָליעס־אויסשיטעכץ, אויף מײַנע הענט, וואָס איך האָב מיך אַלץ געסטאַרעט אויס־באַהאַלטן אין די ברײטע אַרבל פֿון מײַן ווײַסן פּידזשאַק.

אין די אָוונטן, ווען איך פֿלעג זיך דערקלײַבן צו מײַן האָטעל־צימער, פֿלעג איך תּיכף זעצן זיך צום קראַן, לאָזן אויף די הענט אַ זודיקן שטראָם וואַסער און לאַנג פֿאַרען די שמאַרצנדיקע מאָזאָליעס. אַנומלט, איז אַרײַנגע־קומען די האָטעל־אויפֿראַמערן, אַן עלטערע רוסישע פֿרוי, געקוקט, ווי איך פֿאַרע די פֿינגער, האָט אין דער רגע זיך צעקלונגען דער טעלעפֿאָן. איך האָב פֿאַר דעם געהאַט באַשטעלט בײַם האָטעל־דעזשורנעם אַ געשפּרעך מיט מינסק.

אַלאָ, אַלאָ, — שרײַ איך, — מינסק, גענאַטשקאַ! דו הערסט מיך? איך רעד פון וואָלגאָגראַד! וואָס מאַכסטו? דו עסט יעדן טאָג וואַרעמעס? וואָס? — רײַע קאָכט געשמאַקע אוקראַיִנישע באָרשטן? — אויסגעצייכנט! וואָס? — בריוו פון פּיראָטשקען? וויפל? — 4 בריוו, אויסגעצייכנט! זע, היט זיך, געגע, היט זיך. איך גיי אומעטום, אויף אַלע באַקאַנטע שלאַכט־ערטער בײַ וואָלגאַ־מאַטושקאַ... זייער אינטערעסאַנט... גריס בראָניען, רײַען, דו ביסט נישט צוגעקילט?... ס׳רײַסט מיך איבער די טעלעפאָניסטקע: — אײַער צײַט גייט אויס... און איך שרײַ נאָך: מינסק, מינסק! גענאַטשקאַ!

ווען איך האָב אַוועקגעלייגט דאָס טרײַבל, רופט זיך צו מיר אָן די פרוי, די האָטעל־אויפראַמערן: — אַ ווײַב האָט איר?

— מיט אַ האַלב יאָר צוריק געשטאָרבן.

— כ׳האָב באַלד פאַרשטאַנען פון אײַער געשפּרעך. — וויזשע, רופט זי זיך שוין אָן צו מיר שאַרף, מיט רוגזה, — האָט איר זיך אַנטשיידן צו לאָזן אַליין אין אַזאַ ווײַטעניש? נישט קיין יונגער מענטש שוין, אַן אינוואַליד, מאַלע, וואָס קאָן מיט אײַך טרעפן, ווער וועט אײַך העלפן?... איר זײַט דאָך נישט קיין אײַזערנער...

ענטפער איך איר מיט איר נוסח: אַוודאי, נישט קיין אײַזערנער און נישט קיין יונגער מענטש. אָבער כ׳מוז אָנקוקן נאָך אַ מאָל סטאַלינגראַד. איך האָב מיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון אַזאַ געלעגנהײַט. און וועגן העלפן מיר, — אָט דאָס, — זאָג איך איר און צעשמייכל זיך, — מיט דעם בין איך מיט אײַך מסכים. אין אַ וואָך אַרום פאָר איך שוין אַוועק אַהיים, האָב איך גאָרנישט קעגן, איר זאָלט מיר העלפן צוטראָגן צום וואָקזאַל מײַן טשעמאָדאַן. כ׳וועל אײַך נישט באַעוולהן. — קוקט זי אויף מיר מיט טשיקאַוועס און שוין אָן דעם כעס־טאָן, זאָגט זי: — אויב איך וועל דאַן זײַן אויף דער אַרבעט, וועל איך אײַך גערן העלפן. — איך דאַנק איר אָפּ און זעץ פאָר צו פאַרען מײַנע פינגער, ווייכער צו מאַכן די מאַזאָליעס, איך זאָל מאָרגן אין דער פרי קאָנען זיכערער און פעסטער שפּאַנען איבער די שיינע זומערדיקע גאַסן פון דער וואָלגע־שטאָט, ווו איך בין מיט 30 יאָר צוריק געוועזן מיט מײַן צאַפּלדיק יונג לײַב און לעבן.

איך בין ווידער אַרויפגעקראָכן אויף איינע פון די שטאָט־הויכקײַטן, אויף גומאַרק, אָדער אויף מאַמײַעווער, צי אַן אַנדערן קורגאַן. איצט, ווען איך שרײַב אָט די שורות, איז שוין נישט דרײַסיק, נאָר די גאַנצע פערציק יאָר פאַרבײַ, זינט איך האָב דאַן אַרומגעפּויזעט, אַרומגעלאָפן אין יענע טעג און נעכט, געשטאַנען אין די אויף שנעל אויסגעגראָבענע זיך־אַראָפּשיטנדיקע טראַנשייען, אָקאָפּעס, טאַנקן־ריוון, צווישן די נידעריקע באַלקעס און שיפּוּ־עים, בערגלעך און שפּאַלטן, אין דער דורך די דײַטשן אַרומגערינגלטער

שטאָט. איך בין וויַיט פון אַן אויסגעשולטן מיליטערמאַן און קיין גענויע מיליטערישע מאַפּע פון דעם דעמאָלטדיקן סטאַלינגראַד מיט אַ מאַסשטאַב פון 2, צי 5 קילאָמעטער אויף אַ קוואַדראַט צענטימעטער, פאַרמאָג איך איצט נישט אונטער דער האַנט. נאָר ווען איך האָב פון דער באַרג־הויכקייט אַראָפּ־געקוקט אויף אונטן און דערזען פאַר זיך די פּילקאָלירִיקע שיינע רחבות פון דעם אויפסנײַ אויפגעבויטן באַרימטן קראַך, איז פאַר מײַנע אויגן אין דער גאַנצער גרויזאַמקייט אויפגעשוואומען דער אויסזען פון דעם מיט פלאַם און רויך אַרומגעכאַפּטן סטאַלינגראַד. דאָס איז געווען אין מיטן, אָדער סוף אויגוסט 1942 יאָר. די היטלער־אַוויאַציע האָט, ווי אין אַ סטופּע געשפּליטערט, געשטויסן און געמאָלט די שטאָט. נישט אויפגעהערט צו האָגלען אויף איר מיט באָמבעס און סנאַריאַדן. קיין גאַנצער אבר איז שוין נישט געבליבן פון דער גרעסטער רוסישער דרום־שטאָט בײַ דער וואָלגע. די דײַטשישע „מעסער־שמידטן" פלעגן אויסזוכן די שפּאַלטן און טראַנשייען, פּיקירן, אויסקאָסיען דעם מינדסטן שטח מיט שפּריצנדיקן קוילן־פײַער און דאַכט זיך, — אָט־אָט וואָלט היטלער דערגרייכט זײַן ציל, אַרויסגעגראַבלט, אַרויסגעקאָלופּעט פון די צעקלאַפּטע טראַנשייען, פון צווישן די הרודעס אײַזן און ציגל די לעצטע זיך פאַרטײַעטע סאָוועטישע סאָלדאַטן, די שוין צוגעפּרעסטע צום ברעג און אַרײַנגעשאַרט זיי אין דער וואָלגע, און אַ סוף אַן עק מיט רוסלאַנד. האָט אָבער דאָס פאַסקודנע דײַטשעלע צו די הײַפּלעך און רעשטלעך שרעקלאָזע עקשנים נישט געקאָנט צוקומען, דאַקאַזשען, ווײַל די העלדן־גיבורים פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און פעלקערשאַפטן פון לאַנד און צווישן זיי נישט ווייניק מײַנע מוטיקע ברידער ייִדן, זײַנען געשטאַנען אין פלאַם אויפן סאַמע ראַנד ערד, מיטן פנים צום פײַנט, פילנדיק הינטער די אייגענע אַקסלען די קאַלטע כוואַליעס פון דער וואָלגע. דער פאַרצווייפלטער, אויסגאַנגלאָזער, „צוריק קיין טראָט" — האָט געראַטעוועט. מען האָט זיך מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג געווערט קעגן שונא. מיט יעדער איינציקער אָפּגעשפּאַרטער קויל געטראָפן אים אין האַרצן. אַ געלאָדענע קויל אין אווטאָמאַט איז דאַן טײַער געווען, ווי דאָס לעבן.

ווען איך טראַכט זיך איצט אַרײַן, דערמאָנענדיק זיך יענע לאַנג־פאַר־לאָפענע צײַט און אומגעבונג, קום איך צו מײַן אייגענער איבערצײַגונג, אַז די גרענעץ־ליניע פון מסירת־נפש און העלדישקייט, די לאָזונגען „צוריק קיין טראָט!", „מקריב זײַן זיך", זײַנען אין יענע גורלדיקע אַנטשיידענע טעג, שוין געווען אויסגעהוילט, ווי אַ צעפּוילטער קערן, פון דעם צביעותדיקן קאָ־מוניסטישן הוראַ־פּאַטריאָטיזם — „פאַר סטאַלינען!", „פאַרן היימלאַנד"!. די הערצער פון די שלאַכטלײַט זײַנען דאַן געווען איבערפולט מיט פאַרביטערטן ווידערגעפיל, אַנטוישונג און ייִאוש: „ווי נידעריק מיר זײַנען געפאַלן, צו

וואָס מ'האָט אונדז דערפירט! מער ווי האַלב ראַסיי איז שוין ביַים דיַיטש. געבליבן נאָר הינטער וואָלגע די אוראַלער בערג און דער קאַטאַרזשאַנסקער ביַיקאַל... דער קאָמוניסטישער בלאָף און באַרימעריַי — אַ קאַרטן־שטיבל!". דאָס צעקאָכט און צעבלוטיקט האַרץ פון דעם סאָוועטישן סאָלדאַט און דער אומגעהויער פאָלקס־ ווייטיק און פאַרדרוס ביַי סטאַלינגראַד, האָט אין דעם לעצטן שוין האָפנונגס־לאָזן מאָמענט געהאָלפן זיך אויסניכטערן, קומען צו זיך, צונויפבייַלן די אויסגעהונגערטע ביינערדיקע פויסטן און פאַרצווייפלט אַנטקעגנשלאָגן, ממתן דעם רוצח, דעם נאַצי־וואַמפּיר...

...אויפן באַרג זיַינען דאַן צוזאַמען מיט מיר געשטאַנען פון מיַין עלטער, אויך אַזעלכע, ווי איך, געוועזענע סאָלדאַטן און אָפיצירן, אַנטיילנעמער פון די סטאַלינגראַדער שלאַכטן, צווישן זיי אויך מלחמה־אינוואַלידן. געדענק איך, ווי איינער פון זיי האָט אַ גריבל געטאָן מיט זיַין קוליע־שטעקן די ערד נעבן זיך און געזאָגט: „זעט, ווי זי איז געדיכט אויסגעמישט און פול מיט באָמבעס און סנאַריאַדן־שפּליטערס, מיט קוילן־גילזעס". — ער האָט לאַנג נישט באַדאַרפט נישטערן, ס'האָבן זיך באַלד באַוויזן אויף דער אויבערפלאַך גרעסערע און קלענערע צעשפּיצטע אין אַלע ריכטונגען, ווי מיט שאַרפע נאָדלען, צעזשאַווערטע אָסקאָלקעס, שפּליטערס, אַרומגעקלעפּטע מיט באָדן, דיַיטשישע פּאַטראָן־גילזעס (נישט די רוסישע מיט די ברייטע היטעלעך) מיט דער סטאַלינגראַדער ערד פאַרשטאָפּטע. איך האָב זיך אָנגעבויגן צו דער ערד און גענומען פאַר זיך אַלס אָנדענק אַ פּאָר פאַרשוואַרצטע שפּליטערס און צוויי פּאַטראָן־גילזעס, פאַרוויקלט עס אין מיַין פּאַטשיילקע, אַריַינגעלייגט אין מיַין פּידזשאַק־קעשענע... שטייענדיק אַזוי אויפן באַרג און שמועסנדיק מיט די געוועזענע שלאַכטליַיט, איז פאַר מיר אויפגעשוווּמען אין מיַין זינען דער אויגוסט־חודש פון 1942 יאָר אין סטאַלינגראַד...

## ווי דאָס וואָלט ערשט געשען...

איך בין אַריַין אין אַ גאָרטן, געזוכט מיט די אויגן אַ פּאַסיקע באַנק אין שאָטן. — עס מאַכט מיר נישט אויס, — האָב איך געטראַכט, — וואָס אַרום און אַרום זיַינען מענטשן און אַ סך קינדער. אָט דאָ, אויף דער באַנק, זעץ זיך צו, — זאָג איך צו זיך אין דמיון, — רו זיך אַ קאַפּעלע אָפּ און בולט, ווי דאָס וואָלט ערשט מיט מיר געשען, פליִען אָן, ווי די טשאַטעס טויבן — דע־רינערונגען: די פּאָר אויסשליסלעך — שווערע חדשים פאַר מיַין אָנקומען אין סטאַלינגראַד... די מאָראַלע חרפּה, מבולבלדיקייַט איז דאַן געווען אומפּאַר־

גלײַכלעך גרעסער, ווי די פיזישע אויסגעשעפּטקײַט און מאַכטלאָזיקײַט. און געשען איז אַזוי: מיט אַ יאָר שפּעטער, ווי היטלער איז באַפאַלן רוסלאַנד, בוכשטעבלעך, אין דער זעלבער דאַטע — 22טער יוני, האָט ער אומדערוואַרט אָנגעהויבן אַ נײַע גראַנדיעזע אַטאַקע אויף דעם סאָוועטישן דרום־מערבדיקן פראָנט, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט קאַטאַסטראָפאַל פאַר דער סאָוועטישער אַרמײ *. די סאָוועטישע אײנהײַטן און טײלן זײַנען אונטער די אומגעריכטע מאַסיווע פאַרניכטנדיקע קלעפּ פון דער היטלער־אַוויִאַציע, טאַנקען און אַרטילעריע, אין אומאָרדנונג, צעשאָטענערהייט אָפּגעטראָטן פון אַרום באַלאַקלייע, ביַים טײַך דאָניעץ, בײַ די שטעט קופּינסק, איזיום, באַרווענקאָוואָ, אוראַזאָוואַ און אַנדערע, געפּרוווט אַרויסצוווײַזן אַ שטיקל ווידערשטאַנד בײַם טײַך אַסקאָל, אָן עפּעס זיך צו פאַרטשעפּען און ווידער אין פּאַניק פאַרלאָזט די אויף אין דער גיך פאַרנומענע פּאָזיציעס און שגעונדיק, אָן קײן קאַמף־סדר געטראָגן זיך אויף מזרח נישט געווען אפילו פּיִק אָפּצושטעלן דעם פײַנט בײַם ברייטן וואַסער־באַסיין — דעם טײַך דאָן.

אינמיטן יולי זײַנען שוין נעבן די באַוועלדערטע טײַך־ברעגן פון דאָן,

---

* ווען דער אויסגערעכנטער, מיליטעריש — העכסט־אויסגעשולטער כיטרער דײַטש האָט זיך גיך איבערצײַגט, אַז דער „בליץ־קריג” אויף מאָסקווע איז אים נישט געראָטן, האָט ער זיך באַלד איבעראָריִענטירט, איבערגעשפּילט (ער האָט דאָך שוין אין די סאַמע ערשטע עטלעכע מלחמה־חדשים געהאַט אַרײַנגעקראָכן אין סאַמע האַרצן פון סאָוועטן־רוסלאַנד) און לענגויס דער גאַנצער אומגעהויער — לאַנגער פראָנט־ליניע, אַוועקגעשטעלט זיך אין אַ סטאַבילער, גינסטיקער שוץ אויף אַ רויִקן און זאַטן ווינטער, הינטער זיבן רייען שטעכדראָט, אײַנגעגראָבן זיך אין דער נאָכגיביקער רוסיש־אוקראַיִנישער ערד, אַרומגעגאַרטלט זיך, אַרומגעפּלאָכטן מיט אין פולן ווּקס גוט־אויסגעשטאַטע, באַשלאָגענע מיט ווילאַק און ברעטער טראַנשייען און שוץ־גראַבנס, צווישן די פויערישע כאַטעס און קלײנע ישובים, נעבן די טײכן און טײכלעך. בײַ די טראַנשײ־ווינקלען אײַנגעאָרדנט זיכערע נעסטן פאַר קוילנוואַרפערס פון גרויסן קאַליבער און אַזוי אַרום, טאָג און נאַכט געפרעסן און געזויפט, די כאַטעס פאַרוואַנדלט אין קלאָזעטן, און געוואַרט אויף וועסנע... די סאָוועטישע אַרמײ האָט להיפך, אין משך פון דעם קרירה־קאַלטן ווינטער אָן אויפהער געפירט כלומרשט לאָקאַלע שלאַכטן, שיער נישט אויף דער גאַנצער פראָנט־ליניע מיטן ציל און לויט דעם טרויעריק־באַרימטן דעוויִז: „אויסצורייכערן די פריצן פון די וואַרעמע כאַטעס, נישט לאָזן זיי רויִק ווינטערן” און הונדערטער אויסגעהונגערטע (נישט געווען וואָס צו עסן) באַטאַליאָנען און פּאָלקן סאָלדאַטן, ווערן געשיקט אויף טויט, צו קריכן אויף די זיבן רייען שטעכדראָט, אויף די קוילנוואַרפערס פון די גרויסע קאַליברען, זײַענדיק דערבײַ שוואַך, זייער שוואַך באַוואָרנט מיט אַרטילעריע־פײַער און לגמרי אָן אַוויִאַציע, מע איז ממש אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, פאַרלוירן צענדליקער טויזנטער מענטשן. נאָר וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן בײַ סטאַלינען געהאַט מענטשן־שרײַפעלעך? — דער נאַרישער, גזלנישער דעוויִז איז געווען העכער פון אַלעם...

אַראָפּ־באַרג, ביי די „פּערעפּראַוועס" און פּאָנטאָן־בריקן געדיכט געשטאַנען אין ריי הונדערטער טויזנטער מיליטערישע פורלעך און לאַסט־מאַשינעס, אָנגעשטאָפּטע מיט אַמוניציע, איינגעשפּאַנט אין פערד אָן אַ שיעור אַרטילערי־שע לאַפעטן, לייכטע און שווערע האַרמאַטן, אָנצאָליקע אינטענדאַנט־טיילן איבערגעמישט און איבערגעפּלאָנטערט און יעטוועדע רגע דערוואַרט באַפאַלן צו ווערן פון די דייטשישע „מעסערשמידטן". און וויפל פון דעם אַלעם איז דעם דאָן נישט אַריבער, אַריינגעפאַלן אין שונא'ס הענט, אָדער דערטרונקען געוואָרן?

אין די לעצטע יולי־טעג האָבן שוין צעדרויבלטע קליינע גרופּקעס פון די סאָוועטישע מיליטערישע טיילן און זייער אַ סך איינציקווייז, צופוס און אויף פורלעך אָנגעהויבן אָנצוקומען אין סטאַלינגראַד.

מיין דעמאָלטדיקער צושטאַנד — געוואַלגערט זיך אין די וועלדער, אַ הונגעריקער געגאַנגען צווישן תבואה־פעלדער, געשטופּט אין מויל די קערנער פון די זאַנגען. עס איז קיין שום מעגלעכקייט נישט געווען מיט אַ הייסער שעפל וואַסער אָפּצוגיסן דאָס שווייסיקע, פאַרברודיקטע הויט און ביין, בייטן וועש, די אָנוטשעס אין די שטיוול, אויסצופּאַרען די גימנאַסטיאָרקע. אָט מיט אַזאַ מין אויסזען האָב איך, לייטענאַנט, איבערזעצער פון 809טן שיסער־פּאָלק, מיט דער מעדאַל „פאַר געוואַגטקייט" * אויף מיין ברוסט און מיט מיין פער־זענלעך געווער — אַ נאַגאַן, געיאַוועט זיך אין דער פּאָליט־פּאַרוואַלטונג פון סטאַלינגראַדער פראָנט. אין דעם זעלבן טאָג האָט מען מיך געשיקט אַלס עלטערער פּאָליט־אינסטרוקטאָר אין דער 87טער שיסער־דיוויזיע. דער שטאַב פון דעם סטאַלינגראַדער פראָנט מיט אַלע זיינע אָפּטיילן האָט זיך דיסלאָצירט אין אַ וועלדל אויף דעם אַנדערן, מזרחדיקן ברעג פון דער וואָלגע. ס'איז געווען געציילטע טעג, איידער די דייטשישע אַוויאַציע האָט מיט הונדערטער עראָפּלאַנען גענומען באָמבאַרדירן די שטאָט. ס'האָבן נאָך קורסירט מאָטאָר־שיפלעך וואָס האָבן אַריבערגעפירט מענטשן פון ברעג צו ברעג. געווען שוין טונקל, ווען איך בין מיט אַ הייפל ציווילע סטאַלינגראַדער איינוווינער אַרויס פון שיפל און זיך געלאָזט אין שטאָט. מיט מיר צוזאַמען איז געגאַנגען אַ פרוי מיט אַ יינגעלע פון אַ יאָר אַכט־ניין ביי דער האַנט. זיצנדיק אין מאָטאָר־שיפל, האָב איך נישט באַמערקט, נישט די פרוי און נישט איר יינגעלע. זי האָט זיך צו מיר אָנגערופן:

— שוין פינצטערלעך. איר וועט שוין היינט צו אייער נייער טייל נישט באַווייזן. כדי נישט צו בלאָנדזשען, במילא, גייען אַלע דורך פאַרביי אונדזער

* מיטן מעדאַל „פאַר געוואַגטקייט" בין איך געווען באַלוינט אין נאָוועמבער 1941 יאָר, פאַרן אָנטיילנעמען אין שלאַכט ביים דערפל נאָווי לימאַן נעבן כאַרקאָוו.

אַרבעטער־יִישוב, איז נעכטיקט איבער אין יִישוב — און באַגינען וועט זיך אַלץ בעסער זען. און איר וועט שנעלער זיך דערקלײַבן, וווהין איר דאַרפט.

מיר זײַנען געגאַנגען שווײַגנדיק, נישט זי, און נישט דאָס יִנגעלע האָבן צווישן זיך נישט גערעדט. מיר זײַנען געגאַנגען דורך שטילע, פּוסטע גאַסן. מיליטערלײַט, ציווילע, נישט קיין סך, האָבן זיך באַוועגט, ווי שאָטנס, שנעל, נישט אומקוקנדיק זיך. אַ גרויסע פראָנט־שטאָט. אין די הײַזער און מויערן האָבן קיין פײַערלעך נישט געלויכטן, אומעטום פינצטער.

— מען האָט זיך שנעל עוואַקויִרט. אַלץ גייט אוועק הינטער וואָלגע, — האָט מיר שטיל באַמערקט די פרוי. — מיר זײַנען אַרײַן אין שמעלערע גאַסן און געסלעך. דאָס האָט שוין געמוזט זײַן דער אַרבעטער־יישוב. מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין אַ שטוב, ס'האָבן זיך געהערט הילכיקע שטימען פון עלטערע יִנגלעך. אירע, אָדער די חברים פון אירן אַן עלטערן יִנגל. די באַלעבאָסטע האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַ ליידיקן חדר. ס'איז געווען הייס. זי האָט צע־פראָלט דעם פענצטער. ס'האָט אַראָפּגענידערט אַ דומפּיקע, וואַרעמע בײַ־וואָלגע־נאַכט. אין צימערל — אַ פּוסטע ברייטע הילצערנע בעט.

— איך וועל אײַך, אפשר, אויסבעטן אויפן פּאָל, וועט נישט זײַן אַזוי דושנע, — האָט זי מיר געזאָגט און באַלד אַרײַנגעבראַכט דאָס נויטיקע צום אויסבעטן. און שפּעטער, אין שטוב האָט זיך שוין אײַנגעשטילט, אַלע זײַנען שוין, ווײַזט אויס, אויף זייערע געלעגערס. דורכן אָפענעם פענצטער האָט זיך דערטראָגן אַן אָפּגעווײַטערטע קאַנאָנאַדע. עס האָט זיך געהערט דאָס שוין אַזוי באַקאַנטע צעצויגענע, מיט אינטערוואַלן, הודען פון די דײַטשישע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען — ווו — ווו — ווווו... שווער געלאָדענע, מע האָט אויך געקאָנט אויפכאַפּן די אויפרײַס־קלעפּ פון די פאַלנדיקע באָמבעס...

בין איך געלעגן אויפן פּאָל אין מײַן פאַרשטויבטן, מיט שוויס דורכ־געזאַפּטן מיליטערישן אָנטאָן, אויף עפּעס זאַכן. וואָס בײַ מיר איז געווען צוקאָפּנס, — ווער געדענקט עס. די פרוי האָט בײַ דער קנאָפּער שײַן — אַן אָפּשניצל פון חלבנער ליכט, זי האָט עס אין אַ שיסעלע אַוועקגעשטעלט אין דער פּוסטער הילצערנער בעט — אַרײַנגעטראָגן פאַר מיר אַ לוסטע ברויט מיט אַ פּאָמידאָר און אַ קרוזשקע מילך. איך האָב געגעסן זיצנדיק אויפן פּאָל. פאַרענדיקט די וועטשערע, האָט זי צוגענומען פון מיר דעם טעלער, אויף וועלכן זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס ברויט און דעם פּאָמידאָר און די ליידיקע קרוזשקע, עס אַרויסגעטראָגן, צוריקגעקערט זיך, פאַרלאָשן דאָס ליכט־פּלעמל און געלייגט זיך אויפן דיל נעבן מיר:

— קאָן זײַן, אַז מאָרגן וועט זיך אויך אונדזער צעך עוואַקויִרן צוזאַמען מיט די משפּחות, — האָט זי געשעפּטשעט, — מיר זײַנען אויפן סאַמען ראַנד פון אַ תהום, אָן אַ טרייסט...

איך האָב זיך דערנענטערט צו איר. זי איז אַזוי ווי איך, געווען אין איר זעלבן אָנטאָן. ווען איך האָב זי אַרומגענומען, האָב איך דערפילט אירע אַרויס־שטאַרצנדיקע דאַרע אַקסלען, די ווייכע, שיטערע ברוסטן, איך געדענק נישט, צי האָב איך זי געקושט — דאַכט זיך, אַז נישט. איך האָב געשטילט מײַן אינסטינקט־דורשט אין אירע אויסגעקוואַרטע הייסע גלידער. נישט אַרויס־געלאָזט פון זיך קיין קלאַנג און אויך זי האָט צוזאַמען מיט מיר פאַרשטילט איר אָטעם שווײַגנדיקערהייט... זי איז אויף אַ ביסל צײַט אַוועק. איך בין געלעגן אין דער שטאָק־פינצטערנישט, גרייט אויפצוכאַפּן יעטוועדן נײַעם שאָרך... זי איז, מסתם, געגאַנגען אַ קוק טאָן, ווי עס שלאָפט איר קליינער זון, זי שפּרײַזט צוריק... נויגט זיך אין חושך צו מיר, איך נעם זי אויף, מיר דריקן זיך ווידער איינער צום אַנדערן מיט אַנטבלויזטע טיילן פון אונדזערע אויסגעהונגערטע אברים.

— דו ביסט אַ ייִד? — האָט זי מיר אַרײַנגערוימט...

— יאָ.

— עס ציט מיך צו ייִדן, — האָט זי זיך געטוליעט און געגלעט מײַנע באַקן, און בײַ די שלייפן. — ווען מיר זײַנען געזעסן אין מאָטאָר־שיפל, האָב איך געקוקט אויף דיר... געוואָלט אויפכאַפּן אויף זיך דײַן בליק, נאָר דו האָסט אַלץ געגלעט מיט דער דלאָניע די וואָלגע־וואַסערן...

איך האָב זי שטאַרקער אַרומגענומען. אונדזערע אָטעמס זײַנען ווידער געוואָרן הייסער, האַסטיקער... זי האָט אויסגעפּליסטערט: זאָל דיר זײַן גוט... דאָס פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן...

עס האָט שוין גענומען שאַריען. זי האָט זיך אויפגעשטעלט פון דיל, צו־געמאַכט דעם פענצטער, אַזוי ווי זי וואָלט דערפילט, אַז עס איז מיר פּלוצעם קאַלט געוואָרן. זי איז אַ רגעלע געשטאַנען נעבן פאַרמאַכטן פענצטער און שטיל אַרויס פון חדר. איך האָב זיך אויפגעהויבן. בײַם געלעגער אַ טראָט געטאָן מיט מײַנע באָרוועסע פיס, אַ טאַפּ געטאָן אין דער קעשענע מײַן נאַגאַן, אויף דער ברוסט מײַן מעדאַל, אין דער אויבערשטער גימנאַסטיאָרקע־קעשענ־קע — די דאָקומענטן. ווען איך האָב מיך בײַנאַכט געלייגט, האָב איך בלויז אויסגעטאָן די שטיוול און אין זיי טיפער פאַררוקט מײַנע אָנוטשעס. די פרוי איז אַרײַן, דערזען, אַז איך בין שוין אויפגעשטאַנען, האָט זי מיך אַרײַנגעפירט אין קיכל. איך האָב אונטערגעשטעלט מײַן קאָפּ אונטערן קראַן און געוואַשן זיך מיט קאַלטן וואַסער. זי האָט מיר צוגעטראָגן אַ האַנטעך:
— איך וועל אויפזידן אַ גלאָז טיי... — ניין, — האָב איך געזאָגט, — עס ווערט שוין ליכטיק, איך וועל גיין. — מיר זײַנען אַרײַן צוריק אין צימער, איך האָב אײַליק אַרומגעווישט מיטן האַנטעך מײַן פּנים. אין שטוב איז נאָך אין אַלע חדרימלעך פולשטענדיק רויִק. אַלע זײַנען נאָך געשלאָפן. אַ צינד האָב

איך דערזעען פֿאַר מײַנע אויגן דעם מידן, פֿאַרזאָרגטן פּנים פֿון דער נישט־היכער, דאַרלעכער פֿרוי, זי האָט געמוזט זײַן מיט אַ דרײַ־ — פֿיר יאָר עלטער פֿון מיר... ווער ווייסט... — האָט זי אַ זיפֿצט געטאָן און נישט דערזאָגט... איך בין צו צו איר, אַרומגענומען איר קאָפּ און הייס אַ קוש געטאָן אין אירעביידע אויגן און געעפֿנט די טיר צו דער גאַס. די טיר איז געווען נישט צוגעשלאָסן...

די פֿרוי איז גערעכט געווען. בײַ דער טאָג־שײַן האָב איך מיך שנעלער אָריענטירט און באַלד דערוווּסט זיך און געפֿונען דאָס הויז פֿון דער מיליטער־רישער קאָמענדאַנטור. דער קאָמענדאַנט, אַ קאַפּיטאַן, האָט גענומען פֿון מײַן האַנט די צײַגעניש, איבערגעלייענט, אַ בליק געטאָן אויף מיר: — יאָ, לייטע־נאַנט, די זיבן־און־אַכציקסטע, פֿאָראָן! אַ פֿרישינקע דיוויזיע, — און ער דערקלערט מיר, ווו עס געפֿינט זיך דער דיוויזיע־שטאַב, און וויאַזוי מען דאַרף זיך אַהין דערקלײַבן. געגעבן מיר אַ קוויטל צובאַקומען מײַן אָפּיצע־רישן טאָג־פּאַיאַק און געזאָגט: — אויפֿן הויף איז נאָך טעטיק די גאַרניזאָן־באָד.

די באָד — אַ צווייטשטאָקיקע קאַזאַרמע־געבײַדע. אויף די טרעפּ האָב איך דערזען אַ סאָלדאַט: — וואָס ? — דער פֿאַריקמאַכער ? — האָב איך אַ טאָפּ געטאָן מײַנע נישט־ראַזירטע באַקן. — ניין, דער בעדער. ער האָט מיר גע־בראַכט אַ שטיקל זייף, אַ מײַקע און טרוסיקעס: — די באָד איז שוין „אויף רעדער“ !... איין מאַרשרוט פֿאַר אַלעמען — אַהינטער וואָלגע. — איך האָב מיך שנעל אויסגעטאָן. קיין הייסע וואַסער איז שוין נישט געווען — לעבלעכע. איך האָב געגאָסן אויף זיך איין שעפֿל נאָך דעם אַנדערן, הויך פֿאַרהויבן איבער זיך דעם ברייטן בלעכערנעם טאַזיק, עס זאָל שטאַרקער אַ פּאַטש טאָן איבער מײַנע אַקסלען דער וואַסער־פֿליוך.

איך האָב מיך אייניקע מאָל געדאַרפֿט אַרויפֿכאַפּן אויף לאַסט־אויטאָס, וואָס זײַנען געגאַנגען אין דער פֿאַר מיר נויטיקער ריכטונג. אין האַלבן טאָג האָב איך זיך דערקליבן צום דיוויזיע־שטאַב. עטלעכע שטיבלעך, דערבײַ נידעריקע בוימער־קוסטעס. זעט אויס, אַז דאָ איז געווען אַ בריגאַדע־באַצירק אין פֿעלד פֿון אַ קאָלכאָז, צי סאָווכאָז. לויט דעם זיך דערנענטערנדיקן און גרילצנדיקן פֿײַפֿן אין דער לופֿטן און לויט די אויפֿרײַס־קלעפּ אַליין פֿון די דײַטשישע מינעס, זײַנען די פֿאָדער־פּאָזיציעס, נישט מער פֿון אַ פֿינף קילאָ־מעטער. די הײַזקעס, אַרומגעגראָבן מיט פֿרישע, נישט טיפֿע טראַנשייען, אויף די פֿלאַנגען, אין צוויי באַזונדערע שוץ־גראָבנס — קאַמפּס־נעסטן מיט צוויי קוילנוואַרפֿערס פֿון גרעסערן קאַליבער און גרייטע צום שלאַכט פֿולעמיאָ־טשיקעס. אין די טראַנשייען, אַ גרופּע סאָלדאַטן מיט אויטאָמאַטן און האַנט־קוילן־וואַרפֿערס. נעבן יעדן אויפֿן טראַנשיי־ברוסטווער אַ הײַפֿעלע האַנט־

גראַנאַטעס און צו אַ פּאָר קעגן־טאַנקן־גראַנאַטעס. אַלץ גרייט צו יעטוועדער אומדערוואַרטונג צו באַשיצן דעם דיוויזיע־שטאַב. אין איינעם פון די שטיב־לעך — דער פּאַליט־אָפּטייל פון דיוויזיע. אינעווייניק, אין די צוויי, צי דריי חדרימלעך — אַ פינף־זעקט פּאָליט־טוער פון העכערע און קלענערע ראַנגען. ס'איז גלייך געווען צו דערפילן, די ספּעציפישע אַטמאָספער פון שלאַכט־אומגעבונג.

איך האָב מיך פאָרגעשטעלט פאַרן נאַטשאַלניק פון פּאַליט־אָפּטייל, דעם עלטערן באַטאַליאָן־קאָמיסאַר לאַגינאָוו: — לייטענאַנט מאַלטינסקי, — און אים איבערגעגעבן מיין פּאַפּיר — מיין נייעם אַמט־דאָקומענט פון פּאָליט־פאַרוואַלטונג פון סטאַלינגראַדער פראָנט. נאָך אַ רגע שווייגן און באַטראַכטן מיך, האָט ער ביי מיר געפרעגט: — און אייערע פערזענלעכע זאַכן ?

— אַלץ איז מיט מיר, — האָב איך קוים אַ שמייכל געטאָן.

— אין אָונט קאָן זיין קיל, — האָט ער באַמערקט. — ער האָט מיר אין צוויי־דריי ווערטער אינפאָרמירט: — די 87־סטע שיסער־דיוויזיע איז די טעג אָנגעקומען אויפן פראָנט פונעם ווייטן מזרח, צו באַשיצן סטאַ־לינגראַד. דער דיוויזיע־קאָמאַנדיר — פּאָלקאָווניק קאַזאַרצעוו, איינער פון די דיוויזיע־פּאָלקן, דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק — פּאָדפּאָלקאָווניק ד'אַסאַמידזע איז אויף די פּאָזיציעס, אין אַקטיווער שוץ. דער פּאָלק האָט איצט באַקומען אַ נייע שלאַכט־אויפגאַבע. זעצט זיך צו, רוט זיך אַ ביסל אָפּ, בייסט איבער.

אויפן טיש איז געלעגן אַן אָפענע קעסטל מיט קאָנסערוון און אַן אויפ־געשניטענער ברויט. איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען ביים טיש און געהערט דעם שעף פון פּאָליט־אָפּטייל:

— דער דיוויזיע־שטאַב שיקט באַלד צוהילף דיאַסאַמידזעס פּאָלק, אַן אָפּעראַטיווע גרופּע אָפיצירן, שליסן מיר אויך איין אין דער גרופּע צוויי פאָרשטייער פון פּאָליט־אָפּטייל. וועט איר, אַלס פּראָנטאָוויק, מיין איך, און אונדזער נייער אינסטרוקטאָר, זיין איינער פון זיי. איר וועט זיך געפינען צווישן טייערע יונגע חברה, ווייט־מזרחניקעס, געוואַגטע, מיליטעריש גוט־אויסגעשולטע, וואָס טרעטן דעם ערשטן מאָל אַריין אין שלאַכט. די מאָראַליש־פּאָליטישע אויפגאַבע איז אייך אין איצטיקן שווערן מאָמענט קלאָר — „קיין טראָט צוריק", „שטיין, באַדאַיי, מקריב זיין זיך".

— גוט, — האָב איך געזאָגט. — איך בין געווען זאָט. כ'האָב אינדער־פרי געהאַט באַקומען אין סטאַלינגראַד מיין אָפיצערישן פּאַיאָק און אין וועג אין די לאַסט־אויטאָס געהאַלטן אין איין קייען און אונטערדרימלען מיטן ביסן אין מויל. און דאָס רעשט האָב איך צעוואָרפן פאַר די פייגעלעך. מיין „סידאָר"(מיליטערישער זעקל מיט מיינע פערזענלעכע זאַכן) איז מיט צוויי חדשים צוריק געבליבן ליגן אויפן שטאַב־פורל פונעם 809טן שיסער־פּאָלק,

בײַם טײַך דאָניעץ, נעבן באַלאַקלײע. איך האָב בלויז אָנגערירט מײַנע נישט־ראַזירטע באַקן און לאַגינאָוו האָט באַמערקט מײַן האַנט־באַוועגונג און גע־וואָלט מיר עפּעס זאָגן בנוגע דעם, נאָר עס האָט זיך דערהערט אַ פֿײַף פֿון אויטאָ. דאָס איז צום פּאָליט־אָפּטייל צוגעפֿאָרן די מאַשין, מיטצונעמען די 2 פֿאַרשטייער פֿון פּאָליט־אָפּטייל אין באַשטאַנד פֿון דער אַפּעראַטיווער גרופּע.

— איר דאַרפֿט פֿאָרן, — האָט מיר אַ זאָג געטאָן לאַגינאָוו. — אין דעם מאָמענט איז צו מיר צו אַ שמייכלענדיקער, איינער פֿון פּאָליט־אָפּטייל: — איך פֿאָר מיט אײַך, איך בין אינסטרוקטאָר פֿון פּאָליט־אָפּטייל לויט קאָמיו־גישער אַרבעט, ניעשקאָ.

בײַם אַרײַנקריכן אין דער גרויסער אויטאָ, (אַ מין פֿאַרמאַכטע לאַסט־מאַשין), האָט מיר עמעץ אַרײַנגערוקט אין דער האַנט אַ לײַכטע רויט־אַרמײיִשע פּופּײַקע — אַ לײַבל.

# אויפֿן קאָמאַנד־פּונקט

צום קאָמאַנדיר־פּונקט פֿון דיאַסאַמידזעס פּאָלק זײַנען מיר געפֿאָרן אַ מינוט 15 — 20 דורך נידעריקע שמאָלע באַלקעס. מיט יעדער רגע זײַנען אַלץ נענטער געפֿאַלן אויף דער ערד מיט אַ דונער־געהילך און געבראַזג, אַרומ־געגנומען מיט זײַלן פֿײַער, דײַטשישע מינעס. און איינע האָט זיך מיט אַ גרויזאַמען קוויטש דורכגעטראָגן נידעריק איבער אונדזער מאַשין און גע־פּלאַצט גאָר נישט ווײַט פֿאָרויס. ס'האָבן אַרום אונדז אַדורכגעפּײַפֿט שפּלי־טערס. מיר האָבן פֿאַרגעזועצט פֿאָרן. אַצינד האָט זיך שוין געהערט דײַטלעך דאָס שטעפּן פֿון אונדזערע דיעכטיאַראָוו קוילן־וואַרפֿערס. אונדזערע סאָלדאַטן פֿירן אַ העפֿטיקן פֿײַער. ס'האָט געפּלאַקערט די שלאַכט. די אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער ספּעציעלער פֿאַרבינדלער־אָפֿיצער פֿון פּאָלק מיט דער דיוויזיע, וואָס איז געזעסן אין דער שאָפֿער־קאַבינע, איז אַרויס פֿון דער מאַשין און געמאַכט סימנים: „ווײַטער טאָר מען נישט פֿאָרן"... מיר זײַנען אַלע אַרויס פֿון מאַשין. צום קאָמאַנד־פּונקט — נאָך אַ זיבעציק טריט. הינטערן בערגל, צווישן ביימלעך־קוסטעס, איז אין אַ שוץ־גראָבן געשטאַנען אַן אָפֿי־ציר, געהאַלטן דאָס טעלעפֿאָן־טרײַבל און אַרײַנגעשריען: „לאַנדיש", „לאַנ־דיש", דו הערסט מיך?

די אָפּעראַטיווע גרופּע איז צוגעקומען צום קאָמאַנד־פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען פֿון דער קעגנאיבערדיקער זײַט איז צוגעפֿאָרן אַ פֿורל מיט שווער־פֿאַרוווּנדעטע און זיך אָפּגעשטעלט אַ דרײַסיק טריט פֿון דעם קאָ־

מאַנד־פּונקט. דרײַ נישט שווער־פֿאַרווּנדעטע זײַנען נאָכגעגאַנגען דעם פּורל, אַרומגעבונדן די קעפּ, די אַקסלען. דורך די בינטן — גרויסע, פֿרישע בלוט־פּליאַמעס. די סאַניטאַרן און צוהילף זיי די סאָלדאַטן און אָפֿיצירן האָבן שנעל אַראָפּגענומען פֿון פּורל די שווער־פֿאַרווּנדעטע און זיי אַוועקגעלייגט אויף די פֿאַנאַנדערגעשפּרייטע אויפֿן גראָז שינעלן. עטוואָס אין אַ זײַט זײַנען געלעגן צוגעדעקט מיט אַ פּלאַשטש־פּאַלאַטקע דערהרגעטע. דאָס האָט מען געקאָנט זען לויט די אַרויסשטאַרטשענדיקע שטיוול פֿון אונטערן ברעזענט. דער פּאָלק־קאָמאַנדיר דיאַסאַמידזע רעדט מיט די לײַכט־פֿאַרווּנדעטע. איינער פֿון זיי אַן עלטערער סערזשאַנט, אַ ווזוואָד־קאָמאַנדיר, זײַן לינקער אַרבל איז אַראָפּגעהאַנגען. די קויל האָט אים פֿאַרטשעפּעט דעם אַקסל. ער האָט מיט צעגליטע אויגן דערציילט:

— אָפּגעשלאָגן, איינע נאָך דער אַנדערער צוויי אַטאַקעס. מיך האָט די קויל געטראָפֿן בײַ דער ערשטער. דער סאַניטאַר האָט מיך איבערגעבונדן און זיי קריכן שוין ווידער, האָבן מיר, ווי געהעריק דערלאַנגט איבער זיי, פֿאַרשלײַדערט מיט גראַנאַטעס. אַ צען־צוועלף פּריצן ליגן געהרגטע אַנטקעגן אונדזער טראַנשיי...

און די אַנדערע צוויי פֿאַרווּנדעטע אַ סערזשאַנט און אַ סאָלדאַט, אָן שינעלן, די גימנאַסטיאָרקעס צעכראַסטעט, פֿאַרכליניענדיק זיך פֿון באַגײַסטערונג און פֿרייד, האָט איינער איבערגעשלאָגן דעם אַנדערן:

— מיר זײַנען אַרויסגעלאָפֿן פֿון טראַנשיי און נאָכגעיאָגט די פּריצן. זיי האָבן געבליצט מיט די פּיאַטעס און געוואָרפֿן די ראַנצן און זעקלעך. — דער סאָלדאַט האָט געהאַלטן אין האַנט אַ טראָפֿיי — אַ דײַטשישן רענצל, דאָקאַזשעט גיך מיט דער געזונטער האַנט (די צווייטע איז פֿאַרווּנדעט, איבערגעבונדן) פֿונעם רענצל צוויי פּליאַשקעס דײַטשישן שנאַפּס: — חבר פּאָדפּאָלקאָווניק! אָט צו דער פּליאַשקע האָבן מיר זיך נישט צוגערירט... נעמט! פֿאַר אײַך אַ מתנה!

דער פּאָדפּאָלקאָווניק טוליעט צו זיך דעם סאָלדאַט און דעם סערזשאַנט:
— מיר וועלן נאָך פֿאַר אַלץ נקמה נעמען!

דער אָפֿיציר אין שוץ־גראָבן בײַם טעלעפֿאָן רעדט אַרײַן אין טרײַבל: „לאַנדיש", „לאַנדיש"! תיכּף שיקט אַרויס די אויטאָ פֿון דער סאַניטאַר־ראָטע... ער גיט איבער פֿאַרשיפֿרירט די צאָל שווער־פֿאַרווּנדעטע. דער פּאָלק־קאָמיסאַר, דער מאַיאָר סודאָרגין האָט זיך אָנגעבויגן צום שווער־פֿאַרווּדעטן ראָטע־קאָמאַנדיר און האָרכט זיך אײַן, קוים־קוים, וואָס יענער ברענגט אַרויס מיט פֿאַרשטיקטן אָטעם די נעמען פֿון די סאָלדאַטן פֿון זײַן ראָטע, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין שלאַכט און ניעשקאָ און איך,ביידע פֿאָרשטייער פֿון דיוויזיע־פּאָליט־אָפּטייל, הערן זיך אויך צו מיט מיטגעפֿיל און אָפּשײַ צום

שווער־פֿאַרווונדעטן ראָטע־קאָמאַנדיר, צו זײַן יעדן שווער־אַרויסגעבראַכטן וואָרט. אין דעם אויגן־בליק האָבן צוויי דײַטשישע האַרמאַט־קוילן אײַנער נאָכן אַנדערן אַ זעץ געטאָן צווישן קאָמאַנד־פּונקט לעם בערגל און דעם אָרט, ווו דער פּורמאַן פֿון דעם באַטאַליאָנעם סאַניטאַר־וואָגן האָט פֿאַרן צוים געפֿירט דאָס פֿערד־און־וואָגן אַוועקצושטעלן אין אַ מער זיכערן אָרט אין אַ טיפֿערער באַלקעלע. אַלע און אויך די לײַכט־פֿאַרווונדעטע מיט וועלכע ס'האָט געערעדט דער פֿאָדפֿאָלקאָווניק דיאַסאַמידזע, זײַנען צוגעפֿאַלן צו דער ערד, שוין נאָך דעם, ווי די זײַלן פֿלאַם און רויך פֿון ביידע אויפֿגעפֿלאַצטע דונערן האָבן זיך אין דער לופֿטן געגומען פֿאַנאַנדערגיין. אַ שפּליטער האָט געטראָפֿן דעם פּורמאַן אין קאָפּ. ער איז אויפֿן אָרט דערהרגעט געוואָרן. און בײַם פֿערד האָט אַ שפּליטער אַרויסגעריסן אויפֿן רוקן אַ שטיק פֿלייש, דאָס פֿערד איז ווי אַ מאַנעקען געבליבן שטיין אין די האַלאָבליעס. די־אַסאַמידזע האָט בייז צעגוואַלדעוועט זיך, באַגלייט זײַנע ווערטער מיט פֿעטע רוסישע „ברכות״: — קאָנצענטרירט זיך נישט! מע האָט זיך פֿאַרשטעקט אין דער טראַנשיי און אין די שוצגראָבנס און דער מאַיאָר דער הויפּט פֿון דער אָפּע־ראַטיווער דיוויזיע־גרופּע לייגט פֿאָר די־אַסאַמידזען תיכּף צו עוואַקוי־רן די שווער־פֿאַרווונדעטע אויף דער אויטאָ פֿון דיוויזיע־שטאַב און די שטאַב־אָפֿיצירן זאָלן זיך צוריקקערן מיט דער מאַשין פֿון דער סאַניטאַרער ראָטע. דיאַסאַמידזע באַדאַנקט דעם שטאַב־מאַיאָר. ניעשקאָ און איך, מיר העלפֿן עוואַקוי־רן די שווער־פֿאַרווונדעטע. מיר האָבן זיי פֿאָרזיכטיק אויף די שינעלן געטראָגן צו דער מאַשין. עס קומט אָן אַ פֿורל פֿון מוזיקאַלן וואָוואָד. אין די שלאַכטן פֿאַרנעמט זיך די דאָזיקע אײנהײַט מיט אַרויספֿירן די געהרגעטע און ברענגען זיי צו קבֿורה.

אָט די אַלע געשעענישן האָבן אפֿשר געדויערט נישט מער פֿון אַ 6 — 7 מינוט. און ניעשקאָ געפֿינט אַ פֿאַסיקן מאָמענט פֿאָרצושטעלן מיך, דעם נײַעם אינסטרוקטאָר פֿון פּאָליט־אָפּטייל פֿון דיוויזיע פֿאַרן פּאָלק־קאָמאַנדיר און פֿאַרן פּאָלק־קאָמיסאַר. איך רוף אָן מײַן ראַנג און פֿאַמיליע. מײַן באַשיידענער מיליטערישן ראַנג — לייטענאַנט, איז דאָ צווישן די הויכע אָפֿיצירן און פּאָליט־טוער אויפֿן קאָמאַנד־פּונקט פֿון פּאָלק געוועזן נישט־אַנזעעוודיק און האָט עפּעס נישט אַנטשפּראָכן מײַן אַמט אַלס אַ פֿאָרשטייער פֿון אַ העכערער אַרמיי־אינסטאַנץ — דיוויזיע־פּאָליט־אָפּטייל און מײַנע צעקרימטע, צעטראָ־טענע שטיוול... איך האָב מיך ווידער נישט ווילנדיק אַ ריר געטאָן בײַ מײַנע נישט־ראַזירטע באַקן... און כאָטש כ'בין שוין העכער אַ יאָר אויף די שלאַכט־פֿעלדער און האָב אַ מעדאַל „פֿאַר געוואַגטקײַט״, האָב איך אָבער כּהרף עין דערפֿילט, אַז איך טאָר דאָ קיין איין איבעריקע רגע נישט מאָזאָליען די אויגן — באַדאַרף זיך רוקן נענטער צום פֿאָדערראַנד, צום סאַמע פֿײַער.

# אויפן פאָדער־ראַנד

און איך ווענד מיך צום פּאָלק־קאָמיסאַר, צום מאַיאָר סודאָרגין און דער־בײַ שטייט דער פּאָדפּאָלקאָווניק דזיאַסאַמידזע:

— איך וואָלט זייער געוואָלט, מיט אײַער דערלויבעניש צו זײַן אין צווייטן באַטאַליאָן, אין דער פּערטער ראָטע, דאַכט זיך, וואָס האָט איצט אָפּ־געשלאָגן די צוויי אַטאַקעס פונעם פּײַנט. אויף מיר האָט געמאַכט אַ שטאַרקער רושם די באַגײַסטערונג פון די פאַרוווּנדעטע, זייער פרייד, צו שלאָגן די באַ־רימערישע פּריצן, און צווינגען זיי צו מאַכן פּלייטע. —

סודאָרגין האָט מיך אויסגעהערט: — גוט, די סאַניטאַרן קערן זיך צוריק אין באַטאַליאָן, וועט איר מיט זיי מיטגיין. אגב, וועל איך טאַקע אָנקלינגען אין צווייטן באַטאַליאָן צום פּאַרטרעטער פון דעם באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר לויטן פּאָליט־טייל, ער זאָל מיט אײַך מיטגעבן די „דאָניעסיעניע״ (רוסיש — באַ־ריכט סך־הכל) פון די שלאַכטן פאַרן טאָג.

ניעשקאָ איז געבליבן אויפן קאָמאַנד־פּונקט.ער איז — האָב איך באַ־מערקט, — מיט סודאָרגין אַ נאָענטער מענטש, ווײַזט אויס,עטלעכע גוטע יאָר ווי מען דינט צוזאַמען אין דער ווײַט־מזרחדיקער 87טער דיוויזיע.

צום פּאָדער־ראַנד, פּאַרויס די צוויי סאַניטאַרן און איך נאָך זיי, האָבן מיר זיך שוין באַוועגט האַלב־אײַנגעבויגן און ערטערווײַז צוגעפּויזעט. און בײַם אַריבערגיין אַן אין גאַנצן אָפענעם פּלאַץ צווישן פעלד און אַ דערבייַיקן וועלדל — עס האָט זיך שוין געטונקלט, — זײַנען די סאַניטאַרן שטיל געבליבן ליגן נישט גערירט, וואַרטנדיק אויף עפּעס... דער סאַניטאַר, וואָס ליגט לעבן מיר, קלערט מיר אויף: די פּריצן באַשיסן פון קוילנוואַרפערס לענגאויס דעם וואַלד־וועג, זיי ווייסן, אַז מיר מוזן אים אַריבערגיין, סײַ בײַם צוקומען צו אונדזערע פּאָזיציעס, און סײַ ווען מיר דאַרפן גיין צו אונדזערע טילן *. — און טאַקע ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי אַ סעריע אויפרײַס־קוילן האָבן זיך זיג־זאַג־אַרטיק, ווי בליץ־פּײַערלעך אַ שאָט געטאָן איבערן אָפענעם אָרט. מיר האָבן די קעפּ שטײַפער צוגעדריקט צו דער ערד. אין אַ קליינער ווײַלע אַרום דזינקעט דורך פאַרבײַ אונדז אַ צווייטע סעריע קוילן.

איך האָב אַ פרעג געטאָן דעם סאַניטאַר: וויפל שוין, ווי אײַער באַ־טאַליאָן האָט זיך דאָ געשטעלט אויף די שוץ־פּאָזיציעס?

— דעם אַנדערן מעת־לעת.

---

* טילן — רוסיש: ווירטשאַפטלעכע און אינטענדאַנט און אַמוניציע־אײנהײַטן.

און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, ווי שנעל עס דאָביוועט זיך דערפאַרונג־סמיעקאַלקע אויפן שלאַכט־פעלד בײַ גוט־אויסגעשולטע סאָלדאַטן... אַ פּאַוזע. די דײַטשישע קוילנוואַרפער שווײַגן...

— אַצינד, — זאָגט צו מיר דער סאַניטאַר, — זיי האָבן שוין זייערס אָפּגעטאָן און מיר טאָרן נישט מאַרודיען און אָנגעבויגן דורכלויפן דעם פּלאַץ... און טשיקאַווע, ווען איך בין אַרײַן אין דער פאָדער־טראַנשיי, פּנים־אל־פּנים מיטן שונא, האָב איך מיך דערפילט שטאַנדהאַפטיקער, די ריזיקע האָט מיך געמוטיקט, ווי איך וואָלט געעזן דעם טײַוול פאַר די אויגן... צום באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר האָט מיך באַגלייט איינער פון די צוויי סאַניטאַרן. בײַ אַ טראַנשיי־ווינקל — אַן אויסגעברייטערטער אָקאָפּ, דער קאָמאַנדיר־פּונקט פון באַטאַליאָן, צוגעדעקט מיט ברעטלעך און צווײַגן. נאָך אין וועג האָט מיר דער סאַניטאַר אָנגערופן די פאַמיליע פון באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר — קאַפּיטאַן פּיאָדאָראָוו. אין דער צייט, ווען דער סאַניטאַר מיט מיר זײַנען צו צום ווינקל־אָקאָפּ, האָט קאַפּיטאַן פּיאָדאָראָוו האַלב־ליגנדיק אויף דער ערד, געשמועסט מיטן ייִנגערן לייטענאַנט, וועמען פּיאָדאָראָוו האָט אָנגעטרויט צו פאַרטרעטן דעם ראָטע־קאָמאַנדיר, וואָס איז דאָ ערשט נישט לאַנג אין דער לעצטער אַטאַקע שווער — פאַרוווּנדעט געוואָרן, — ער האָט אין אים אַרײַנגעטענהט:

— פאַרלאָז איך זיך אַצינד, גרישטשוק, אויף דיר — פאַרגעס זשע נישט אַז אויפן ברוסטווער זאָל פאַר יעדן סאָלדאַט ליגן אָנגעגרייט צוויי קעגן־טאַנקן־גראַנאַטעס און צען געוויינלעכע גראַנאַטעס און אין די נישעס — צו פינף צינד־פלעשער און קאָנטראָליר אַליין דורך, צי די קאַפּסולן זײַנען אַרײַנגעשטעלט אין יעדער גראַנאַטע. קוק מיט טויזנט אויגן און זע, אַז פון די קוילנוואַרפערס זאָל מען אַלע פינף מינוט, אָבער נישט מיט רעגלמעסיקע אינטערוואַלן, נאָר אומדערוואַרט, פריער — שפעטער, דערלאַנגען אַ סעריע טראַסירנדיקע און פון די אויטאָמאַטן איינצל־שאָסן. לויט דער ריי, ווי מען שטייט אין טראַנשיי, עס זאָל זיך באַקומען אַן אומאויפהערלעכער פײַער לויטן פראָנט. געדענק זשע, גרישטשוק, דײַן באַצירק איז דער צענטראַלער, ווי אַ בלינדע קו שפאַרט זיך דער פריץ צווישן דײַן ראָטע און דער פינפטער. פאַרשטאַנען ?... דערזען דעם סאַניטאַר און מיך אין דער אָקאָפּ־עפענונג, האָט דער קאָמבאַט באַפוילן: פאַרשטעלט מיר נישט די וועלט! פויזעט אַרײַן אין אָקאָפּ! ווען גרישטשוק איז אַרויסגעקראָכן פון בלינדאַזש, האָבן מיר צוגעפויזעט. דער סאַניטאַר האָט ליגנדיק ראַפּאָרטירט וועגן דעם, וואָס האָט פּאַסירט אויפן קאָמאַנד־פּונקט פון פּאָלק: — דער פורמאַן פון סאַניטאַרן ווזוואָד — דערהרגעט, דאָס פערד — פאַרוווּנדעט, אויף דער אָנגעקומענער אויטאָ פון דיוויזיע־שטאַב האָט מען עוואַקוירט אַלע פאַרוווּנדעטע. דער מוזיקאַלער ווזוואָד האָט צוגענומען די געהרגעטע.

— און ווען באַהאַלטסטו דאָרט הינטער זיך ? — פֿרעגט אים דער קאָמבאַט.

— דאָס בין איך, חבר קאַפּיטאַן, דער נײַער אינסטרוקטאָר פֿון דיוויזיע פּאַליט־אָפּטייל. לייטענאַנט מאַלטינסקי. נעכטן האָט מיך אויף דעם אַמט באַשטימט די פּאָליט־פֿאַרוואַלטונג פֿון סטאַלינגראַדער פֿראָנט.

—און גלײַך אויפֿן פֿאָדערראַנד ? — און ער גיט אַ ריר באַם אַקסל זײַן פּאַרטרעטער לויט דער פּאָליטישער טייל, וועלכער איז געלעגן נעבן אים צוגעדעקט מיט אַ פּופֿײַקע, — „יעריאָמושקין, נעם אויף אַ גאַסט לויט דײַן ליניע, אַ „פּראָוויערשטשיק (אַ קאָנטראָלאָר)". — יעריאָמושקין האָט זיך אויפֿגעזעצט, באַטראַכט מיך און מיר אויסגעשטרעקט זײַן האַנט.

— איין רגעלע... — האָט פּיאָדאָראָוו באַפֿוילן דעם סאַניטאַר: — גיב איבער אין ווירטשאַפֿטלעכן וזוואַד דעם אַמוניציע־סטאַרשינאַ, אַז ווי באַלד עס וועט פֿינצטער ווערן — צוויי קאָמפּלעקטן קוילן, גראַנאַטן, צינד־פֿלעשער. דעם פֿאַרוווּנדעטן פֿערד אָפּפֿירן אין טיל.

און ווען דער סאַניטאַר איז פֿאַרשווּנדן אויסצופֿילן די באַפֿעלן, האָב איך געזאָגט דעם קאָמבאַט און זײַן פּאַרטרעטער : איך בין נישט קיין פּראָווערשטשיק, נאָך דעם, ווי כ'האָב אויפֿן קאָמאַנד־פּונקט פֿון פּאָלק געהערט, ווי די פֿאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן פֿון אײַער באַטאַליאָן האָבן דערציילט דעם פּאָלק־קאָמאַנדיר, ווי אַזוי זיי האָבן מיט דערפֿאָלג אָפּגעשלאָגן די צוויי אַטאַקעס און די פֿריצן זײַנען געלאָפֿן, „בלישטשענדיק מיט די פּיאַטעס" און געוואָרפֿן זייערע רענצלעך, האָט זיך מיר אַליין געוואָלט זײַן אין אײַערע ראָטעס און דריקן הייס די הענט פֿון די קעמפֿער ווײַט־מזרחניקעס, סיביריאַקעס.

שלאָגט מיך איבער פּיאָדאָראָוו : — מאַלטינסקי, זאָגט איר, איז אײַער פֿאַמיליע־נאָמען ? — און דער ערשטער נאָמען ? — ווי הייסט איר ? —

— חיים, חיים הייס איך.

— אין די דאָקומענטן אויך אַזוי ?

— אין אַלע. אויך אין דער צײַגעניש פֿון מײַן מעדאַל „פֿאַר געוואַגטקייט," חיים איזראַיליעוויטש.

— ווען באַלוינט געווען ?

— אין נאָוועמבער 1941.

— אַ בוכהאַלטער, אַ לערער ?

— אַ ייִדישער פּאָעט, — זאָג איך.

— אַ פּאָעט ?! אַ ייִדישער ?!

— יאָ, אַ מיטגליד פֿון אַלפֿאַרבאַנדישן שרײַבער־פֿאַריין. מיטן שרײַבער־בילעט, געחתמעט פֿון אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש גאָרקי. — און איך נעם אַרויס פֿון דער אויבער־קעשענקע פֿון מײַן גימנאַסטיאָרקע דעם קליינינקן ברוינעם

שיינעם שרייַבער־בילעט. דער קאָמבאַט און זייַן פּאַרטרעטער יעריאָמושקין באַטראַכטן בייַ דעם זיך רויכערנדיקן, אין אייל אייַנגעטונקטן קנויט־פּלעמל (וואָס שטעקט אַרויס פון אַ היפּשער לאַנגער האַרמאַטן־קויל־גילזע) מייַן שרייַבערישן בילעט, קוקן אויף דער פאָטאָ און אויף מיר און שטרעקן מיר אים אויס צוריק.

— ווען זשע, האָט איר, חיים איזראַיליעוויטש, געגעסן ? — פרעגט מיך פּיאָדאָראָוו.

— אין דער פרי, — זאָג איך, — האָב איך נאָך אין סטאַלינגראַד באַקומען מייַן אָפּיצירן־פּאַיאָק. און אין וועג, פאָרנדיק צום דיוויזיע־שטאַב, איבערגעכאַפּט.

— סאַשאַ, — האָט פּיאָדאָראָוו אַ טשוכע געטאָן זייַן אָרדינאַרעץ, עפן פאַרן נייַעם דיוויזיע־אינסטרוקטאָר אַ קאָנסערוון־באַנקע, פון די אַמעריקאַנער וורשטלעך, דערלאַנג אַ לעפל און גיס אים אָן פון דער טראָפּיינע פליאַשקע די פולע וואָראָשילאָווסקע מאָס, בעז דוראַקאָוו *.

איך בין טאַקע געווען גוט הונגעריק און ווען איך האָב אויסגעטרונקען דאָס גלעזל דייַטשישן שנאַפּס, האָט זיך געשמאַק געגעסן.

— שעמט זיך נישט, — האָט מיך געמינטערט דער קאָמבאַט, — איר האָט כשר פאַרדינט, רייַבט אַרייַן ! באַלד דאַרף אָנקומען די באַטאַליאָן־קיך, וועט איר פאַרזוכן אונדזער בריזיקן ווייַטמזרחדיקן באָרשטש. —

די באַטאַליאָן־קיך האָב איך זיך נישט דערוואַרט : אַ האַרמאַטן־קויל האָט געטראָפן אין דער קיך־פור אויף די צוויי הויכע רעדער. דאָס קעסל מיט שפּייַז האָט זיך איבערגעקערט און מיט דער סטאַלינגראַדער ערד זיך אויסגעמישט.

איך בין מיט פּיאָדאָראָווס פאַרטרעטער יעריאָמושקין אַוועק אין די טראַנשייען צו די שלאַכטלייַט. אין דער פינצטער, וווּ נאָר עס איז געווען אַ מעגלעכקייַט, אויף אַ רגע צו פאַרהאַלטן זיך, נישט שטערנדיק דער שלאַכט־עבודה, האָט מיך יעריאָמושקין פאָרגעשטעלט פאַר די סאָלדאַטן און סערזשאַנטן : — דער נייַער אינסטרוקטאָר פון אונדזער דיוויזיע פּאָליט־אָפּטייל. — און איך האָב יעדן פון זיי שטאַרק געדריקט די האַנט און שטיל, אויף וויפל דאָס איז אויפן פּאָדערראַנד דערלויבט געווען, איבערגעחזרט:מ׳ ווייסט שוין אין דיי־וויזיע וועגן אייַערע הייַנטיקע שלאַכטן. אַ גוטן אָנהויב געמאַכט ! געשלאָגן די פריצן, אַז עס האָבן בייַ זיי פונקען געשפּריצט פון די אויגן ! דערלאַנגט זיי מיט אייַער יונגן שרעקלאָזן, ווייַט־מזרחדיקן פויסט. אַ שטאָלץ צו זייַן אַ סאָלדאַט פון דער זיבן־און אַכציקסטער !

* בעז דוראַקאָוו — רוסיש, געמיינט אַן אָפּנאַרערייַ.

דעם קאָמבאַט פּיאָדאָראָווס באַפעלן, האָב איך זיך געקאָנט איבערצייַגן, ווערן אין טראַנשיי פלייַסיק אויסגעפילט, —די קוילנוואָרפערס און די אויטאָמאַטן שווייַגן נישט, אַז סעריִעסווייַז, אַ איינצל־שאָסן גייען אויפן שונא. די פונקען־בליצן פון דעם געווער באַלויכטן אונדז דעם וועג. מיר שפּאַנען באַנאַנד מיט יעריאָמושקינען פון ווזוואָד צו ווזוואָד. אויסגעוועזן אין אַלע דרייַ ראָטעס פונעם צווייטן באַטאַליאָן, אין דער פערטער, פינפטער און זעקסטער. גערעדט, געמוטיקט די זעלנער, גערופן זיי אייַנצוהאָרכן זיך אין דער פּאַרדעכטיקטער נאַכט־שטילקייַט, גרייט זייַן ווידער אין אָפּענעם, אומבאַרחמנות־דיקן שלאַכט צו שלאָגן דעם פריץ, אָפּצורייניקן די היטלער־פעסט פון דער אייגענער ערד.

אַזייגער צוויי בייַנאַכט, ווען מיר האָבן זיך שוין מיט יעריאָמושקינען צוריקגעקערט צו פּיאָדאָראָוון, האָט פון דעם פּאָלקס־קאָמאַנד־פּונקט אָנגעקלונגען דער פּאָלק־קאָמיסאַר סודאָרגין:

— וואָס מאַכט דאָרט דער נייַער דיוויזיע־אינסטרוקטאָר? די אָפּעראַטיווע גרופּע קלייַבט זיך שוין אין דיוויזיע־שטאַב, דאַרף ער זיך צוריקקערן אין פּאָליט־אָפּטייל.

דער קאָמבאַט האָט מיטגעשיקט מיך צו באַגלייטן ביזן קאָמאַנד־פּונקט זייַן אָרדינאַרעץ סאַשאַ. פּיאָדאָראָוו איז מיט מיר אַרויס פון אָקאָפּ עטלעכע שפּאַן געמאַכט אין דער טראַנשיי און פרעגט מיך, וואָס פאַר אַ פערזענלעך געווער איך טראָג אין מייַן קאָבורע?

— אַ נאַגאַן מיט זיבן קוילן, — ענטפער איך.

— איך האָב מיר טאַקע אַזוי פאָרגעשטעלט, — האָט מיט ברידערלעכער וואַרעמקייַט אַ זאָג געטאָן פּיאָדאָראָוו און פון זייַן קעשענע אַרויסגענומען אַ נייַינקן טראָפּיינעם דייַטשישן „טע־טע“ (פּיסטאָלעט) מיט צוויי צוגאָב־אָבוימעס (לאָדונגען): — דערלאַנג מיר דייַן נאַגאַן. — איך האָב פון דער קאָבורע אַרויסגענומען דעם אַלטמאָדישן געווער פון דער בירגער־קריג־צייַט און אָפּגעגעבן פּיאָדאָראָוון און אַרייַנגעשטעלט דעם „טע־טע“ מיט די צוגאָב־אָבוימעס אין מייַן קאָבורע.

די דייַטשן האָבן נאָך האַלבער נאַכט אָנגעהויבן אַרויסצושיסן אין אונדזער ריכטונג סעריעס פייַערווערק־ראַקעטן מיט לעמפּעלעך אויף פּאַראַשוטלעך, וואָס פלעגן עטלעכע מינוטן בלייַבן הענגען אין דער לופטן, באַלויכטן אונדזערע פּאָזיציעס און לאַנגזאַם אַראָפּנידערן צו דער ערד און ווידער פלעגט ווערן פינצטער־חושך, שטיל, שטיל... ווער ווייסט, וואָס די פּאַרטייַעטקייט וועט מיט זיך ברענגען אין אַ פּאָר שעה אַרום, ווען עס וועלן נעמען באַווייַזן זיך די ערשטע סימנים פון בלייכלעכער ראָזלעכער טאָג־ליכט. דער קאַפּיטאַן פּיאָדאָראָוו האָט מיך צוגעפירט צו אַ טראַנשיי־ווינקל און

אַ זאָג געטאָן צו זײַן אָרדינאַרעץ: — וואַרט צו אַ רגעלע, סאַשע, — און מיט אַ שטילן שעפּטשע זיך געווענדט צו מיר: „מײַן פֿאָטער ניקאָלאַי פּיאַ־דאַראָוו פֿלעגט באַליידיקן זײַן פֿרוי. איך בין זייער זון. — ער האָט זיך צוגעזעצט אויף די שפּיץ־פֿינגער אויף דער ערד צווישן די טראַנשײ־ווענט־לעך, אַרויסגענומען עפּעס פֿון בוזעם־קעשענע פֿון זײַן אָפֿיצירישן רעקל און בײַ דער שײַן פֿון זײַן קעשענע־לאָמטערנדל באַוויזן מיר אַ קליינע פֿאָטאָ: — דאָס איז מײַן מאַמע, רעוועקאַ איזראַיִליעוונאַ. מיט זעקס יאָר צוריק איז זי זיך מיט מײַן פֿאָטער פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, נישט אויסגעהאַלטן זײַן ברוטאַלקייט. זי לעבט אַצינד אין קויבישאָוו צוזאַמען מיט מײַן על־טערער שוועסטער... פּיאָדאַראָוו האָט מיך אַרומגענומען: „זײַ געזונט, חיים איזראַיִלעוויטש! ניע פּאָמינײַ ליכאָם — געדענק מיך נישט צום שלעכטן"...

ווען איך האָב מיך צוריקגעקערט אין פּאָליט־אָפּטייל פֿון דיוויזיע, האָב איך אויף מאָרגן צו האַלבן טאָג שוין געוווּסט — דער צווייטער באַטאַליאָן פֿון דיאַסאַמידזעס פּאָלק האָט בײַ שאַריִען אין אַ שווערן שלאַכט אָפּגעשלאָגן אַ מאַסיווע טאַנקען־אַטאַקע. די סאָלדאַטן פֿון פּיאָדאַראָווס באַטאַליאָן האָבן מיט צינד־פֿלעשער באַגעגנט די דײַטשישע „פֿערדינאַנדן", פֿיר פֿון די טאַנקען זײַנען אַרומגעכאַפּט מיט פֿײַער פֿאַרגליווערט געוואָרן, ווי צעסמאַ־ליעטע פּגרים־שאָטנס פֿאַר דער טראַנשײ. דער באַטאַליאָן האָט געהאַט גרויסע פֿאַרלוסטן. דער קאָמבאַט פּיאָדאַראָוו און זײַן פּאַרטרעטער יעריאַ־מושקין זײַנען אין דעם שלאַכט אומגעקומען. דאָס איז געווען דער ערשטער מעת־לעס פֿון מײַן זײַן פּאָליט־אינסטרוקטאָר פֿון דער 87טער שיסער־דיוויזיע.



אין יענע גורל־באַשליסנדיקע טעג, ווען דאָס אָפּגעבן סטאַלינגראַד דעם שונא וואָלט באַטײַט אַ טויט־קלאַפּ פֿאַר דער גאַנצער סאָוועטישער אַרמיי, האָט דאָ די ספּעציפֿישקייט פֿון מײַן באַקומענעם דינסט־אַמט — עלטערער אינסטרוקטאָר פֿון צעלייגן, מאָראַליש דעם שונאס חיל, אויסגעזען לעכערלעך, ווי חוזק... ווײַל מאָראַליש נידערגעשלאָגן, אויפֿן ראַנד פֿון פֿולשטענדיקער מפּלה, איז געווען די סאָוועטישע אַרמיי. און אין אַזאַ מאָמענט צו אַפּעלירן צום שונא מיט פֿלוגבלעטלעך, רופֿאָרן און הילכער: „גיט זיך אונטער! גייט אַריבער אויף אונדזער זײַט, וועט אײַך געשאָנקען ווערן דאָס לעבן!", איז דאָך נישט שײַך. בין איך דאָן באַגלײַך מיט אַנדערע אינסטרוקטאָרן פֿון פּאָליט־אָפּטייל, טאָג און נאַכט געווען אויף די פֿאָדער־פּאָזיציעס, אין די ראָטעס און באַטאַליאָנען, צוהילף קומען דאָס אויספֿילן די איין־און־איינציקע שלאַכט־אויפֿגאַבע — נישט שאַנעווען דאָס אייגענע

לעבן — קיין טראָט צוריק! ווײַל ווײַטער איז דאָך שוין נישט געווען, וווּהין אָפּצוטרעטן...

און בלויז אין משך פון עטוואָס מער פון אַ וואָך, איז די פרישע ווײַט־מזרחדיקע 87סטע דיוויזיע, וואָס האָט זיך זעלבסט־אָפּפערדיק העלדיש געשלאָגן מיטן גרויזאַמען שונא, פאַרלירנדיק טויזנטער שלאַכטלײַט פון איר באַשטאַנד, אַנטבלוטיקט געווען, קראַפטלאָז. דערצו דאַרף נאָך באַמערקט ווערן, אַז איינער פון די דיוויזיע־פּאָלקן איז גלײַך בײַם אָנקומען פון ווײַטן וועג אין ריַיאָן פון סטאַלינגראַד, בײַם אַרויסזעצן זיך פון עשעלאָן אויף דער סטאַנציע קאָטלובאַן, באַמבאַרדירט געוואָרן דורך דער היטלער־אַוויאַציע און איז פּאַקטיש געווען צעקלאַפּט, נאָך איידער דעם אַרײַנטרעטן אין שלאַכט. אַזוי, אַז אין די ערשטע סעפּטעמבער־טעג פונעם 1942 יאָר איז די 87סטע דיוויזיע אַרויסגעפירט געוואָרן הינטער וואָלגע אין דעם ריַיאָן פון קאַמישין. קומען צו זיך, איבערבאַוואָפּענען, און זיך גרינטלעך צו פּאַרפּולקאָמען. אין די פּאָר טעג, ווען די רעשטן פון דיוויזיע האָבן זיך אונטערן שונאס פײַער אויף פּאָנטאָן־בריקן אַריבערגעפּעקלט איבער דער ברייטער וואָלגע, האָט דער פּאָליט־אָפּטייל פון דער 62סטער סטאַלינגראַדער אַרמיי (אין איר באַשטאַנד איז געווען אײַנגעשלאָסן אונדזער דיוויזיע) פּאַראָרדנט דעם דיוויזיע פּאָליט־אָפּטייל צורעקאָמענדירן, דאָס הייסט, איבערצולאָזן צײַטווײַליק אין זײַן רשות אַ פּאָליט־טוער. האָט מען, פאַרשטייט זיך, איבערגעלאָזט מיך, דעם „נײַיִנקן"... בין איך זוכה געווען צו זײַן דער עדות פון די שווערסטע מוראדיקסטע טעג פון די סטאַלינגראַדער קאַמפּן. מײַן אַרבעט אין פּאָליט־אָפּטייל פון דער 62סטער סטאַלינגראַדער אַרמיי איז געווען זייער אַ באַשיידענע: איך בין אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג, געווען, געדענק איך שוין נישט וויפל, געווען דער אָפּעראַטיווער דעזשורנער פון פּאָליט־אָפּטייל פון אַרמיי, אין אַ וועלדל, בײַם מזרח־ברעג פון דער וואָלגע. דאָס טישל מיטן טעלעפאָן איז געשטאַנען צווישן דיביימער — און דאָס איז געווען דער פּאָליט־אָפּטייל. און איך האָב קיין טראָט נישט געטאָרט אָפּגיין פונעם טישל. די געדריקטע שטימונג, די שוואַכע האָפענונג אויף עפּעס גוטס, האָט ווי אַן אײַזערנער רונג אַרומגעכאַפּט מײַן נשמה... אין דמיון האָבן זיך פאַר מײַן בליק געוואָקלט די אומזיכטבאַרע שאָלן פון טויט און רויט — פון לעבן און אומקום פון לאַנד — טאָטאַלער זיג פון היטלעריזם. און דאָס שרעקלעכסטע, וואָס אַלע אָפּעראַטיווע געשעענישן זײַנען שוין געגאַנגען אָן אַ זײַט פונעם פּאָליט־אָפּטייל־טעלעפאָן... איז אַזוי טיף פאַרבליבן אין מײַן זכרון דער אויגנבליק — עס האָט זיך פּלוצעם צווישן די בוימער, נישט ווײַט פון טישל, באַוויזן דער קאָמאַנדאַרם, דער גענעראַל פון דער 62סטער סטאַלינגראַדער אַרמיי טשויקאָוו און דערזעענדיק אים, האָב איך לויטן מי־

ליטערישן סטאַטוס ראַפּאָרטירט. אין די עטלעכע געציילטע הילכיקע ווער־טער, וועלכע האָבן זיך דאָן ביי מיר אַרויסגעריסן, איז געווען דער גרויסער, ענדלאָזער צער און בלוטיקער ווייטיק פאַרן געשעענעם, צו געפינען אין זײַנע אויגן אַ טרייסט, אַ פּיצל האָפענונג... דער קאָמאַנדאַרם, דער שפּעטער־דיקער מאַרשאַל טשויקאָוו, האָט אַ רגעלע פאַרהאַלטן זײַנע טריט, אויף מיר אַ בליק געטאָן... גאָרנישט נישט געזאָגט און אַוועק צווישן די בוימער... איך בין געבליבן שטיין בײַם טישל מיטן טעלעפאָן מיט מײַן פאַרקלעמטן ווײ־געשריי...



... איך בין געווען אַזוי פאַרזונקען אין מײַנע דערינערונגס־דמיונות, אַז איך האָב גאָרנישט באַמערקט — עס שלאָגט מיך די ברענענדיקע זון גלײַך אין פּנים אַרײַן. איך האָב מיך אומגעקוקט — פונעם שאָטן איבערן באַנק איז שוין קיין סימן נישט געווען. ער איז שוין העט־העט אין דער אַנדערער זײַט אַלייע. איך האָב מיך אויפגעשטעלט, די פערטע שעה שוין, וווּהין גייט מען אין דער גרויסער רוסישער וועלט־שטאָט וואָלגאָגראַד ? — האָט מיר פּלוצעם אַ זעץ געטאָן אין די שלייפן מײַן ריזיקע עוג מלך־הבשן׳דיקע איינזאַמקייט. וואָלט איך כאָטש אַן איינאונאיינציקן לעבעדיקן ייִדישן אַדרעס געהאַט. — אויסער די ייִדישע נעמען און פאַמיליעס, די מיט גאָלד אויסגעקריצטע אויף דער הויכער ברייטער וואַנט פונעם וואָלגאָגראַדער דענקמאָל־אַנסאַמבל, האָב איך דאָ קיינעם נישט...

איך בין אַרויס פון דער העלדן־אַלייע און געלאָזט זיך גיין איבער איינע פון די שטאָטישע גאַסן. די היץ איז אַזוי גרויס, אַז דער אַספאַלט אונטער די טריט איז ווייך ווי טייג. עס נאָגט מיר אונטערן לעפעלע... איך וויל, ווײַזט אויס, עסן. ס׳איז שוין נאָכמיטאָג־צײַט. איך וואָלט מיך אַצינד ממש דערקוויקט מיט אַן „אָקראָשקע״ — אַ קאַלט זויערן קוואַס־זופּ, אָנ־געבראָקט מיט שטיקלעך טיי־ווורשט, פענעצלעך פון אַ האַרטער איי, אור־גערקעס און קאַרטאָפל. איך קום אַרײַן אין איין גאָרקיך, אַ צווייטער — אומעטום געפּאַקט — לאַנגע רייען צו דער קאַסע. סטודענטן, גרופּן קינדער, עקסקורסאַנטן, טוריסטן פון די דעמאָקראַטישע לענדער. אין מעניו, אויפ־געהאַנגען בײַ דער קאַסע פיגורירט נישט קיין „אָקראָשקע״, בלויז סטאַנדאַרטע קאָמפּלעקס־מיטאָגן — אַ באָרשט מיט אַ פּאָר אַרומשווימענדיקע שטיקלעך חזיר־פעטס, דאָס צווייטע געריכט — אַ טרוקענע „לאָקשן־באַבקע״, פאַר־פוצט מיט עטלעכע ראָזשינקעס און אַ קאָמפּאָט אין אַ טיי־גלאָז — אַ מוטנע פליסיקייט מיט ריפּטלעך צעקראָכענע באַרן פון „סוכאָפּרוקטן״ (פּאַרטריי־קנטע פרוכט) און, ווידער — עטלעכע גרויסע ראָזשינקעס.

אין די אָוונטן פלעג איך אין האָטעל־בופעט קויפן היפש האָניק־קאָרזשיקלעך, האַרטע, ווי שטיינדלעך, און ווייקן זיי אין זודיקן טײ, אויס־טרינקען איין גלאָז און נאָך אַ גלאָז און באַגיסן זיך מיט אַלע מײַנע זיבן שווייסן. עס זײַנען נאָך אין בופעט געווען אויסגעשטעלט טעלערלעך מיט מאַרינירטע שוואָמען, האָב איך עס מורא געהאַט צו עסן.

מיט אַ פּאָר טעג פאַרן אָפּפאָרן פון דער שטאָט, בין איך נאָך אַ מאָל געווען אין דער וואָלגאָגראַדער אָפּטיילונג פונעם שרײַבער־פאַריין, אָפּגע־מערקט מײַן קאָמאַנדירונג, דעם טאָג, ווען איך פאַרלאָז וואָלגאָגראַד, ס'הייסט, איך בין אָפּגעווען די פולע צוויי וואָכן, אין הסכם מיט מײַן שליחות פון דעם ווײַסרוסישן שרײַבער־פאַריין.

צום באַן האָט מיך מיט מײַן טשעמאָדאַן באַגלייט טאַקע די זעלבע האָטעל־אויפראַמערין וואָס האָט מיך געמוסרט פאַר מײַן אָטוואַזשען זיך אַליין, אין אַזעלכע היצן צו לאָזן זיך אין אַזאַ ווײַטן וועג, אַזש פון ביעלאָ־רוסיע. זי איז מיט מיר מיטגעפאָרן מיטן טראָלייבוס און מיך צוגעפירט צום סאָמע וואַגאָן. איך האָב איר הייס באַדאַנקט און געגעבן געלט, וויל זי נישט נעמען. זאָג איך איר: איך גיב נישט די לעצטע... און ווען איך האָב עפּעס אַ ווערטפולס, וואָלט איך עס אײַך פון גאַנצן האַרץ געשאַנקען. טאָ נעמט, איך בעט אײַך, און קויפט וואָס פאַר די קינדער, אַלס אָנדענק פון אַ זעלנער, אַן אָנטיילנעמער פון די סטאַלינגראַדער שלאַכטן, וואָס איז אין דרײַסיק יאָר אַרום געקומען אָנצוקוקן די לעגענדאַרע שטאָט.

— סאַגלאַסנאַ (מסכים!), — האָט זי אַ שמייכל געטאָן און געדריקט מיר מײַן האַנט.

איך האָב מיך אויף אַ פּאָר טעג אָפּגעשטעלט אין מאָסקווע. מײַן זײַן אין וואָלגאָגראַד, דאָס אַרומקלעטערן און אַרומקריכן אין דער יוליקער חמימה, האָב איך, אַליין אויף זיך נישט באַמערקט, סאַראַ קאָמישן אויסזען איך האָב באַקומען. בעת איך בין אַרויס פונעם צוג אויפן קאַזאַנסקער וואָקזאַל, האָב איך דעם גוי, דעם טרעגער, אויסגעשטרעקט מײַן טשעמאָ־דאַן. האָט ער מיך מיט טשעקאַוועס באַטראַכט:

— הער נאָר, קאַמבאַלאַ!... (מיט אַן אינוואַליד איז מען זיך אין רוס־לאַנד נוהג צו פירן פאַניעבראַצקע) און אויסגעשאָסן מיר גלײַך אין פנים אַרײַן מיט אַ געלעכטער: וואָס פאַר אַ באַלעבאָסטע האָט דאָס דיך אַזוי געראָטן אײַנגעבראָטן, אַז בלויז אַ קוק געבנדיק אויף דיר, גלוסט זיך אַרײַנ־וואַרפן אין זיך אַ גלאָז „סטאָליטשנע". — ענטפער איך אים אָפּ אין זײַן גויִשן נוסח: — די וואָלגאָגראַדער זון איז געווען מײַן כאָזײַקע...

— דאָס פיל איך שוין לויט דער גרינגקייט פון דײַן טשעמאָדאַן, אַז די דאָרטיקע יפהפה האָט פון דיר אַלץ אויסגעפּרעסט. האָסט כאָטש, קאַמבאַלאַ,

פאַ צאַריצינסקי, הנאה געהאַט? — האָט דער גוי נישט אויפגעהערט צו שיטן מיט חכמות, ביז ער האָט מיך מיט מײַן טשעמאָדאַן צוגעפירט צום טאַקסי־אָפּשטעל. האָב איך אים פאַר זײַן ליצנות אַרײַנגעקוועטשט אין דער דלאָניע עטלעכע איבעריקע מטבעות. ער האָט זיי כשר פאַרדינט.

כ׳האָב דעם טאַקסיסט געבעטן, ער זאָל מיך צופירן צום קיראָוואָר פּאָטשט־אַמט. דאָס איז געווען אַקוראַט — אַ פופציק־זעכציק טריט צו דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" און אין פּאָטשטאַמט האָב איך געקאָנט אָנקלינגען צום זון אין מינסק. ווי שטענדיק, בין איך פון דער טעלעפאָן־קאַבינע אַרויס אַ צעפּאַרעטער. מײַנע ברילן־גלעזלעך זײַנען פאַרשוווּמען געוואָרן. איך ווישׁ זיי און קוק אויפן גרויסן פּאָטשטאַמט־זייגער, — ס׳איז נאָך צו פרי אַרײַנצוגיין אין רעדאַקציע. איך קויף אַ צײַטונג און זעץ זיך צו אויף אַ פרײַען אָרט, און הויב אָלע ווײַלע מײַנע אויגן צום זייגער, צי עס דערנעענטערט זיך שוין דער מינוטן־ווײַזער צו האַלב אויף צען, איך זאָל שוין קאָנען דורכמאַכן מײַנע אײַליקע פופציק־זעכציק טריט מיטן טשעמאָדאַן אין דער האַנט צו קיראָוואָר 17...

## די פּוסטע קרעטשמע

אַן אומהיימלעכער אומרו־געפיל פלעגט מיך אַרומכאַפּן, בעת איך פלעג מיך דערנענטערן צו דער רעדאַקציע־טיר, אַ מאָדנע שלאַבעריקײַט. דער זעלבער געפיל, ווען איך פלעג זיך אויף דער טײַשעטער לאַגער־קאָלאָנע נס. 46 אין דער אירקוטסקער טײַגע, דערנענטערן צו איינעם פון די ווינקלען פון דער „בייטראַלער זאָנע", ווו אויפן טורעמל אַנטקעגן מיר שטייט אַן אָנגעפּעלצטער עמגעביסט מיטן אָנגעלאָדענעם אויטאָמאַט...

„סאָוועטיש היימלאַנד" האָט זיך אין מײַן פאַרשטעלונג אַסאָציִירט מיט אַ „פּוסטער קרעטשמע" — אין סאַמע צענטער פון מאָסקווע. אין די געראַמע אַכט חדרים... ווי געוויינטלעך פלעגן אין משך פון טאָג, אויסער די עטלעכע רעדאַקציע־אָנגעשטעלטע, זעלטן ווער אַהין אַרײַנקומען. ווען אין די ערשטע עטלעכע יאָר, וואָס „קיראָוואָר 17" (אַ טרויעריקער סימבאָל פון רעוואָלוציע און בלוטיקער דיקטאַטאָר־רציחה), איז נאָך דעם חורבן פון דער ייִדישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד, געוואָרן דער שפּאָגל־נײַער „רענעסאַנס" פון דער סאָוועטישער ייִדישקײַט, געדענק איך, אַז אויף די האַלב־יאָריקע רעד.־קאָלעגיע־זיצונגען, אויף וועלכע

מ׳פלעגט אויך צומאָל איינלאָדן יִדישע שרײַבער פון דער פּעריפעריִע, פלעגט דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון זשורנאַל נישט פאַרפעלן אונטער־צושטרײַכן, ברייט־אַ פירגעבנדיק אָרום מיט זײַן האַנט אויף דער גרוי־סער ענדערונג... דער סאָלידער רחבות פון די רעדאַקציע־קאַבינעטן, אויף די קאָמפאָרטאַבלע מאָדערנע מעבל, הויכע, ביזן באַלקן שענק און אָנגעגלאָזטע שאַפעס, רײַכן קלאַוויר, טעפּעכער... און מיט אַ אויסגע־קליגלטן, דרך־אגבדיקן, געמיטלעכן שמייכל דערמאָנען: „די נעבעכדיקע קוסטאַרישקײַט פון יענע צײַטן, ווען די יִדישע ליטעראַרישע רעדאַקציעס האָבן זיך אין מאָסקווע, ממש, געשטיקט אין פּיצעלעך פאַרשטויבטע צימערלעך... נישט געווען, ווו אַ קער צו טאָן זיך, שטענדיק, די איינציקע סאָפע מיט די שוין אַרויסטאַרטשענדיקע פּרוזשינעס און סײַ קושניראָוו, און סײַ מאַרקיש, און סײַ בערגעלסאָן, זײַנען געצוווּנגען געווען די רעדאַקציע־אַרבעט איבערצוטראָגן צו זיך אין דער היים...” גלײַך ווי דער מאָסקווער בלוטיקער „צוועלפטער אויגוסט”, וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען... פּונקט, ווי אָט עפנט זיך די טיר און עס קומען אַרײַן איינער נאָכן אַנדערן: לייב קוויטקאָ, איציק פעפער, פּרץ מאַרקיש, יצחק נוסינאָוו, דוד בערגעלסאָן... זיי האָבן היינט אויף דער אויסגעברייטערטער רעד.־קאָלעגיע־זיצונג אַ קאַפּעטשקע פאַרשפּעטיקט... און זעצן זיך אויף די פרײַע שטולן און ווינקען מיט צעפלאַמטע בליקן צום שעף־רעדאַקטאָר: „סאַראַ גערוימע ליכטיקע שטאָר דאָ איז... אײַ, ביסטו, אַראַנטשיק, אַ ממזר און אַ ווײַסל פון אַן אויג...”

...אַרײַנגעקומען אין רעדאַקציע, פאַררוק איך אין אַ ווינקל פון גאַר־דעראָב־צימער מײַן טשעמאָדאַן, ער זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן און באַגריס זיך מיט אַלעמען אויפן קול און הענטל זיך. נאָר ווער זײַנען עס די „אַלע” אין דעם זייער גרויסן אַלגעמיינעם רעדאַקציע־צימער? — דאָס זײַנען געווען די שטענדיקע צוויי זיץ־יִדענעס — איינע, בײַם טיש, נעבן דער סאַמע טיר פונעם הויפּט־רעדאַקטאָר, זײַן פּערזענלעכע סעקרע־טאַרין ראַכיל מאַטווייעוונאַ, וואָס האַלט זיך אין איין אויספּײַנען, ווי דער קעמל מיט זײַן הויקער, אַז זי קען קיין יִדיש נישט, און אַז איר פלימעניק שרײַבט אין די צענטראַלע רוסישע גאַזעטן, און די אַנדערע — אין ווינקל, אויף רעכטס, ווען איר קומט אַרײַן — די אויסגעצייכנטע מאַשיניסטקע, די בערדיטשעווער מאַניעטשקע לאַנדמאַן, וואָס איז אויסגעקאָכט אין מאַמע־לשון אין אַלע דיִאַלעקטן און קען, ווי די אייגענע פינף פינגער, די יִדישע שרײַבער, הן די, וואָס לעבן גופא אין מאָסקווע, און הן פון די שטעט און רעפּובליקן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. זי איז אײַנגעטונקט און געדענקט בײַ איטלעכן די שוין צו זיי צוגעזאָטענע אויסדרוקן און דריידלעך, טאַפּט

אַן אַזוי, ווי בלינדערהייט, יעדנס אויסגעמוטשעטן כתב און שטויסט זיך אַן אויף די נישט־דערשריבענע אותיות און, אפילו, גאַנצע ווערטער און לייענט, ווי אַ וואַסער די סאַמע צעקרוטשעטע לאַפּעטעס און קאַטשערעס. מיט איין וואָרט, ווען זי איז אַ טראַפּעלע יינגער, וואָלט מען וועגן איר געקאָנט זאָגן — „אַ מזיק אַ מויד". ביי מאַניעטשקען, זיינען, נעבעך, פון דעם זיצן יאָרן ביי דער שרייב־מאַשין די פיס דיק געוואָרן, ווי די טומבעס, אָבער זי פאַרמאָגט נאָך אַלץ יענע יונג־שמייכלענדיקע, דורכגעטריבענע חן־גריבעלעך אויף די פּאַמפּושקעס־באַקן, ווי דאַן, ווען זי איז געווען די אַכצן־יאָריקע מאַשיניסטקע אין דער מאָסקווער „אייניקייט", ביים אַנטי־פאַשיסטישן ייִדישן קאָמיטעט.

אַט די צוויי הויפּט־ייִדענעס פון דעם גרויסן, פוסטן אויפנאַם־צימער, האָב איך עס איבערגעגעבן מיין ערשטן ברוך־הבא־גרוס פון וואָלגאָגראַד.

ראַכיל מאַטיווייעוונאַ האָט מיר גלייך אָנגעזאָגט, — דער הויפּט־רעדאַקטאָר איז נישטאָ און ווען ער וועט קומען, ווייסט זי נישט און ביי מיר געפרעגט, אויף ווי לאַנג איך בין געקומען, און וווּ איך וועל מיך געפינען? — האָב איך איר באַלד געענטפערט: נישט מער, ווי אויף אַ פּאָר טעג און נעכטיקן וועל איך, ווי תמיד, אין דעם סטודענטישן צוזאַ־מענוווינונג פונעם מאָסקווער ליטעראַרישן אינסטיטוט. אָפּגעפּטרט מיט נאָך אַ פּאָר יוצא־ווערטלעך מיט מאַניעטשקען, וואָס האָט צו מיר מיט אַ מיטפילנדיקן זיפץ אַ זאָג געטאָן: — איר זייט עפּעס אַראָפּ פון פּנים, — און תיכף פאַרווייכערט דאָס געזאָגטע, — נאָר דאָס איז גראָדע צום גוטן, אַז מען פאַרלירט אַ ביסל וואָג.

— דאָס בין איך, מאַניעטשקע, — זאָג איך, — אין וואָלגאָגראַד פאַרשוואַרצט געוואָרן פון צופיל לידער שרייבן.

— איר האָט זיי געבראַכט מיט זיך?

— אָ, ניין, איך דאַרף נאָך אַ סך אַרבעטן איבער זיי, נאָר זייט זיכער, אויף דער מאַשינקע וועט איר זיי דרוקן, נישט קיין אַנדערע, ווייל וועמען קאָן איך עס געטרויען אויסער אייך? — דערוווּסט זיך ביי איר, אַז זשעניעטשקע (אַזוי, זאָגט מען, האָט איציק פעפער, נאָך אין סוף פון די 20קער יאָרן געקרוינט אברהם גאָנטאַרן, ווי זיינעם אַ ליבלינג מיט דעם־אַ צערטלעך־זיסן צונעמעניש — זשעניעטשקע), איז ביי זיך אין צימער, בין איך שטאַרק צופרידן, וואָס איך וועל מיך אַציינד זען מיט גאָנטאַרן.* היות, מיין בוך לידער אין ייִדיש איז אַריין אין דעם אַרבעטס־פּלאַן פון פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטיעל" און דאַרף דערשינען אינעם

---

* אברהם גאָנטאַר איז אַ סך יאָרן געווען אין „סאָוועטיש היימלאַנד" דער רעדאַק־טאָר פון צוויי אָפּטיילן — פון פּאָעזיע און פּראָזע.

ערשטן קוואַרטל פון דעם 1973 יאָר, און דער רעדאַקטאָר פון דעם בוך איז אברהם גאָנטאַר, האָט ער מיר, ווי־נאָר איך האָב געעפנט די טיר, אָנגעזאָגט די גוטע בשורה: „ער האָט געהאַלטן וואָרט, מײַן בוך איז שוין אין פאַרלאַג".

נאָך מיט אַ וואָך פאַר מײַן וואָלגאָגראַדער קאָמאַנדירונג, בין איך ספּעציעל געקומען פון מינסק צו גאָנטאַרן און צוזאַמען מיט אים פאַר־פינקטלעכט דעם סדר פון די לידער, געגעבן נעמען די ציקלען און ענדגילטיק באַשטימט דעם נאָמען פון בוך, אַזוי ווי איך האָב עס געוואָלט — „יאָרן, יאָרן מײַנע".*

— ביסט, חיימקע אויפן פערדל, — קוראַזשעט מיך גאָנטאַר, — דו קאָנסט אַפילו איצט צוגיין צו לעסוטשעווסקען,** הײַנט איז זײַן אויפנאַם־טאָג, און וועסט זיך פאַר אים ווײַזן אין דײַן פײַנעם, פאַרפּרעגלטן, וואָלגאָגראַדער אויסזען. און זאָג מיר אָקאָרשט, ווען שיקסטו צו דײַנע אוזדער דערציילונגען?

— אָט קער איך זיך אַצינד צוריק אַהיים און וועל זיך פאַרנעמען בלויז מיט דעם.

— און ווער באַלעבאַטעוועט דאָרט בײַ דיר אין דער היים?

— וואָס הייסט ווער? — די עלטערע טאָכטער, מײַן שוועסטער איז צו מיר געקומען פון לענינגראַד, מײַן זון, ס'איז דאָ, ווער ס'זאָל באַלעבאַטעווען...

— און די טאָכטער, וואָס שפּילט פידל?

פאַרשטײט איך שוין, אַז גאָנטאַר נעמט שוין מיט אָנצוהערענישן טרעטן מיר אויף די פּיאַטעס... — ענטפער איך אים: די טאָכטער, וואָס שפּילט פידל האָט שוין איר „בערל מיטן באַס"... דיר דאַרף איך, אברהם, קיין סך נישט ברײַען... דו ווייסט דאָך, וואָס הייסט אַ טאָכטער *** ...וואָס האָב איך געוואָלט טאָן? — קיין מאַמע, ווי דו ווייסט, איז שוין נישטאָ. דאַרף איך ווערן מײַן טאָכטער אַ דם־שונא. זי וויל חתונה האָבן, שוין אַ 23יאָריקע באַרישניע און האָט איר געליבטן־באַשערטן, פּאָרט ער מיט

---

* „יאָרן, יאָרן מײַנע" — סאַמע ערב דעם היטלער־קריג האָט אין מינסק באַדאַרפט דערשײַנען מײַנס אַ בוך אויסדערוויילטע לידער מיטן זעלבן נאָמען, רעדאַגירט פונעם באַרימטן ייִדישן דיכטער עזרא פינינבערג. די אָפּגעדרוקטע בויגנס זײַנען שוין געווען אין אײַנבינדערײַ. איז אויסגעבראָכן די מלחמה און אַלץ איז אַוועק אין פלאַמען.

** לעסוטשעווסקי — דער דירקעטאָר פון מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל".

*** אברהם גאָנטאַרס איינציקע טאָכטער האָט געהאַט אַ ייִדישן מאַן, געבוירן אַ קינד פון אים, געגט זיך און חתונה געהאַט מיט אַ רוסישן קינסטלערס אַ זון — אַ שיכור און אויך מיט אים זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

זייַנע אַלטע טאַטע־מאַמע אַהין, ווו אַלע רייַסן זיך אַצינד. זאָל איך איר זאָגן — ניין! ווער פאַרזעסן. די האַלטסט דאָך מיך פאַר אַ בייזן ייִדן, נאָר אַזאַ גזלן בין איך נאָך נישט. איך בין בלויז איבער זיך אַ באַלעבאָס און האָב מיר מייַנע אייגענע דאַיִקע פּלענער.

גאָנטאַר האָט מיך אויפמערקזאַם געהערט און, אַז איך בין אַנטשוויגן געוואָרן, האָט ער, אַזוי ווי רעזומירט: — דאַרפסט זיך פאַר מיר נישט פאַרענטפערן, אַוודאַי, טאָר אַ טאַקטער נישט פאַרזעסן ווערן, טו, וואָס די דאַרפסט און שיק צו דעם אוזדער מאַטעריאַל.

איך נעם אַרויס פון קעשענע מייַן פאַטשיילקע, צעוויקל עס: אָט זעסטו, דאָס זייַנען פון דער סטאַלינגראַדער ערד סנאַריאַדן־שפּליטערס און קוילן־גילזעס, איך האָב עס פונעם מאַמייַעווער קורגאַן, גענומען זיך אויף אַנדענק, דאָרט, ווו עס שפּרייט זיך אַצינד דער אַנסאַמבל־דענקמאָל, ווו עס שטייט די סקולפּטור פון דער פרוי מיט דער שווערד אין דער האַנט... שלאָגט מיך איבער גאָנטאַר: — און מיט קיין אַנדער פרוי, אויסער, ווי מיט דער סקולפּטורנער, האָסט זיך אין וואָלגאָגראַד נישט באַגעגנט? האָסט דאָך געוויס געלעבט אין אַ האָטעל, אין אַ באַזונדערן צימער? — איז שוין גאָנטאַר, ווי תמיד באַהערשט פון זייַן יצר־הרע־טראַנס און ס׳צעצינדן זיך מיט נייַגער זייַנע אויגן. מיר איז, אַפילו, אין יענער רגע נישט אייַנגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן, ווען, ער, גאָנטאַר, זאָל זייַן כאָטש איין טאָג אַ סאָלדאַט אויפן שלאַכטפעלד, וואָלט ער, אין דעם פאַל, אפשר נישט באַדאַרפט אַרויסווייַזן פאַר מיר זייַן הולטייַסקע שוואַכקייַט... נאָר איך האָב אים שוין גוט געקענט, ער זאָל מיר מוחל זייַן, ער פלעגט מיך שטענדיק דערמאָנען דאָס ווערטל — „ווען אַ שיכור האָט נישט אויף קיין גלעזל בראָנפן, רעדט ער כאָטש פון בראָנפן״...

איך האָב צוריק פאַרוויקלט אין מייַן טיכעלע די אייַזערנע סטאַלינגראַדער שפּליטערס און באַהאַלטן עס ביי זיך, — איך דאַנק דיר, אברהם, וואָס די האָסט צו דער רעכטער צייַט אָפּגעגעבן אין פאַרלאַג מייַן בוך און איך וויל דיר זאָגן דעם ריינעם אמת, איך האָב דיך קיינמאָל נישט אָנגערופן מיטן נאָמען זשעניעטשקע. ביי מיר ביסטו, זינט איך האָב יונגערהייט, באַקאַנט זיך מיט דייַנע לידער — אברהם גאָנטאַר. און צוליב זיי די לידער דייַנע און צוליב דייַן ייִדישן נאָמען, ביסטו אַכט יאָר פאַרשוואַרצט געוואָרן אויף דער סטאַלין־קאַטאָרגע... און אין דעם אויגנבליק, האָב איך מיך פון אלף ביז תּוו דערמאָנט, וואָס אברהם גאָנטאַר האָט מיר אַנומלט דערציילט וועגן זיך:

„מייַן פאָטער, איוואַן גאָנטאַר, אַן אוקראַיִנער, האָט זיך יונגערהייט, ווען איך בין נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, פאַרליבט אין אַ

בערדיטשעווער ייִדיש מיידל און דאָרט זײַנען געווען אַ סך אַזעלכע בילד־שיינע ייִדישע טעכטער, און צוליב חתונה האָבן מיט איר, זיך מגייר געווען און פון איוואַן גאַנטאַר געוואָרן — יודל גאַנטאַר — אַן אויסטער־ליש־פרומער, גאַסטפּאַרכטיקער ייד און האָט שיין און גליקלעך געלעבט מיט זײַן פרוי — און דאָס זײַנען עס מײַנע טאַטע־מאַמע און איך בין עס אברהם יודקאָוויטש גאַנטאַר. און ווען איך בין אין מאָסקווער לוביאַנקע־טורמע געזעסן צוזאַמען מיט נאָך ייִדן, וועלכע זײַנען, ווי איך באַשולדיקט געווען אין ייִדישן נאַציאָנאַליזם און אַלע אַנדערע שוואַרציאָרן, זאָגן זיי צו מיר: „דערצייל דײַן אויספאָרשער דעם ריינעם אמת — ביסט נישט דער, וואָס ער מיינט... ביסט אַן אוקראַיִנער מיט די ביינער, איוואַן גאַנטאַרס אַ זון און צוליבן טאַטנס פאַרליבעניש, ביסטו געוואָרן אברהם יודקאָוויטש... וואָס דאַרפסטו אויף דײַן קאָפּ אַרויפנעמען אַזעלכע ייִדישע צרות...”
און דערמאָנענדיק זיך דאָס אַלץ, זעץ איך פאָר ריידן צו גאַנטאַרן: — די לידער דײַנע האָבן אין זיך אַ סך זינגעוודיקײַט, האַרציקע מעלאָדיש־קײַט, עכטן בערדיטשעווער חן, און דעריבער שענק איך דיר אין מײַן בוך איינע פון מײַנע באַליבטסטע לידער און בין צופרידן, וואָס דו ביסט רעדאַקטאָר פון מײַן בוך. — און בײַם געזעגענען זיך, באַמערק איך נישט־ווילנדיק, זײַן ברייטלעכן מיט סקולעס פּנים, דעם אַרויסטאַרטשענ־דיקן שטערן, די העל־גרויע אויגן. דערמאָן איך מיך דעם אוקראַיִנער פויער גאַלאָווקאָ, מיט וועמען איך בין געזעסן צוזאַמען אין דער כאַבאַ־ראָווסקער עמגעבע־תפיסה...

## צו זען זיך מיט דאָראַ גראַזאָווסקע

פאַרלאָזט גאַנטאַרס צימער, בין איך אַרײַן צו די קאָרעקטאָרן, זען זיך מיט דאָרע גראַזאָווסקע, דער פרוי פון דעם ייִדישן קריטיקער סערעבראַני. זי איז געווען אַליין אין צימער און פון דעם, וואָס איך וועל האָבן אַ מעגלעכקייט כאָטש עטלעכע מינוט צו ריידן מיט אַ נאָענטן מיר מענטשן, ווען עס איז מיר אַזוי אָנגעזאָליעט אויף דער נשמה, האָב איך לײַכט אָפּגעעטעמט.

ישראל סערעבראַני און זײַן פרוי דאָרע האָבן פאַר דער מלחמה געלעבט אין מינסק און דאָרע און איר שוועסטער צילע זײַנען נאָענט געווען מיט די שוועדיקס, מיטן דיכטער גענאַדי שוועדיק און מיט זײַנע

שוועסטערס, מיט דער עלטערער בראָניע און דער, עיקרשט, מיט געניען. דאָרע האָט זי געשעצט און ליב געהאַט, נאָך דאַן, ווען נישט איך און נישט געניע, האָבן זיך נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז מיר וועלן זײַן מאַן און ווײַב. מיט אַ פּאָר יאָר פֿאַר דער מלחמה צווישן רוסלאַנד און דײַטשלאַנד, זײַנען ישראל סערעבראַני און גענאַדי שוועדיק געווען די אײנציקע און די לעצטע צוויי מיטאַרבעטער פֿון ייִדישער קולטור־ און ליטעראַטור־פֿאָרשונג בײַם ווײַסרוסישן אינסטיטוט פֿון שפּראַך, ליטעראַטור און קונסט, בײַ דער ווײַסרוסישער אַקאַדעמיע.* און נאָך דער מלחמה, ווען סערעבראַני מיט זײַן פֿרוי האָבן זיך באַזעצט הינטער מאָסקווע אינעם שרײַבער־שטעטל פּערעדיעלקינאָ, דאָרט, ווו ס'האָט זיך אויך געפֿונען דאָס אַל־פֿאַרבאַנדישע הויז פֿון שאַפֿונג, איז סערעבראַניס שטוב פֿאַר מיר זעלבסט (איך פֿלעג אין די יאָרן 73—1961 חדשימווײַז אַרבעטן אין דעם הויז פֿאַר שאַפֿונג) געווען די איין־אײנציקע אַכסניה, ווו איך פֿלעג אַרײַנקומען צו מײַן פֿרײַנט ישראל סערעבראַני. און דאָרע איז נישט איין מאָל בײַגעווען בײַ אונדזערע שמועסן. איך פֿלעג פֿאַר זיי פֿאָרלייענען די אָנגעשריבענע לידער אין פּערעדיעלקינאָ. איך האָב מיט פֿרייד געפֿילט, אַז סערעבראַני באַוויליקט מײַן נוסח, מײַן ליבשאַפֿט און טרײַשאַפֿט צו אונדזער מאַמע־לשון. חוץ דעם פֿלעגט ער מיר געבן לייענען וויכטיקע ייִדישע ספֿרים, וועלכע ער פֿלעגט באַקומען פֿון אויסלאַנד און מיט דעם, רײַכער און ברייטער געמאַכט מײַן ייִדישע וועלט. בין איך צוגעגאַנגען צו דאָרעס טיש מיט אַן אָפֿן האַרץ און אַבסאָלוט נישט גענויטיקט זיך אין אַן אָנשטעל, צי אין עפּעס אַ פֿרעמדער מיר פֿאָסטעמקע און העוויה

---

* דאָס זײַנען געווען די יאָרן 1939/41, ווען סטאַלינס לײַב־מענטשן אין ווײַסרוסלאַנד האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פֿאַר דער באַפֿעלקערונג פֿון די כלומרשט באַפֿרײַטע געגנטן פֿון מערב־ווײַסרוסלאַנד, ווו עס האָבן געלעבט הונדערטער טויזנטער ייִדן, אַז ס'איז נישט אמת, וואָס אין ווײַסרוסלאַנד איז ליקווידירט די ייִדישע קולטור, פֿאַרמאַכט די ייִדישע שולן, אַ סימן האָט איר, אַז בײַ דער ווײַסרוסישער אַקאַדעמיע זײַנען טעטיק ייִדישע שרײַבער און קולטור־טוער, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט פֿאָרשן, זאַמלען און סיסטעמאַטיזירן מאַטעריאַלן פֿון ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור. און אין דער זעלבער צײַט פֿאַרסירט מיט גוואַלד דאָס ליקווידירן דאָס ייִדישקייט. סאַמע ערב דער מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן פֿון ייִדישע שרײַבער און די, וועלכע זײַנען נאָך אַרומגעגאַנגען אויף דער „פֿרײַ״, האָט מען געדראָט מיט אומברענגען. עס איז שוין דערגאַנגען צו דעם, אַז אויפֿן אַמט פֿון רעדאַקטאָר פֿון דער ייִדישער טעגלעכער צײַטונג „אָקטיאַבער״, איז געווען באַשטימט אַן אָנגעשטעלטער פֿון געווערב־קאָאָפּעראַציע, ערנגראַז, וואָס האָט קוים געקענט איבערלייענען אַ ייִדיש וואָרט. מיר איז פֿון יענער צײַט פֿאַרבליבן אין זכרון אַ בייזער וויץ פֿון אַ מינסקער ייִדישן דיכטער: „אויפֿן קבר פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, איז אויסגעוואַקסן ערנגראַז״...

און דאַרע האָט מיר געגלויבט אין מײַן אויפריכטיקייט און רעספּעקט צו איר און צו איר מאַן סערעבראַני. זי האָט מיך באַלד אַ פרעג געטאָן:
— וואָס שרײַבט די טאָכטער?

און איך האָב איר תיכּף דערציילט: ווי־נאָר איך בין הײַנט אינדערפרי אָנגעקומען פון וואָלגאָגראַד, איז נאָך איידער איך בין אַרײַן אין רע־דאַקציע, האָב איך שוין אויפן קיראָווער פּאָטשטאַמט גערעדט מיט מײַן זון, ער האָט מיר געזאָגט, אַז פאַר די לעצטע טעג זײַנען פון איר אָנגע־קומען פרישע בריוו. איר בחור איז געצוווּנגען אויף עטלעכע חדשים צו פאַרהאַלטן זיך אין מינסק. ער האָט אַלטע טאַטע־מאַמע און זיי האָבן באַדאַרפט פאַרקויפן זייער שטוב. האָט מיר זון הײַנט אינדערפרי אין טעלעפאָן דערפריידט: זיי האָבן שוין אָנגעגעבן די פּאַפּירן און קלײַבן זיך שוין אין וועג...

— אָבער, דו זעסט אויס זייער מיד. ביסט דאָך, שוואַרץ, ווי אַ ציגײַנער.

— אַזוי?, — חכמה איך זיך שוין, — דעם ציגײַנער פעלט אָבער דער עיקר — די ציגײַנערין אין בויד און אַ געגנבעטע פערד נאָ שפּיץ...

— יאָ, זאָגט מיר דאַרע, — איך האָב נאָך דײַן אָוועקפאָרן קיין וואָלגאָגראַד אָנגעשריבן קיין סאַמאַרקאַנד צו מירל זאַלצמאַן אַ גע־נויעם בריוו.

— אַ דאַנק דיר פאַר דעם.

— געוויס, וואָלט עס פאַר דיר געקאָנט זיין זייער אַ גלײַכע זאַך — אַ געטרײַער און איבערגעגעבענער מענטש. פאַרשטייט זיך, אַזאַ גאָלד, ווי געניע איז געווען — דײַן קרוין האָסטו אָנגעווירן. נאָר מען דאַרף דאָך לעבן... אָט האָסטו מירלס גענויעם אַדרעס. דו דאַרפסט צו איר אַליין שרײַבן. דער מאַן איר, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשטאָרבן אין דער עוואַקואַציע און זי האָט אויפ־געכאָוועט זײַנע דרײַ קינדער און געבליבן די אַלע יאָרן לעבן אין סאַ־מאַרקאַנד. זי איז צו זײַנע קינדער שטאַרק צוגעבונדן. איך קען דאָך מירלען בעסער, ווי דו קענסט זי, כאָטש, דו האָסט געאַרבעט מיט איר צוזאַמען אין דער קינדער־צײַטונג. איך צווייפל, צי זי וועט זיך אַנטשיידן אויף אַזאַ שריט. נאָר, אפשר, זי קען דיך, אָבער ווען דו ביסט נאָך געווען צעפלויגן מיט טויזנט ווינטן אין קאָפּ...

איך באַדאַנק דאַרען, וואַרעם, געזעגן זיך מיט איר: גריס האַרציק ישראלן און דײַן זון.

ווען געניע האָט געלעבט, האָבן מיר אונדזער רײַען געפּרוווט באַקע־נען מיט סערעבראַניס איינציקן זון, אַ וויסנשאַפטלעכער טוער. זײַן אַלט־

בחורישקייט איז שוין געווען פעסטער פון פעלדז און האָט זיין קאָפּ נישט אויפגעהויבן פון בוך... רייע איז אַ פּאָר מאָל געפאָרן צו די סערעבראַניס קיין פערעדיעלקינאַ, נאָר די זאַך האָט זיך געקלעפּט, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט...

— פאַרליר נישט מירלס אַדרעס, — האָט צו מיר אַ שמייכל געטאָן די קלוגע און חנעוודיקע דאָרע גראַזאָווסקע.

— ניין, — האָב איך מיט מיין שמייכל מיט הנאה אַריינגעוועבט זיך אין אירן, — ווי נאָר איך וועל קומען אַהיים, זעץ איך זיך גלייך שרייבן צו איר: אַ שטילע טויב די מירל, אַ צו שטילע. מיט אַ גוט האַרץ. איך געדענק איר עלטערע שוועסטער פייגע, איך האָב מיט איר און מיט מאָטל ליבערמאַנען* צוזאַמען געהאַט צוזאַמענגעשטעלט אַ זאַמלבוך פאַר יידישע קינדער־גערטנער אין ווייסרוסלאַנד. איר ברודער זלמן, אַ גלענצנדער לענינגראַדער יידישער גראַפיקער איז אומגעקומען אויפן פראָנט. אַזאַ טייערע משפחה געווען. דו ווייסט, דאָרע, איך פלעג דאַן אַריינקומען צו זיי אין שטוב און איך קאָן נישט פאַרגעסן, ווי אַזוי זיי האָבן געהיט אין ריינקייט און רו זייער גרייז־אַלטעטשקע באַבישע. זי איז שוין אַלט געווען, האָט מען גערעדט, הונדערט מיט אַכט, צי מיט ניין יאָר. אַ דינע וואַקסענע ליכט, אויסגעטריקנט, מיט אַ ניט־דאַיקן בליק. די גרויסע משפחה זאַלצמאַן האָט מיט אַזויפיל ליבשאַפט געהיט און געצערטלט דאָס צאַנקענדיק פלעמל און נישט געלאָזט עס אויסגיין.

— ביסט נישט קיין נאַר, חיים, זיי געזונט. גריס בראָניען און די קינדער.

## אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מיט מיין לייכטן טשעמאַדאַן אין דער האַנט בין איך אַרויס פון רעדאַקציע אויף דער שמאָלער, רוישיקער קיראָוו־גאַס און תיכף איז מיר אַנטקעגן געקומען מיין מזל — אַ פרייע טאַקסי. אין אַ זעקס, זיבן מינוט אַרום בין איך שוין געווען אויפן גאָרקי־פּראָספּעקט, דורך אַ ברייטן טויער אַריין אין אַ פּיצל געסעלע צו עפּעס אַ פאַרזעעניש אַ מויער. אויף זיין העכסטן, צענטן גאָרן האָט זיך אין קליינע, נידעריקע צימערלעך

* מאָטל ליבערמאַן, דער רעדאַקטאָר פון דער יידישער רעפּובליקאַנער קינדער־צייטונג „יונגער לענינעץ". אין 1937 יאָר — אַרעסטירט און אומגעבראַכט געוואָרן.

געגעסטעט, דער אין רוסלאַנד באַרימטער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַ־טיעל״. די צוועלפטע שעה שוין, דער דירעקטאָר פון פאַרלאַג, לעסוט־שעווסקי, איז נאָך נישטאָ. אין דעם ענגן וואַרטצימער זיַינען שוין געזעסן און אַרומגעדרייט זיך אַן אַכט־צען מענטשן. איך באַמערק צווישן זיי אַ צוויי־דריַי פּאָפּולערע מאָסקווער שריַיבער און פּאָעטן. כ׳האָב זיך באַגעגנט מיט די בליקן מיטן אָדעסער יידן — מיט דער אַדעליק דוואַריאַנישן פאַמיליע־נאָמען — קירסאַנאָוו — דער לאַנגיאָריקער נאָכפאָלגער פון מאַיאַקאָווסקי. אין די מלחמה־יאָרן האָט ער אין די פּראַנט־צײַטונגען געדרוקט אין גײַסט פון רוסישן פאָלקלאָר אַמוזירנדיקע געשיכטעס אין גראַמען, מיט דער כוונה צו שאַפן דעם פּראָטאָטיפּ פונעם סאָוועטישן סאָלדאַט.

יעלענאַ סיעמיאָנאָוונאַ, לעסוטשעווסקיס סעקרעטאַרין, געדענקט מיך, אַזוי דוכט זיך מיר, אין פּנים, פון די פאַריקע צוויי מײַנע דערשינענע ביכער לידער אין דער רוסישער איבערזעצונג. פאַר די לעצטע פינף — זעקס יאָר איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען ווענדן זיך צו איר. דאָס אַרויסגעבן אַ בוך אין „סאָוועטסקי פּיסאַטיעל״ איז בדרך הכלל אַרומגעשפּינט און אַרומגעפּעלצט מיט נישט ווייניק אָפיציעלע פּאַפּירן, דאָקומענטן, אינערלעכע רעצענזיעס, רעקאָמענדאַציעס, אָפּמאַכן מיט די אַוטאָרס, איבערזעצערס, בוכהאַלטערישע חשבונות, וואָס אַלע מוזן זיי פריער, צי שפּעטער, אַרויף אויף יעלענאַ סיעמיאָנאָוונעס טיש און זי טראָגט זיי אַרײַן חתמענען אין לעסוטשעווסקיס קאַבינעט.

יעלענאַ סיעמיאָנאָוונאַ האָט זיך געקווענקלט, צי קאָן זי מיך פאַר־שרײַבן אינעם צעטל פון די, וואָס ווילן הײַנט לויט פּערזענלעכע ענינים אַרײַן צום דירעקטאָר. איך האָב איר געפּרוווט מיט אַ שטילן קול דער־קלערן: — איך קום הײַנט אינדערפרי פון וואָלגאָגראַד און פאַר צוריק אַהיים, קיין מינסק. מײַן בוך לידער איז אין פּלאַן און איז שוין אָפּרעדאַגירט. זי האָט מיך אָנגעקוקט און קוים אַ שמייכל געטאָן: — פון וועלכן פּליאַזש?

— ניין, — האָב איך געענטפערט, — דאָס בין איך געווען אויף די באַקאַנטע ערטער, וווּ מיר איז אויסגעקומען אָנטייל צו נעמען אין די סטאַלינגראַדער שלאַכטן.

— זעצט זיך צו, — זי האָט אויף איר טיש גענומען אין די הענט דעם יאָרפּלאַן פון פאַרלאַג. איך האָב אָנגערופן מײַן נאָמען און פאַמיליע. געפונען מיך, און נאָך דעם אַ בלעטער געטאָן אין איר רעגיסטריר־העפטל, אַ טראַכט געטאָן: — גוט, איר וועט זײַן דער 15טער, נאָר איך קאָן איַיך נישט, צי ער וועט אײַך באַווײַזן הײַנט אויפצונעמען. יאָ,

— פון וואַנען? — גיט זי ווידער אויף מיר אַ קוק, — פון קיִעוו?
ניין, — זאָג איך, — פון מינסק.
— גוט, — חזרט זי איבער.
כדי איך זאָל נאָך מײַן רעהאַביליטאַציע אין 1956 יאָר, סוף־כל־סוף, אַרײַנגיין אין פאַרלאַג־פּלאַן מיט מײַנעם אַ בוך אויף מאַמע־לשון, האָב איך באַדאַרפט וואַרטן — 17 יאָר. שוין נאָך דעם, ווי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, האָט בשותּפות מיט איר זשאַנדאַרמעריע אָפּגע־שוואַכט די אכזריות איבערן יידישן וואָרט, איז געווען דערלויבט אַרויס־צוגעבן אין רוסלאַנד בלויז איינעם, אָדער העכסטנס, צוויי ייִדישע פּאָעזיע־ביכער אַ יאָר. ווען איך בין שוין צום ענדע פון אַרבעטס־טאָג בײַ 5 אין אָוונט, נאָך מײַן 5—6 שעה וואַרטן, דער לעצטער אַרײַן אין דעם גרויסן קאַבינעט — דער איינציקער רחבותדיקער צימער אין פאַרלאַג — צום אַריסטאָקראַטיש־אויסגעכאַליעטן סאָוועטישן פּריץ לעסוטשעווסקי (ער, לעסוטשעווסקי, האָט פּאַקטיש געהאַלטן אין זײַנע הענט דעם גורל — הן מאַטעריעלן, הן מאָראַלן, פון די זיבן טויזנט סאָוועטישע שרײַבער אין ראַטנפאַרבאַנד) און ביז איך בין צו צו זײַן אָנפּירערישן טיש, בײַ וועלכן ער איז געזעסן אינעם הויכן, ברייטן פאָטעל, בין איך געבליבן שטיין שטום, אין מויל האָט זיך בײַ מיר אַלץ איבערגעטריקנט און איך האָב נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין איינציקן וואָרט. בײַ דעם ראַפּינירטן, לאַנגיאָריקן סטאַלינישן שררה איז געווען גענוג מאַרך אין קאָפּ צו פאַרשטיין מײַן צושטאַנד. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זײַן פאָטעל, אויסגעשטרעקט מיר זײַן האַנט:
— אַ הייסער זומער אין וואָלגאָגראַד?... פאָרט אַהיים, אין דרײַ־פיר טעג אַרום וועט איר באַקומען אַן אונטערגעשריבענעם אָפּמאַך מיט אַלדאָס איבעריקע. גריסט די ווײַסרוסישע חברים. פאָרט געזונט...

# טאַטע

געעפנט די שטוב־טיר און דערהערט מײַן זונס פריידיקן אויס־געשריי — טאַטע! — האָב איך אים שטאַרק־שטאַרק צוגעדריקט צו זיך, געקושט זײַנע אויגן און אַן אומקלאָרער אינערלעכער כוח האָט אויפגעוואַכט אין מײַן נשמה: נישט צוזאַמענברעכן זיך, נישט אומקומען, גראַדע אַצינד, ווען דאָס לעבן זעצט זיך זיך אויף מיר אָן מיט אכזריות, אָן רחמנות. איך דאַרף מיך באַרען, ראַנגלען מיט געשטײַפטע מוסקולן

און מיט אַלע מײַנע בלוטן טרײַבן פֿון זיך די שוואַכקייט, אָפּהענטיקייט. אין דמיון מײַנעם האָב איך אין דער רגע מיט צונויפֿגעשטשעמעטע פֿויסטן געזעצט אין פּרצוף פֿון מײַנע הויפּט־שונאים — נעבעכדיקײַט און אָפּגעלאָזנקײַט. און איך האַלט שוין פֿעסט אין מײַן זיבען די מחשבה, ווי אַ פֿישער דאָס געכאַפּטע פֿישל — אַרומזען זיך, אַרומטראַכטן, וואָס פֿריִער צו טאָן, און וואָס שפּעטער. און מײַן זון, ווי ער זאָל האָבן גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס בײַ מיר אויפֿן האַרצן טוט זיך, וויל מיך מוטיקן, און ער זינגט אַרײַן מיט זיסקײַט אין מײַן אויער און חזרט איבער די גוטע בשורה: — ליאָווע מיט זײַנע עלטערן האָבן שוין באַקומען אַרויספֿאָר־דערלויבענישן. זיי גרייטן שוין דעם „באַגאַזש". מ'האָט זיי געגעבן אַ חודש אויף אַרויספֿאָרן. און ער גייט צוזאַמען מיט מיר אַרײַן אין מײַן צימער. אויף מײַן טיש ליגן אַקוראַט צונויפֿגעלייגט פּירעס פֿרישע בריוו און קאַרטלעך, פּאַטאָס. מײַן זון „ראַפּאָרטירט" מיר: — דרײַ בריוו האָב איך איר אָנגעשריבן, צוויי בריוו רײַע און צוויי — בראָניע. און פֿירט מיך צו זיך אין צימער — אויף זײַן טיש ליגט אַ קופּע פֿון אַלע בויטיקע לערנביכער פֿאַרן נײַנטן קלאַס, אַ סך אַלגעמיינע העפֿטן, לערן־מכשירים; — „אוסיאַ או פּאַראַדקו!" — האָט ער מיט אַ שמייכל דורכדעקלאַמירט אויף ווײַסרוסיש (אָט די ווײַסרוסישע פּראָזע, קלינגט אַזוי, ווי בײַ בײַ אונדז אין ישראל — „בסדר גמור") און דערנאָך איז מײַן זון אַריבער צו דער — „פּראָזע", צום ביסל אומאַנגענעמלעכקייטן: — אײַוואַס גוסיינאָוו איז ווידער געקומען פֿון קאַזאַכסטאַן דרייען רײַען דעם קאָפּ. האָב איך אים געזאָגט, אַז רײַע וווינט שוין נישט בײַ אונדז, אַז זי לעבט בײַ דער מומען. ער האָט געפֿרעגט — ווו דו ביסט? — האָב איך אים דערקלערט, אַז דער שרײַבער־פֿאַריין האָט דיך געשיקט קיין וואָלגאָגראַד און דו וועסט זיך די טעג צוריקקערן אַהיים, ווײַל צו דיר דאַרפֿן קומען געסט — אָפּיצירן וועטעראַנען, אַדנאָפּאַלטשאַנער... דאָס איז מיר אים אײַנגעפֿאַלן צו זאָגן, ווײַל אין יענעם טאָג בין איך געווען אַרײַנגעגאַנגען צו וואָוואָטשקען און לובעטשקען גאַרעליק, האָט מיר זייער פֿאָטיר געזאָגט: ער האָט באַקומען אַ בריוו פֿון ראַסטאָוו פֿון דעם מלחמה־וועטעראַן לעבעדיעוו, אַז יענער קלײַבט זי צו קומען קיין מינסק צו אים און צו דיר צו גאַסט. האָב איך עס געגעבן אײַוואַסן אָנצוהערן, איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל נישט וועלן בלײַבן בײַ אונדז נעכטיקן. און ווי נאָר ער איז אַוועק, האָב איך— תיכף אָנגעקלונגען צו בראָניען און צו רײַען. רײַע איז נאָך געווען אויף דער אַרבעט אין איר „גיכער הילף", האָב איך אָנגעזאָגט בראָניען — „אײַוואַס איז ווידער דאָ... און וועט קומען זוכן רײַען..." האָט זיך בראָניע שטאַרק

דערשראָקן און איר איז נישט־גוט געוואָרן. די שכנה איז אַריַין זי אָפּצומינטערן און אָנגעזאָגט רייַען און קימען (בראָניעס זון) אויף דער אַרבעט, זיי זאָלן באַלד קומען. און ווען גוסיינאָוו האָט אָנגעקלאַפּט צו זיי אין טיר — „עפן רייַע, דאָס בין איך איַוואָס"... האָט אים קיינער נישט געענטפערט. נאָר ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען הינטער דער טיר און נישט אויפגעהערט צו קלאַפּן. איז קים אַרויס צו אים: — בירגער, ווהין איר קלאַפּט איצט, איז פאַר אייַך אין גאַנצן אַ פרעמדע שטוב...
און גענע האָט מיר נאָך דערציילט: רייַע איז עטלעכע טעג געלעגן אין שפּיטאָל. אַצינד פילט זי זיך גוט. זי האָט זיך אויף איר נייַעם אַרבעטס־אָרט אין דער מינסקער „גיכער הילף" באַקענט מיט ייִדישע דאָקטוירים יעווא מאָיסיעיעוונאַ און מיטן יונגן דאָקטאָר אריק מילמאַן, ליאָוועס אַ חבר, וועלכע קלייַבן זיך אויך צו פאָרן קיין ישראל. רייַע באַגעגנט זיך מיט פּירעס פרייַנד און גייט מיט זיי אין דער סינאַגאָגע און באַגלייט די אָפּפאָרנדיקע אויפן מינסקער וואָקזאַל. די מומע בראָניע לערנט מיט איר עברית. —

און איך האָב זיך מיט מייַן זון געטיילט בסוד־סודות: — מייַן בוך וועט אין מאָסקווע דערשייַנען, איך וועל די נאָענטסטע טעג באַקומען פון פאַרלאַג דעם אונטערגעשריבענעם אָפּמאַך און ס׳וועלן קלעקן מיטלען פאַר דיר און פאַר רייַען צו פאָרן. און, אַז איר וועט זיך לאָזן אין וועג, וועל איך שוין אַליין אָן אייַך, דאָ נישט וועלן זייַן, אָבער דאַרפסט פאַרענדיקן דעם נייַנטן קלאַס. ס׳ווערט דיר דאַן 16 יאָר. באַקומסט אַ פּאַספּאָרט און פאָרסט מיט רייַען צוזאַמען. איך וועל אייַך אויף קיין איין טאָג נישט פאַרהאַלטן. האָסטו פאַרשטאַנען, גענע? — און איך לייג אַרויף מייַן —פינגער זיך אויפן מויל, — פאַרקריץ זיך עס אין מוח, שווייַג... ווייַל טאָמער, וועסטו זיך פאַר עמעצן פון דייַנע ייִנגלעך אַרויסכאַפּן, אַז דו און רייַע קלייַבן זיך קיין ישראל, וועט אין מאָסקווע מייַן בוך נישט אַרויס און אויך אין מינסק די צוויי איבערגעזעצטע לידער־זאַמלונגען. און דאַן, ווייס איך נישט, קאָנט איר בלייַבן שטעקן דאָ. און נאָך אַ זאַך — סטאַרע זיך אין קלאַס נישט צו פאַרטשעפּען מיט די כוליגאַנעס. מיט קיינעם נישט, היט זיך, באַטראַכט דייַן יעדן טראָט...
און ווען איך האָב דאָס אַלץ אויסגעפּאַליעט, בעט איך אים: אַצינד, גענע, וואָש גוט אויס די וואַנע און איך און וועל מיך פון לאַנגן וועג אויסברייַען מייַנע ביינער. און אויב דו ווילסט, רייַב מיר אויס די פּלייצע, ווי דאַן, ווען מיר האָבן געלעבט אין דעם חדרל אויף דער פאַבריציוס־גאַס און מיר פלעגן צוזאַמען גיין אין באָד, פלעגסטו צו מיר שרייַען: „טאַטע, איך וועל זייַן דייַן פאַרשטשיק!" — און מיט אַלע דייַנע כוחות,

ביסט דאָן אַלט געווען פינף — דאָס זעקסטע יאָר, רײַבן מײַנע אַקסלען און איך פלעג אויפצופלײַסן קרעכצן: „אוי, אוי, גענאַטשקע, שטילער, נישט אַזוי שטאַרק"... געדענקסט עס?

און בעתן באָדן זיך, דערצייל איך מײַן זון, ווי אַזוי די מינסקער ייִדן פלעגן נאָך לאַנג פאַר דער מלחמה, די יווגישע קאַזאַרמע-לידער מיטן זעלבן נוסח און מאָטיוו לצניש איבערדרייען אויף מאַמע-לשון:

— מאַרש ווּפּיריאָד,
גיי אין באָד,
רײַב מיר אויס די פּלייצע...
— ניין, ניין, ניין,
איך וויל נישט גיין
אַ דאַנק דיר פאַר דײַן עצה...

...אַנגעזעטיקט זיך מיט מײַן טאָכטערס בריוו און קאַרטלען, געלייענט און איבערגעלייענט און גלײַך אויפן שטעל געענטפערט איר, באַדאַנקט פאַר יעדן בריוועלע. אין עטלעכע ווערטער געטיילט זיך מיט איר וועגן מײַן רײַזע קיין וואָלגאָגראַד און איך האָב איר צוגעזאָגט, די סאַמע נאָענטסטע טעג אַרויסצושיקן מיט דער לופט-פּאָסט די אַלע מוזיקאַלע לערנביכער און די רשימה נאָטן, וואָס זי בעט.

איך האָב פון מײַן טשעמאָדאַן אַרויסגעלייגט אויפן טיש די וואָלגאָגראַ-דער פּאָטאָ, דעם דענקמאָל-אַנסאַמבל אויפן מאַמײַעווער קורגאַן, די אַלייע פון די העלדן, די בילדער פון די ערטער, ווו עס זײַנען פאָרגעקומען די שווערסטע שלאַכטן. אַרויסגענומען פון מײַן טיכעלע די סטאַלינגראַדער שפּליטערס און קוילן-גילזעס. איך קוק אויף דעם: דער גרעסערער שפּליטער דערמאָנט מיר אַ קריפּל-באַשעפעניש מיט אַ פאַרמלאָזן גוף און אַ קליין, שפּיציק קעפּעלע מיט אַ שנוק, מיט סימנים פון פאַדערשטע פיס... כ'האָב עס אַוועקגעלייגט אין מײַן אַלמער, נעבן מײַן קעסטעלע מיט די אָרדענס און מעדאַלן.

איך האָב עס אַלץ געבראַכט קיין ישראל. וועלן עס, אפשר, מײַנע קינדער און אייניקלעך היטן, צוזאַמען מיט מײַנע ייִדישע לידער... אוי, צי קאָן איך זײַן זיכער, אַז דאָס וועט זײַן אַזוי? — אפשר, אפשר... לאָמיר האָפן...

*

געפאָלגט דאָרע גראָזאָווסקען — סערעבראַניס פרוי, און געזעצט זיך אָנשרײַבן אַ בריוו צו מירל זאַלצמאַן, קיין סאַמאַרקאַנד. בעתן שרײַבן צו איר, האָב איך זיך דערמאָנט איר תמימותדיקייט און גוטסקייט.

זי איז דאָן אַלט געווען אַ צוואַנציק — צוויי און צוואַנציק יאָר. אַ קורצע צײַט געאַרבעט אַלס מאַשיניסטקע אין דער ייִדישער קינדער־צײַטונג, ווו אויך איך האָב געאַרבעט. איך בין שוין דאַן געווען אַ באַווײַבטער, געווען בײַ מיר אַ ייִנגעלע. איך זע מירלען פאַר די אויגן. נישט קיין איבעריק שיינע, אַ— פולבלעכע, נישט געפוצט זיך. געגאַנגען אין אַ פשוטן ציטענעם קליידל און זומערצײַט געטראָגן גרויסע, שווערע שיך מיט קורצע זאָקן. מיר פלעגט, כמעט, נישט אויסקומען צו ריידן מיט איר — איך האָב געפילט, אַז זי ווײַכט פון מיר, קיין איבעריקן צוטרוי האָב איך נישט בײַ איר. ווײַזט אויס, אַז מײַן שטענדיקער צעשויבערטקייט האָט אין אַ היפשער מאָס געפעלט שטאָט און באַדאַכטקייט. און דערצו נאָך, דער געשפּרעך, וואָס איך האָב וועגן מירל זאַלצמאַן געהאַט מיט דאָרע גראַזאָווסקען, אַז זי צווייפלט, צי איך קאָן האָפן אויף מירלען, האָב איך שוין שרײַבנדיק מײַן בריוו צו איר, זיך אויסגעמאָלט אין מײַנע מחשבות איר ענטפער. פון מינסק ביז סאַמאַרקאַנד און צוריק מיט דער געווענלעכער פאָסט, דויערט דאָך, אָבער איך האָב געפילט, אַז זי האָט מיר גלײַך געענטפערט. יאָ, איך האָב מיר ריכטיק פאָרגעשטעלט — אירע גרויסע, שאַרף־אויסגערונדיקטע אותיות האָבן אָפּגעשפּיגלט אויפריכטי־קייט. זי האָט מיר מיטגעפילט אין מײַן אומגליק, זי געדענקט גוט געניען, איר עלטערע שוועסטער בראָניע, איר מאַן גערשאָן פון פאָלקקאָמבילד פון ווײַסרוסלאַנד, דעם דיכטער שוועדיק, — און האָט מיר גלײַכצײַטיק אויפגעקלערט: „דרײַסיק יאָר האָט זי אָפּגעלעבט מיט אַ מענטשן, אויפגע־כאָוועט זײַנע דרײַ קינדער און איז מיט זיי אָט די אַלע יאָרן צוזאַמען, אָנגעהויבן פון דער מלחמה. איצט זײַנען זיי שוין אַליין טאַטע־מאַמע און איך דערצי זייערע שוין קינדער, זײַנע אייניקלעך. איך בין צו דעם אַלעם מיטן גאַנצן האַרצן צוגעבונדן און קאָן זיך אין מײַן עלטער נישט אָנטשיידן אויף אַזאַ ענדערונג... ס׳וואָלט זיך מיר וועלן זײַן אין מינסק, צו דערמאָנען מײַנע עלטערן, אונדזער הויזגעזינד, די אָנטרונענע יאָרן. איך האָב געטראַכט וועגן דעם, איך פיל אָבער, אַז איר (זי האָט מיך געאירצט) אַליין, נאָך דעם, ווי אײַער טאָכטער איז שוין אַוועקגעפאָרן, וועט שוין דאַרטן לאַנג נישט בלײַבן". און וועגן די אַנדערע אירע רעיונות, וועגן וועלכע זי האָט, זעלבפאַרשטענדלעך, אין איר בריוו צו מיר נישט דערמאָנט, — איך אַליין, אים לייענענדיק, האָב זיי דאַן נישט גענומען אין באַטראַכט — מײַן אינוואַלידשאַפט און געניעס טראַגישער טויט... דאָרע גראַזאָווסקע האָט דאָך, ווען זי האָט צו איר געשריבן, וועגן דעם געוויס אָנגעדײַט... איך האָב מירל זאַלצמאַן אויף איר בריוו נישט געענטפערט.

# די אַפּטייקערין מאַשע

אין די אָסיען־חדשים פונעם 1972טן יאָר האָב איך געהאַלטן אין איין שרײַבן און איבערשרײַבן די אוזדער געשיכטעס. אונדזער דירה, זאָל כאָטש האָבן עפּעס אַן אויסזען און מײַן זון זאָל צו דער צײַט זײַן אָפּגעגעסן, ריין אָנגעטאָן, ער זאָל קאָנען נאָרמאַל לערנען זיך, האָב איך אָנגענומען דרינגענדע מיטלען: איך האָב מיך דעררעדט מיט מײַן שוועגערין בראָניע, אַז די זעלבע פּרוי, וואָס קומט צו איר איין מאָל אין וואָך ראַמען די דירה, זאָל אויך קומען צו מיר. און דאָס וויכטיקסטע (רײַע האָט דאָך געוווינט בײַ בראָניען), האָב איך מיט רײַעס הסכמה דעם פרײַען צימער צײַטווײַליק אָפּגעגעבן אַ פּרוי, וועלכע האָט געאַרבעט אַלס אַפּטייקערין, גופא אין איינער פון די מינסקער פּאָליקליניקעס. מאַשע האָט זי געהייסן. זי איז אַלט געווען עטלעכע און פופציק יאָר. דער מאַן אירער — צי ער איז געשטאָרבן, צי זיי האָבן זיך געגט, דאָס האָב איך, דאַכט מיר אויך דאַן געגוי נישט געוווּסט. קיין קינדער האָט זי נישט געהאַט. איז געשען: צו איר איז געקומען צו פאַרן פון מיטל־אַזיע אירע אַ שוועסטער מיט אַ מעוברתער טאָכטער. אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע. די דירה — אַ קליינע, האָט שוין מאַשע אַליין בײַ זיך אין שטוב נישט געהאַט קיין פּיצל רו. נישט געוועזן, ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן און נישט קיין אויסגעשלאָפענע געגאַנגען צו דער אַרבעט. אָט דער אַפּטייקערין האָב איך עס אָפּגעגעבן דעם פרײַען צימער, אַן דירה־געלט, מיט אַ תנאי — איין מאָל, צי צוויי מאָל אין וואָך — אַלנפאַלס, וויפל זי וועט עס האַלטן פאַר בייטיק, צוגרייטן פאַר מײַן זון און פאַר מיר דאָס טעפל געקעכטס. ראַמען דאַרף זי נישט, עס קומט דאָך יעדע וואָך אַ מענטש. בלויז, ווען זי וועט אײַנקויפן פאַר זיך, זאָל זי אויך אונדז האָבן אין זינען, פאַרשטייט זיך, פאַר אונדזער געלט. דערבײַ האָב איך איר געזאָגט: די שפּײַז־קראָם איז נעבן אונדזער שטוב — נאָך ברויט, מילך, גרינסוואַרג און אַנדערע פּראָדוקטן גיי איך און מײַן זון. וועט קיין גרויסע לאַסט אויף איר נישט פאַלן. זי וועט אונדז נאָר דאַרפן אונטערזאָגן, וואָס און וויפל אײַנצוקויפן.

די אַפּטייקערין האָט געהאַט אַן אויסגעבלייכטן, ברייטן פּנים און די בלייכקײַט האָט נאָך אונטערגעשטרײַכט דאָס, וואָס זי פלעגט שטאַרק אָנפאַרבן אירע ליפּן. זי האָט געצויגן מיט אַ פוס און זיך געקלאָגט אויף אַ לעבער־קרענק, אָדער, דאַכט זיך, אויף גאַל־שטיינער. זי איז געווען נישט קיין באַרעדעוודיקע און מיך און מײַן זון נישט געמוסרט. בלויז

ווען־נישט־ווען אַ שטילן שמייכל טאָן. אַ פיל־געפּרוּווטע, קלוגע פרוי. נאָענט מיט מיר, האָב איך עס פאַרשטאַנען, האָט זי נישט געוואָלט זײַן, אַצינד שוין, אין עלף־צוועלף יאָר אַרום, פּרוּוו איך זיך פאַנאַנדערקלײַבן: עפּעס האָט זי יאָ געמיינט און איינצײַטיק געספּקט זיך און אַ ביסל מיך געמאַטערט: „זי טאָר נישט... זי דאַרף עס נישט...״ האָב איך, סוף־כל־סוף, אַ קלער געטאָן: זי איז דאָך אַן אַפּטייקערין און ווייסט, מסתּם, בעסער פון מיר, וואָס זי טאָר און וואָס זי טאָר נישט... נאָר איך האָב אויף איר קיין שום פאַריבל נישט, פאַרקערט, זי האָט געהאָלפן אונדז אין דער באַלעבאַטישקייט און, ווו זי זאָל אַצינד נישט זײַן, ווינטש איך איר אַלדאָס גוטס און בין איר דאַנקבאַר.

אין אַ צײַט אַרום, ווען סאָניע איז שוין געווען מײַן פרוי און, אגב, טאַקע דורך מאַשעס אַ חברטע, איינע אַ סימע, האָב איך זיך צופעליק באַקאַנט מיט סאָניען (געבענטשט זאָלן זײַן אַלע ווילע צופעליקייטן אויף דער ערד!), האָט יענע סימע, איבערגעגעבן סאָניען, דער אַפּטייקער־רינס מיינונג וועגן מיר: „ער דאַרף אַ ווײַב, נאָר איך וואָלט אויף זיך אַזאַ „פּעטליע״ נישט אָנגעטאָן... און נישט דערפאַר, ווײַל ער איז אַן אינוואַליד, נאָר ווײַל דאָס טעלערל פון הימל איז ביי אים זײַן זון, זײַן גענאַטשקע און אויסערן זונעלע זעט ער אַרום זיך קיינעם און גאָרנישט...

# די רדיפות אויף ייִדישע קינדער

עס לויפן די טעג און די וואָכן... אָט איז שוין דער טריבער, קאַלטער דעצעמבער, דער ערשטער יאָרצײַט נאָך געניען. בראָניע האָט מיר געהאָט געזאָגט, אַז לויטן ייִדישן לוח איז געניע געשטאָרבן דעם 9טן טאָג אין טבת. מײַן זון לערנט זיך, איך בין אַליין אין שטוב. איך גיי צו צום קליידער־אַלמער, — עפן אים און קוק אויף געניעס גרינעם ווינטער־מאַנטל, אויפן גרויען פוטערנעם קאָלנערל. איך דערנענטער מײַן פּנים צום אַרבל און דערפיל דעם ריח פון עסענץ־עסיק. און דאָן טרײַבט מיך אַ געהיימער כוח צום פינצטערן, קליינעם אַלקערל פון אונדזערע שטוב־זאַכן, ווו אויף דער אויבערשטער פּאָליצע איז געניעס רענצל. איך עפן עס, און נעם אין דער האַנט באַזונדער יעדע פון די דרײַ פלעשעלעך... „אַליין פאַרברענט זיך״... „איז פון די שטאַרקסטע מענטשן אויף דער ערד״... איך לייג אַרײַן צוריק אין רענצל און נעם ווידער אַרויס, איינ־ציקווײַז און שטיי און באַטראַכט די גרויליקע פלעשעלעך... מ׳קלינגט

אין טיר. ס'איז מיַין זון. ער איז שוין דאָ פון שול. — גענע, וואָס אַזוי פרי ?, — פרעג איך אים. ווידער עפּעס געשען ? — וויַיל יעדן טאָג לעב איך איבער : די שקצים, כוליגאַנעס פון זיַין קלאַס און אויף די הפסקות פון די אַנדערע קלאַסן, זאָלן אים נישט צעמזיקן, ער זאָל קומען אַהיים מיט אַלע אברים. אמת, איך טרייסט מיך, וואָס מיַין זון האָט אַ גוטע שטים און טרעט אַרויס מיט דערפאָלג אויף די שול־אָוונטן און האָט אַ שאַרף צינגל — ער רעדט ווי מען דאַרף אַרויס, דעם „ריש", נאָר אַלציינס, אָן דעם „זשיד" גייט עס נישט. אין גוטן מוט, אפילו, דערמאָנט מען אים : — זשידיאָנאַק, כאַראַשאָ פּאָיאָש... זינגסט גוט... אַ שטאַרקן שנעל אין שטערן : אַבראַמטשיק שאַליאַפּין... און אַ צוגאָב צום שנעל — אַ סטוסאַק, אַ בוכענצע אין זיַיט, אין קאָפּ, אין רוקן...

ער'גער איז מיט מיַין זונס חבר מישע וואָלקאָמירסקי. אַ פול־געפּאַקט, שטיל בחורל מיט רויטע באַקן, און מיט אַ קאָפּ שוואַרצע, געקרויזטע האָר. ס'איז נישט געווען דער טאָג, די שקצים זאָלן אים נישט שלאָגן. ווי־נאָר עס צעקלינגט זיך דאָס גלעקל — אַ הפסקה, לויפן שוין די כוליגאַנעס פון קלאַס אין קאָרידאָר מיט אַ געשריי : „אידיאָם ביט זשידאָוו !" (מיר גייען שלאָגן די זשידעס). און דעם ערשטן זוכן זיי אויף מישע וואָלקאָמירסקין. מ'פאַרשטויסט אים אין אַ ווינקל און מע בויקערט : — אַ זשיד, אַ פּאַנטשיק, אַ ווייכע בולאָטשקע, — און מען באַהאָגלט אים מיט קלעפּ פון אַלע זיַיטן. צו דערציילן וועגן דעם דער מאַמען, דעם טאַטן, האָט ער זיך נישט דערוועגט, עס זאָל נישט ערגער זיַין. אַ מאָדנער שטילער יינגל — געליטן און געשוויגן. וואָלקאָמירסקיס מוטער — אַ לערערין פון רוסישער ליטעראַטור, און דער טאַטע — אַן אָנגעשטעלטער אין אַ מיליטערישן אַנשטאַלט. האָט מיַין זון מער נישט געקאָנט צוזען די זדיעקעריַיען און זיך איַינגעשטעלט פאַר אים און דערפאַר באַקומען... ער איז אַריַין אין שטוב מיט אַ ביַיל אונטערן אויג. איך האָב אָנגעקלונגען אַהיים צו וואָלקאָמירסקיס עלטערן און אַליין אַן אויפגעשרויפטער, אַוועקגעלאָפן אין שול. אַריַין אין לערער־צימער, דער דירעקטאָר און דער פאַרוואַלטער פון לערן־טייל, זיַינען גראַדע געווען דאָרטן. איך האָב געשריען ווי נישט אין זיך : מיַין זיבן יאָריקן זון האָבן אין געטאָ די היטלעראָווצעס און די פּאָליציַיען דערהרגעט, מיַין אַכט־חדשימדיקער זון איז געשטאָרבן אין די צעפּוילטע בירעבידזשאַנער באַראַקן, און איך שריַיב נאָך אַלץ די לידער וועגן פעלקער־פריַינדשאַפט... וויל מען דאָ ביַי מיר אומברענגען אויך מיַין דריטן זון — אַן אויג פאַר אַן אויג ! איך וועל אים נישט לאָזן גיין אין שול, ביז איר וועט דאָ נישט מאַכן קיין פולשטענדיקע אָרדענונג...

אויך מישע וואַלקאַמירסקיס עלטערן האָבן נאָכגעטאָן מײַן בײַשפּיל און געהאַלטן זייער מישען אין דער היים. עס איז דורך אַ וואָך, אַ צווייטע, מ׳האָט געקלונגען צו מיר פון דער שול־דירעקציע — איך האָב אַפילו נישט געענטפערט. ביז עס איז צו מיר אין שטוב געקומען די קלאַסן־אָנפירערין און פאַרזיכערט:

— מע האָט די כוליגאַנעס פון שול אויסגעשלאָסן. דער זון קאָן זיך צוריקקערן אין קלאַס.

# סאָניע גאָכמאַן פון פּאָליעסיע

איך האָב קיין מינדסטע רעכט נישט צו זײַן נישט צופרידן מיט מײַן גורל. איך וואָלט אים אפילו אָנרופן אַנדערש — מײַן גילגול, ווי דורכגע־ביטערט ער זאָל נישט האָבן געווען. מײַן בליק נישטערט פאַרלוירן אַרום — ווי ווערט מען געהאָלפן? — קיין סימן פון קיין טרייסט, בײַ וואָס זיך אָנצו־האַלטן, אַרויסצוקריכן פון דער גערדיכטער וואַלד־פינצטערניש אויף דער ליכ־טיקער שײַן? — האָט אין אָט די, דאַכט שוין, אויסזיכטלאָזע רגעס אַראָפּ־געגנידערט צו מיר אַ „מלאך פון הימל״ און דאָס מאָל אין געשטאַלט פון דער אומבאַקאַנטער מיר, סאָניע, איר מיידלשע פאַמיליע — גאָכמאַן. אַן אָפּשטאַ־מיקע פון ייִדיש־ווײַסרוסישן שטעטעלע ליעלטשיצי, אויף פּאָליעסיע. עס האָט זי, ווי בלינדערהייט אַרויפגעפירט אויף מײַן סטעזשקע, איר אייגענע, טרויע־ריק־טריבע דאָליע: ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. איר מאַן עליע חפץ איז תיכף מאָביליזירט געוואָרן. זי האָט זיך מיט איר דרײַ יאָריק טעכטערל עוואַ־קויִרט קיין סווערדלאָווסק. דער מאַן איז אינעם 1943 יאָר אין די שלאַכטן בײַ פּאָלטאַווע אומגעקומען. נאָכן קריג האָט זיך סאָניע מיט איר קינד צוריק־געקערט קיין מינסק, חתונה געהאַט מיט מאָטע וואַפניק — אַ פּראַנטאָוויק — זײַן משפּחה, אַ ווײַב מיט צוויי קינדער פאַרלוירן אין מינסקער געטאָ. אַ ווילער האַרציקער ייִד, אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער, אַ בויער, ער האָט דערצויגן איר טאָכטער. אינגיכן האָט אים סאָניע געבוירן אַ זון.

אין דעם זעלבן יאָר, ווען ס׳איז געשטאָרבן געניע, איז אויך געשטאָרבן איר מאַן. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, איז פון אַ קאַנצער, אין עלטער פון 34 יאָר, געשטאָרבן איר טאָכטער סוויעטלאַנע, איבערגעלאָזן אַ זעקס יאָריק מיידעלע מאַרינע. סאָניעס זון אַרקאַדי, אַ חתונה געהאַטער, האָט מיט זײַן פרוי און צוויי קינדער געלעבט בײַ שווער און שוויגער, אין אַן אַנדער עק פון שטאָט. פון גרויס צער און פּײַן, האָט סאָניע זיך קיין אָרט נישט געפונען

אין די פיר ווענט פון איר אייגן הויז, וואָס זי האָט צוזאַמען מיט איר מאַן געבויט מיט אַזויפיל האַרעוואַניע. פלעגט זי אַוועקגיין פון שטוב צום אייניקל, נעכטיקן דאָרטן און העלפן דעם איידעם אין דער באַלעבאַטישקייט און זאָרגן זיך פאַר מאַרינען. און ווען־נישט־ווען קומען צו איר שטוב, צום פאַרלאָזטן גאָרטן, צו די פאַרוויאַניעטע בלומען, וואָס זי האָט מיט ליבשאַפט, יאָר איין — יאָר אויס געכאָוועט. אין אָט דער שווערער צייט האָבן מיר זיך באַגעגנט און נאָענט געוואָרן. נאָכן קריג האָט שוין סאָניע אַלס דערציערין אין אַ קינדער־גאָרטן נישט געאַרבעט — אין דער געביידע פון מינסקער לאַנד־ווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט פאַרוואַלטעט מיט אַ ביכער־קיאָסק. פלעגט זי נאָך דער אַרבעט אין אָוונט זײַן בײַם איידעם און מאַרינען, קאָכן, וואַשן און קומען צו מיר און העלפן מיר און מײַן זון. אין מערץ 1973 איז סאָניע געוואָרן מײַן פרוי.

מײַן ייִנגערע טאָכטער לעבט אין ישראל. מיר שרײַבן זיך רעגולער דורך. נאָר די ווײַסרוסישע שרײַבער־אָרגאַניזאַציע האָט צו מיר קיין שום אָפיציעלע שטראָף־מיטלען נישט אָנגעווענדט — מײַן עלטערע טאָכטער, מײַן זון און איך זײַנען דאָך אויפן אָרט. און איך האָב חתונה געהאַט. און מײַן פרוי און קיינער פון אונדז האָט קיין דאָקומענטן אַרויסצופאָרן קיין ישראל נישט אָנ־געגעבן. אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" וואַרט מען וואָכזאַם אויפן „פּיפּס" — אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספירן, וואָס סוועט בנוגע מיר אָנ־נעמען דער מינסקער שרײַבער־פאַריין. דאַן וועלן זיי שוין וויסן וואָס צו טאָן... נאָר דער דאָזיקער „פּיפּס" איז נאָך פון מינסק נישט געקומען. כאָטש צו דרוקן אין דער היגער ווײַסרוסישער פּעריאָדיק, האָט מען מיך אויפ־געהערט. די ווײַסרוסישע פּאָעטן בעטן שוין בײַ מיר נישט קיין נײַע לידער איבערצוזעצן. אָבער מײַנע זאַמל־ביכלעך אינעם ווײַסרוסישן פאַרלאַג „מאָס־טאַצקאַיאַ ליטעראַטוראַ" — „קינסטלערישע ליטעראַטור", די נאָך פריִער פאַרפּלאַנירטע, זײַנען צו מײַן מזל, דערשינען. אויך דאָס ביכל פאַר קינדער „וויאַסיאָליִאַ וואַראַטאַ" — „די פריילעכע טויערן". די קאַפּוליער אַנצוהערעניש בעט זיך ממש אַליין אויף די ליפּן — די „פריילעכקייט" פון די סאָוועטישע פאַרהאַסטע טויערן... אין „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן זיך אין די פעברואַר און מערץ נומערן געדרוקט מײַנע אוזדער געשיכטעס. בין איך זומער צוזאַמען מיט סאָניען אַרויסגעפאָרן קיין פּאַליעסיע, געווען אַ חודש אין דעם שטעטעלע יעלסק, דערנאָך אַוועקגעפאָרן קיין פּאַרעטשע נעבן גראָדנע און קיין דרוסקעניִנקי. געווען צווישן די ווײַסרוסישע און ליטווישע ייִדן, געקו־קוויקט זיך מיט זייערע ליבע תנועות און העויות; מיט זייער טײַערן ייִדיש, דעם קלוגן מענדעלע־לשון; געזעגנט זיך אין ווײַסרוסישן וואַלד מיט יעט־ווערער פּאַזעמקע און שוואָם, אָנגעקוקט זיך אין די שטעטלדיקע סעדער און

גערטנער אויף די קאַרשן־בוימער, אויף די עפּל־און באַרן־בוימער, אויף די ווײַמפּערלעך און אַגרעטן־קוסטעס, צעשיידט זיך מיט דער שטראַליקער קי־לער דורכזיכטיקײַט פון די קוואַלן און טײַכלעך און אַ סך, אַ סך געשריבן. און רײַע און גענע גרייטן זיך... ס'האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לערניאָר. גענע איז אַלט געוואָרן זעכצן און איז אין דעם זעלבן טאָג מיט זײַן מעטריקע אין דער האַנט אַוועק אין מיליציע און באַקומען אַ פּאַס. איז ער שוין אַ פאַלנער אדם — אַ גראַזשדאַנין מיט אַ סאָוועטסקן פּאַספּאָרט און האָט רעכט אָנצוגעבן צוזאַמען מיט רײַען די פּאַפּירן אויף עולה צו זײַן.

מײַן שמחה און אויך מײַנע קינדערס און סאָניעס — אין מאָסקווע איז דערשינען מײַן לאַנג־געוואַרטער, געגאַרטער בוך ייִדישע לידער „יאָרן יאָרן מײַנע". קאָן איר שוין דרייסט, מיט אַ גרינגן האַרצן, גיין אין דער הויז־פאַרוואַלטונג, חתמענען מײַן אונטערשריפט אויפן פּאַפּיר, וווּ עס שטייט אָנ־געשריבן שוואַרץ אויף ווײַס — איך האָב גאָרנישט קעגן מײַן טאָכטער רײַע און מײַן זון גענאַדי זאָלן עמיגרירן אין דער מדינה ישראל.

## איך בין דײַן מאַמע...

און ווען רײַע און גענע האָבן שוין באַקומען די וויזעס קיין ישראל און שוין געוווּסט דעם ענטגילטיקן טאָג, וואָס דער מינסקער אַוויר האָט זיי געגעבן צו פאַרלאָזן סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז בראָניע פּאַראַליזירט געוואָרן. זיי האָבן זיך מיט דער מומען געזעגנט אין שפּיטאָל. זי האָט קיין מענטשן נישט דער־קענט. רײַע האָט אויסגעפּלאַצט מיט אַ געוויין,געקושט בראָניעס הענט, גע־גלעט, געצערטלט איר פּנים. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף בראָניעס זון קים, וואָס איז אַ בלייכער געשטאַנען לעם דער מאַמעס בעט... כּהרף־עין האָבן זיך פאַר מײַנע אויגן דורכגעטראָגן יאָרצענדליקער... ווי אַזוי קים איז שטאַרק ענלעך אויף זײַן פאָטער, דעם הויכן שיינעם יוסף גערשאָן, דעם דאַמלטדיקן מיניסטער — פאַרטרעטער פון פאָלקאָמבילד פון ווײַסרוסלאַנד. קאָן דען זײַן אַ מער געפּלאָגטער, אומדערבאַרעמדיקער גורל, ווי דאָס איז געוועזן בראָניעס? — אין 1937טן יאָר האָט די מינסקער נ.ק.וו.ד. איר קרוין פון קאָפּ, יאָשקע גערשאָנען פאַר נאַציאָנאַליזם און טראָצקיזם געשאָסן. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער ווערט בראָניע, ווי די פרוי פון אַ פאַרעטער פון היימלאַנד און שונא פון פאָלק, אַרעסטירט און פאַרשיקט אויף יאָרן־לאַנג אין די קאַזאַכסטאַנישע רעזשימנע לאַגערן. זייערע צוויי קינדער — די צען־עלף־יאָריקע לענע און דעם זיבניאָריקן קים, האָט מען צעשיידט און צוגענומען אין פאַרשיידענע

ספעציעלע קינדער־איזאָליאַטאָרס פון דער נ.ק.וו.ד. מיט געוואַלד אָפּצוסאַמען די קינדערשע הערצער מיט אייביקער שנאה און פאַראַכטונג צו טאַטע־מאַמע — „די פאַרשאָלטענע פֿײַנט פון פאָלק״...

דער באַברויסקער יונגער אַרבעטער־בערשטער — פון אָרעמע עלטערן — יאַשקע גערשאָן, איז נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געוואָרן איינער פון די גרינדער פון דער שטאָטישער קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע. זײַן געטרײַשאַפט, גרייט זײַן אָוועקצוגעבן די נשמה פאַר דער רעוואָליוציע, פאַר דער סאָוועטן־מאַכט, איז געווען אויסערגעוויינלעך, אָן אַ גרענעץ. און בראָניע האָט מיט איר גאַנצן האַרצן ליב באַקומען איר יונגן שטאָלטן מאַן, שטאָלצירט מיט יעדן זײַן קער און ווענד; זי האָט איר ראָמאַנטישע יידישע יוגנט אײַנגעוועבט אינעם גרויסן אָקטיאַבער־אידעאַל. צוזאַמען מיט איר גינציקן לעבנס־פרײַנד, געטרוימט צו בויען די נײַע אָרדענונג מיט די שײַנענדיקע מאָסקווער רויטע קרעמל־שטערן פאַר גאָרער ערד...

ווען ס׳איז בײַ זיי געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע קינד — אַ מיידעלע, האָבן זיי זי אָנגערופן — לענאַ, עס זאָל אין זייער טעכטערלס נאָמען, קלינ־גען לענינס נאָמען. און ווען אין עטלעכע יאָר אַרום איז געבוירן געוואָרן דאָס צווייטע קינד — אַ ייִנגעלע, האָבן זיי אים אַ נאָמען געגעבן — קים, אַ ראשי־תבות פון רוסיש — קאָמוניסטיטשעסקי איִנטערנאַציאָנאַל מאָלאָדיאָ־זשי — קאָמוניסטישער יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל.

דער פשוטער באַברויסקער בערשטער יוסף גערשאָן האָט אין זײַנע קינ־דער־יאָרן און פריִער יוגנט נישט געהאַט קיין מעגלעכקײַט צו לערנען זיך, האָט בראָניע איר אינטעליגענטן וויסן, איר אָלזײַטיקע באַלעזנקײַט, ליבשאַפט צו קינסטלערישער ליטעראַטור, אין משך פון יאָרן, פאַרטײַעט, מיט געדולד אײַנגעזאַפּט אין איר מאַן, געבילדעט אים, געהאָלפן צו דעראָבערן דעם פאַר־דינטן, אָנגעזעענעם אָרט און נאָמען אין דער סאָוועטישער סביבה. יוסף גער־שאָן האָט דאַן אָנגעשריבן אין ייִדיש און אַרויסגעגעבן דורכן ווײַסרוסישן מלוכה־פאַרלאַג (ייִדישער סעקטאָר) צוויי איליוסטרירטע ביכער פאַר די שילער פון די עלטערע קלאַסן „פּינקע קאָמיוגיסט״ וועגן די באַברויסקער קאָמ־יוגיסטן קעמפער פאַר דער יונגער סאָוועטן־מאַכט און אַ צווייט ביכל „מאַטיל־דאַ״ וועגן אַ געוואַגטער אויסלענדישער יונגער פרײַהײַט־קעמפערן, רעוואָליו־ציאָנערקע.

ס׳האָט זיך מיר פאַרגעדענקט אינעם זומער פונעם 1935טן יאָר האָט מען ברייט אָפּגעמערקט דעם יובילײ פונעם פאָלקס־פּאָעט פון ווײַסרוסלאַנד — יאַנקאַ קופּאַלאַ. אין מינסק איז געווידמעט אָט דער פײַערונג פאַרגעקומען אַ רעגירונגס־באַנקעט מיט וואָדקאַ און שאַמפּאַניער. צווישן די פּילצאָליקע געסט פון די מיניסטעריומס, האָב איך דערזען בראָניען. זי האָט געוווּסט, אַז

איך בין נאָענט מיט איר ברודער, דעם דיכטער גענאַדי שווערדיק. ס׳האָט מיך דאַן פאַרוווּנדערט די שיינקייט און ליבלעכקייט, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון אירע גרויסע בלויע אויגן — אַ הויך־וווּקסיקע פרוי, קרוב צו פערציק, מיט אַ יוגנטלעכן קלוגן ייִדישן חן און רייץ אויף די פולע שווערדיק־ליפּן, אין בלי פון איר משפחה־גליק. איך בין שוין געווען בגילופין, בין איך דרייסט צו איר צוגעגאַנגען און מיט מײַנע פינף־און צוואַנציק קוטשעראַווע ביינער־דיקע יאָר געדריקט שטאַרק אירע וואַרעמע הענט, ממש צוגעקלעפּט געוואָרן צו איר. זי האָט מיך שמייכלענדיק, מוחלדיק אָנגעקוקט מיט טשיקאַוועס. ..און פּלוצעם — אַזאַ קלאַפּ, אַזאַ פינצטערער בראָך — סטאַלינס רציחה, צעטראָטן געוואָרן בראָניעס שיין לעבן, עוקר מן השורש געווען איר ליכטי־קע משפחה־נעסט...

אין האַרבסט פונעם 1941טן יאָר, ווען בראָניע איז שוין אַ פינף יאָר פאַרשפאַרט געווען אין די קאַזאַכסטאַנישע לאַגערן און די היטלער־אַרמייען האָבן זיך געהאַט אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע דערנענטערט צו כאַרקאָוו, האָט מען די זעכציק־יאָריקע סטודענטקע פונעם כאַר־קאָווער פאַרמאַצעווט־טעכניקום לענאַ גערשאָן, בראָניעס טאָכטער, געשיקט צו גראָבן אָקאָפּעס. מע האָט זיך נישט באַוויזן אַרומזען, ווי די דײַטשישע טאַנ־קען זײַנען שוין געווען אין שטאָט. מע האָט לאַנג נישט באַדאַרפט זוכן די יעניקע, וואָס האָבן אָנגעוויזן, געטײַטלט אויף לענען:

— גלויבט איר נישט, זי איז נישט קיין רוסישע, זי איז אַ זשידאָווקע און אַ קאָמסאָמאָלקע. איר טאַטע איז געווען אַ באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר... האָבן זי די דײַטשן דערשאָסן.*

* ווען מ׳האָט י. גערשאָנען אין 1957טן, 20 יאָר נאָך זײַן טויט רעהאַביליטירט און בראָניע האָט שוין דאַן געוווינט אין מינסק, איז זי פאָרן מאָנס רעהאַביליטאַציע־געלט געפאָרן קיין כאַרקאָוו, געווען דאָרט אַ חודש צײַט, אויסצוזוכן די שפּורן פון איר טאָכטער, געפונען די געבליבענע פונעם געוועזענעם צוזאַמענוווינונג פון טעכניקום, אין וועלכן לענע האָט זיך געלערנט. אין דעם זעלבן הויז האָט גע־לעבט אַן עלטערע פרוי, וואָס איז דאַן געווען די אויפּראַמערן פון צוזאַמענוווי־נונג, זי האָט געדענקט לענען, און געוווּסט, אַז זי איז אין טעכניקום אָנגעקומען לערנען זיך פון אַ קינדערהיים. עס איז איר גאָר נישט אײַנגעפאַלן, אַז זי איז אַ ייִדישע — אַ העל־בלאָנדע מיט בלויע אויגן און אַזוי שיין און באַטעמט גע־רעדט רוסיש. בראָניע האָט באַ אָט דער עלטערער פרוי איבערגענעכטיקט. זי האָט בראָניען דערציילט:

— ווען לענע האָט זיך צוריקגעקערט פון די אָקאָפּעס, זײַנען אין צוזאַמענ־וווינונג געבליבן בלויז עטלעכע סטודענטקעס און סטודענטן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין עלטערן, אָדער די, וועמען ס׳איז שוין שווער און געפערלעך געווען אַרויסצוקלײַבן זיך פון שטאָט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זײַנען אין צוזאַמענ־וווינונג געקומען צוויי באַוואָפנטע דײַטשן און צוגענומען לענען. מער האָט מען זי שוין נישט געזען...

דער נ.ק.וו.ד.־קינדערהיים, אין וועלכן ס'האָט זיך דערצויגן קים, אויף אוקראַיִנע, האָט באַוויזן זיך צו עוואַקויִרן. איז קים לעבן געבליבן.

אינעם 1944טן יאָר, עס איז נאָך געגאַנגען די מלחמה, בראָניע איז שוין אין לאַגער געווען קראַנק, אין גאַנצן צעבראָכן, קוים געשלעפּט די געשוואָלענע פיס, געוואָרן אַ „דאָכאָדיאַגע". די אויסצערנדיקע האַרעוואַניע און טעג און נעכט ברענען די געהירן וועגן גורל פון אירע צוויי קינדער, זי האָט פאַר־צווייפלט, שרעקלאָז געפּאָדערט בײַ די לאַגער־נאַטשאַלניקעס, דערוויסן זיך, ווו אירע קינדער זײַנען — פון דעם אַלעמען איז זי געוואָרן אַ שאָטן פון אַ מענטשן.

און ס'איז שוין לעכערלעך געווען אָט דעם „שאָטן" אײַנצושפּאַנען אין די קאַטאָרזשאַנסקע האַלאַבליעס, זי זאָל אויספּילן די לאַגער־נאָרמעס, אויף צו באַקומען איר „פּייקע" ברויט און טעלער באַלאַנדע־זופּ. האָט שוין בראָניע פאַר דער לאַגער־נאַטשאַלסטווע פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ „נול", ווײַל לויט איר עלטער — זעקס און פערציק יאָר — מוז זי אַרבעטן און דערלאַנגען די אַנטשפּרעכיקע פּראָצענט — אײנסן פון דער לאַגער־פּראָדוקציע. האָט מען זי פון לאַגער אָן קיין שום בירגערלעכע רעכט „באַפרײַט" און פאַרשיקט אויף „וואָלנאָיע פּאָסיעליעניע" פרײַער־ווינאָרט — קיין נאַמאַנגאַן, אוזבעקישע רעפּובליק, פּשוט גערעדט, האָט עס באַטײַט — „האַלט זיך אַליין אויס, אויב דו טראַכסט נאָך לעבן"...

איז זי די ערשטע צײַט אין די לאַגער־מלבושים, די געשוואָלענע פיס אַרומגעדרייט אין שמאַטעס־לאַפּטיעס, אַרומגעקראָכן איבער די גאַסן פון דער פּרעמדער מזרח־שטאָט, פּלעגט אויפקלײַבן אַרום די זשודאָ־ביימלעך די אַראָפּגעפאַלענע זיסלעכע שאַלקאָוויצע־יאַגעדעס און מיט דעם אונטערגע־האַלטן איר צאַנקענדיקן חיות.

דער הונגער האָט זי געטריבן צו דער נאַמאַנגאַנער פּאָסט. דאָרט פּלעגט זי פאַר די אוזבעקן אויפשרײַבן אויף די קאָנווערטן די בייטיקע רוסישע אַדרעסן און דערפאַר באַקומען אַ פּאָמידאָר, אַ שטיקל ליעפּיאָשקע, אַ זשמענקע אוריוק־שעפּטאַל.

בײַ אירע זעקס־זיבן און פערציק יאָר, אין די לאַגער־טראַנטעס, מיט אײנגאַנצן אַ גרויען קאָפּ האָר, אָן אַ צאָן אין מויל, האָט זי געהאַט דעם אויס־זען פון אַ שגעונדיקער זקנה־בעטלערן...

ביז יידישע משפחות פון די עוואַקויִרטע, האָבן בראָניען געהאָלפן אײַנ־צואָרדענען זיך אין אַ פאַרלאָזטער האַלב־חרובער קיביטקע, געגעבן איר קליידער, אַ טישל, אַ בעטל, אַ טאַבורעטקע, צוגעזוכט פאַר איר צווישן די פאַרמעגלעכערע בוכאַרער יידן, ווו זי זאָל קאָנען זײַן אַ רעפּעטיטאָרן, און־

טערלערנען די הינטערשטעליקע שילער אויף רוסיש און אַריפמעטיק. זי פלעגט דערפאַר באַקומען רחמונות־גראַשנס, אַ גלאָז טיי מיט קיש־מיש־ ראַזשינקעס און אין די שבתים אַ טעלער געקעכץ און אויף אַ טעצעלע אַ ביסל פלאָוו.

זי האָט אויסגעהאַלטן בראַניע, צו זיך געקומען, און אָן אַן אויפהער געשריבן קיין סאַראַנסק, מאָרדאָווער רעפובליק, אין קינדערהיים צו איר זון, צום דירעקטאָר, צו די דערציער.

זי האָט שוין געוווּסט, אַז בײַם קינדער־היים עקזיסטירט אַ לאַנד־ ווירטשאַפטלעכע שול פאַר יונגע טראַקטאָריסטן. איר זון לערנט זיך דאָרט. קים איז אַלט געוואָרן 15 יאָר, האָט זי בײַם דירעקטאָר פונעם קינעדרהיים געפּועלט, מע זאָל אים אויף די זומער־קאַניקולן, אַפּלאָזן קיין נאַמאַנגאַן, צו זען זיך מיט דער מאַמען.

ווען דער בלאָנדער הויכער ברייטפּלייציקער בחורל אין דער גרויער וואַטאָווער פופײַקע מיטן הילצערנעם טשעמאָדאַנטשיק אין דער האַנט, האָט געעפנט די טיר פון דער קיביטקע און דערזען זיצנדיק אויפן בעטל בראַניען, איז ער געבליבן שטיין פאַרלוירן און פרעגט בײַ איר ניט זיכער:

— דאָ וווינט מײַן מאַמע בראַניע באָריסאָוונא גערשאָן? —

און נעמט אַרויס פון דער פופײַקע־קעשענע דער מאַמעס קאָנווערט מיטן אַדרעס, ווי אַ באַשטעטיקונג, — יאָ, דאָ איז עס... וווּ איז מײַן מאַמע?...

אין קימס זכרון — אַ זיבניאָריק קינד, האָט זיך פריש אָפּגעשטעמפּלט און פאַרבליבן נישט געענדערט די מאַמע־געשטאַלט — אַ הויכע, אַ שיינע מיט צעפלאָסענע שמעקנדיקע האָר און מיט תמיד גוטע שמייכלענדיקע אויגן, און זיסן געשמאַקן קול...

און בראַניע איז געבליבן זיצן אויף איר בעטל אַ געפלעפטע, אַזוי ווי הימל און ערד וואָלטן זיך פּלוצעם געביטן מיט די ערטער — פון איר נשמה־טיפעניש האָט זיך אַ הייב געגעבן אַ זוניקע שימערירנדיקע כוואַליע, פאַרפלייצט זי מיט אַן אומגעהויערער פרייד — איר איינציקער זון, איר זיס לײַב־און־לעבן, צוויי ליכטיקע טראָפּנס, אַ קאָפּיע פון איר יאַשקען, שטייט ווי אַ צויבער, אַזוי וואַרהאַפטיק — נאָענט פאַר אירע אויגן און אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט איר אַ זעץ געטאָן אין האַרצן די גרויזאַמע טראַגישקײַט — נישט צו דערשרעקן איר זון... עס ווערט איר קאַלט אין אַלע אבֿרים, עס פאַרכאַפּט דער אָטעם, זי פּרוּווט צו אים אַ שמייכל טאָן, זי שטאַרקט זיך, זי הויבט זיך אויף פונעם בעטל:

— יאָ, קימינקע, דו האָסט געטראָפֿן, דײַן מאַמע וווינט דאָ...

זי נעמט אים אָן בײַ דער האַנט. ער טוט זי אַ ריס צו זיך מיט ווידער־געפֿיל:

— ווּ איז זי אָוועק ?...

— זעץ זיך צו, טײַערער, זי דאַרף באַלד אַרײַן...

בראָניע דערלאַנגט אים די איינציקע טאַבורעטקע בײַם טישל... און ווען קים האָט זיך אָוועקגעזעצט און מיט צעשטרייטע אויגן געקוקט אויף די פֿאַרשטויבטע ליימענע קיביטקע־ווענט, סטאַרענדיק זיך נישט צו באַמערקן די אַלטע... זעצט פֿאַר בראָניע:

— דו ווייסט, קימינקע, דײַן מאַמע, וואָס דו געדענקסט פֿון מינסק, איז אַכט יאָר, אומזיסט און אומנישט געווען אַן אַרעסטאַנטקע אין אַ לאַגער און דאָרטן פֿון הונגער, קעלט און שרעק, טויט־קראַנק געוואָרן און איז אַזוי ווי איך, אין גאַנצן גרוי, די פּיס זײַנען בײַ איר געשוואָלן און די פֿינגער פֿון די הענט האָבן זיך בײַ איר, דו זעסט, ווי בײַ מיר, אויסגעקרימט און אויסגעדרייט... און בראָניע האָט אויסגעבראָכן מיט אַ היסטערישן געיאָמער, געגאַנגען אויף איר זון, אַרומגעכאַפּט אים מיט אירע קראַנקע צעטריקנטע הענט:

— איך בין, קימינקע, דײַן מאַמע! איך בין בראָניע באַריסאָווּנאַ גער־שאָן! דײַן טאַטע איז געווען אַ קרישטאָל־ערלעכער מענטש... מערדער־אַנטיסעמיטן האָבן אים געשאָסן — אויסגעטראַכט, אַז ער איז אַ שונא פֿון פֿאָלק, אויסגעטראַכט! אויסגעטראַכט!...

...ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפֿן; די פּאָר טעג, וואָס קים איז געווען בײַ בראָניען אין דער קיביטקע, האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו קוקן אויף דער דרויסן־טיר, ווי ס׳וואָלט באַדאַרפֿט אַרײַנקומען זײַן אמתע מאַמע, און ניט אָט די אַלטע קראַנקע זקנה, וואָס הערט נישט אויף אין אים אַרײַנצורײדן אַזעלכעס, וואָס די אויערן זײַנע ווילן נישט הערן...

אויפֿן דריטן טאָג איז קים נעלם געוואָרן, אַנטלאָפֿן מיט זײַן הילצערנעם טשעמאָדאַנטשיק צוריק קיין מאָרדאָוויע אין קינדערהיים...

ס׳האָט נאָך באַדאַרפֿט נעמען אַ גוטע פּאָר יאָר, ביז בראָניע האָט אין אירע אָנצאָליקע בריוו צו איר זון, באַוואַשנדיק זיך מיט טרערן, אויפֿ־געוועקט אין אים נאָענטקײַט, מוטער־ליבע.

אַצינד ווען קים, שוין עטלעכע און פֿערציק יאָר אַלט, איז אַן אויסגע־בלייכטער און שווייגנדיקער געשטאַנען בײַ דער בעט פֿון זײַן פּאַראַליזירטער מאַמען, האָט־זי אים נישט דערקענט און אויך נישט אירע פּלימעניקעס רײַע און גענע און נישט מיך, איר שוואָגער...



דעם 6טן אָקטאָבער 1973 יאָר, אַקוראַט אין דעם טאָג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די יום־כּיפּור־מלחמה, זײַנען רײַע און גענע געקומען צו פליען פון ווין קיין תּל־אָביב, און אויפן בן־גוריון־אעראָפּאָרט האָבן שוין אין די צוגעשלאָסענע * גלעזערנע טירן אַרײַנגעקוקט און געזוכט זיי מיט די אויגן מײַן טאָכטער אסתּר און מײַן אײדעם ליאָווע.

# דער קאַליסטרוי...

פון מײַנע גאָר פריִע קינדער־יאָרן האָט זיך בײַ מיר אין מײַן זכּרון אויפגעהיט אַ בילד: אַ שׂמחה אין שטוב — אין אַ נאָוועגע די קאַץ האָט זיך געקעצלט. ערגעץ אין אַ פינצטערן טשולאַנטשיק, אָדער אין פּאָדערהויז, האָט די באָבע נאָך פאַר דעם אָוועקגעשטעלט דאָרט די צעבויגענע צעלע־כערטע שיסל און אָנגעוואָרפן אַהין שמאַטקעס. אָבער עס גייט דורך עטלעכע טעג און איך דערשרעק מיך — איך דערזע, די אויסגעדאַרטע קאַץ טראָגט אין אירע ציין, אַזוי ווי אַ מײַזל, איינס פון אירע נײַ־געבוירענע בלינדע קעצעלעך און פאַרשווינדט מיט דעם ערגעץ און מיט אַ ווײַלע שפּעטער, זי שלעפּט שוין אין איר מויל אַ צווייט קעצעלע. מײַן באָבע באַרויִקט מיך: האָב קיין מורא נישט, בעבעלע (אַזוי פלעגט מיך מײַן באָבע געצערטלט רופן), דאָס האָט זי געפונען פאַר אירע קעצעלעך אַ מער זיכערן אָרט. — און שפּעטער שוין, צוגעפירט מיך צום לײדיק־געבליבענעם שיסל און אַ זיפץ־טאָענדיק געזאָגט: „זעסטו, פּוסס... מ'זאָל איר, דער קאַץ נישט שטעכן אין די אויגן, צוגעזוכט פאַר זיי, מסתּם, אויפן בוידעם אַ שטילערן, רויִקערן ווינקל... אַזוי פּוסט און אומהיימלעך־טרויעריק איז מיר געוואָרן אויף דער נשמה, ווען מײַן זעכציניאָריקער זון איז אַוועקגעפאָרן. אַפילו, די לידער־שורות מײַנע, וואָס איך האָב דאַן אָנגעשריבן, האָבן מיך נישט באַ־רויִקט, נישט געשטילט:

* עד היום פאַרשטיי איך נישט דעם שׂכל דערפון, צוליב וואָס פאַרא העכסט־וויכטיקע אַספּעקטן, פלעגן די אָנגעשטעלטע פונעם אבסאָרבציע־מיניסטעריום אויפן בן־גוריון־אעראָפּאָרט, נישט צו לאָזן אין משך פון לאַנגע שעהען (אַפילו אַ טאָג אַ גאַנצן, צי אַ נאַכט) די אָנגעקומענע עולים פון רוסלאַנד, באַלד נאָכן אַראָפּשטײַגן פונעם עראָפּלאַן, צו זען זיך מיט זייערע ליבסטע און נאָענטסטע אין ישׂראל. אַזאַ אײַנפיר, פלעגט פאַרשטערן די שׂמחה פון דער געגאַרטער באַ־געגעניש אויף דער אייגענער ערד.

מײַן זון כ'האָב קיין ישראל באַגלייט
און גיי אַרום צעחושט, צעדרייט.
שוועבט דורך פאַר מיר זײַן שטילער חן...
מײַן בריוו זאָל כאָטש צו אים דערגיין.
ביז ענטפערן מײַן טרייסט מיר וועט,
אַזויפיל אויף דער ערד געשעט...
דאַן עטוואָס לינדער, פרײַער ווערט,
ווען איך פאַרקלעפּ שוין דעם קאָנווערט,
גלײַך נעבן מיר מײַן זון זאָל זײַן,
מײַן אויג פון קאָפּ, מײַן צוקונפט־שײַן.
עס בריט און ברענט מיך איין פאַרלאַנג —
— צעשיידט מיט אים נישט זײַן אויף לאַנג.

און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס סאָניע איז צו מיר צוגעבונדן און העלפט מיר אַרויס אין יעדער קלייניקייט, נאָר איך בין שוין איבער זיך קיין באַלעבאָס נישט. עס האַלט מיך בלויז אויף מײַן אומרו־אימפּעט, וואָס איך בין נאָך באַשעפטיקט מיט איבערשיקן די קינדער זייערע ביכער, די נאָטן, די מוזיקאַלע ענציקלאָפּעדיע. אין משך פון צען יאָר האָב איך אויסגעשריבן, אין דער רוסישער שפּראַך, די ביבליאָטעק־סעריע פון דער אַלוועלטלעכער ליטעראַטור. ס'איז שוין געווען אין שטוב אַ הונדערט מיט פופציק בענדער. פלעג איך איצט, כמעט, יעדן טאָג מיט סאָניען און אַנדערע מענטשן, וואָס פלעגן מיר העלפן, טראָגן פון „זיעלאָני לוג" אויפן צענטראַלן מינסקער פּאָטשטאַמט פּעקלעך ביכער צו דרײַ און צו פינף קילאָ אָוועקצושיקן עס קיין ישראל. און גלײַך נאָך דעם, גענומען איבערשיקן מײַנע אייגענע ביכער און זשורנאַלן, די ביכער, וועלכע ס'האָבן מיר געשאַנקען די ייִדישע, ווײַס־רוסישע שרײַבער, די ווײַסרוסישע ענציקלאָפּעדיע, דעם פיר־בענדיקן רוסישן ווערטער־בוך פון וולאַדימיר דאַל, אַ הונדערט עקזעמפּליאַרן פון מײַן נײַ־דערשינענעם בוך אין מאָסקווע „יאָרן יאָרן מײַנע", די צענדליקער ייִדישע ביכער, וואָס איך פלעג באַקומען פונעם וואַרשעווער ייִדישן פאַרלאַג. עס איז דורך אַ פּאָר חדשים און אין די אַלמערס און אין די טיש־קעסטלעך זײַנעז נאָר געבליבן מײַנע כתב־ידן, וואָס זיי, צום באַדויערן, האָב איך קיין רעכט נישט איבערצושיקן. און דאַן האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז איך וויל שוין מער נישט זײַן קיין „מינסקער ייִנגל" און גאָר איגניכן זיך אויף מיר, ווי דאָס איז אין דער סאָוועטישער מאָדע, אָנגעזעצט, צוגעגרייט פאַר מיר די שיינע „וואַרע" — דעם קאָליסטרוי...

די ערשטע האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל די ביוראָ פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע בײַם שרײַבער־פאַריין — זי האָט פאַרגעבן דעם טאָן:

— פאַרמאַסקירט זיך...

— געשאָטן אונדז זאַמד אין די אויגן...

— פאַרשטעלט זיך פאַר אַ שעפּעלע...

— צו ערשט אַוועקגעשיקט קיין ישראל די יינגערע טאָכטער, אַצינד די עלטערע און דעם קליינעם זון...

— אַזוי האָט ער זיי דערצויגן...

— אויסדרעסירט ציוניסטן, בלוטיקע שונאים פון אונדזער היימלאַנד און לאַכט פון אונדז אין די הויפּנס...

— אויסשליסן, אַרויסשלײַדערן!

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז שוין פאַרגעקומען די אַלגעמיינע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג פונעם ווײַסרוסישן שרײַבער־פאַריין. געקאָכט זיך, געריסן זיך צום וואָרט האָבן אין דער ערשטער ריי, די שטענדיקע דעזשורנע „אַרויס־טרעטער", די שרײַער, די פּרימיטיווע „קאָכלעפלעך" און צווישן זיי אויך אייניקע קאַריעריסטן — שונא ישראלס. זיי האָבן געשוימט און געהילכט און געשטעמפּלט מיך אויף אַלע אופנים מיט די טראַפּאַרעטן פון דעם סטאַלינישן „בדיטיעלנאָסט־רעקוויזיט", איבערגעחזרט דאָס אַלץ, וואָס עס האָט גע־פּסקנט די ביוראָ פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. די אַלטע, אויטאָריטעטע ווײַסרוסישע שרײַבער, וועלכע האָבן מיך געקענט יאָרצענדליקער, האָבן גע־שוויגן און אָפּגעקומען בלויז מיט דעם „אויפהויבן די הענט" — באַשטעטיקן דעם באַשלוס פון ביוראָ — אויסשליסן.

נאָך דער פאַרזאַמלונג פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, קומט די העכערע פּאַרטיי־אינסטאַנץ — די ביוראָ פון רײַקאָם פון פּאַרטיי, און ווען די ביוראָ פון רײַקאָם פון פּאַרטיי באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלוגג אויסצושליסן, נעמט זי שוין גופא אויף דער זיצונג צו דעם פּאַרטייישן בילעט.

האָב איך מיך געפּרוווט זאָגן דעם סעקרעטאַר פון דער שרײַבערישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע: וואָס דאַרף איך שוין גיין אין רײַקאָם? — איך קלײַב זיך נישט צו אַפּעלירן, איך וועל אײַך, איצט אויפן אָרט, אָפּגעבן דעם פּאַרטיי־בילעט. — האָט ער אויף מיר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן: — דאָס איז דיר נישט קיין שפּילעכל. דו מוזט קומען אויף דער זיצונג פון ביוראָ פון רײַקאָם, אין דעם טאָג, ווען מ'וועט דיך אַרויסרופן. אויב נישט וועט מען דיך ברענגען צופירן...

האָב איך שוין קיין מוט נישט צו אַנטקעגנשטעלן זיך. די שרעק, אַז מ'קאָן מיך פאַרקוועטשן און נישט אַרויסלאָזן פון רוסלאַנד צו די קינדער קיין ישראל, לויערט, הודעט אַרום מײַן קאָפּ, ווי טשאַטעס שפּאַרבערס וואָלטן איבער מיר געפּאַטשט מיט די פליגל... בין איך געקומען אויף דער זיצונג..

פיל איך שוין, באַלד וועלן זיך ווידער נעמען אויף מיר גיסן „שעפּלעך" מיט שמוץ, מ'וועט מיר צאַפּן מײַן בלוט, דורכשפּיזן מיך מיט שנאה־גיפט און איך האָב עס שוין נישט קיין כוחות אויסצוהאַלטן. איז ווי נאָר מ'האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן מײַן ענין, טוט מיר אַ שלאָג אין קאָפּ און איך הייב מיך אויף, ווענדע זיך צו די, אומגעפער, צוואַנציק מיטגלידער פון רײַקאָם, וועלכע זיצן פון ביידע זײַטן פון דעם לאַנגן טיש אין אַ גרויסן קאַבינעט און אויבן אָן — דער ערשטער סעקרעטאַר פון רײַקאָם — אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רעפּובליקאַנער קאָמפּאַרטיי פון ווײַסרוסלאַנד:

— איך קענט מיך ווייניק און זעט מיך געוויס צום ערשטן מאָל, נאָר די ווײַסרוסישע שרײַבער פון דער פּאַרטיייִשער אָרגאַניזאַציע פון שרײַבער־פאַריין, זיי קענען מיך אַלע זייער גוט פון מײַנע יונגע יאָרן אָן, ווען איך בין נאָך נישט געווען קיין פּאַרטיי־מיטגליד, ווײַל אין פּאַרטיי האָט מען מיך אָנגענומען ערשט אויפן פראָנט, בײַ סטאַלינגראַד. איז זיי, די אַלטע שרײַבער — קאָמוניסטן, האָבן באַשטימט — פון דער פּאַרטיי מיך אויס־צושליסן און זיי זיינען פולשטענדיק גערעכט...

נאָך אָט די עטלעכע ווערטער מײַנע, האָבן שוין קיין שום ממשות נישט געהאַט די פּאַנאַנדערפרעגענישן, פּאַראורטיילנישן, בלוטצאַפּענישן. מע האָט בײַ מיר צוגענומען דעם פּאַרטיי־בילעט און דאָס שוין לײדיק טאָוועלע, מיט וועלכן עס איז געווען אַרומגעהילט דאָס רויט ביכל, האָב איך איבערגע־לאָזט ליגן אויפן טיש, נעבן אָרט, וווּ איך בין געזעסן און שווײַגנדיק פאַר־לאָזט דעם קאַבינעט.

סאָניע איז די גאַנצע לאַנגע צײַט געשטאַנען אין דרויסן און געוואַרט אויף מיר און איך בין געזעסן אין רײַקאָם־קאָרידאָר און געקוקט אויף דער קאַבינעט־טיר, צו זײַן גרייט, ווען מע וועט מיך אַרײַנרופן. און ווען דאָס וועט געשען, האָב איך נישט געוווסט. די קאָנפליקט־ענינים פון די מענטשן, וועלכע מ'האָט ביז מיר אײַנגעלאַדן, האָט אַ סך געדויערט.

— איך האָב שוין געמיינט, — האָט מיר סאָניע נאָך דעם דערציילט — מען לאָזט דיך נישט אַרויס ; מע האָט דיך אַרעסטירט...

פון דעם שרײַבער־פאַריין האָט מען מיך אויסגעשלאָסן ערשט דאַן, ווען איך האָב אין מײַ 1974 יאָר אָנגעגעבן די דאָקומענטן אין אוויר, צו באַקומען אַן ארויספאָר־וויזע קיין ישראל. ס'איז ספּעציעל צונויפגעקליבן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מינסקער ווײַסרוסישע שרײַבער. דער פאַר־זיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער אָנפירער פונעם שרײַבער פאַריין, דער פּאָעט מאַקסים טאַנק. למען אמת, מוז איך זאָגן, אַז די דאָזיקע „פּראָ־צעדור" האָט ער געסטאַרעט זיך צו מאַכן בקיצור און נישט געגעבן קיין מעגלעכקײַט די יונגע שקצים צו צעבינדן די צינגער. אַ צוויי — דרײַ זײַנען

צוליב יוצא־ווענן אַרויסגעטראָטן. ס'האָט דערמאָנט די פּרשה פון „טביה דער מילכיקער" — לך־לך: די דאָרפישע פויערים האָבן זיך צונויפגעקליבן לעם טביהעס הויז: „מיר וועלן דיר כאָטש אויסהאַקן די פענצטער"... וואָס זיי האָבן מעלה־גרהעט, האָב איך אפילו נישט געהערט. אָבער דאָס האַרץ האָט סײַ־ווי אין מיר געקאָכט און דאָס בלוט זיך געהויבן, ווי אַ כוואַליע — אַראָפּ און אַרויף. נאָר אָט, מ'האָט שוין אָפּגעשטימט... איך גיי צו צום טיש, נעם אַרויס פון בוזעם־קעשענע מײַן שרײַבער־בילעט, האַלט אים אין דער האַנט און ווענדע זיך צום פולן זאַל פאַרזאַמלטע: דער שרײַבער־בילעט מיט מאַקסים אַלעקסייעוויטש גאָרקיס אונטערשריפט, איז בײַ מיר געווען — מײַן שטאָלץ. איך האָב תמיד געטראָגן אין האַרצן שלום־עליכמס ליבשאַפט און פאַרערונג צו גאָרקין. איך האָב דעם בילעט באַקומען מיט פערציק יאָר צוריק, ערב דעם ערשטן אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער־צוזאַמענפאָר. אַ סך שפּעטער, ווען איך בין אין שלאָכט פאַר בערלין פאַרווונדעט געוואָרן, און ווען מ'האָט מיך אין אַ שוורען צושטאַנד אַרויפגעלייגט אויפן אָפּעראַציע־טיש און געוואָלט אויסטאָן מײַן גימנאַסטיאָרקע, האָב איך זיך געווערט, עס זאָל פון מײַן אויבער־קעשענקע, נישט פאַרפאַלן גיין מײַן שרײַבער־בילעט, האָט מען מיך אָפּעריִרט, אַזוי ווי איך האָב געוואָלט. מיט יאָרן שפּע־טער, בעת מ'האָט מיך אַרעסטירט, האָט מען אים בײַ מיר מיט געוואַלד צוגענומען און אין זעקס יאָר אַרום צוריק אָפּגעגעבן. איצט, אין עלטער פון 64 יאָר, ווען, איך פאָר צו מײַנע קינדער קיין ישראל, צעשייד איך זיך מיט אים, — און כ'האָב מײַן שרײַבער־בילעט אויסגעשטרעקט דעם פּאָעט מאַק־סים טאַנקן און אַרויס פון זאַל...



איך וועל צעריסן פון אומרו און בענקשאַפט נאָך מײַנע קינדער. עס שרעקט מיך און מאַטערט דאָס כסדרדיקע וואַרטן אויף זייערע בריוו. פון אינדערפרי שטיי איך שוין בײַם פענצטער און קוק אויס די אויגן... פון דער ווײַטנס, זע איך אין יעדן מענטשן די געשטאַלט פון דער פּאָטשטאַליאָנשע, וואָס באַדינט אונדזער הויז. און אַז דאָס איז באמת זי, נעמט מיך ממש דונערן אין האַרצן און איך לויף אַראָפּ די טרעפּ זי צו באַגעגענען. טיילן זיך מײַנע טעג — אויף גרויע, אומעטיקע, ווען איך באַקום פון מײַנע קינדער גאָרנישט, און ליכטיקע, פרײידיקע, ווען די בריווטרעגערן שטרעקט מיר אויס אַ בלוי־ווײַסן קאָנווערט מיט די ווערטער: ישראל — דואר אויר.

און ווען מ'האָט מיך שוין פון אומעטום אויסגעשלאָסן און אַלע נויטיקע דאָקומענטן צום אַרויספאָר קיין ישראל, האָב איך שוין אָנגעגעבן, האָט זיך מײַן אומרו, מײַן נישט־זיכערקײַט פאַרצענפאַכט. איך צייל די טעג פונקט, ווי אַ קאַטאָרזשאַניעץ פון טײַשעט־לאָג הינטער די הויכע, פאַרשפּיצטע מיט

שטעכדראַט לאַגער־בערוועגעס... באַזונדערס, אוממענטשלעך־גרויזאַם ווערן די איבערלעבונגען בײַ די לאַגערניקעס אין די לעצטע פּאָר חדשים פֿאַרן פֿאַרענדיקן דעם טערמין, דעם 10יאָריקן, 15יאָריקן... ווען יעדער טאָג, יעדע שעה און מינוט איז איבערפֿולט מיט פּחד, ס׳זאָל מיט דיר גאָרנישט פּאַסירן, זאָלסט נישט קראַנק ווערן, ס׳זאָל פּלוצעם אין דיר נישט טרעפֿן אַ צופּעליקע, אָדער בײַזוויליקע קויל פֿון וועכטער־טורעמל...

...מײַן שכן אין אינוואַלידן־באַראַק פֿון טײַשעט־לאַג איז אַ געוויסע צײַט געווען אַ שטילער, דאַרפּישער פּויער, אַ הויכער, דיקער, האַרצקראַנקער לעט. צען יאָר, טאָג אין טאָג געגאַנגען אויף קאַטאָרגע־אַרבעט אין אירקוטסקער טײַגע. סוף־כּל־סוף, אַרויסגעשלאָגן זיך פֿון די כּוחות, געוואָרן אַן אינוואַליד. האָט מען אים אין אָוונט אָנגעזאָגט, ער זאָל זײַן גרייט. אָפּגעווען זײַן טער־מין, און מאָרגן ווערט ער באַפֿרײַט. דאָס איז געשען אין דעצעמבער, בעת די מוראדיקע אירקוטסקער פֿרעסט. זײַן משפּחה אין לעטלאַנד, האָט זיך גע־זאָרגט וועגן אים, רעגולער געשיקט פּעקלעך, אויך הלבשה. איז ער אָוועק אין דער קאַפּטיאָרקע, און געבראַכט צו שלעפּן אין באַראַק זײַן זאַק מיט זאַכן. און שוין פֿון האַלבער נאַכט געגומען איבערטאָן זיך, אָנגעפּרינדיעט אויף זיך (קיין זייגער האָבן מיר נישט, וויפֿל געגנוי דער זייגער איז, ווײַסן מיר נישט) אַ מלבוש אויף אַ מלבוש, ער זאָל נישט פֿאַרפֿרוירן ווערן אין וועג, דערלעבן צוריקקערן זיך אַהיים. די לופֿט אין פֿאַרשפּאַרטן באַראַק איז אַ דומפּיקע — נישטאָ מיט וואָס צו עטעמען. און נישט מער, ווי אַ האַלבע שעה פֿאַרן „פּאָדיאָם", ווען די נאַדזיראַטיעלעס שליסן אויף דעם באַראַק, מ׳זאָל קאָנען אַרויס, אַ שלונג טאָן דעם קאַלטן, פֿראָסטיקן דרויסן, איז דעם לעט פּלוצעם נישט גוט געוואָרן. ער האָט פֿאַרלוירן דעם באַוווּסטזײַן און ביז אָוונט, אויסגעגאַנגען, אין דעם זעלבן טאָג, ווען מען האָט אים באַדאַרפֿט אַרויסלאָזן פֿון לאַגער...

סאָניע פֿילט מיר מיט, גרייט מיך אין וועג אַרײַן, קויפֿט אײַן מתּנות פֿאַר מײַנע קינדער, פֿאַר מײַן פּיצל אייניקל. אָבער זי קאָן אַצינד צוזאַמען מיט מיר בשום אופֿן נישט פֿאָרן. — ווי לאָזט מען איבער אויף הפקר מאַרינען, וואָס האָט אָנגעוווירן איר יונגע מאַמע. און טאָליק, מאַרינעס פֿאָטער, סאָניעס איידעם, וויל קיין ישׂראל נישט פֿאָרן. נישט אַזוי ער אַליין, ווי זײַן עלטערע שוועסטער ליובע. און טאָליק, געפֿינט זיך פֿולשטענדיק אונטער איר הש־פּעה. זייערע עלטערן זײַנען שוין געשטאָרבן. און ליובע וויל אפֿילו נישט הערן וועגן פֿאָרן קיין ישׂראל. זי קוקט קרום אויף סאָניען, דער באָבען, וואָס איז זיך אין מיטן־דרינען צונויפֿגעגאַנגען מיט אַ „פֿרעמדן מענטשן" און בײַ איר איז רעכט צו וואַרפֿן איר אייניקל — אַ יתומעלע... און פֿאָרן מיטן אינוואַליד, דעם ייִדישן שרײַבער קיין ישׂראל. ער האָט דאָרטן קינדער, זאָל

ער פאָרן, און וועמען האָט זי דאָרטן ?... בלײַבט איבער סאָניען צו וואַרטן אויף „בעסערע צײַטן"... לכל הפּחות אויף דעם, ווען איר איידעם, טאָליק ווערט חתונה האָבן — ער איז דאָך נאָך אַ יונגער מענטש און וועט אפשר, נעמען אַ פרוי, וועלכע איז גראָדע יאָ פּאַראינטערעסירט עולה צו זײַן. ווײַל זייער אַ סך מינסקער פאָרן קיין ישׂראל, קאָן עס געוויס פּאַסירן.

פּאַרקערט, סאָניעס זון אַרקאַדי, אַכטעט מיך און באַציט זיך צו מיר גוט און פאַרשטייט, אַז דער מאַמען וועט זײַן שווער איבערצובלײַבן, פּאַקטיש איינזאַם, איינע אַליין. און אַרקאַדי און זײַן פרוי נינאַ, און זײַנע מחותּנים סעמיאָן און מאַשע האָבן גאָרנישט קעגן, סאָניע זאָל מיט מיר פאָרן צוזאַמען, אין איין צײַט און שיקן זיי פון ישׂראל „וויזאָוון". זיי זײַנען שוין אויך „אָב־געשטעקט" און חברן זיך מיט די עליה־אַקטיוויסטן און זײַנען באַקאַנט מיט יעפים דאַווידאָוויטשן...

האָט אָבער סאָניע חוץ איר זאָרג וועגן מאַרינען — און דאָס איז געווען די וויכטיקסטע — געהאַט נאָך אַ סך אַנדערע קלאָפּאָטן, פאַרשלעפּענישן, מאַר־דאָוואַניע, וועלכע האָבן זי פאַרהאַלטן אין מינסק. עס איז איר פאַרגעשטאַנען איבערצוגעבן דעם זון די ירושה — איר אייגענע שטוב. האָבן זיך אין דעם ענין אָנטפּלעקט נישט־פאָרויסגעזעענע קאָפּ־דרייעניש, דאָס שרײַבן פּראָ־שעניעס צו די וווינונגס־פאַרוואַלטונגען, וווינונגס־קאָמיסיעס פון די רײַ־אויספּירקאָמען, זײַן בײַ די נאָטאַריוסן, עצהן זיך מיט פּריוואַטע אין נישט־פּריוואַטע אַדוואָקאַטן, מיט איין וואָרט, אַרומלויפן, ווי אַ וועווערקע אין ראָד.

בכלל, איז מען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זיך נישט נוהג צו באַנוצן מיט אַזאַ אָפּגעלעבטן באַגריף, ווי „ירושה". ווײַל דאָס שמעקט מיט סטאַראָרע־זשימנע, צאַרישע צײַטן. אויפן סאָוועטישן לשון — איבערצולאָזן, איבער־צוגעבן עמעצן עפּעס בירושה, הייסט אַנדערש — אָוועקשענקען. דאָס „אָוועק־שענקעכץ" האָלט מען, איז שוין סאָוועטיש געכשרט און אויסגעהוילט פון קאַפּיטאַליסטישער אָנגעהעריקייט.

אָבער כדי במתּנה אָוועקצוגעבן אַ שטוב, ווערט דער דאָזיקער ענין אַרומ־געשטעלט, אָנגעהויפנט מיט ביוראָקראַטישע באַריערן, שטערונגען. עס זײַנען שוין פון פאָרויס צוגעגרייט שטרויכלונגען, „הינטערפּיסלעך", אַבי די זאַך צו פאַרהאַלטן, אויף לענגער פאַרציען. עס מוזן דערבײַ אָנגענומען ווערן יורידישע באַשלוסן און באַשטימונגען פון אַ גאַנצע ריי סאָוועטישע אָנ־שטאַלטן, אינסטאַנצן און אָרגאַניזאַציעס. ממש, מען זוכט בײַ יענעם, וואָס וואָגט געניסן פון ירושה — אַ שטרוי אויף דער נאָז...

סאָניעס שטוב איז געווען אין עק שטאָט, אויף איינעם פון די מינסקער הינטערגעסלעך, נישט ווײַט פונעם אָרט, וווּ עס שטייט דער ייִדישער דענק־

מאָל לזכר די פינף טויזנט ייִדן־קדושים, די אומגעבראַכטע אין מינסקער געטאָ.

האָט גראַדע דאַן דער מינסקער שטאָט־סאָוועט, אָנגענומען אַ באַשלוס — אויף דעם גאַנצן גרויסן שטח פון די הינטערשטאָט־געסלעך, אויסצובויען אַ נײַעם צענטראַלן וועג־מאַגיסטראַל אין דער ווײַסרוסישער הויפּטשטאָט, און צוליב דעם געקליבן זיך אַראָפּטראָגן, ריין מאַכן דעם פּלאַץ פון די פּיל־צאָליקע אַלטע חורבות און פון די נאָך גוטע, פעסטע הײַזער, די אויסגעבויטע שוין נאָך דער מלחמה. אויך סאָניעס הויז איז אָנגעצייכנט געוועז אויף „סנאָס".* און כדי צו פאַרקויפן אַ שטוב, וואָס וועט אַראָפּגעטראָגן ווערן, דאַרף מען אָפּשלאָגן די טירן, נישט פון איין גאַטשאַלניק, ס'איז אַזוי ווי אַרײַנצוגיין אין אַ פאַרפּישופּטן לאַבירינט אויף נישט אַרויסצוקריכן. די האַרב־קייט און פאַרפּלאָנטערטקייט איז נאָך אַנבאַלאַנגט פון דער צאָל מענטשן, וועלכע זײַנען אין אַזאַ שטוב צוגעשריבן.

ווען מיר האָבן חתונה געהאַט, איז סאָניע אַריבער ווינען אין מײַן קאָמונאַלער דירה אויף זיעלאָני לוג. האָט זי זיך פון איר אייגענער שטוב געמוזט אויסשרײַבן, ווײַל אַנדערש וואָלט זי די מיליציע צו מײַן וווינונגס־שטח נישט צוגעשריבן. איז דער איינציקער צוגעשריבענער אין סאָניעס הויז, געבליבן איר זון. לויטן פּאַס האָט זיך זײַן וווינונגס־אָרט גערעכנט אויף טאַראַסאָווסקע געסל, אין דער מאַמעס שטוב. און כדי צו געפינען אַ קונה אויף אַזאַ הויז, וואָס דאַרף אַראָפּגענומען ווערן, און אין וועלכן ס'איז צוגע־שריבן נאָר איין מענטש, איז גאָרנישט פון די גרינגע זאַכן. ווײַל נאָך דעם ווי דאָס הויז ווערט ליקווידירט, האָט דער נײַער באַלעבאָס רעכט צו באַקומען מלוכהשן וווינונגס־שטח, נאָר פאַר איין פערזאָן — פאַר זיך אַליין. קומט אויס אַזאַ קונה צו זוכן מיט ליכט אין מיטן העלן טאָג. און דאַרף דען אומזיסט פאַרפאַלן גיין אַ שטוב, וואָס האָט אָפּגעקאָסט אַזויפיל בלוט און געזונט, ביז מע האָט עס אויפגעשטעלט און דאָס זאָל נישט אָנקומען צו איר איינציקן זון? — איז עס פאַר סאָניען געווען נישט קיין קליינע זאָרג.

✶

און איך צייל די טעג, וואַרט, דער אוויר זאָל מיך אַרויסרופן. איך האָף, אַז איך וועל די אַרויספאָר־וויזע קיין ישראל באַקומען, — אַן עלטערער מענטש, אַן אינוואַליד, פאַרט צו די קינדער. אויף קיין אונטערנעמונגען און אין אַנשטאַלטן מיט מלוכה־סודות, האָב איך נישט געאַרבעט. סײַדן, מײַן זײַן אין די סטאַלינישע לאַגערן. נאָר וועגן זיי ווייסט דאָך שוין במילא די גאַנצע וועלט. אָבער אַ קשיה אויף אַ מעשה... און אין די נעכט ווערט צעעג־

* „סנאָס" — רוסיש: אַראָפּנעם, אַראָפּטראָג.

בערט מײַן קאָפּ פון אַלערליי טראַכטעניש און בייזע פּאַרגעפילן. און איך וואָלט זיך קיין מאָל נישט געקאָנט דערטראַכטן, וואָס פאַרא „סורפּריז" דער מינסקער ק.ג.ב.־אוויר האָט פאַר מיר צוגעגרייט:

— פאַר וואָס פאָרט נישט מיט אײַך אײַער פרוי?

— מײַן פרוי, — דערקלער איך, — וועט קומען שפּעטער. איצט קאָן זי נישט פאָרן.

— טאָ ווארט אויף איר און איר וועט פאָרן צוזאַמען.

— איך, דאַרף פאָרן איצט, — זאָג איך.

— ניין, — ענטפערט דער שעף פונעם מינסקער אָוויר, — מיר זײַנען הומאַניש, — און טוט אפילו בײַ די ווערטער זײַנע קיין שמייכל נישט און זעצט פאָר, — מיר צעשיידן נישט מאַן און ווײַב...

— ווער זאָגט, אַז איר צעשיידט. מײַן פרוי וועט קומען שפּעטער, בײַ דער ערשטער מעגלעכקײַט.

— ניין, — איז דער ק.ג.ב.־שעף הארט, ווי אַ בײַקאַלער סקאַלע — מיר פאַראייניקן משפּחות, אָבער מיר צעשיידן נישט. פאָרט צוזאַמען, אָדער גט זיך לויטן געזעץ.

איך בין געבליבן שטיין, ווי אַן אָפּגעשמיסענער. ס'האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אַ היץ אין פּנים. — ווי איז דאָס? — הייב איך אויף צום גזלן מײַנע אויגן.

— אָט אַזוי איז דאָס. ווי איר ווילט — צוזאַמען, אָדער גט זיך און דרייט מיר דעם קאָפּ נישט...

...דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט — מיר זײַנען מיט סאָניען געצוווּנגען געווען, אָנצוגעבן אַ בקשה אין מינסקער זאַגס צו גטן זיך. אין דער זעלבן זאַגס, וווּהין מיר זײַנען געגאַנגען פאַראַיאָרן רעגיסטרירן אונדזער הייראַט. לויטן אײַנגעשטעלטן כּלל, דויערט די פּראָצעדור פון קריגן אַ גט, דרײַ חדשים. און דאַן, ווען איך וועל ברענגען אין אוויר דעם גט־דאָקומענט, וועל איך ערשט ווידער דאַרפן וואַרטן, און וויפל? — די „הומאַניסטן" קאָנען דאָך נאָך עפּעס צוטראַכטן...

און איך פיל, אַז ווו איך שטיי און, ווו איך גיי, טײַטלט מען שוין אויף מיר מיט די פינגער און מע שפּיזט מיך דורך מיט שנאה־בליקן: — „וואָס הינקט ער נאָך דאָ אַרום פאַר די אויגן, ווי אַן אונטערגעשלאָגענע וואָראָנע?..."

בײַם באַקומען מײַן חודשלעכע אינוואַלידן־פּענסיע, אין שטאָט־צענטער, אויפן יאַקוב קאָלאָס־פּלאַץ, איז צו מיר, שיער ניט מיט כּעס, צוגעגאַנגען דער ווײַסרוסישער שרײַבער מיקאָלאַ כוועדאָראָוויטש (ער האָט אַ קראַנקע ייִדישע פרוי, אַן אַרטיסטין פון געוועזנעם ייִדישן וואַנדער־טעאַטער אין ווײַסרוס־

לאַנד, נאָך אין אָנהויב פון די דרײַסיקער יאָרן. אינעם 1937 האָט די נ.ק.וו.ד. מיקאָלאַ כוועדאָראָוויטשן אַרעסטירט און אויף לאַנג פאַרשיקט אין די סיבירער לאַגערן. אין 1956 האָט מען אים אַרויסגעלאָזט און רעהאַביליטירט) : — אויף וואָס האָפסטו ? — דו ווילסט זיך נאָך איבערבעטן ? — וואָס פאָרסטו נישט ? — האָסט נישט לחלוטין, אויף וואָס אויסצורעכענען...

איך האָב אים געוואָלט דערקלערן די סיבה, דערציילן וועגן דעם געצווונגענעם גט, אָבער כוועדאָראָוויטש האָט זיך נערוועז אומגעקוקט אויף די זײַטן און איז פון מיר אָפּגעטראָטן, פונקט אַזוי שנעל, ווי ער איז צו מיר צוגעגאַנגען.

איך האָב מיך פאַרשלאָסן אין די דלת אמות פון מײַן וווינונג. אומבאַהאָלפנקײַט, ייִאוש און פאַרצווייפלונג נעמען מיך אָן בײַ מײַן גרגרת.

# גערעסט...

## מאָטקע דאַמניטש...

און געשען איז אַ ביז גאָר טשיקאַווע זאַך — ווען אינעם זומער פונעם 1974 יאָר, בין איך שוין געווען אַן אַרויסגעשטורכעטער, אַ געחרמטער, אַ געפּסלטער אין אַלע טיטלען און זוואַניעס, האָבן זיך פון דער העלער הויט, גענומען יאַווען צו מיר, איינער נאָכן אַנדערן, נישט אין חלום, נאָר אויף דער וואָר, מענטשן, געשטאַלטן, וועלכע האָבן שוין אַבסאָלוט נישט עקזיסטירט אין מײַן זינען. אַ פינף־זיבן און פערציק יאָר זײַנען דורך, זינט דאַן, ווען איך בין אין מײַן פריער יוגנט באַקאַנט געווען מיט זיי. האָבן זיי איצט מיך אויסגעזוכט, געפונען מײַן דירה אויפן נײַעם מינסקער וווינונגס־מאַסיוו „זיעליאָני לוג" און אומגעבעטן, ראַפּטאָוונע אַרײַן צו מיר מיטן דישל פאָרויס, מיט די קאַלאָשן אין האַרצן...

דער ערשטער איז געווען מאָטקע דאַמניטש. אינעם 1927 יאָר, ווען איך בין אָנגעקומען לערנען אין דעם וויטעבסקער ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום, איז שוין דאַמניטש געווען אויפן לעצטן, פערטן קורס. אַ שוואַרצחנעוודיקער, מיט פאַרשײַטע צוויי פּײַערדיקע ציגײַנער־אויגן און זיך שטענדיק רויטלענדיקע באַקן. די שוואַרצע האָר מיט אַ שרונט צעטיילט אויף גלײַכע העלפטן. ער האָט אין טעכניקום געשעמט מיט זײַן אַרטיסטישער שיינקײַט און איז געווען דער צונויפשטעלער פון די שטייגעריש־געגראַמטע טעכניקום־בופאָנאַדעס. ער האָט אויך געשריבן לידער. איך פלעג, געדענק איך, הערן וועגן

אים, אַז ער האָט קראַנקע לונגען און דער זיך רויטלענדיקער גלאַנץ אויף די באַקן, איז אין שייכות מיט זײַן נישט־געזונטקייט. דאַמניטש פלעגט זעלטן ווען איבערוואַרפן זיך מיט מיר מיט אַ פּאָר ווערטער. איך בין נאָך געווען צו יונג און „גרין", אַ שנעק אין זײַנע אויגן. אָבער איך געדענק, אַז דעם שטאַטישן ליטעראַרישן קרײַז אין דער וויטעבסקער ייִדישער ביבליאָטעק אויף חײַקינס נאָמען, פלעגט דאַמניטש נישט באַזוכן. קיין געדרוקטע לידער זײַנע האָב איך אויך אין ערגעץ נישט באַמערקט. איך בין מיט צוויי יאָר שפּעטער אַריבערגעפאָרן לערנען זיך קיין קיעוו. און וועגן דאַמניטשן פאַרגעסן. אמת, אין משך פון יאָרן, פלעגט פון צײַט צו צײַט ווײַזן זיך פּלוצעם אין מײַן דמיון זײַן אײַנדרוקספול — צוזיענדיק פּנים. דער ציגײַנעריש — פײַערדיקער בליק מיטן גלאַנץ אויף די זיך רויטלענדיקע באַקן. זײַן געשטאַלט האָט זיך בײַ מיר, איך ווייס נישט פאַר וואָס, אַסאָציִירט מיט שלום־עליכמס „סטעמפעניו". און שטעלט זיך פאַר, ווי נאָר ער האָט געעפנט די טיר, האָב איך אים דערקענט. דאַמניטש! — האָב איך, כמעט, ווי אויסגעשריען. איך האָב אים נישט געפרעגט, וואָס עס האָט אים געבראַכט צו מיר. עס האָט מיר באַלד אַ שלאָג געטאָן אין מוח: ער ווייסט שוין, מסתם, אַלץ... ער האָט מיר אין קורצן דערציילט וועגן זיך: ער לעבט אין מאָסקווע, אַרבעט אין אַ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, איז אַ דאָצענט, אָבער, געגנוי, מיט וואָס ער איז באַשעפטיקט, אין וואָס פאַרא געביט — סאָציאָלאָגיע, היסטאָריאָגראַפיע, צי מיט עקאָנאָמישער געאָגראַפיע, צי גאָר מיט לינגוויסטיק, — האָט ער מיר נישט געזאָגט. און איך האָב בײַ אים נישט געפרעגט. מיר האָבן גערעדט אויף ייִדיש. איך בין געווען אונטערן רושם — די אומגעריכטקייט פון דער באַגעגעניש. איך האָב זיך מיט אים גאָרנישט נישט געטיילט. ס'איז מיר דורכגעלאָפן אַ מחשבה צו שענקען אים מײַן אין מאָסקווע דערשינענעם בוך ייִדישע לידער. האָט מיך אָבער אַרומגעכאַפּט אַן אַנדער געפיל — אויף וואָס זעענדיק דאַרף איך עס טאָן? — ער איז געזעסן בײַ מיר, בײַ אַ האַלבער שעה. און בײַם געזעגענען זיך, געדענק איך נישט, צי איך האָב אים אויסגעשטרעקט מײַן האַנט. וואָס פאַרא כוונות, צוועקן, צי סתם, נײַגעריקײַט, דאַמניטש האָט געהאַט בעת זײַן קומען באַטראַכטן מיך, אין זיבן־און־פערציק יאָר אַרום, אין יולי־אויגוסט פון דעם 1974 יאָר? — איז פאַר מיר געבליבן נישט פאַרשטענדלעך...

### גאָרדאָן — דער מענטש פון פראָפקאָם...

דער צווייטער אומגעריכטער באַזוכער איז אויך געווען אַ סטודענט פונעם אַמאָליקן וויטעבסקער טעכניקום, דער לאַנגער, דאַרער גאָרדאָן, מיט דער הויכער קודראַווער שעוועליורע, גלײַך, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ סטויג

היי אויפֿן קאָפּ. אונטערן נידעריקן שטערן — אַ קלײן פּנימל, אָבער די נאָז — גרויס און אַנזיכטיק — אַ ייִדישע נאָז. אים האָב איך שוין געקענט בעסער פֿון דאַמניטשן. ער האָט זיך געלערנט אויפֿן דריטן קורס, צוזאַמען מיט מײַן גוטן פֿרײַנד. דעם דיכטער לייב טאַלאַלײַ.* אויך גאַרדאַן האָט געשריבן לידער. און איז געווען פֿון די סאַמע אַקטיווע קאַמיוגיסטן אין טעכניקום, אָנגעפֿירט מיטן סטודענטישן פּראָפֿאַריין־קאָמיטעט, ווי מע האָט עס אין טעכניקום גע־רופֿן — פּראָפֿקאָם. גאַרדאַן איז יאָ געווען אַ מיטגליד פֿונעם שטאָטישן ליטע־ראַרישן קרײַז. אין מײַן זכרון איז פֿאַרבליבן דער ספּעציפֿישער געהילך פֿון זײַן פֿאַפּאָס־קול, דער אָנפֿירנדיקער קאָמיוגישער קאָך און דאָס וואָרפֿן הש־גחה־בליקן אין אַלע זײַטן, בײַם זײַן דער שטענדיקער פֿאָרזיצער אויף די טעכניקום־פֿאַרזאַמלונגען. און דאָס האָט אינגיכן צונישט געמאַכט די נייגונג זײַנע צו שרײַבן לידער. בעת איך בין אין 1932 יאָר פֿון קיעוו אַריבערגעפֿאָרן וווינען אין מינסק, האָט מיר לייב טאַלאַלײַ, געדענק איך, אַנומלט געזאָגט:

— גאַרדאַן איז אַ לערער פֿון ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך אין דער לע־פּעלער פֿולער מיטל־שול, נישט ווײַט פֿון וויטעבסק. אין משך פֿון העכער פֿינף־און־פֿערציק יאָר, האָב איך זיך מיט אים קיינמאָל נישט געטראָפֿן. און גלײַך בײַ זײַן אַרײַנקומען, האָב איך דערפֿילט דעם אופֿן פֿון זײַן חצופֿישער באַטראַכטן מיך, דעם אַטאַקירנדיקן שטעל און פֿאָזע, דעם פֿאַראורטײלנדיקן בליק: „ווי וואַגט עס אַ ייִדישער דיכטער־פֿראָנטאָוויק, מלחמה־אינוואַליד, אַ באַלוינטער, צו טוישן זײַן „ראָדינע״ אויפֿן ציוניסטישן ישראל?״ און

---

* לייב טאַלאַלײַ האָט געשטאַמט פֿון אַ דאָרף נעבן מאָליעוו בײַם דניעפּער. זײַנע עלטערן זײַנען געווען ייִשובניקעס, ייִדישע פּויערים. לייב טאַלאַלײַס תמימות־דיקע, אָפֿנהערציקע לידער זײַנען געווען דורכגעדרונגען מיט אוממיטלבאַרער ליבשאַפֿט צו ערלעכער, באַשיידענער דאָרפֿישער מי. ער האָט רירנד ליריש גע־מאָלט די אַרומיקע שיינע ווײַסרוסישע נאַטור. מילדקײַט און גוטסקײַט האָט געשטראַמט פֿון זײַן ווײַס־ליכטיקן פּנים, פֿון די גרויסע, העל־גרויע אויגן. שטייענדיק לעבן לייב טאַלאַלײַען, פֿלעג איך, ווי מאָדנע דאָס איז, דערפֿילן דעם זיסן, גוטן ריח פֿון ערשט־אויסגעמאָלקענער מילך — אין ווײַסרוסלאַנד הייסט עס — סיראָדוי. ווען איך בין אין דעם 1929 יאָר אָוועקגעפֿאָרן פֿון וויטעבסק קיין קיעוו, האָט טאַלאַלײַ אַ געוויסע צײַט געוווינט אויף אונדזער דירה. מײַן מאַמע האָט זיך נישט געקאָנט אָנלויבן פֿון דער איידלקײַט און פֿײַנקײַט פֿון זײַן נאַטור.

נאָך פֿאַר דער מלחמה האָט לייב טאַלאַלײַ עטלעכע יאָר געדינט אַלס פּעכאָטע־אָפֿיציר אין דער סאָוועטישער אַרמיי. אין 1943 יאָר איז ער אויפֿן פֿראָנט קעגן די נאַציס געפֿאַלן אין שלאַכט. געדענקען זיך שורות פֿון לייב טאַלאַלײַס זעלנע־רישע לידער נאָך פֿאַר דער מלחמה:

„עס וועט קיינער אין דער וועלט נישט זאָגן,
אַז אומזיסט האָב איך אַ ביקס געטראָגן״.

מערקווירדיק — אַ מענטש קאָן זיך אויף דער עלטער ענדערן, מ'זאָל זיך אפילו נישט אָנשטויסן, אַז דאָס איז דער זעלבער אָפּגעשוואונדענער, אָבער דאָס קול... גאָרדאָן האָט מיט מיר גערעדט מיט דעם זעלבן נערוועזן אָנפּירערישן טעמבער, וואָס מיט אַזויפיל יאָרן צוריק, ווען ער איז געווען דער קהלשער פּאַרזיצער אויף די פאַרזאַמלונגען אין ייִד. פּעד. טעכניקום.

פון זיין שמועס מיט מיר, האָב איך, אייגנטלעך, פאַרשטאַנען, אַז אויך ער לעבט און אַרבעט אין מאָסקווע, אָבער, וואָס ער טוט דאָרט האָב איך ביי אים נישט געפרעגט. איך האָב אים בלויז אומגעריכט דערמאָנט: נאָך אַ צייט פאַר דער מלחמה, ווייס איך, האָסטו געאַרבעט אין דער לעפּעלער ייִדישער שול — אַ לערער פון ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך, און נאָך דעם ?, — איז מיר אינטעראַסאַנט געווען צו וויסן.

— נאָך דעם, ווי די זעלבע מיטל־שול איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ רוסישער...

האָב איך אים איבערגעריסן: ביסטו אין דער זעלבער שול געוואָרן לערער פון רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור.

— איך האָב זיך מיט דעם נישט וואָס צו שעמען, — האָט גאָרדאָן מיר מיט פאַרוואורף געענטפערט.

— און איך האָב דען דיר געזאָגט, אַז דו דאַרפסט זיך מיט דעם שעמען? פאַרקערט! נאָר איך געדענק, ווען מ'האָט אומדערוואוּרט פאַרמאַכט אין ווייס־רוסלאַנד אַלע ייִדישע שולן, איז אַ גרויסע צאָל ייִדישע לערער געבליבן אָן ברויט...

— ס'איז געווען נישט נאָר אַ ברויט־פראַגע... — האָט מיר אויף עפּעס אַנדערש געוואָלט אָנדייטן גאָרדאָן און פאַרגעזעצט: — אין דער זעלבער לעפּעלער שול האָב איך ביזן סאַמע אָנהייב קריג — יוני 1941, געאַרבעט צוזאַמען מיט שאורען. ער איז ביי אונדז געווען דער פאַרוואַלטער פון לערנ־טייל און דערנאָך געוואָרן שול־דירעקטאָר. און איז נאָכן קריג אויסגעוואַקסן אַלס וויכטיקער פּאַרטיי־טוער. איך מיין, אַז דו ווייסט וועגן וועמען איך רייד...

— יאָ, — זאָג איך, — אוודאי, ווייס איך, ער האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבעט צוזאַמען מיט פּאָנאָמאַרענקאָ און זימיאַניען. און אָנגעפירט מיטן פראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל.

— פאַרריכט מיך גאָרדאָן: — געווען איינער פון די סעקרעטאַרן פון צענטראַל־קאָמיטעט און איז איצט אין מאָסקווע, דער פאַרוואַלטער פון קול־טור־אָפּטייל ביים צ.ק. ק.פּ.ס.ס. (קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון סאָוועטן־פאַרבאַנד). גאָרדאָן האָט די דאָזיקע ווערטער פּאַסמאַקעוועט מיט דער צונג

און פון זײַנע אויגן האָט אַ שפּריץ געטאָן אַ זשמעניע פונקען מיט גאווה און טעלערלעקערײַ...

פאַרשטײ איך שוין, אַז איך דאַרף מיר היטן מיט יעדן איינציקן וואָרט מײַנעם. אַ דערלויבעניש־וויזע אַרויסצופאָרן קיין ישראל צו מײַנע קינדער, האָב איך נאָך נישט און מכולה מאַכן קאָן אפילו אַ קאַץ. ווענד איך זיך צו גאָרדאָנען מיט אַזאַ מין סאָרט שמן־זית־לידעלע: „וואָס זאָל איך דיר אויף דעם זאָגן? — נישט יעדן פּראָסטן בשר ודם פאַלט אויס אַזאַ מזל, צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אַזאַ אָנגעזעענעם וויכטיקן פּאַרטיי־אָנפירער, ווי דאָס איז שאורע. און סײַ ער און סײַ דו, אַרבעטן און לעבן אין דער הויפּט־שטאָט מאָסקווע. ווינטש איך דיך אַלדאָס גוטס און דאַנק דיר, וואָס דו האָסט אין אַזויפיל יאָרן אַרום נישט פאַרגעסן מיך, אַ ייִדישן דיכטער... אויף ווידערזען... האָב איך אים (און ווי אַ טשערעפּאַכע זיך אײַנגאָנצן אַרײַנגעצויגן אין שויס־פּאַנצער) געדריקט זײַן האַנט, באַגלייטנדיק צו דער טיר...

## דער ביראָבידזשאַניער צירקל

ווען איך זאָל זײַן מיט צוואַנציק קעפּ, וואָלט איך זיך נישט געקאָנט דערטראַכטן, פאַר וועמען איך האָב געעפנט די טיר — ס'איז אַרײַנגעקומען אַן אַלטער, אײַנגעהויקערטער, אויסגעבלייכטער ייִד, סיוו, ווי אַ טויב — צירקל, דער געוועזענער פּאַרוואַלטער מיטן פּאַרטיייִשן אָפּטייל פון דער רו־סישער צײַטונג „ביראָבידזשאַנסקאיא זוויעזדא", דער ספּעציאַליסט אויף די לייט־אַרטיקלען פאַר די ביידע געגנטלעכע צײַטונגען, הן פאַר דער רו־סישער, הן פאַר דער ייִדישער.

— וויפל־זשע האָבן מיר זיך נישט געזען? — פרעג איך אים.

שמייכלט ער: — מאַך דעם חשבון, פון דעם 1948טן, ביז 1974טן — זעקס און צוואַנציק יאָרעלעך...

די עטלעכע יאָר, וואָס איך בין געווען אין ביראָבידזשאַן, פונעם סוף 1947טן ביז מײַן אַרעסט אין 1951טן, האָט צירקל געוווסט אויף וועלכער גאַס און אין וואָס פאַר אַ הויז־באַראַק איך לעב. ווײַל איך האָב דאָך געוווינט אין איין הויז מיטן זשורנאַליסט נחום פרידמאַן — מיט וועמען צירקל האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט צוזאַמען און געווען מיט אים נאָענט באַפרײַנדעט. אָבער צו מיר איז צירקל קיינמאָל נישט אַרײַנגעקומען. ער איז געווען אַ תכלית־מענטש. און ייִדישע פּאָעזיע האָט אים ווייניק געקימערט. ס'איז געווען נישט זײַן בראַנזשע. קיין פאַקטן, מאַטעריאַל פאַרן אָרדנטלעכן פאַרפלאַנירטן שוין לייטאַרטיקל,

וועט ער פון דער פּאָעזיע נישט „אַרויסצאַפּן”. און נישט געקוקט דערויף, וואָס די רעדאַקציעס, די יִידישע, די רוסישע און די בוכהאַלטעריע, האָבן זיך געפונען אין שכנותדיקע צימערלעך, אין איין קאָרידאָר, אויף דעם זעלבן שטאָק, פלעגן מיר ביים באַגעגענען זיך, אָפּקומען בלויז מיט אַ „גוט־מאָרגן” און „גוטיאָר”. ער האָט געשטאַמט פון אַ ווייסרוסיש־יִידיש שטעטל, אַ מאָזירער, צי אַ נאַראָוולער. אין סוף פון 1948טן יאָר, ווען ס׳האָבן זיך שוין אין דער האַרבסטיקער שאַרפער ווייט־מזרחדיקער לופט געלאָזט פילן די עמגעביסטישע מגיפה־ריחות — אָן „אַנזאַגל” אויף אַ נייעם „37טן” — פון קיעוו איז שוין אָנגעקומען די ידיעה — מען האָט צוגענומען דעם דיכ־טער דוד האָפשטיינען... איז אָט דער „סאָרט” פּאָעזיע, צירקלען יאָ נוגע געווען. און ער האָט זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן פון ביראָבידזשאַן צוזאַמען מיט זיין יונגער רוסישער פרוי — אַ קאַזאַטשקע, אַן אָפּשטאַמיקע פון סטאַווראָפּאָלער קאַנט. און פּונקט אַזוי ווי איך האָב נישט חוקר ודורש געווען דאָמניטשן און גאָרדאָנען, אַ וועלכער גוט יאָר, עס האָט זיי אַראָפּגעבראַכט צו מיר פון מאָסקווע ערב מיין עולה זיין קיין ישראל, האָב איך אויך ביי צירקלען גאָרנישט געפרעגט און באַמיט זיך אויפמערקזאַם אים אויסצוהערן. ער האָט באריכות פאַר מיר גענומען דערציילן וועגן די צרות זיינע, וואָס ס׳איז אים דאָן אויסגעקומען אויסצושטיין אין סטאַווראָפּאָל. ווען ער איז נאָך זיין אַוועקפאָרן פון ביראָבידזשאַן אָנגעקומען אַרבעטן אין דער סטאַוו־ראָפּאָלער קאַנטישער צייטונג:

— מען האָט מיך חושד געווען אין אידעאָלאָגישע פאַרבינדונגען מיט די „מאַכראָווע” נאַציאָנאַליסטן, באַכמוטסקי, פראַדקין, בראָכין. מע האָט מיך אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט, שיער נישט אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי. פאַר וואָס און פאַר ווען? — האָב איך געטענהט אויף די קאָנפליקט־קאָ־מיסיעס אין רייקאָם און קאָנטקאָם פון פּאַרטיי, — ווייזט מיר כאָטש איין־און־איינציקן פאַקט פון מיין נאַציאָנאַליסטישער טעטיקייט... איבערגעקו־מען... אָפּגעקומען מיט דעם, וואָס פון צייטונגס־אַרבעט האָט מען מיך באַ־זייטיקט, האָב איך מיך איינגעאָרדנט, אויף ווירטשאַפטלעכער אַרבעט. —

איך שלאָג אים נישט איבער, איך זאָג אים נאָר: צירקל, איין רגעלע, איך וועל נאָר אויפזידן אַ גלעזל טיי, ווערסטו עפּעס איבערבייסן. — און ווען ער האָט שוין געטרונקען טיי און געגעסן דעם פרישן ברויט מיט פּוטער מיט די ריפּטעלעך האָלענדער קעז און מינסקער „ליוביטיעלסקע” ווורשט, איז אים הייס געוואָרן, האָט ער אָפּגעשוואַכט זיין שניפּסל אויפן האַלדז און פאַרגע־זעצט: — אגב, האָב איך דאָ אין ביעלאָרוסיע קרובים, אַ שוועסטער אין קאָפּאַטקעוויטש, האָב איך מיך אַראָפּגעכאַפּט צו איר צו גאַסט.

עס פּאַלט מיר גאָרנישט איין, אַרויסצווויזן נייגער, ווי אַזוי ער קומט

איצט צו מיר, ווער עס האָט אים געגעבן מײַן אַדרעס. איך פרעג אים בלויז, וואָס עס מאַכט זײַן ווײַב און די קינדער?

— גאָט צו דאַנקען, — זאָגט ער. מיר האָבן שין גרויסע אייניקלעך.

באַמערק איך אים: דײַן פרוי, איז דאָן, מסתם, נישט זיס געווען...

— יאָ, זי און אירע עלטערן — דאַרפישע פויערים, האָבן מיך נישט געלאָזט פאַלן...

— איך געדענק, — זאָג איך צו אים, — דײַן פרויס איידל און שיין געזיכט. האָט זי נאָך אויסער דעם, אַ ווויל און קלוג האַרץ. ס'האָט דיך דאָן דער פינצטערער, בייזער געוויטער, געמיטן, ס'האָט געפליוכעט און געהאָגלט אַ ביסל ווײַטער...

הויבט אויף צירקל אויף מיר זײַנע אויגן קוקט און וואַרט, ווי איינער רעדט — אַצינד איז דײַן ריי, דערצייל דו, וואָס טוט זיך בײַ דיר, אויף דײַן „וואָגן״?...

זאָג איך צו אים: — מסתמא, האָסטו שוין עפּעס געהערט... איבעריקס האָב איך זיך, צירקל, נישט מיט וואָס פאַר דיר צו באַרימען. מײַן פרוי, אויב דו געדענקסט זי...

— יאָ, — באַשטעטיקט צירקל.

— איז געשטאָרבן. די קינדער זײַנען אַוועקגעפאָרן קיין ישראל. זיך איך עס אַצינד און וואַרט מיט מײַנע אַלטע ביינער אויף דער „שיפס־קאַרטע״ — און טו אַ שמייכל, — אויפן „סערטיפיקאַט״ פון אַוויר... איז שוין אונדז נישט געווען ווײַטער וואָס צו ריידן. מיר זײַנען נאָך אַ ווײַלע געזעסן, גע־קוקט איינער אויפן אַנדערן און געדריקט זיך די הענט, געזעגנט.

## קיריטשאַנסקי פון דעם יינגערן דור...

עס זײַנען דורך עטלעכע טעג און דער גוטער יאָר (ער פאַרלאָזט מיך נישט) האָט מיר ווידער אַראָפּגעבראַכט אַן אורח — אַראָפּגעפאַלן, ווי פון דאַך, אַזייגער צען אין דער פרי. דאָס מאָל, פון דער שיינהײַט־שטאָט בײַם דניעפּר — קיעוו — דער ייִדישער דיכטער, פון דעם א. ג. „ייִנגערן דור״ — פיניע קיריטשאַנסקי. אויך אַ ייִד שון פון עטלעכע און פופציק. איך האָב אים ביז דאָן נישט געזען. אָבער איך האָב געהערט פון אים, אַ פּראַנטאָוויק. פון צײַט צו צײַט געלייענט זײַנע לידער אין „סאָוועטיש היימלאַנד״. אין דער מאָסקווער ייִדישער פּאָעזיע־אַנטאָלאָגיע „האָריזאָנטן״ פיגורירט ער מיט פאָלגנדע שורהעס:

„עטוואָס נידעריקער פון מײַן ליבקן אויער,
ליגט אַ מינען־שפּליטער, און ער בויעט, נויעט.
זיכער נישט געשריבן כ'וואָלט די סטראָפעס,

ווען דער שפּליטער אין מײַן מוח וואָלט געטראָפן."

קאָמיש איז געווען קיריטשאַנסקיס אַרײַנקומען... אַ פּאַרשטויבטער, מיט אַן אַלטער, אָפּגעריבענער טעקע אונטערן אָרעם, אַרויפגערוקט זיכער די קעפּקע (זומער־היטל) אויפן שטערן, איז ער שטיין געבליבן אין מיטן צימער אײַנגעביסן זיך אין מיר מיט די אויגן, באַטראַכט מיך אין מײַן שטוביקן הולך און האָט פאַרגעסן אויף צוויי זאַכן: צו זאָגן אַ „גוט־מאָרגן" און געבן צו וויסן, ווער ער איז, און ווי אַזוי ער הייסט. רוף איך זיך אָן צו אים: ווען איך ווייס, ווער איר זײַט, וואָלט איך אײַך אונטערגעזאָגט... צע־שמייכלט ער זיך: — איך בין פּיניע קיריטשאַנסקי.

— אַ יידישער פּאָעט — גיב איך צו, — אַ חשובער גאַסט!

און גראָדע קומען אָן די אורחים, ווען מײַן סאָניע (וואָס דער מינסקער אַוויר האָט פון הומאַנישקייט וועגן מיך געצוווּנגען צו גטן זי), איז אויף דער אַרבעט און מיר קומט אויס אַליין, צו גרייטן כּיבוד.

פּיניע קיריטשאַנסקי, אַ מאַלינער — אַ שטעטל נישט ווײַט פון קיעוו — האָט ער נאָך פאַרן קריג אַרײַנגעכאַפּט צו פאַרענדיקן אַ יידישע נישט־פולע מיטל־שול, און ווען ער איז נאָך געווען אַ שילער, האָט מען אייניקע זײַנע לידער געהאַט אָפּגעדרוקט אין דער יידישער קינדער־צײַטונג „זײַ גרייט". מיט עטלעכע יאָרן שפּעטער, האָט איציק פעפער צוזאַמען מיטן רעדאַקטאָר פון „זײַ גרייט" איציק גרינזײַד * אַרויסגעגעבן אין קיעוו אַ זאַמלביכל — שאַפונגען פון יידישע קינדער און יוגנטלעכע אָנפאַנגער. זײַנען אין יענעם זאַמלביכל געווען פאַרעפנטלעכט אויך פּיניע קיריטשאַנס־קיס לידער. נאָר די יידישע שולן, יידישע טעכניקומס, יידישע אָפּטיילן פון די הויכשולן אין קיעוו, כאַרקאָוו, אָדעס (אַזוי ווי אין גאַנצן ראַטנפאַר־באַנד) זײַנען פאַרחתמעט געוואָרן. און די נ.ק.וו.ד., מ.ג.ב, ק, ג, ב־סטראַשידלעס הייבן אָן רודפן יידישע פען־מענטשן, אַרײַנזעצן, פאַרשיקן, צעשיסן, האָט עס אויף די זיבעצן־אַכצניאָריקע יידישע בחורימלעך. אַזעלכע ווי פּיניע קיריטשאַנסקי, וואָס האָבן שוין געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון אָפּדרוקן אַן אייגן יידיש וואָרט, אָנגעוואָרפן אַן אימה און זיי האָבן זיך גיך אָפּגעטרייסלט פון דעם, פאַרשטיקט אין זיך דעם חשק פון שאַפן אויף מאַמע־לשון און שוין אפילו אויסבאַהאַלטן פון דער אַרומיקער אייגענער און גוייִשער סביבה, אַז זיי האָבן געהאַט געשריבן יידיש. ווײַל דאָס האָט שוין געשטערט אין תּכלית, בײַם אָנקומען אין אַ לערן־אַנשטאַלט, אָדער אײַנאָרדענען זיך אויף אַ בעסערער אַרבעט, אַרײַנצוטרעטן אין קאָמיוג, אין דער פּאַרטיי.

באַזונדערס איז דער פּחד פאַר יידיש אויסגעוואַקסן גרויזאַם פונעם

* אי. גרינזײַד — אומגעקומען אויף די פראָנטן קעגן די נאַציס.

אָנהויב 1949 יאָר, ווען די רוסישע פּראָלעטאַרישע מאַכט, האָט מיט איר אײַזערנער האַנט צעקאַטעוועט די יידישע סאָוועטישע קולטור און ליטע־ראַטור און אַ ייִדיש וואָרט ווערט שוין דאַן צוגעגליכן צו טראַצקיזם. עס האָט פּאַר דעם אַמווינציקסטן געדראָט — צען יאָר סיביר.

אָבער עס לויפן דורך יאָרצענדליקער און אַזאַ טבע האָט שוין דער מענטש — דאָס שלעכטס צו פאַרגעסן. און ווען עס ווערט נאָך אַלץ געטאָן דערבײַ, מע זאָל די רציחות נישט וואַגן צו דערמאָנען, בשום אופן נישט — איז דאָך פּשיטה. אין מאָסקווע דערשײַנט יעדן חודש, אַזוי ווי אַ שווייצאַ־רישער זייגער — יאָר אײַן, יאָר אויס, אַ יידישער זשורנאַל אַ צאַצקע מיט אַ סך לידער און גלאַנציק־שײַנענדיקע פּאָטאָ־בילדער, האָט זיך דאָס פּאָע־טישע פונקעלע פון די קינדעריאָרן בײַ פּיניע קיריטשאַנסקין, אויף דער עלטער, אויפסנײַ צעוואָרעמט, פאַרצאַפּלט. אמת, ס׳איז נישט לײַכט אין אַ צעוויאַניעט, פרילישעט געוויקס — צעטריקנטע ריטלעך סכך, אַרײַנצו־עטעמען פונסײַ קנאָספּן־פרישקײַט, פּעכיקן כוואָיע־אַראָמאַט. און דיכטונג איז דאָך, געגליכן צו פידל־שפּיל. קאָן דען געמאָלט זײַן, שוין בײַם סאַמע אָנהייב, איבערצוריײַסן דאָס שפּילן אויף דרײַסיק יאָר און פּרווון דערנאָך צו דערגרייכן ווירטואָזיקייט, אויסגעשליפנקײַט, ווירטואָזקײַט. דאָס זעלבע — אין פּאָעזיע — פון קינדווײַז אָן, לכל הפּחות, פון דער פריִער יוגנט, פאָדערט זיך אומאויפהערלעכע האָרעוואַניע, די לירע פון דער האַנט נישט אַרויסצולאָזן, אומדערמידלעך פּאָלירן די פּאָעטישע קלאַנגען מיט דער גרעסטער עקשנות און שטאַרקן ווילן און דערצו מוז, ווי אַ מוז (די מוזע ווייסט נישט פון קיין הינטישע שטיק) צוגעגעבן ווערן, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז דאָך עד היום, שוין נאָך די כלערליי ליבעראַליזאַציעס — פריקרער, אויפגעלאָפּענער שוים־קרעם אויפן „קולטור־טאַרט" — געבליבן אין דער פולער קראַפט, שטאָל־פעסט, די שוין פאַרהאַרטעוועטע, אײַנגעבוירענע מורא פאַר אַרויס־כאַפּן זיך מיט אַ „קרומען וואָרט", מיט דעם, וואָס אויפן האַרצן טוט זיך... און ווילסטו זיך דרוקן, קאָנסטו שוין נישט לויט דער אינערץ, נישט האָווירן דעם רעדאַקטאָר — צענזאָר — אַ טובל טאָן זיך, אַ טוק טאָן זיך, אין דער „פעלקער־פרײַנדשאַפט" און „גרענעצלאָזער ליבשאַפט צום בעסטן און שענסטן קאָמוניסטישן פאָטערלאַנד". און אין יעדן ליד, זאָל זײַן אפילו „די ריינסטע, אינטימסטע ליריק", דאַרפסטו זיך באַוואָרענען מיט אַ מכלומרשט אומשולדיקער שורהלע, אַ רמזל, כאָטש מיט איין־איינציקן גיפטיקן אויס־דרוק, כדי עס אַ שלײַדער צו טאָן, ווי אַ „בוליזשניק" אינעם ישראל־גאָרטן, אין דער „צעיושעט־ציוניסטישער, אימפּעריאַליסטישער וועלט"... ווײַל אַנדערש, קאָן זיך נאָך דער צענזאָר־רעדאַקטאָר אַ קווענקל טאָן דאָס שטעמ־פּעלע צו שטעלן... און דאַרפסט נאָך דערבײַ געדענקען, אַז אויב דו וועסט

עס נישט טאָן באַצײַטנס, װעלן עס בערל, שמערל און ייִדל באַשטימט טאָן, און נאָך פּיפּיקער פֿון דיר, און זייער ממזרישער „אבן־טוב" װעט בײַם באַלעבאָס אויסנעמען... בלײַבסטו שוין דאָן מחוץ די אײנציק־מעגלעכע ייִדישע זשורנאַל־שפּאַלטן... האָט דען אַזאַ דיכטונג אַ האָפּט? — ס'איז שוין אַ פּאָעזיע מיט „אַרײַנגעשטעלטע סטימולאַטאָרס אין האַרצן"... אַז אַך־און־װיי דאָן צו אַזאַ דיכטונג...

...פּיניע קיריטשאַנסקי זיצט מיט מיר אין מײַן צימער בײַם טיש און װאַרפֿט אומרויִקע בליקן אויף מײַנע פֿיר װענט, אויף דער האַלב־אָפֿענער שאַפֿע, אָנגעשטאָפּטער מיט די העפֿטן מײַנע. עס קומט אים אָן שװער צו פֿאַרקניפּן מיט מיר דעם „אָפּענעם שמועס"... אין אונטערשייד פֿון מײַנע פֿאַריקע אורחים, איז ער נישט אַזוי געניט אין דעם סאָװעטישן פּינפּטן שולחן־ערוך, ער איז דאָך מיט אַ צענדליק יאָר ייִנגער. באַמיט ער זיך מיר אויפֿצוקלערן דעם פּלוצעמדיקן קומען זײַנעם צו מיר — ער האָט באַשלאָסן, — זאָגט ער, — מיט אַ טוריסן־אויטאָבוס קיעװ־מינסק — אין אָװנט קערט זיך אום דער אויטאָבוס צוריק קיין קיעװ — אין משך פֿונעם טאָג אַ קוק צו טאָן אויף מינסק, די הויפּט־שטאָט פֿון ביעלאָרוסיע.

אין אײנקלאַנג, — זאָג איך צו אים, — מיט דעם פּאָפּולערן זינג־ליד — „ביעלאָרוסיאַ ראָדנאַיאַ, אוקראַינאַ זאָלאָטאַיאַ" — װײַסרוסלאַנד אײגענע, אוקראַינע גאָלדענע.

ער שװײַגט אַ רגעלע. װײַל, משמעות, אַרײַנדרינגען אין מײַן „אײנ־קלאַנג" און זעצט פֿאָר: — איז װיזשע כאַפּט מען זיך נישט אַרײַן, אַז מען איז שוין אין מינסק, צו דיר, באַקענען. און נעמט מיך, אָן אַ צוזאַמענ־האַנג, אויסצורעכענען־פֿאַרנאַנדערציען די נעמען, גלאַט אין דער װעלט, פֿון די קיִעװער ייִדישע שרײַבער — פֿאַלאַנקער, זאַבאַרע, פֿאַליקמאַן, בוכ־בינדער, דאָראַ בײַקינאַ, טאַבאַטשניקאָװ, באַלאָסנע...

— האָסט פֿאַרגעסן, — זאָג איך אים, — צו דערמאָנען נאָך אַ נאָמען — עלי שעכטמאַן.

— יאָ, — זאָגט ער, — איז ער דאָך שוין אין ישראל...

איך פֿיל, אַז איך האָב אים איבערגעשלאָגן די רעיונות. װאַרפֿט ער זיך ראַפּטאָם איבער צו סימפּעראָפּאָל: „דאָרט לעבט דער דיכטער קאָצעװ, װאָס שרײַבט קינדער־לידער. האָט ער, קיריטשאַנסקי, געװיסע טענות צו אים, — קאָצעװ האָט אין אַן אוקראַאינישער צײַטונג אָפּגעדרוקט נישט קיין אָנשטענ־דיקן אַרטיקל װעגן אַ ייִדישן שרײַבער..."

— הער, — קיריטשאַנסקי, — זאָג איך. דו קומסט דאָך פֿון װעג. ס'איז נישט פֿײַן פֿון מײַן זײַט. איך װעל אויפֿזידן אַ גלעזל טיי און װעסט עפּעס איבערכאַפּן...

— איך האָב בײַ זיך אין טעקע פּאָמידאָרן און בוטערבראָדן...

— לאָז צורו, פּיניע, די טעקע, זי וועט דיר צונוץ קומען אויף צוריק־וועגס. לאָמיר מיט דיר אַרײַן אין קיך צום טישל, נעבן כאַלאַדילניק (קיל־קאַסטן).

ער איז שוין געזעסן הײמישלעך אין קיך, געלאָזן זיך אָנגיסן אַ צווייטע גלאָז טיי און געשמאַק פּאַרביסן. איך האָב אים נישט געזשאַלעוועט, דיק געשמירט דעם פּוטער, אָנגעשניטן אויפן טעלער נאָך קאַלבאַס און קעז פונעם פּולן האַרצן.

זאָג איך צו קיריטשאַנסקין: משה טייף, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, אונדז צו לאַנגע יאָר, ווען ער האָט פּאַרוואַלטעט מיטן פּאָעטישן אָפּ־טייל פון „סאָוועטיש הײמלאַנד", פלעגט ער אָפטלעך ליב האָבן אַזוי זיך אויסצודריקן: „איך באַמי זיך צו קוקן אויף אַלץ מיט גוטע אויגן..." וויל איך זיך אויף האַלטן בײַ אָט דעם, משה טייפס, ווונטש — אַלע זײַנען מיר געשטראָפט מיטן ייִדישן וואָרט און וועלן אים שוין זײַן געטרײַ ביזן סוף. וואָס מיינסטו, וויל קאַצעוו? — דאָס זעלבע וואָס איך, וואָס דו, וואָס אַנדערע — אַרויסצוגעבן אַ בוך אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטיעל", און יעדער טוט עס אין הסכם מיט זײַן געוויסן, אָדער, ווי עס לאָזט זיך... אָט קלינגט צו מיר נאָכאַנאַנד פון באַברויסק דער דיכטער פּלאַטקין. ער הייסט אויך פּיניע. און ווי מיר בײדע — אַ פּראָנטאָוויק. זײַן ווײַב אַרבעט אויף דער באַברויסקער טעלעפאָן־סטאַנציע, האָט ער, ווײַזט אויס, די פּריווי־לעגיע, עפּטער צו קלינגען. ער איז אַ ביסל טויבלעך. שרײַט ער אַרײַן אין טעלעפאָן־טרײַבל רק איין און די זעלבע ווערטער — „חיים, וואָס מאַכסטו?" פּונקט אַזוי ווי ער וואָלט אין דער קאַלטער, פאַרשנייטער טראַנשיי גע־טאַפּטשעט זיך אויף איין אָרט און וועלן אָנוואַרעמען די פיס... האָב איך אים שוין נעכטן געענטפערט, אַ ביסל מיט רוגזה: פּלאַטקין, וואָס ווילסטו פון מיר? — איך לעב, איך בין נאָך דאָ, האָב געדולד... דו, קיריטשאַנסקי, ווייסט נישט מסתמא פון דעם, אַז דער ווײַסרוסישער מלוכה־פאַרלאַג האָט מיט אַ פינף־און־דרײַסיק יאָר צוריק אַרויסגעגעבן אַ בשותפותדיק ביכעלע לידער פאַר די יונגע דיכטער פּיניע פּלאַטקין, איטשע באַרוכאָוויטש, חיים גורעוויטש, שמעון לעלטשוק *. טרוימט אַצינד פּלאַטקין — מע זאָל אים צו זײַנע זעכציק אַרויסלאָזן אַ בוך. עס שטייט אים פאַר חתונה צו מאַכן אַ זון און צוויי טעכטער. געוויס, איז עס פאַר אים וויכטיק, אַזאַ מין בוך אַרויסצוגעבן, זאָל אים גאָט העלפן...

מיר זײַנען פון קיך ווידער אַריבער אין מײַן צימער. איך בין שוין מיד.

---

* דער יונגער ייִדישער דיכטער שמעון לעלטשוק איז אומגעקומען אין די שלאַכטן קעגן די היטלער־אַרמייען. זײַן נאָמען איז מיט גאָלדענע אותיות אויסגעקריצט אויף דעם אָנדענק־טאָוול אינעם ווײַסרוסישן שרײַבער־פאַריין אין מינסק.

ס'איז מיך באַפאַלן אַ שלעפעריקע לאַנגווייַליקייַט. אָבער פּיניע קיריטשאַנ־סקי האָט נאָך אַלץ פון מיר געוואָלט הערן לשון... מיט אינטערוואַלן און פּאַוזעס, נעמט ער מיר אונטערזאָגן די נעמען פון די רעדאַקציע־מיטאַרבע־טער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" — רעמיניק... גאָנטאַר... טשיטשעלניצקי. נאָך דעם נאָמען פון שעף־רעדאַקטאָר, ווייס איך נישט פאַר וואָס ער ברענגט נישט אַרויס אויף די ליפּן.. כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף מייַן טיש־זייגער — עס איז שוין האַלב צוויי. האָט זיך בייַ מיר אַרויסגעכאַפּט פון מויל: קירי־טשאַנסקי, דו פּלאַנירסט דאָך נאָך אָנצוקוקן אונדזער אָרדנטרעגערישע הויפּט־שטאָט...

— אוודאי, אוודאי, — האָט ער זיך אַ שטעל אויף געטאָן, — זעקס מיט דרייַסיק פאָרן מיר שוין צוריק, — און ער נעמט אייַליק זייַן טעקע אונטערן אָרעם, אַרויפגערוקט די קעפּקע אויפן שטערן...

— איז זייַ געזונט, — פיר איך אים צו דער טיר און זאָג אים: דאָס ערשטע מאָל, ווי מיר זעען זיך, און געזעגענען זיך...

צי וועל איך זיך ווען נישט איז אַ צווייטן מאָל, טרעפן מיט אים? — האָב איך דערנאָך אַ טראַכט געטאָן...

## גם זו לטובה...

סאָניע פלעגט אינדערפרי אַוועק צו איר ביכער־קיאָסק און איבער אַ טאָג, נאָך דער אַרבעט, געגאַנגען צום אייניקל און איידעם. צוריקקערן זיך, פלעגט זי שפּעט אין אָוונט. איר איז נישט גרינגער געווען ווי מיר. ווייַל, פּונקט אַזוי ווי איך האָב זיך געצויגן צו מייַנע קינדער, האָט זי נישט ווייניקער, איבערגעלעבט פאַר איר אייניקל מאַרינען און פאַר איר זונס משפחה. הייַנט, די אָן אַ שיער געגנג און כלאָפּאָטן, פּטור צו ווערן פון דער אייגענער שטוב, דעם זון זאָלן בלייבן מיטלען אַרויסצופאָרן, ווען עס וועט קומען דער מאָמענט, פון רוסלאַנד. סאָניע האָט גוט פאַרשטאַנען מייַן צו־שטאַנד, מייַן פּחד, דערלעבן צו קריגן די אַרויספאָר־וויזע. זי האָט מיר מיט קיין איינציקן וואָרט נישט, מיט קיין בליק, אפילו נישט געפּרוּווט צוריידן, איך זאָל אָפּלייגן מייַן פאָרן, ביז זי וועט אויך קאָנען מיטפאָרן מיט מיר. ווייַל ווען וועט זי עס קאָנען, האָט זי אַליין נישט געוווּסט. — זי האָט נישט קיין רעכט צו וואָרפן איר אייניקל. ס'איז נאָך קיין יאָר נישט, ווי איר יונגע טאָכטער סוויעטלאַנע איז אַוועק פון דער וועלט. און דער געצווונגענער גט, האָט נאָך מער פאַראומערט און פאַרביטערט אונדזערע נשמות...

סאָניע גייט אַרויס פון שטוב צו דער אַרבעט. איך באַגלייט זי מיט די אויגן דורכן פענצטער. איך קוק אויף איר גלײַכע פיגור, דעם קאָפּ עטוואָס אַראָפּגעבויגן, שפּאַנט זי מיט אירע אײַליק־אַנטשלאָסענע טריט. איך פיל איר מיט, אָבער וואָס קאָן איך טאָן? — איך בלײַב אַליין אין שטוב, ווי אַ וואָלף אין שטײַג. די אומגעריכטע, נישט געבעטענע געסט, קומען און אַנטרינען און לאָזן מיר איבער צערייצטקײַט און ווידערגעפיל אויפן האַרצן. דאָס פּײַניקן זיך יעדן איינציקן טאָג און אויסקוקן, ווען איך זאָל שוין האָבן רעכט צו גיין אין זאַגס נאָכן גט־דאָקומענט און דערנאָך ערשט אויפסנײַ וואַרטן, און וויפל וואַרטן? — דאָס מאַכט מיר פּאַר אויס־מענטש. דער זיך קיין אָרט נישט געפינען, דער אומעט, שלאָגט מיך צו, ווי אַ כוואַליע צום ברעג, צו מײַן אָפענער שאַפע, דער אָנגעשטאָפּטער מיט מײַנע לידער־העפטן. אויף איין פּאָליצע ליגן די, וועלכע מײַן טאָכטערס און איידעמס פרײַנד האָט אַראָפּפאָטאָגראַפירט. די פּאַטאַ־טאַשמע, ווייס איך, איז בשלום אָנגעקומען קיין ישראל. אָבער ווען איך נעם אַרויסציען די העפטן פון ביידע פּאָליצעס, זע איך, אַז ס'איז צעפּלאָנטערט — די העפטן מיט די סימנים, וואָס איך האָב געמאַכט אויף די פאָטאָגראַפירטע, געפינען זיך צווישן די, וועלכע מיר האָבן נישט באַוויזן צו פאָטאָגראַפירן — דער מיש־מאַש פאַר־גרעסערט זיך נאָך דערמיט, וואָס איך פלעג מײַנע לידער־העפטן, ווי אַ רגילות, איבערשרײַבן אויף ריין אין צוויי קאָפּיעס. אויף אייניקע האָב איך דאָן געשטעלט דעם צייכן — פאָטאָגראַפירט, און אויף אַ סך — נישט. הויב איך שוין אָן נישט צו גלויבן זיך אַליין, וועלכע לידער זײַנען געבליבן דאָ, בײַ מיר, און וועלכע בײַ מײַן טאָכטער? — און וואָס דערוואַרט דער גורל פון די לידער, וואָס זײַנען זיכער נישט פאָטאָגראַפירט? — נישט שוין זשע זאָל עס פאַרפאַלן גיין? — און איך קום פלוצעם צו אַ פעסטן באַשלוס — אפילו, אַז אַלץ זאָל בײַ מיר זײַן כשורה, איז, ביז איך וועל באַקומען דעם זאַגס־פּאַפּיר און דערנאָך די וויזע, האָב איך אין מײַן רשות, נישט ווינציקער, ווי אַ הונדערט טעג. וועל איך מיט פּיצעלעך, גאָר דריבניטשקע אותיותלעך איבערשרײַבן פון אלף ביז תוו — אַלע מײַנע נישט־געדרוקטע לידער, וועלכע איך האָב אָנגעשריבן אין פאַרלויף פון אַן 18 יאָר, נאָך מײַן רעהאַ־ביליטאַציע. און אויך די, וועלכע איך האָב מיט גרויס מי אויפגעשטעלט אין זכרון — די לידער, וועלכע אך פלעג ערב מײַן אַרעסט, צו ביסלעך פאַרניכטן.

און איך רעכן אויס, אַז אויף יעדן זײַטל פון אַן אַלגעמיינעם העפט, קאָן איך אָנפּיקעווען מיט פּיטשימאָנטשיקע בוכשטאַבן, די לידער־שורות, אין צוויי, אָדער אפילו אין דרײַ קאָלאָנקעס, פון סאַמע אויבן ביז אַראָפּ, געדיכט, שורה־אין־שורה, אָן אינטערוואַלן צווישן די סטראָפעס, בלויז מיט אַ פּאַסיקל אונטערשטרײַכן יעדעס פאַרענדיקט ליד. און איך רעד מיט זיך

אַליין, קיינער איז דאָך אין שטוב נישטאָ: „איבערשרײַבן אַזוי, ווי הערינג אין אַ פעסל. ניין!, — זאָג איך צו זיך, — אַזוי ווי די נאַדזיראַטיעלעס און דער קאָנוווי פלעגן אויף די פּערעסילקעס, כדי צופירן די זעקאַ צום באַן, צום סטאָליפּין־וואַגאָן־זאַק, אָנשטופּן אינעם „שוואַרצן וואָראָן" אַרעסטאַנטן, צונויפקוועטשן לײַב צו לײַב, קאָפּ צו קאָפּ, אַז וואָס מער זעקאַ זאָלן אַרײַנ־קריכן אין דער מאַשין, אַבי צו פאַרשפּאָרן צו מאַכן אַן איבעריקן רייס צו דער אײַזנבאַן־סטאַנציע. אײַ, טאָמער וועלן אַ צוויי, צי דרײַ אַרעסטאַנטן אין דעם „שוואַרצן וואָראָן" דערדושעט ווערן, אָדער איינער וועט צעטרעטן דעם אַנדערן, מ׳וועט זיך צעברעכ:ן הענט און פיס, צעקאַליעטשען, — איז וועמען גייט עס אָן?...

און איך זעץ זיך באַלד אַוועק און מאַך אויף דער גיך אַ געַנויעם חשבון — אין אַ פיר־פינף אַלגעמיינע העפטן מיט אַ קיימא לן פון אַ פינף־זעקס הונדערט ריינע זײַטעלעך וועט אַרײַן מײַן גאַנצע „לידער־שאַפע"... און אויף איבערצופּעקלען אַ פיר־פינף העפטן קיין ישראל — דאָס וועט פאַר־נעמען אַ גאָר קנאַפּן אָרט, וועט זיך געפינען, האָף איך, אַ גוטע נשמה, וועלכער איך וועל מיט דער פולער זיכערקייט פאַרטרויען דעם אוצר מײַ־נעם... און איך שמייכל צו זיך אַליין: גם זו לטובה...

איך פלעג אויפשטיין נאָך פאַר פינף באַגינען און אין משך פון אַ גאַנצן טאָג — מיט קליינע איבעררײַסן — סאָניע האָט מיך מיט אַלץ באַ־זאָרגט — נישט אָפּטרעטן פון טיש. מיט דער מאַקסימאַלסטער אויפמערקזאַמ־קײַט, נישט דורכצולאָזן, חס־וחלילה, אַ שורה, אַ וואָרט. סטאַרענדיק זיך נישט אײַלן צו צוימען מײַן אימפּעט־דראַנג, פלעג איך מיט מיקראָסקאָפּישע אות־יותלעך איבערשרײַבן ליד נאָך ליד. צום סוף פון טאָג, פלעג איך די פינגער פון מײַן רעכטער האַנט נישט פילן און שוין נישט קאָנען אויסשפּרייטן. איך פלעג זיי אַרײַנטאָן אין קאַלטן וואַסער און האַלטן לאַנג, זיי זאָלן זיך אָטשוכען און מיר ווײַטער דינען. און זײַענדיק אַזוי פאַרהרוזניעט אין די העפטן, ווערט אַלץ אָנגעפּאַקטער די פּאָליצע מיט די שוין איבערגעשריבענע לידער. און באַלד, באַלד, וועל איך שוין רעכט האָבן צו גיין אין זאַגס אַרײַן נאָכן פאַרהאַסטן דאָקומענט און עס אָפּגעבן אין אַוויר. און אין דער זעלבער צײַט ליגן שוין אין מײַן שאַפע אויף אַן אָפּגעזונדערטן זיכערן אָרט די פיר העפטן אָנגעפּראָבטע מיט די מאָנינקע רשי־אויתיותלעך און נאָך אַ וואָך, אַז הויך — צוויי וואָכן, און מײַן לאַנג־יאָריקע האָרעוואַניע וועט אַרײַנגענומען ווערן אין די געציילטע העפטן. און אַזאַ געפיל איז בײַ מיר, ווי איך וואָלט אין מײַן האַרצן אַרײַנגעפּרעסט מײַן לעבן, ווי אַ זשמענקע. און ס׳טוט וויי דאָס האַרץ פון דער צוזאַמענגעפּרעסטקײַט און ס׳קלאַפּט אין

די שליפן דער אומרו און די שרעק: וועל איך עס דערטראָגן אַהין ?... און ווער וועט עס מיר העלפן טאָן ?...

און סאָניע איז צופרידן, וואָס איך בין אַזוי פאַרנומען, צוגעשמידט צום טיש, און בין שוין נישט אַזוי אומרויִק, און טאַטשע זיך נישט, און פרעס זיך נישט דאָס האַרץ און חכמה זיך אפילו.

## זוזשקע וויטענזאָן

דעם זאַגס־פּאַפּיר האָב איך שוין באַקומען. אין דעם זעלבן טאָג אים אָפּגעטראָגן אין אָוויר. פעלן מיר שוין קיין שום דאָקומענטן נישט. שטייט מיר פאַר דער לעצטער עטאַפּ — וואַרטן אויף דער וויזע קיין ישראל. נאָך־וועמבער שוין. קאַלטער האַרבסט אין מינסק. שוין נאָך די אָקטיאַבער־פּייַערונגען. איך האָב די פּאָר רויטע טעג־בלעטלעך געהאַט שוין פריִער אַראָפּגעפּליקט פון קאַלענדאַר מיט איין פאַרלאַנג — צו דערנענטערן זיך צו דעם מיך נאָגנדיקער אויסגעבענקטער שעה — מיט מייַן לעבעדיקער נשמה אַרויסצורייַסן זיך פון די אומזעבאַרע קלעשטשעס... אין אַזאַ טאָג איז צו מיר אַרייַנגעקומען נאָך איינער מייַנער אַן אומגעריכטער גאַסט — זוזשקע וויטענזאָן — דער מאָסקווער סצענאַרן־שרייַבער. יאָרצענדליקער ערגעץ זיך נישט באַגעגנט מיט אים. ער האָט אויסגעזען מיד, אויסגעשעפּט, גלייַך ווי ער וואָלט אַרייַנגעקומען צו מיר אויף אַ רגעלע צוזעצן זיך, אַ קאַפּעלע אָפּרוען. איך האָב אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט מיט אים. פון זייַנע שטילע, קאַרגע רייד, — ער האָט זיך פאַר מיר נישט געקלאָגט און גאָרנישט נישט באַדויערט — האָב איך דאָך גוט פאַרשטאַנען — זייַן אַרבעט אין משך פון לאַנגע יאָרן — צו אינסצענירן פאַרן גרויסן סאָוועטישן עקראַן פּאָפּולערע ווערק און באַזונדערס, דאָס שטרעבן צו שאַפן אַן אייגענעם אָריגינעלן סצענאַר, איז פאַר אים געווען אַ פּאַטאַלע, נישט קיין אָרגאַנישע, בלינדע זאַך, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין אַ שווער נישט־היימלעך שטיקל ברויט און אויסגעשרפעט אין זייַן האַרצן דאָס טראַפּעלע ליכטיקע ייִדישע אייגנס, וואָס ער האָט אין זיך פאַרמאָגט.

אין סאָוועטן־פאַרבאַנד שטייט פאַר אין אָט דעם דאָזיקן פילם־געשעפט, ווען מען איז נאָך דערצו אַ ייִד, „קייַען די ערד״, ביז מע דערשלאָגט זיך עפּעס. ס׳איז אַ קאָלאָסאַלע לאָטערייע־קאָרטע, אַרום וועלכן מע איז געצוווּנ־

גען לאַנגע יאָרן צו טויטשען זיך, ריַיבן, ברודיקן די אַרבל און די פּאָלעס. חוץ מזל, דאַרף מען צו דעם האָבן אַ סך אַנדערע אויסדרעסירטע קאָמפּאָ־נענטן, דער עיקר — אומפּאַרשעמטקייט, נישט האָבן קיין ווירדע און איַיזערנע פּיס און שטאָלענע עלנבויגנס צו קאָנען אָפּקלאַפּן די שוועלן און דורכצו־שטופּן זיך צו די הויכע דאָפּל־טירן, די מיט געוואַנט און פּליוש באַשלאָגענע, אַריינצוגליטשן זיך אין די הויכראַנגיקע קאַבינעטן צו די עקראַן־נאַטשאַלני־קעס, געהויבענע מלוכה־,,קנעפּלעך״, צענזאָרס, רעזשיסאָרן, באַרימטע אַרטיס־טן־לאַורעאַטן פּראָפעסאָרן־דעה־זאָגערס. און דאָס אַלץ איז געווען פרעמד — אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן, וויטענזאָגס כאַראַקטער. אָבער פאַר מיר זעלבסט, האָט זושקע וויטענזאָנס געשטאַלט באַטייט פיל שענערס און הע־כערס פון זיין סצענאַר־פּראָפעסיע. מיט זיין אַריינקומען, האָט אויף מיר אַ פלאַטער געטאָן מיט מיין היימשטאָט וויטעבסק, מיט דער לינדער פריש־קייט פון דווינע־טייך. ס׳האָבן זיך אין מיר צערוישט מיינע קינדער־יאָרן, מיין פריִע יוגנט. די אָווראַגן, נידערן, פּוסטקעס, לענגאויס די גאַסן יאַמס־קאַיאַ, זאַדונאַווע, זאַמקאַווע, גאָגאָלעווסקע, נאָענט נעבן דעם וויטעבע־טייכל, דאָס קליינע אייזערנע בריקל איבער אים און ביי דער זייט דאָס דריישטאָקיק מויערל פון דער ייִדישער פאָלער מיטל־שול, וואָס איז שפּעטער געוואָרן — אַ נישט־פאָלע־זיבניאָריקע, ווו איך בין נאָכן פאַרענדיקן די אָנפאַנג־שול, אָנ־געקומען לערנען זיך אין פינפטן קלאַס. וויטענזאָן איז שוין דאָן געווען אין דעם פאַר־לעצטן ניינטן. ער איז געווען דער סאַמע שענסטער פון די עלטע־רע, הויך־ ווּקסיקע שילער. אַ טונקל־הויטיקער מיט אַ געטאָקטן פּנים, מיט אַ קאָפּ געקרויזטע האָר, ווי מיט גלעקעלעך. און דער פיזיש־געזונטסטער. ס׳האָט אים געפּאַסט דאָס זומער־העמדל מיט די קורצע אַרבל — מיך האָט געצויגן צו זיינע פאַרברוינטע, שטאַרקע הענט, ווי ביי אַן אַטלעט. איך פלעג אויף די הפסקות צולויפן צו אים און דרייסט אַ טאָפּ טאָן די שטייפקייט פון זיינע מוסקולן און ער פלעגט מיך אַ כאַפּ טאָן און אויפהייבן אין דער הויך, אַזוי, אַז איך פלעג מיט מיינע פּיס אָנטאַפּן דעם באַלקן און וויטענזאָן פלעגט קוקן מיר אין די אויגן און שמייכלען צופרידן. און איך פלעג קוויטשן פאַר פרייד.

און פּונקט אַזוי שיין און אַטלעטיש, ווי ער האָט אויסגעזען, האָט אויך אַזוי שיין געקלונגען אין מיינע אויערן זיין עכט־ליטעראַרישער ייִדיש. דאַכט זיך, די זעלבע ייִדישע ווערטער, וואָס איך קאָן זיי, נאָר עפּעס אַנדערש, געשמאַקער, האָט ער זיי אַרויסגעבראַכט. איך האָב פאַרגעדענקט, ווי אויף אַ גרויסן שול־אָוונט, פאַר אַ פולן זאַל שילער, לערער און עלטערן, איז ווי־טענזאָן געשטאַנען אויף דער בינע און מיט התלהבות און דערהויבנקייט דעקלאַמירט:

„עס האָבן די גלעקער געקלונגען!
און בראָנזענע יונגען
באַפאַלן איז דעמאָלט אַ ווילן
צו שטילן
דעם צאָרן
פון יאָרן,
וואָס זײַנען פאַרלאָרן...
און ס'האָבן די גלעקער געקלונגען!
היי, לאָמיר גיין!
לאָמיר גיין!
לאָמיר גיין!
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע..."

אויף מיר האָט געמאַכט אַ טיפער רושם די מוזיקאַלישקייַט, דער באַצווי־בערנדיקער ריטם, די געמאָסטענע איבערחזרונגען פון דער דעקלאַמאַציע. איך בין נאָך געווען אַ קליין ייִנגל און ווײַט נישט אַלע ווערטער האָב איך באַנומען. אַ שטייגער, איך בין נישט מסוגל געווען דאַן אַרײַנצוטראַכטן זיך אין דעם אויסדרוק — „לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע". און ווער זײַנען עס די שוואַכע? — און פאַר וואָס קומט זיי, מע זאָל זיי איבערלאָזן?... אָבער דער טעמפּ, דער דראַנג אין וויטענזאַנס אַרויסברענגען די פּערזן, שאַרף זיגעווודיק, האָט מיך מיטגעריסן און איך בין גרייט געווען צו הערן און צו הערן דאָס ליד אָן אַ סוף. ערשט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, האָב איך זיך דערוווסט, אַז דאָס רײַכע, מיט שיינקייַט און מוטיקייַט ליד „עס האָבן די גלעקער געקלונגען", האָט אָנגעשריבן דער באַרימטער ייִדישער דיכטער משה קולבאַק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...די געוועזענע וויטעבסקער וואָקזאַלנע גאַס ברענגט אײַך צום גרויסן, אײַזערנעם בריק איבער דער מערב־דווינע. דער בריק שטייט אויף פיר מעכטיקע „ביקעס־נעזער". אַ צען־עלף־יאָריק ייִנגל בין איך דאַן געווען. דאָס האָט געמוזט זײַן אין 1920, צי אין 1921 יאָר, איז אין אַ מיטן העלן זומערטאָג געשען אַ גרויסער אומגליק — אַן אָנגעפּאַקטער פּאַראַכאָד מיט מענטשן איז פון דער שטאָטישער „פּריסטאַן" (האַפן), אָפּגעשווומען קיין בעשענקאָוויטש, אַ שטעטל בײַ דער דווינע, אַ זעכציק קילאָמעטער פון וויטעבסק און זיך מיט איינעם פון אירע באָרטן אָנגעשלאָגן אויף דעם מיטלסטן „נאָזביק". אין געציילטע רגעס איז דער דאַמפּער אַוועק צום גרונט. ווייניק־ווער עס האָט זיך געראַטעוועט. מער פון צוויי הונדערט מענטשן זײַנען דערטרונקען געוואָרן. דערנאָך, געדענק איך, זײַנען אַ סכן אין בהלה געלאָפן צום הויף פון דער געוועזענער רוסישער גימנאַזיע, צו דערקענען אייגענע און

באַקאַנטע... דאָרט, אין אַ לאַנגן פּאַרטונקלטן שטאַל, זײַנען אויף דער ערד, אויף קופּעס שטרוי, צוגעדעקט מיט ראָגזשעס און שמאַטעס, געלעגן אין צוויי קעגנאיבערדיקע שורות, די דערטרונקענע.

איך בין געוואָקסן אָן אַ טאַטן און פלעג זומער אַרומלויפן איבער די גאַסן אַ באָרוועסער, בין איך אויך געווען אין יענעם שטאַל...

בכלל, ווו נאָר אַ געזעמל, אַ מיטינג אויפן שטאָטישן פּלאַץ, פלעג איך זיך אומעטום אַרײַנשטופּן צווישן, ביז צום סאַמע פאָרנט, נאָענט צו דער טריבונע, מיט שטוינונג צו הערן די פלאַמיקע אויסרופן, אויסגעשרייען פון די רעדנער.

די יאָרן לויפן — מײַנע געשטרייפטע רייפן. איך בין שוין אין זעקסטן קלאַס. נעם אָנטייל אין דעם ליטעראַרישן שול־זשורנאַל, באַזוך דעם פּאָל־קלאַר־קרײַז.

גלײַך נאָכן אײַזערנעם בריק איבער דער דווינע, אויף דער לינקער זײַט, איז אויסגעוואָקסן אַ גרויסע געבײַדע, — די זאַקן־פאַבריק. אַ ביסל ווײַטער, אויף לינקס — איז דער סקווער, אַ סעדל. געדענק איך, מען האָט דעם סקווער גערופן „סאָבאַטשי סאַדיק” (הינטיש סעדל). פּונקט אַנטקעגן סקווע־ריק, אַרומגעצוימט, מיט נידעריקע, הילצערנע שטאַכעטן, איז דער נישט־גרויסער וויטעבסקער ספּאָרט־פּלאַץ, ווו עס פלעגן פּאַרקומען לײַכט־אַטלע־טישע ספּאָרטיווע פּאַרמעסטונגען און באַסקעטבאָל — קוישבאָל־שפּיל. אין די 1925—1926 יאָרן איז נאָך אין וויטעבסק קיין ספּאָרטיווער סטאַדיאָן נישט געווען. ספּאָרט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. האָבן זיך די קליינצאָליקע ספּאָרטיווע שטאָטישע כוחות און די געציילטע קוישבאָל־קאָ־מאַנדעס גרופּירט אויף דעם נישט גרויסן פּלאַץ, אַנטקעגן סקווערִיק. איך האָב ליב באַקומען קוישבאָל. איך פלעג מיט שטײַגנדיקן אינטערעס קוקן די מאַטשן, הנאה האָבן, ווי אַזוי די פלינקסטע און האַסטיקסטע טרעפן אין געלאָף מיט דער פּילקע אין קויש „ריין” און פײַן. קיין סך בעלונים, שעהנ־ווײַז צו שטיין נאָענט בײַם סאַמע ראַנד פון ספּאָרט־פּלאַץ און קוקן אויפן גאַנג פון דער שפּיל, זײַנען אין יענער צײַט, נישט געווען. קיין בילעטן קויפן האָט מען נישט געדאַרפט. איך געדענק נאָך איצט די ערשטע וויטעבס־קער קוישבאָל־שפּילער. עס איז שוין בײַ זעכציק יאָר אַדורך זינט דאַן, נאָר ס'האָבן זיך מיר אײַנגעקריצט זייערע פאַמיליע־נעמען: גאָראָדיעצקי, קאַז־לאָווסקי, פּאָטאַפּצקי, רוטנבערג, אישורין און די ביידע ברידער ניקיפאָראָוו, דער יינגערער מיט אַ האָריקער בראָדעווקע אויף דער באַק. איך געדענק גוט דעם פּולן באַשטאַנד פון דער ערשטער וויטעבסקער פּרויען־קאָמאַנדע פאַר קוישבאָל. דורכויס אַלע — יִדישע מיידלעך — ניסניעוויטש, פרידמאַן, פראַד־קינע, סאַפּגיר לאַנדאַן און פרײַפעלד. לאַנדאַנס און פרײַפעלדס יינגערע שוועסטער האָבן זיך געלערנט אין אונדזער שול.

דער זאַרגזאַמער, איידעלער ספּאָרטסמען גאַראַדיעצקי האָט געאַיבט די פּרויען־קאָמאַנדע. איך בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר פּערצן־פופצן. קליין־געוואַקסן. גאַראַדיעצקי האָט אויסגעזען אין מײַנע אויגן, ווי שוין אַ באַיאָרטער און האָט געמוזט זײַן, ווי איך טראַכט אַצינד, נישט מער, ווי אַ יאָר זיבן — אַכט־און צוואַנציק. ער האָט נישט געזשאַלעוועט זײַן צײַט, געלערנט די באַסקעטבאַליסטקעס ווי אַזוי געשיקטער און קליגער איבערצווואַרפן אײנע צו דער אַנדערער, די פּילקע, ווי אַזוי אַרויסצורײַסן זי פון דער קעגנערנס הענט, מיט געשווינדקײַט און אַפּנאַרערישע באַוועגונגען, דערנענטערן זיך צום רייף. איך מוז זיך מודה זײַן, אַז איך בין דאַן פּאַרקאַכט געווען אין די אַלע זעקס ספּאָרטסמענקעס. איך פלעג פאַרליבט קוקן אויפן קער און ווענד פון יעדערער פון זיי. די סאַמע געראַטנסטע, מיט אַ סך זומער־שפּרענקעלעך אויף איר ברייטן פּנים, אַ פעסט־געבויטע, בלוט און מילך, איז געווען ניסניעוויטש. זי איז — צענטער פון דער קאָמאַנדע. די האַסטיקסטע, און גלײַכצײַטיק, שטעלט זיך פלוצעם אָפּ און וואַרפט רויִק פון דער ווײַטן אַרײַן די פּילקע אין רייף. די חברטעס אירע, פלעגן, ווי פון זיך אַליין, אַרײַנציען אין איר געשווינדן טעמפּ פון שפּיל. אגב, אינעם געלאָף אויף דער קורצער דיסטאַנץ — זעכציק מעטער, האָט ניסניעוויטש באַוויזן די בעסטע צײַט, און אויך דעם אײַזערנעם באַלעם האָט זי געוואָרפן ווײַטער פון אַלע.

פּראַדקינע — אַ קורצוויזקסיקע, אירע שטײַף־פאַרפלאַכטענע צעפּלעך, פלעגן זיך וויגן פון פאָרנט, ווען זי פלעגט זיך אימפּעטדיק טראָגן איבערן שפּיל־פּלאַץ און הויך אונטערשפּרינגען צו כאַפּן די פּילקע. זי פלעגט נישט אויפהערן אַרומטאַנצן צווישן די שפּילנדיקע, אין יעדער לאַגע קונציק אַרויס־שלאָגן בײַ דער קעגנערין די פּילקע, בעת יענע פלעגט צילן צו וואַרפן זי אין קויש. בײַ פּראַדקינע זײַנען פּולבלעכע, שטאַרקע פיס, די איקרעס מוס־קולדיקע, ווי פלעשעלעך און זי מידט זיך גאָרנישט אײַן.

די פײַנסטע און די שלאַנקסטע איז פרידמאַן. זי האָט זיך באַוועגט אויפן שפּילפּלאַץ געלאַסן, ווי אַ פּאַווע — אַ בת יחידהקע, אַן איבעריקן ברען, אַן פלײַס. אָבער איך פלעג עס איר מוחל זײַן, ווײַל עס איז מיר ליב געווען צו קוקן אויף איר געטאָקטער, מיידלשער שיינקײַט.

גאָר אַן אַנדערע איז געווען די בלוי־אויגיקע סאַפּגיר — אַ דאַרלעכע, מיט צאַרטע, אויסגעאײדלטע גלידער, אָבער אַקראָבאַטישע, זיך בויגעוודיקע, רייצנדיקע. זי האָט אין שפּרונג מיטן גאַנצן אירן עלאַסטישן מיידל־קערפּער געצויגן זיך אין דער לופטן צו דער פּילקע. איך פלעג פון איר נישט אָפּווענדן מײַן בליק. און ווען איך האָב מיט אַ סך יאָרן שפּעטער דערוווּסט זיך, אַז סאַפּגיר איז עס געוואָרן זוזשקע וויטענזאָנס פרוי, האָב איך אַ טראַכט געטאָן — ער איז אַ מבין, וויטענזאָן, אויף חן און צאַרטער פרויען־שיינקײַט — אַ

געבענטשע, שיינע פּאָר — אירע בלויע אויגן און זײַנע טונקל־ברוינע, און ביידע מוסקל־שטײַף, און זי — בויגעוודיק, ווי אַ לאָזע־ריטל.

...איז אַנומלט, ווען איך האָב זיך שוין אַ זומער־טאָג לאַנגע שעהן גע־האָט אַרומגעדרייט אויפן ספּאָרט־פּלאַץ און עס ציט מיך שוין אונטערן לע־פּעלע, ווײַזט אויס, אַז איך בין שוין גוט הונגעריק, לאָז איך מיך, סוף־כּל־סוף, אַוועק אַהיים. איך גיי דורכן סקווער, דעם הינטיש סעדל, טשעפּען זיך צו צו מיר דרײַ שקצים, עלטער און אַ סך העכער פון מיר. איינער פון זיי איז מיר קענטלעך, איך האָב אים נישט איין מאָל געזען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ. ער פלעגט צוגיין צו מיר, כיכיקען מיר אין די אויגן און טרעטן מיר אויף די פיס... זיי האָבן מיך אַרײַנגענומען אין מיטן און שטופּן מיך איינער צום אַנדערן, גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך מיט מיר איבערוואַרפן, ווי מיט אַ פּילקע און כאַכאַטשען און הירזשען:

— קאַסמאַטי, כודאַי זשידזיק (קאָסמאַטער, דאַרער זשידזיק).

עס געפעלט זיי נישט מײַן קודאַלטע קאָפּ האָר. זיי לאָזן מיך נישט אָפּ פון זיך און הערן נישט אויף מיך צו שטורכען און בוכענצען אין ברוסט און אין רוקן. איך בין שוין אומגעפאַלן. איך שטעל מיך גלײַך אויף און זיי טאַרקען און וואַליען מיך ווידער. אין סעדל, זע איך, כמעט קיין מענטשן נישט. אַנהויבן צו שרײַען? וויינען? — אַנטשייד איך זיך נישט. איך וועל, — שווינדלט מיר דורך אין קאָפּ, — מיט אַלע מײַנע כּוחות אַ ריס טאָן און זיך לאָזן לויפן דורכן סעדל צו דער גאַס, צו דער בריק, און אויב איינער פון זיי, וועט מיך פאַרהאַלטן, וועל איך זיך אײַנגריזשען מיט די ציין אין זײַנע הענט. אָבער אין דעם מאָמענט, ווי דער אייבערשטער אַליין האָט אים מיר אַראָפּגעשיקט, איז נעבן מיר און די דרײַ שקצים אויסגעוואַקסן וויטענ־זאָן. ער האָט אַ רגעלע, ווי פון דער זײַט, באַטראַכט, ווי זיי זדיעקעווען זיך איבער מיר, און איז צוגעגאַנגען, אַ צי געטאָן מיך פאַר דער האַנט און זיך געשטעלט אויף מײַן אָרט:

— גו, פאַרשיווע הינטלעך, איצטער שטופּט מיך...

דער גרעסערער פון די שקצים האָט זיך געוואָרפן אויף וויטענזאָנען, האָט אים וויטענזאָן מיט זײַן שטאַרקן, ביינערדיקן פויסט פאַרפאָרן גלײַך אין פּנים. דער שייגעץ האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן בײַ דער נאָז. די אַנדערע צוויי האָבן זיך געלאָזט לויפן. זאָגט וויטענזאָן צו דעם, וואָס איז נאָך גע־שטאַנען אַנטקעגן אים, זיך האַלטנדיק מיט דער האַנט פאַרן צעבלוטיקטן פּרצוף:

— לויף, דעריאַג זיי, ספּאָרטסמען, אויב נישט, צעטרעט איך דיך, ווי אַ וואָרעם...

און דער שייגעץ האָט אים געפאָלגט, זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו אונדז און נעלם געוואָרן. וויטענזאָן האָט מיך אַרויסגעפירט פונעם הינטישן

סעדל, באַגלייט ביזן בריק און געדריקט מיר מײַן נאָך קינדערשע האַנט, אַ פֿרעג געטאָן:

— און לידער שרײַבסטו?

עס זײַנען דורכגעלאָפֿן דרײַ יאָר, איך בין שוין אַ סטודענט פֿונעם ערשטן קורס פֿונעם װיטעבסקער ייִד־פּעד־טעכניקום... אַ פֿײַערלעכער ליטעראַרישער אָװנט... דער אַלגעמײנער טעכניקום־זאַל איז פֿול. מײַן באַליבטער לערער פֿון ייִדישער ליטעראַטור, דער באַקאַנטער ליטעראַטור־פֿאָרשער א. ראָזנצװײַג, שטעלט פֿאָר די געקומענע געסט פֿון מינסק — די דיכטער און שרײַבער פֿון דער מינסקער „יונגער אַרבעטער־גרופּע" — הערשל קאַמעניעצקי, מענדל ליפֿשיץ, ז. װיטענזאָן און א. גאָלדמאַן. ס'איז פֿאַר מיר געװען אַ גרױסע איבעראַשונג —װיטענזאָן, װאָס האָט פֿאַרענדיקט אונדזער װיטעבסקער ייִדי־שער מיטל־שול, איז אַן אַנערקענטער ייִדישער דיכטער. מיט אַ טיאָכקענ־דיקן האַרצן האָב איך זיך אײַנגעהערט אין יעדן אַרױסגעבראַכטן װאָרט פֿון זײַנע אױסגעשליפֿענע לירישע לידער. ער האָט קײן סך נישט געלײענט, אַ צװײ־דרײַ. זײַן אײגענע אױסערלעכע שײנקײט און זײַן רױקער אױסדרוק־פֿולער פֿאָרלײענען, האָט אױסגענומען. און איך האָב מיט אַלעמען צוזאַמען שטאַרק, שטאַרק אַפּלאָדירט. נאָך דעם, װי די גרופּע דיכטער איז אַראָפּ פֿון דער בינע, האָב איך געװאָלט צוגײן צו װיטענזאָנען, אָבער איך האָב זיך געשעמט און עס נישט געטאָן. דאָס איז געװען אין סוף פֿונעם 1927 יאָר. און אין אַ יאָר אַרום — אינעם 1928טן, װען אינעם מינסקער ליטעראַרישן זשורנאַל „דער שטערן" זײַנען געװען אָפּגעדרוקט מײַנע ערשטע דרײַ לידער, האָב איך דערזען, אַז אין דעם זעלבן זשורנאַל־נומער איז אױך פֿאַרעפֿנט־לעכט װיטענזאָנס אַ פֿראַגמענט פֿון אַ גרעסערער דערצײלונג, װאָס האָט גע־הײסן „אין דרײַעק".

אין 1932 יאָר בין איך פֿון קיעװ אַריבערגעפֿאָרן לעבן און אַרבעטן קײן מינסק. האָב איך שױן װיטענזאָנען אין מינסק נישט געטראָפֿן. מע האָט מיר געזאָגט, אַז ער לערנט זיך אין מאָסקװער קינעמאַטאָגראַפֿישן אינסטיטוט און האָט זיך דערװײַטערט פֿון ייִדישע שרײַבער און שרײַבט מער נישט אױף ייִדיש. אין אָנהײב פֿון 1935 יאָר, האָב איך אינעם מאָסקװער שרײַבער־פֿאַרײן, ממש, אױף געצײלטע מינוטן באַגעגנט זיך מיט װיטענזאָנען. געשען איז אַזױ: אין גיכן, נאָכן גרינדן דעם סאָװעטישן שרײַבער־פֿאַרײן, האָט די אַלפֿאַרבאַנ־דישע פֿאַרװאַלטונג פֿון פֿאַרײן צונױפֿגערופֿן אױף אײנע פֿון די הינטער־מאָס־קװער שרײַבער־דאַטשעס, די ערשטע צװײ־חדשימדיקע קורסן פֿאַר זעכציק יונגע מיטגלידער פֿון שרײַבער־פֿאַרײן פֿון אַלע רעפּובליקן און קאַנטן פֿון סאָװעטן פֿאַרבאַנד. אין באַשטאַנד פֿון אָט דער גרופּע זײַנען אױך געװען צװײ יונגע ייִדישע פּאָעטן: מאָטל טאַלאַלײַעװסקי פֿון קיעװ און איך — פֿון מינסק.

און וויטענזאָן האָט דאָן געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אינעם אַפּאַראַט פֿונעם שרײַבער־פֿאַריין און ער האָט עס רעגיסטרירט די קיין מאָסקווע־אָנגעקומענע יונגע שרײַבער. און האָט אויך מיך רעגיסטרירט. נאָר איך האָב אפֿילו נישט באַוויזן מיט אים קיין פּאָר געציילטע ווערטער אויסצורעדן — אויפֿן הויף פֿון מאָסקווער שרײַבער־פֿאַריין, האָט שוין געוואַרט די מאַשין, וואָס דאַרף אונדז אָוועקפֿירן אויף די קורסן. איך האָב אָבער דערפֿילט, אַז וויטענזאָן באַטראַכט מיך מיט וואַרעמקײַט און טשיקאַוועס. נישט געקוקט, אויף דעם, וואָס איך בין שוין דאַן אַלט געווען פֿינף־און־צוואַנציק יאָר (אַ פֿערטל יאָר — הונדערט!), בין איך נאָך אַלץ געווען דער אויסגעדאַרטער, הויט־און־ביין וויטעבסקער קליינער ייִנגל און האָב געמוזט אין זײַנע אויגן אויסזען, ווי דאַן, ווען ער פֿלעגט מיך אויף די שול־הפסקות אַ הייב טאָן אין דער הייך מיט די פֿיס צום באַלקן און שמייכלען צו מיר. און איך פֿלעג צו אים שרײַען: אוי, וויטענזאָן, לאָז מיך אַראָפּ, געוואַלד!...

...נאָך דער מלחמה, שוין אינעם 1946יאָר, איך אַרבעט אינעם ווײַס־רוסישן מלוכה־פֿאַרלאַג. פֿאַרנעם זיך מיטן אַרויסגעבן דעם ייִדישן מינסקער אַלמאַנאַך „מיט פֿעסטן טראָט". זאָגט צו מיר דער דיכטער הירשל קאַמענ־יעצקי, וואָס איז נאָענט באַפֿרײַנדעט געווען מיט וויטענזאָנען: — דו ווייסט, וויטענזאָן, איז נאָך אַלץ נישט קיין מיטגליד פֿונעם שרײַבער־פֿאַריין. ער האָט מיר אין מאָסקווע איבערגעגעבן זײַנע אייניקע קורצע רוסישע דער־ציילונגען. אין מאָסקווע קומט אים אָן נישט אַזוי לײַכט צו דרוקן זיך. ער איז דאָך פֿאָרט אַן אונדזעריקער און דײַנער אַ בן־עיר, אַ וויטעבסקער. רעד זיך דורך מיט גורסקין. — דער ווײַסרוסישער שרײַבער גורסקי, איז געווען דער רעדאַקטאָר פֿונעם ווײַסרוסישן רעפּובליקאַנישן זשורנאַל „בעלאַרוס". פֿאַר דער מלחמה האָבן מיר געוווינט אין איין הויז, אַ טיר בײַ אַ טיר — אַ פּאָר דערציילונגען וויטענזאָנס זײַנען, דוכט מיר, יאָ געווען אָפּגעדרוקט.

...און אָט זיצן מיר באַצווייט מיט וויטענזאָנען, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן (און אויב איך בין אַלט דאָס פֿינף־און זעכציקסטע, איז ער שוין בײַ די זיבעציק). אויפֿן טיש — דאָס פֿלעשל קאָניאַק און גוטע געווענדזלטע הערינג און ציטרינען צום פֿאַרבײַסן. איך קוק אויף וויטענזאָנען, ווי ער וואָלט געווען מײַן עלטערער לײַבלעכער ברודער. און ער ווייסט פֿון יעדן טראָט אין מײַן לעבן. און איך שטעל מיך אויך פֿאָר, כאָטש איך ווייס ווייניק וואָס פֿון זײַן לעבן, דאַרפֿן מיר אָבער וועגן אונדזערע לעבנס נישט רעדן און גאָרנישט פֿאַנאַנדערפֿרעגן איינער בײַם אַנדערן. ביידן איז אונדז גאָרנישט איבעריק פֿריילעך אויפֿן האַרצן. נאָך אַלעמען, זײַנען, סײַ מײַנע טרוימען, סײַ זײַנע, ווי פֿאַרשיידן זיי זאָלן נישט האָבן געווען, ווײַזט זיך מיר אויס, אַצינד געגליכן צו צוויי קינדערשע לופֿט־באַלאָנען אין צימער, וואָס הייבן

זיך נאָך, דרייען זיך אַרום איבער אונדז און שלאָגן זיך אָן אין די ווענט, אָן באַלקן, מיט די שוין ווייך־געוואָרענע, איינגעשרומפּענע זייטן און נידערן צוריק אויפן טישל, אויף די שטולן, אויפן בעט...

און דאָך קוק איך אויף מיין פריינד מיט ליבשאַפט און זע אין אים יענעם שיינעם, שטאָלצן זוזשקע וויטענזאָן פון מיין טייערער היימשטאָט וויטעבסק. און ס׳הערן אויף, ווי זיבן זונען, מיין אָרעמע יידישע קינדהייט, מיין פריִע יוגנט, מיין ערשטע ריינע, לויטערע ליבע — ווי דער ערשטער אַרויסגעפאַלענער שמעקנדיקער שניי — ביידן איז אונדז דאָן געווען צו זיבעצן. די ביטערע, שווערע נויט פון דעם דעמאָלטדיקן לעבן, האָט אונדז געצווונגען צו צעשיידן זיך. נאָר ווען איך האָב מיט יאָרן שפּעטער דערוווּסט זיך, אַז זי האָט חתונה געהאַט און אַז עס איז ביי איר געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער, האָב איך מיטן גאַנצן טרויער און פרייד פון מיין האַרצן געווענדעט זיך צו איר מיט אָט די שורות:

גיי איך שטאָלץ, מע זאָל נישט וויסן,
דעם געקרויזטן קאָפּ פאַרריסן,
כ׳האָב געהאַט אַ גרוס אַ קלאָרן —
האָסט אַ טאָכטערקע געבאָרן.
און דיין מאַן אַ יונג אַ בראַווער,
און דווקא נישט קיין קוטשעראַווער.
ווערט ער, מיין פאַרדראָס, צערונען...
כ׳זע דיך היינט אין זיבן זונען!
און איך שיק אַ טעלעגראַמע:
— אַ געגרוס דיר, יונגע מאַמע!

כ׳האָב פאַרן געזעגענען זיך, איבערגעלייענט וויטענזאָנען אויף אויס־ווייניק דאָס ליד. אים שטאַרק אַרומגענומען, זיך צו אים צוגעטוליעט.

און ווען עס האָבן אין מיינע דמיונות געגומען אַרומשוועבן, אַרומפלאָ־טערן מיינע קינדער־יאָרן, די פריִע יוגנט אין וויטעבסק, אין קיעוו. און ווי טרייע פויגל זעצן זיך אויף מיינע אַקסלען און וואָרקען און שטשעבעטשען, אַזוי מאַמעדיק־זיס, האָב איך קיין האַרץ נישט, זיי אָפּצוטרייבן פון זיך...

# איך בין געווען דער עלטסטער...

איך פּרוּוו אָנשטרענגען מײַן זכרון, כדי בולטער צו דערזען פּאַר מײַנע אויגן דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט אין וויטעבסק אין די אָסיען־טעג פונעם 1921 יאָר אויף דער אַנדער זײַט דווינע, אויף דער סוואָראָווער גאַס, וווּ עס האָבן זיך געפונען בשכנות צוויי גרויסע הויכע געמויערטע שולן — סינאַגאָגעס פון טונקעלן רויטן ציגל מיט קאָלירטע פענצטערלעך און שײַבלעך איבער די טירן און אויבן אונטער די דעכער.

איך פּרוּוו מיר אָצינד באַגרײַפן, ווי אַזוי איך האָב דאַן, אַן עלף־יאָריק ייִנגל דערוווּסט זיך וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אויף דער צענטער גאַס פון שטוב, אויף דער סוואָראָווער גאַס און בין געקומען אַהינצו צו לויפן — גאַנץ פּשוט, איך בין דאַן געווען אויסער יעטוועדער השגחה, אַן אַ טאַטן, אין די זאווערוכע־יאָרן. און די מאַמע האָט באַדאַרפט בידעווען, ס׳האָט איר געדאַרט דער קאָפּ פאַר די פיר קינדער, צווישן וועלכע איך בין געווען דער עלטס־טער... אַרום די סינאַגאָגעס איז געווען אַ געדרענג פון מענטשן, נישט דורכ־צושטופּן זיך. אַ צעקאָכטע מאַסע פון אַלטע, בערדיקע, מיטליאָריקע ייִדן, אַ טייל אין שבתדיקן אָנטאָן, אין קײַלעכדיקע היטלען (ס׳קאָן זײַן, אַז דאָס איז געווען אין די ימים־נוראים־טעג, צווישן ראש־השנה און יום־כיפּור), נאָר די מאַנטלען, די סורדוטן און קאַפּאָטעס זײַנען בײַ אַ סך געווען פאַנאַנ־דערגעשפּילעט, עס האָבן זיך אַרויסגעזען די ווײַסע העמדער, צעכראַסטעטע ברוסטן. דער המון האָט געררוקט זיך אַנטקעגן אַ גרופּע רײַטער־מיליציאָנערן, פאַרויס פון וועלכער עס האָט געריטן איינער אַן אַ היטל מיט אַ קודראַווער קאָפּ האָר, אין דער האַנט געהאַלטן אַ נאַהייקע און מיט דעם פערדס באַקעס געפּרוּווט זיך פאַנאַנדערצוטרײַבן דעם געדיכטן געזעמל, אַריבערשרײַענדיק אַלעמען אויף ייִדיש און רוסיש: — צעגייט זיך בעסער מיט גוטן... אַנו, ראַסכאָדיס, ראַסכאָדיס פּאָ דאָמאַם...

פון המון האָבן זיך צו אים, דעם גלאַוונעם, געטראָגן קולות פון פאַר־צווייפלטע ייִדן, וואָס האָבן הייזעריק־שרײַענדיק, נאָך ברייטער פאַנאַנדער־געפּראַלט די מאַנטל־פּאָלדן, רײַסנדיק זיך אַליין מיט די הענט בײַ די לאַצן און קאָלנערס, אַזוי ווי מע וואָלט זיך געריסן קריעה בײַ אַ פרישן קבר, אַנטבלויזנדיק די נאַקעטע האָריקע ברוסטן:

— מנוול שוואַרץ, איר זײַט דאָך אַ ייִד!

— אָט דאָס איז סאָוועטסקע וולאַסט?!

— מיר זײַנען אַרבעטער!

— ס׳איז אונדזערע סינאַגאָגעס! מירן ניט דערלאָזן!

— מיר וועלן פון דאַנען ניט אַוועקגיין!

און אין דער רגע האָב איך דערזען, ווי גלײַך אַנטקעגן דעם רײַטער, צו

וועלכן עס האָבן זיך געטראָגן די אויסגעשרייען און קולות — „מנוול", פונקט אַנטקעגן זײַן פערדס פאָדערשטע פיס, האָט פּלוצלונג אויף די ברוקירטע שטיינער אַ פאַל געטאָן אַ מענטש אין אַ פּאַדיאָווקע, אַרבעטער־רעקל, און גענומען זיך וואַרפן און שלאָגן מיטן קאָפּ אָן די שטיינער... זײַן געווײנלעך היטל מיט אַ דאַשעק האָט זיך פון זײַן קאָפּ אַראָפּגעשאַרט און געלעגן דער־בײַ. דער עולם האָט מיט צונויפגעשטשעמטע פויסטן נאָך שטאַרקער זיך צעשריען און דאָס הײַפל מיליציאָנערן־רײַטער מיט שוואַרצן אין דער שפּיץ, האָט אומבאַמערקט גענומען אָפּרוקן זיך אויף הינטער, דערווײַטערן זיך...

נאָך דעם האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער מענטש, וואָס איז געפאַלן און געבליבן ליגן אויף די שטיינער מיט אַ ווײַסן שוים אויף די ליפּן, האָט גע־ליטן פון אַ שווערער קרענק — די פאַליקע. ער איז געווען אַן אַרבעטער — אַ טעסלער און איז געגאַנגען מיט מסירת־נפש צוזאַמען מיט דער עדה ייִדן צו פּראָטעסטירן קעגן דער גאַזלעוואַיע פון דער סאָוועטסקע וולאַסט צו פאַרמאַכן די צוויי גרויסע סינאַגאָגס אויף סוואָראָווער גאַס אין וויטעבסק.

אין משך פון עטלעכע טעג האָב איך זיך געצויגן אַהין, קיינער האָט גאָר אין שטוב נישט געוווּסט און נישט געפרעגט בײַ מיר, ווּהין איך לויף; מיט אַ מאָדנעם פּחד אין האַרצן, פלעג איך קומען צו יענעם אָרט, אויף דער סוואָראָווער גאַס. די צוויי גרויסע סינאַגאָגעס זײַנען געווען צוגעשלאָסן און פאַרחתמעט מיט פרישן סורגוטש. אַרום די שולן האָבן זיך נאָך געקליבן רעדלעך ייִדן. מע האָט היציק געשמועסט, געווען אויפגעבראַכט, אין מיטן איז געשטאַנען דער אַרבעטער אין רעקל מיט אַן אויסגעבלייכטן פּנים, מע האָט זיך געעצהט מיט אים, געקליבן זיך ערגעץ גיין מיט אַ פּאַפּיר.

נאָר וואָס ווײַטער זײַנען די רעדלעך אַרום די סינאַגאָגס געוואָרן אַלץ קלענער און שיטערער און דעם אַנטשלאָסענעם אַרבעטער אין דער פּאָד־יאָווקע, האָב איך שוין צווישן זיי נישט געזען... אין יאָרן אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער רײַטער אויפן פערד, שוואַרץ, איז געווען דער קאָ־מענדאַנט פון וויטעבסקער טשעקאַ...

## די שוואַרצע צעטלען...

עס איז מיר שוין געגאַנגען דאָס זיבעצנטע יאָר.

ס׳וואָלט געוויס געווען גוט אָנצוקומען לערנען זיך אין אַ פּראָפעסיאָנעל־טעכנישער שול, וועלכע האָבן זיך דאַן גענומען גרינדן, למשל, אין דער מעטאַליסטן שול, אָדער האָלץ־באַאַרבעטונג־שול. נאָר איך בין נישט געווען זיכער אין זיך, נישט מיט מײַן שלעכטער ראיה און נישט מיט מײַנע

„ליימענע הענט", דערצו בין איך געווען, ווי מײַן מאַמע פלעגט מיך רופן „אַ גרינע טויז" — דאַר און קוואַר. אָבער, אויסער דעם זײַנען געווען נאָך וויכטיקערע מניעותן: אין די דאָזיקע פּראַפּטעכשולן און אין אַנדערע טעכני־קומס, האָט מען אין דער ערשטער ריי צוגענומען די קינדער פון אַרבעטער, און דאַקעגן, מײַן סאָציאַלע לאַגע איז געווען נישט קיין געהויבענע. דאָס, וואָס איך האָב יאָ געהאַט אַ שטיקל יִחוס, איז, וואָס איך בין אַ קאָמסאָמאָ־ליעץ, האָב איך וועגן דעם צו הויך ריידן נישט געקאָנט און דער באָדן אונטער מײַנע פיס איז געווען אַ גאַנץ וואַקלדיקער: ס'האָט געלויערט אויף מיר די שטענדיקע מורא פאַר מײַן מאַמעס קלייטל... און כאָטש עס איז שוין אַ פּאָר יאָר געווען אַוועק, זינט די מאַמע האָט איר קלייטל אויפן מאַרק צוגעשלאָסן. די לײַדיקע פלעשער, די הילצערנע קאַליִרטע פּויערשע לעפל און די עט־לעכע פונט הייוון, האָבן בשום אופן נישט געקאָנט ברענגען אַזוי פיל ריווח, עס זאָל קלעקן אויף אויסצוהאַלטן די גרויסע שטײַערן, וואָס דער „פינאַנט־דעל" האָט אויף דער מאַמען אַרויפגעלייגט. זי האָט זיך נאָך אין משך פון אַ יאָר צײַט געבאַרעט, געמאַטערט און איז געצוווּנגען געווען דעם פּאַטענט אויף צו האַלטן דאָס, כמעט, פּוסטע נעבעכדיק קרעמל צוריק אָפּגעבן דעם „פינאַנטדעל". אָבער איר שם פון אַ קרעמערקע פון אַ „ניע טרודאָוואָי עלע־מענט" — אַט די סאָציאַל־מיאוסע זוואַניע איז בײַ איר אַלץ איינס פאַרבליבן און, ווי אַ שענדלעכע צרעת פאַרשפרייט זיך איבער אונדזער משפּחה. און ווען מע האָט אויף אַלע פאַרקאַנעס און פלויטן פון וויטעבסק פאַנאַנדערגע־קלעפּט די „שוואַרצע צעטלען", בין איך און מײַן מאַמע געווען אין איינע ציטערניש, כאָטש מיר האָבן וועגן דעם צווישן זיך נישט גערעדט, נאָר אין אונדזערע ביידנס בליקן, איז דער אומרו געוואַקסן... מײַן שוועסטער פריידל — זי איז פון מיר יינגער מיט אַ יאָר — האָט די מאַמע באַצײַטנס אַוועקגע־שיקט קיין לענינגראַד, ווײַטער פון דער „מגיפה", צו איר שוועסטער, צו דער מומע צילִיען. פריידלען האָט מען מיטגעגעבן מיט זיך די נאָטאַריִעלע קאָפּיע פון טאַטנס איבערגעבליבענעם פּאַס, נאָך פון פאַר דער רעוואָלוציע. דאָרט איז שוואַרץ אויף ווײַס געווען פאַרשריבן: אַ שירעם־מאַכער, אַ בעל־מלאכה. דאָס האָט געלאָזט זיך אויסטײַטשן — „קוסטאַר־אָדינאָטשקאַ" — קיין אַר־בעטער נישט געהאַלטן. דאָס איז שוין אין דעמאָלטדיקער געפערלעכער צײַט געווען אַ שטיקל יש און פונדערווײַטנס, אין לענינגראַד, איז געווען אַ מעג־לעכקײַט (אויב קיינער וועט נישט מסרן) דער מאַמעס קרעמל צו „פאַר־קנייטשן"...

אַ דאַנק דער מומע צילִיע און מיטן טאַטנס פּאַס פון פאַר דער רעוואָ־לוציע, האָט זיך מײַן שוועסטער פריידלען אײַנגעגעבן אָנצוקומען לערנען אין אַ מעדיצינישער שול. אינגיכן האָט זי נאָך חתונה געהאַט פאַר אַ זון פון אַ וויטעבסקער שוסטער און דער גאַנצער „פּראָלעטאַרסקער יִחוס" איז אין

פולן גלאַנץ, אַריבער אויך, גאָט־צו־דאַנקען, צו איר! און פֿאַר מיר איז דער ענין פֿון „ביע טרודאָוואָי עלעמענט" געבליבן און מיר געדראָט. מען האָט געוווּסט, אַז מיר זײַנען קבצנים, אָבער אַ קראַם מיט אַ פּאַטענט פֿונעם צווייטן „ראַזריאַד", האָט מײַן מאַמע יאָ געהאַלטן און אַזאַ פּאַטענט, גיט דעם שײנעם נאָמען — „לישעניעץ", וועלכער גייט מעכאַניש איבער אויך אויף מיר און מאַכט פֿאַר מיר צוגעשלאָסן „טיר און טויער" פֿון יעטוועדן לערן־אַנשטאַלט, כאָטש שרײַ חי־וקים. און בײַ אַזאַ אומגעבונג, איז מײַן טאַטנס פּאַס מיטן „זאַנטאָטשני מאַסטער" געווען פֿאַר מיר ווײַט נישט קיין געוווּנגדיקע שוץ. טיף אין האַרצן האָב איך גוט געפֿילט די גרויסע עוולה און אומרעכט, ווײַל וואָס איז מײַן מאַמע שולדיק, וואָס נאָכן פֿאָטערס טויט, האָט זי געדאַרפֿט זען זיך צו ראַטעווען און עפּעס טאָן, כדי צו קאָרמען פֿיר קינ־דער. אין די ווינטערדיקע זאַווערוכעס און פֿרעסט פֿלעגט זי פֿון באַגינען, ביז שפּעט אין אָוונט אָפּשטיין אויף דער קעלט אַ פֿאַרקאַלייעטע מיטן פֿײַער־טעפּל אין די הענט, כדי עפּעס צו פֿאַרדינען, מיר, די קינדער זאָלן נישט הונגערן און האָבן אַ פּאָר שיכלעך, צי שטיוועלעך אויף ווינטער. נאָר ווען ווועסטו גיין דערקלערן ווענן דעם? — איך פֿלעג עס שטיקן אין זיך, פֿאַר־טײַען פֿון זיך אַליין...

האָב איך אָבער געהאַט מזל — מײַן מאַמעס פּאַטענט אויף איר קרעמל איז געווען אויף דעם פֿאַמיליע־נאָמען פֿון מײַן שטיף־פֿאָטער — מײַן מאַמע איז שוין אין אַלע דאָקומענטן געווען — כײַקינע — און מיט דעם האָט מיך מײַן טײַערע מאַמע, ווי זי וואָלט עס פֿאָרויסגעזען אין יענער ביטערער צײַט — געראַטעוועט: ווען איך בין צו צו איינעם פֿון די פּלויטן, אויף אַ זײַטיקער געסל און זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט, — אויף די שפּיץ־פֿינגער מיט אַ מוראדיקער האַרץ־קלאַפּעניש, גענומען נישטערן אין די „שוואַרצע צעטלען", האָב איך זיך באַלד אָנגעשטויסן אויף — כײַקינע אסתר־ברכה מייעראָוונאַ... איז מיר עטוואָס לײַכטער געוואָרן — מײַן פֿאַמיליע־נאָמען איז ניטאָ, דער הימל איז נאָך אויף דער ערד נישט געפֿאַלן... און ס'איז גע־בליבן, אַז איך זאָל די דאָקומענטן אָנגעבן אינעם ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום.

א. ראָזנצווײַג, וואָס איז געווען דער לערער פֿון ייִדיש אין דער ניט־פּולער מיטל־שול, איז איינצײַטיק געווען דער לערער פֿון ייִדישער ליטע־ראַטור און שפּראַך אין טעכניקום, האָט ער מיך אַלס יונגן, צוזאָגנדיקן ייִדישן פּאָעט, רעקאָמענדירט פֿאַר דער אויפֿנעם־קאָמיסיע.

און איך בין געוואָרן אַ סטודענט פֿונעם ערשטן קורס פֿונעם וויטעבס־קער ייִדישן פּעדאַגאָגישן טעכניקום, אָבער אָן אַ סטיפּענדיע.

איך האָב זיך געלערנט און געמוטשעט זיך, אויסצוהאַלטן מיך, איז מײַן

מאַמען געוואָרן אַלץ שווער און שווערער. אויסער מיר איז געווען מײַן אַכטיאָריקע שוועסטערקע, אַ קראַנקס אויף געלענק־רעוומאַטיזם. דעם שטיף־פאָטער האָט מען פון דער אַרבעט אַראָפּגענומען, פאַרקירצט, עס איז דאַן אין שטאָט געווען אַ גרויסע אַרבעטס־לאָזיקייַט. ער איז געווען אַן אַנגע־שטעלטער אויף אַ היגן לעדער־זאַוואָד, און מיט גרויס מי האָט זיך אים אײַנגעגעבן אײַנצואָרדענען פאַר אַ נאַכט־שומר, אַזוי אַרום, איז אין שטוב געווען נישט פויגלדיק. אַ שטיקל נחמה האָב איך געהאַט, וואָס גראָד דאַן, האָט מען אין דער מינסקער צײַטונג „אָקטיאַבער" אָפּגעדרוקט מײַנע לידער און איך האָב אויך דעביוטירט מיט דרײַ לידער אינעם מינסקער ליטעראַרישן זשורנאַל „שטערן". איך האָב באַקומען אַ דערמונטערנדיקן קאַרטל פון איזי כאַריק, און מײַן ערשטן „סאָלידן" ליטעראַרישן האָנאָראַר — 10 רובל, פאַר וועלכע איך האָב זיך געקויפט מײַן ערשטע קניה — אַ פאַר שטאַרקע שעוויאָטענע הויזן מיט אַ שײנעם שמאָלן לעדערנעם רימענדל.

אָבער פאַרט בין איך אַן „אָבוזע" (אַ לאַסט) אין דער היים און פאַר מײַן מאַמען — אַ פּײַן: זי דאַרף מיר געבן וואָס צו עסן, און ס'איז נישטאָ וואָס. און ס'איז געווען נאָך אַ סיבה, מײַנע אַ פאַרזענלעכע. פאַר וואָס איך האָב געמוזט פאַרלאָזן מײַן מאַמעס הויז — איך האָב אין פעדאַגאָגישן טעכ־ניקום, שוין אויף דעם ערשטן קורס מיטן גאַנצן האַרצן ליב באַקומען אַ סטודענטקע — אַ מאָליעווער מיידל — חיהלע מעטריק. מײַן ערשטע ליב־טיקע ליבע... נאָר מײַן ביטערע אויסזיכטלאָזיקייַט און נישט זיכערקייַט אין דעמאָלטדיקן אַרום, האָט מיר נישט געגעבן קיין מאָראַלישע רעכט, איך זאָל מיט איר חתונה האָבן און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך מוז זיך מיט איר, ווי דאָס זאָל מיר נישט ווײ טאָן, צעשיידן. איך האָב געפילט, אַז מיט מײַן צוגעבונדנקייַט צו איר, וועל איך איר בלויז שטערן אינעם לערנען און אין אַלץ, חוץ דעם, האָט מיך נאָך געפּײַניקט אַ געדאַנק, אַז עס וועט זיך געפינען אַן אַנדערער, אַ שטאַרקערער פון מיר, אַן אײַנגעפּונדעוועטער אין לעבן, און ער וועט מיך, גיך אַרויסשטויסן פון איר האַרצן. אָט דער געדאַנק אַליין, האָט מיך נישט געלאָזט צורו און געטריבן פון מײַן היים־שטאָט. און נאָכן פאַר־ענדיקן דעם צווייטן קורס פונעם פעד. טעכניקום, בין איך אין די צוויי־דרײַ זומערדיקע קאַניקול־חדשים געווען אויף שוואַרצער אַרבעט — געשלעפּט טאַשקעס זאַמד און שטיינער בײַ דעם בויען דעם נײַעם גרויסן בריק איבער דער מערב־דווינע. איך האָב צונויפגעקליבן אויף אַ באַן־בילעט און אויף צידה לדרך און מיט צוויי ראַזענצווייַגס רעקאָמענדיר־בריוו — איין בריוו צו דוד האָפּשטיינען און דער צווייטער — צו איציק קיפּניסן, האָט מיך, מײַן טײַערע מאַמע, סוף אויגוסט פונעם 1929טן יאָר, באַגלייט אויפן וויטעבסקער וואָקזאַל צום באַן אויף קיעוו. אָט אַזעלכע שורות האָבן זיך דאַן אַרויסגע־ריסן פון מײַן האַרצן, ערב מײַן פאַרלאָזן וויטעבסק:

מײַן היים איז אַ גרויע,
ווי דער הימל דער גרויער.
מײַן היים האָט אַ הויפל,
און דאָס הויפל אַ טויער.
און דער טויער איז נידעריק
בין איך אויכעט ניט הויך.
וואָס קאַפּעט דער רעגן,
וואָס מישט ער זיך אויך ?!
אַזוי, צי אַזוי,
נאָר כ׳וועל באַלד אַליין,
אַוועקגיין, אַנטלויפן,
פאַרלאָזן מײַן היים...

## ביַי דוד האָפּשטײנען...

גערענק איך, ווי אַזוי איך בין אין אַ קיעווער פרילינג־טאָג, אַ צוואַנ־ציק־יאָריקער (איך בין דאַן שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ הונגעריקער, די פיר הונדערט גראַם ברויט, וואָס איך פלעג אינדערפרי באַקומען, אין ברויט־קראָם לויטן טאַלאָן־נומער פון מײַן ברויט־ביכל, פלעג איך, נישט קאָנען זיך אײַנהאַלטן — אײַנשלינגען, לויפנדיק צו מײַן סטודענטישן צוזאַמענוווי־נונג אויף קרעשטשאַטיק 12, וואָס האָט זיך געפונען אַ הונדערט טריט פון דער ברויט־קראָם) מיט אויפגעציטערטער פרייד און מיט מײַן נאָר וואָס דער־שינענעם ביכל אין האַנט „ווי דאָס לעבן טײַער" — אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דוד האָפּשטײנס דירה. ווען איך האָב אין זײַן צימער דערזען די אָפענע שאַפע — אַ פול־פולע מיט ביכער, יעדעס בוך איז ענג, צונויפגע־קוועטשט געשטאַנען אַקסל צו אַקסל, האָב איך זיך דערפילט, ווי שולדיק, איך האָב שעמעוודיק אַ קוק געטאָן אויף דוד האָפּשטײנען...

נאָר דוד האָפּשטײן, האָט מיט זײַן קלוגן העלן שמייכל, באַטראַכט מײַן ביכל מיט דער ווייכער רויט־ווײַסער הילע, זאָרגזאַם, פּאַטערלעך, באַ־רויִקט מיך:

— נישקשה, נישקשה, ס׳וועט זיך געפינען אַן אָרט, נאָר איידער וואָס ווען... און דער „איידער וואָס ווען" איז געוועזן — אַ זיסע גלאָז טיי מיט אַ לוסטע ברויט מיט פּוטער. אין יענער ווײַסטער שווערער צײַט פון דער ערש־

טער „פּיאַטילעטקע״ אויף אוקראַיִנע, איז דאָס געווען דער שענסטער כּיבוד, באַזונדערש פֿאַר מיר, דעם אויסגעמאַרעטן, אויסגעצערטן סטודענט פֿונעם ייִדישן אָפּטייל בײַם קיעווער אינסטיטוט פֿאַר פֿאָלקס־בילדונג.

... און ווידער בלעגדן אויף אין מײַן זכרון, ווי ווײַטע, שטומע בליצן, אַסאָציאַציעס. און איך ווייס נישט ווו, צו וועלכן ווינקל פֿון מײַנע, ווי באַרג־אַרץ צונויפֿגעפּרעסטע יאָרן, צושטעלן, צודריקן מײַן זכרון־עגבער, מײַן זכרונות־דריעל. אין דעם דאָזיקן מאָמענט, ווען איך שרײַב די ווער־טער — „צושטעלן״, „צודריקן״, דערמאָן איך מיר, ווי אַזוי מײַן „סליעדאָ־וואַטעל״ (אויספֿאָרשער) אָזירסקי, ימח שמו וזכרו, פֿון דער כאַבאַראָווסקער מ. ג. ב., האָט אויף איינעם פֿון די פּילצאָליקע „דאָפּראָסן״ אַ זייגער דרײַ בײַנאַכט, ריכטיקער שוין, דרײַ פֿאַרטאָג — די פֿאַרהערן פֿלעגן גיין דורך די נעכט — פּלוצלונג מיך מיט זײַן האַנט צוגעדריקט אין ווינקל, צו דער וואַנט און מיטן ווײַז־פֿינגער אַ שטויס געטאָן ביז ווייטיק אין מײַן שטערן, איך האָב זיך אַזש אַ וואַקל געטאָן אויף מײַן פּראָטעז: „עך, ווען איך ווייס, וואָס בײַ דיר טוט זיך דאָרטן...״

אַ יעדן יאָר, יעדן חודש, יעדן טאָג איז נישט לײַכט צו רירן פֿון אָרט, פֿאַנאַנדערשאָקלען, אָפּצוגלידערן — אַלץ איז דורכויס, אַרומגעוואָקסן, דורכ־געקנאָכן מיט מאַרך, בלוט און פֿלייש און אין יעדעס קעמערל, אָדערל טיאָכקעט מײַן נשמה...

## בײַם ליבן זיידן מענדעלעס טעטערעוו

עס איז געווען געווען, בעת מײַן נסיעה קיין וואָלגאָגראַד אין יולי 1972 יאָר, צו דערמאָנען זיך, בלויז איין־און־איינציקן מעת־לעת פֿון מײַן אָנטייל נעמען אין די סטאַלינגראַדער שלאַכטן, אין באַשטאַנד פֿון דער זיבן־און־אַכציקסטער שיסער־דיוויזיע, ווי עס האָבן מיך מיט פֿאָרווורף און פֿאַריבל אַטאַקירט מחנות מלחמה־טעג און מלחמה־נעכט:

— אַ פּעכאָטיניעץ מיט פֿעלד־פֿאָהאָנעס אויף די אַקסלען, געטופּעט פֿון מינסק ביז סטאַלינגראַד, און פֿון סטאַלינגראַד צוריק ביז בערלין דער־גאַנגען, און מאַכט זיך נישט זעענדיק, און נישט וויסנדיק, ווייל אונדז גאָר נישט קענען...

דערמאָנונגען האָבן אַ טבע, צעריר זיי נאָר, צעבערעדיע, נעמען זיי באַ־וועגן זיך מיט דער שנעלקײַט פֿון שרעטעלעך און טײַוואָלימלעך. זיי האָבן, ווי בינען, אַרומגעקלעפּט מײַן בלײַער:

— ביסט מיט דער גאַנצער איין־און־צוואַנציקסטער בודיאָני־אַרמיי, סוף זומער פונעם 1941טן יאָר, אַריַינגעפאַלן לעם פּיריאַטינאַ — פּאָלטאַווע, אין דער גרויסער אַרומרינגלונג און מיט די לעצטע כוחות, אין די נעכט, דורך די וועלדער, געטאַפּט די ערד אין דער פינצטער, נישט צו אַרייַנפּאַקן זיך אין געפאַנגשאַפט צום דייַטש, מיט נסים אַרויס מיטן לעבן ביַי כאַרקאָוו. דערמאָנסטו וועגן דעם קיין וואָרט נישט ? — ווילסט עס אָוועקמאַכן מיט דער האַנט ?

— די שלאַכטן ביַי מיוס־טייַך אין נייַנצן דריַי־און־פערציקסטן, נעבן טאַגאַנראָג... די ערד איז האַרט, ווי קיזלשטיין... האָסט ווי אַ מוילוואָרף גע־גראָבן פאַר זיך אַן אָקאָפּ. פונעם וואַסער האָט געצויגן מיט זיס־איבלדיקער פעסט פון פגירה־פערד — ס׳פאַרשטיקט דיר דעם אָטעם... האָב כאַטש אַ טראָפּן סאָוועסט, אָפיציר, דערמאָן !...

— אין די קאָוועלער בלאָטעס... טאָג און נאַכט אין דער קוואַטשיקער קדחת כליופּ־טראַנשיי. געדענקסט, שווימער מייַנער, ביז דו האָסט געפונען אַ בראָד צו אַריבער דעם בוג ?... וואָס איז מיט דיר ? — צי דען איז שוין דייַן זכרון, לגמרי אַ קעצישער, נישט צו גלויבן !

— יאַנואַר... זיך ערשט געשטעלט די ווייַסל. דאָס אייַז איז כרופּקע־דין. זעסט, ווי דורך אַ שויב — ס׳שפּילט די וואַסער־טיף אונטער דייַנע טריט... נאָר לויפסט פאַרויס, פאַרכליניענדיק זיך פון טויט־קוראַזש צו באַפריַיען וואַרשע ! איז ביַי דיר קיין שפּור נישט פאַראַן פון דעם. דאַרף איך עס דיר אונטערזאָגן ? !

— הייַנט, דויטש־קראָנע ?...

— שנייַדעמיל ? — שיכורע, צעכראַסטעטע דייַטשן, פון היטלערס לעצ־טע רעזערוון, גייען אויף דיר אין פולן וווקס, מיט פויקן פאַרויס, די אוי־טאָמאַטן לעבן בויך, קאָסיען מיט פּסיכישער שגעון־אַטאַקע, לויטן דעוויז פון די דייַטשישע כלבים־ריטער — די ערשטע קאַלאַנע מאַרשירט... די צווייטע קאַלאַנע מאַרשירט...

— און דעם פאַרסירן דעם ברייטן, זיך צעגאָסענעם וועסנע־אָדער... אַ קינדער־שפּיל ? — וואָס טראַכסטו זיך ?

אוודאי, האָט איר אַלע רעכט. אפילו יעטוועדע איינציקע רגע, אויגנבליק, אונטערן פייַער־האָגל, טאָר איך על־פּי יושר, נישט אַרויסלאָזן פון מייַן זינען. גייט אָבער אַרייַן אין מייַן לאַגע — די ליטעראַרישע דיסציפּלען, איז אומפאַרגלייַכלעך שטרענגער, ווי די מיליטערישע. זי איז — אַן אייַזערנע שעבע־אייַזערנע — דער סיפּור־המעשה ! דער סיזשעט ! קאָמפּאָזיציע ! שפּאַנונג ! — פּרווו זיך מיט דעם אַלעם נישט רעכענען...

דאָך מוז איך פון דעם קאָכיקן פּײַער־שטראָם אויף די שלאַכט־פּעלדער אַרויסכאַפּן כאָטש אַ פּאָר געשעענישן און אינעם קאַפּיטל־געלויף, ווי ניַשט איז, זיי אַרײַנשטעלן בײַם סוף פון בוך:

דאָס האָט פּאַסירט אין סאַמע לעצטן טאָג פון דעצעמבער 1943 יאָר. איך בין שוין עלטערער לייטענאַנט, פּאַרטרעטער פון אַ באַטאַליאָן־קאָמאַנ־דיר לויט דער פּאָליט־טייל אין דער דרײַ־הונדערט אַכט און צוואַנציקסטער שיסער־דיוויזיע. דער באַטאַליאָן פאַרנעמט די שלאַכט־פּאָזיציעס אין וואַלד, האַרט נעבן זשיטאָמיר. באַגינען, רופן מיך דרינגעוודיק אַרויס צו זיך אין שטאָב דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק און דער קאָמיסאַר פון פּאָלק. גופא אין אַ כאַטע, לאָז איך זיך אַראָפּ אין אַ געזיכערט־אויסגעבויטן טיפן בלינדאַזש, אַן אַרומגעשלאָגענער מיט ברעטער, אַזוי ווי אַ ברונעם. דעם פאַמיליע־נאָמען פון דעם פּאָלק־קאָמיסאַר געדענק איך — מערקולאָוו. רופט זיך צו מיר אָן דער פּאָלק־קאָמאַנדיר מיט אַזאַ קול, גלײַך, ווי ער וואָלט פאַרן סטראָי פאַרגע־לייענט פון פּאַפּיר אַ באַפעל:

— עלטערער לייטענאַנט, אונדזער דיוויזיע און די שכנים אונדזערע פון רעכטס און לינקס, הייבן אָן אַ שטורעם־אַטאַקע צו באַפרײַען זשיטאָמיר. אויף אײַער גורל איז אויסגעפאַלן דער כבוד, לויטן סיגנאַל פון אַ סעריע ראַקעטעס, דער ערשטער זיך אויפהייבן פון טראַנשיי און מיטרײַסן מיט זיך דעם באַטאַליאָן. אין דעם ערשטן נײַ־יאָר־טאָג פון דעם 1944 יאָר דאַרף זשיטאָמיר פולשטענדיק זײַן אָפּגערייניקט פונעם שונא. צום סוף פון דעם זעלבן טאָג, גייען מיר אַרויס אויף די פּאָזיציעס, פאַזע דעם טײַך טעטערעוו און בײַנאַכט פאַרסירן מיר אים.

— איך האָב אויפגעהויבן די רעכטע האַנט צו מײַן שלייף און געווענדט זיך צו ביידן — צום פּאָלק־קאָמאַנדיר און צו זײַן פּאַרטרעטער, דעם פּאָלק־קאָמיסאַר:

— איך וועל דעם באַפעל אויספילן.

אין משך פון גאַנצן טאָג בין איך אויפן פאָדער־ראַנד אַרומגעגאַנגען פון ראָטע צו ראָטע, פון וזוואָד צו וזוואָד. מײַן באַטאַליאָן איז דער צווייִ־טער — הייסט עס, די פערטע, פינפטע און זעקסטע ראָטעס, געערעדט מיט די סאָלדאַטן, סערזשאַנטן, אָפיצירן, ווי וויכטיק עס איז בעת מירן אין וואַלד אויפהייבן זיך אין אַטאַקע, אויסשליסלעך אַלע עפענען אַ פײַער און באַ־גלייטן די שיסערײַ מיט אַן אורא־געשריי. אין וואַלד צעקײַקלט זיך דער עכאָ פון אויטאָמאַטן־קנאַל און פון דעם אורא־געהילך צענפאַכיק מעכטיקער! צעדונערט זיך! אין דער שטורעם־אַטאַקע וועלן צוזאַמען מיט אונדז זיך אויפהייבן אונדזערע שכנים פון רעכטס און פון לינקס — דער ערשטער און דער דריטער באַטאַליאָנען.

איבערן וואַלד האָט דעמאָלט געשאָטן אַ געדיכטער וואַרעמער שניי, געטײַעט אויף די ווענטלעך פון טראַנשיי, אויף דער פריש־אויסגעגראָבענער, ווייכער אוקראַיִנישער ערד. מיר איז געוואָרן הייס. איך האָב צעשפּיליעט די פופיַיקע, דאָס אויבערשטע קנעפּל פון גימנאַסטיאָרקע־קעלנערל און די פאַלנדיקע קילע שנייעלעך האָבן אָפּגעפרישט מײַן האַלדז. איך האָב מיך אָפּגעשטעלט בײַ די אָקאָפּ־נעסטן פון די פולעמיאָטשיקעס. געשמועסט מיט יעדן פון זיי, מיט די ערשטע נומערן, מיט די צווייטע. די פולעמיאָטשיקעס — זיי זײַנען דאָך אונדזערע פּעכאָטע־אַרטילעריסטן. דער דערפאָלג איז אַ סך אָפּהענגיק פון זייער פאַרניכטנדיקן פײַער.

ערשט אין אָוונט האָב איך מיך צוריקגעקערט מיט מײַן פאַרבינדלער, דעם טשוואַש איוואַנאָוו צום באַטאַליאָן־בלינדאַזש. מײַן באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר, אויך אַן עלטערער לייטענאַנט, דייקין, אַ הויכער, שיינער יונג, מיט אַ צאַרטן, העל־ווײַסן פּנים, אַ סיביריאַק. איך בין דאַן אַלט געווען דאָס דריי־פיר־און דרײַסיקסטע יאָר און ער — אַ פיר־פינף־און צוואַנציק־יאָריקער. מיט פיר חדשים צוריק, געיאָוועט זיך צו אים אין באַטאַליאָן, אַלס זײַן פאַרטרעטער לויט דער פּאָליט־טייל. אויף מײַן ברוסט — מײַן מעדאַל „פאַר געוואַגטקײַט", די מעדאַל „פאַר באַשיצן סטאַלינגראַד" און דער „רויטער־שטערן"־אָרדן. האָב איך אין די ערשטע טעג און וואָכן געפילט (אָט דער געפיל האָט מיך קיינמאָל נישט אָפּגעטראָט) דעם בײַטעם אין זײַן בליק אויף מיר: „צוגעשיקט צו מיר דעם ייִד־קאָמיסאַר, אַ רעוויזאָר אויף מײַן קאָפּ, צו שרײַבן וועגן מיר דאָניעסיעניעס (ראַפּאָרטן) צום פּאָלק־קאָמיסאַר..."

די געבעלשע אַנטיסעמיטישע פלוגבלעטלעך מיט די קריפּל־קאַריקאַטורן אויף די ייִדן־קאָמיסאַרן, וואָס די דײַטשישע עראָפּלאַנען פלעגן נישט אויפהערן פאַנאַנדערצוואַרפן אויף אונדזערע שלאַכט־פּאָזיציעס און די ייִדן־שנאה אינעם סאָוועטישן הינטערלאַנד איז, משמעות, אַרײַנגעדרונגען אינעם האַרץ פון דעם יונגן רוסישן אָפיציר, וועלכער האָט ערשט אינעם דריטן מלחמה־יאָר פאַרענדיקט אַן אָפיצירן־שול און, פאַרהעלטנישמעסיק, נישט לאַנג אַרײַנגעטראָטן אין די שלאַכטן.

פון מײַנע יונגע יאָרן אָן, האָט זיך מיר פאַרקריצט דאָסטאָיעווסקיס אַן אויסדרוק. איך געדענק אים נישט בוכשטעבלעך, נאָר דער תמצית זײַנער איז — „יעטוועדע לשון־הרע, ס'מעג זײַן אפילו כולו־שקר, קלעפּט זיך צו צום מענטשנס נשמה..."

אָבער דייקין האָט זיך אין משך פון אַ פּאָר וואָכן געוואָמען איבערצײַגן, אַז זײַנע פאָרורטיילן און חשדים, האָבן קיין גרונט נישט — ער זעט, ווי אַזוי איך טראָג מיך אַרום אונטערן שונאס פײַער פון ראָטע צו ראָטע, בײַטאָג און בײַנאַכט. און כ'בין שוין אויסגעקנאָטן און אויסגעבונדן מיט די סאָלדאַטן, סערזשאַנטן, וווואַד־און ראָטע־אָפיצירן פון באַטאַליאָן. איך בין שוין צוויי

אַ האַלב יאָר געווען אויפן פראָנט און געהאַט דערפאַרונג — עס איז נישטאָ קיין גרעסערע באַרויִקונג פאַרן סאָלדאַט, ווען עס קומט צו אים בייַנאַכט אין דער טראַנשיי דער עלטערער אָפיציר, דער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר, אָדער זייַן פאַרטרעטער און פּשוט, אָן קיין שום אויפגעבלאָזענער פּראָפּאַגאַנדע, דורכשמועסן זיך מיט אים. און ווען דו רופסט אים נאָך אָן אין דער נאַכט־חשכות בייַ זייַן פאַמיליע־נאָמען, ווערט ער ביז טרערן גערירט און גע־טרייסט: „מע געדענקט אים, און וואָס מיט אים זאָל נישט פּאַסירן, וועלן טאַטע־מאַמע, זייַן פרוי, זייַנע סאַמע נאָענטסטע און ליבסטע זיך דערוויסן".

און דייקין זעט, ווי אַזוי איך סטאַרע זיך, דאָביוועו, דער קאָמאַנדיר פונעם ווירטשאַפטלעכן ווזוואָד צוזאַמען מיט די ראָטע־סטאַרשינעס, זאָלן נאָך אין דער פינצטער, פאַר דעם ווי עס שאַריִעט — דער שונא זאָל נישט באַמערקן — אַרייַנשלעפּן אין די באַטאַליאָן־טראַנשייען די טערמאָסן מיט שפּייַז און פאַרקאָכטן טיי, די סאָלדאַטן דאַרפן באַקומען אַ זודיקן, געשמאַקן זופּ, אַ הייסע קרוזשקע טיי, דאָס ברויט — נישט דורכגעפרוירן און דער ערלעכער קעלישעק בראָנפן צו דערוואַרעמען די דורך נאַכט צעפרוירענע גלידער, זאָל האָבן די פולע מאָס. איך פלעג אין די מער רויִקע מינוטן, העלפן די סאָלדאַטן אָנצושרייַבן אַ בריוול אַהיים, דיקטירן דעם ריכטיקן צוריק־אַדרעס און נאָך יעדן וויכטיקן שלאַכט, עצהן זיך מיט דייקינען — ווועמען פון די סאָלדאַטן, סערזשאַנטן און אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך אויס־געצייכנט אין שלאַכט, פאָרצושטעלן פאַר די העכערע פּאָלק־און דיוויזיע־אינסטאַנצן צו באַלוינונג און מיט אַ ווועלכן אָרדען און מעדאַל. דערבייַ שוין געהאַט צוגעגרייט אַ צעטל פון די פאַמיליע־נעמען. פיל איך שוין — דער יונגער, העלדישער קאָמבאַט דייקין, זעט אין מיר זייַן טרייַען, איבערגעגע־בענעם געהילף, וואָס אַכטעט אים אויפריכטיק, פונעם גאַנצן האַרצן.

פון מייַנע שמועסן מיט דייקינען, האָב איך זיך דערוווּסט — ער איז אויפגעצויגן אין אַן אינטעליגענטער רוסישער משפּחה. זייַן מוטער אַ לע־רערין פון פיזיק און מאַטעמאַטיק אין די עלטערע קלאַסן. דייקין האָט באַ־מערקט, אַז אין הילכות פון מיליטערישער טאַקטיק, בין איך היגטערשטעליק. מיר פעלט שווער צו פאַרגלייַכן, פאַרפינקטלעכן דעם אָרט, דעם שטח, די באַשטימטע פּאָזיציע. אויף דער מיליטערישער מאַפּע, פלוס מייַן שלעכטע ראיה. און צוליב דעם אַלעם אָריענטיר איך מיך נישט גענוגנדיק. האָט דייקן מיר צוהילף אויסגעטיילט אַ ווילן, אויפמערקזאַמען סאָלדאַט, דעם טשוואַש איוואַנאָוו און אים פאַרזאָגט, צו זייַן תּמיד מיט מיר, אומעטום מיטגיין.

מיר זייַנען שוין מיט דייקינען געווען צוזאַמען בייַ אַ דרייַ חדשים אין די שלאַכטן און ער האָט געוווּסט, — אין אַן אַנטשיידענעם מאָמענט, אויפצוהיטן מייַן אייגענע ווירדע, בין איך גרייט אויף אַלץ.

אין נאָוועמבער, האָט דער באַטאַליאָן געהאַט פאַרנומען פּאָזיציעס, בײַ ראַדאָמישל, אויף דער מזרחדיקער זײַט פון דעם שמאָלן, דורכגעפרוירענעם טײַכל וואָרסאָווקע. אויף דער קעגנאיבערדיקער, מערבדיקער זײַט טײַכל, האָט זיך אויף בערגלעך געשלענגלט אַ צעשאָטענע, לאַנג שוין פאַרלאָזטע, נישט טיפע טראַנשיי. יעדער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר האָט לויטן סטאַטוט, צוויי זײַנע פאַרטרעטער — איינער לויט דער מיליטערישער סטרוי־טייל, דער צווייטער — לויט דער פּאָליט־טייל. דעם שונאס האַרמאַטן־קויל האָט זיך צעריסן אויפן סאַמע ברוסטווער פונעם שוץ־גראָבן, אין וועלכן עס איז געשטאַנען דייקינס פאַרטרעטער לויט דער סטרוי־טייל — אַ קאַפּיטאַן. ער איז דערהרגעט געוואָרן. און גראַדע, אין דער צײַט איז אין באַטאַליאָן אָנגעקומען אַן אָפּעראַטיווער־אָפיציר פון פּאָלק מיט אַ באַפעל — תיכף, מיטן כוח פון איין שיסער־ראָטע, פאָרסירן דאָס טײַכל וואָרסאָווקע און אַרײַן אין ראַדאָמישל. די העכערע קאָמאַנדשאַפט האָט באַלדיק באַדאַרפט קלאָר מאַכן, ס׳זײַנען דאָ סימנים, אַז דער דײַטש פאַרלאָזט די שטאָט. דער פאַרטרעטער „פּאָ סטראָיעוואָי" איז שוין נישטאָ, האָט דייקין אין דער הייסער מינוט, באין ברירה, באַפוילן מיר, אַלס פאָרשטייער פון באַטאַליאָן־שטאַב און דעם קאָמאַנדיר פון דער זעקסטער ראָטע, אויסצופילן אָט דעם באַפעל.

נאָכן פאָרסירן דעם דניעפּר און באַפרײַען קיעוו, און ביז מיר זײַנען מיט מאַרשן דערגאַנגען צו ראַדאָמישל, איז שוין אין באַטאַליאָן געווען שיטערלעך. באַצווייט מיטן ראָטע־קאָמאַנדיר — אַ לייטענאַנט, און מיט די נישטמער, ווי אַ דרײַסיק זײַנע סאָלדאַטן, אַרײַנגערעכנט דעם ראָטע־סטאַרשינאַ און ראָטע־סאַניטאַרקע, באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטן, ביקסן און האַנט־גראַנאַטעס, זײַנען מיר אין אַ צוואַנציק מינוט אַרום אָן קיין שום אַרטילעריע־צוגרייטונג, אַריבער דאָס צעפרוירן טײַכל וואָרסאָווקע, אויפגעהויבן זיך אויף די בערגלעך, אַריבערגעשפּאַנט די צערוינירטע טראַנשיי און מיר נעמען זיך אַרײַנשמוגלען דורך די גערטנער צווישן די ערשטע בײַבערעגיקע הײַזער, אַלץ נענטער צו די גאַסן פון שטאָט. מ׳זעט קיין לעבעדיקן נפש נישט. מײַן פאַרבינדלער, דער טשוואַש איוואַנאָוו נעבן מיר, באַמערקט פּלוצעם, ווי איבער דער מיט שטיינער ברוקירטער גאַס, דערווײַטערן זיך פון אונדז אַ מעטער זיבעציק—אַכציק — צוויי ברייטע פורגאָנעס מיט דײַטשן. איוואַנאָוו טוט אויף מיר אַ בליק און דער בליק באַטײַט: וואָס טאָן ?

— דערלאַנג, — זאָג איך אים, — איבער זיי !

ער האָט זיך אָנגעצילט און אַרויסגעלאָזן פון זײַן אויטאָמאַט, אוודאי, מער פון אַ האַלבן דיסק קוילן. די פערד האָבן זיך דאָרטן אַ ריס געטאָן צום אָנוועג — קוועט. איין פורגאָן האָט זיך איבערגעקערט. ס׳דערטראָגן זיך פון דאָרט געשרייען און גוואַלדן. נאָך אייניקע אונדזערע סאָלדאַטן שיסן אין דער ריכטונג צו די וועגענער, אויף די דײַטשן, וואָס לויפן זיך פאַנאַנ־

דער. און פלוצעם האָבן איבער אונדז גענומען דזינקען און פײַפן דײַטשישע קוילן. דער ראָטע־קאָמאַנדיר איז פאַרווונדעט. צוויי סאָלדאַטן און די ראָטע־סאַניטאַרקע האָבן אים אַרײַנגעטראָגן אין אַ דערבײַיִקער שטוב. מיר האָבן זיך פאַרטײַעט הינטער די הײַזער. הייסט דאָס, דער שונא איז נאָך אין שטאָט. איך רוף צו זיך דעם ראָטע־סטאַרשינא, פּאָזשידאַיעוו, אַ קובאַנער קאָזאַק, שוין נישט קיין יונגער מענטש, בײַ די פערציק, אַ דערפאַרענער סאָלדאַט. איך זאָג אים: פּאָזשידאַיעוו, דו ביסט אַצינד ראָטע־קאָמאַנדיר. בײדע טראָגן מיר די אחריות פאַר דער אָפּעראַציע.

די דײַטשן באַשיסן אונדז שטאַרקער. פון אַלע זײַטן פײַפן און קנאַקן איבער אונדז אויפרײַס־קוילן. אין וועמען צו צילן, זעען מיר נישט. עס איז נישט דורך קיין האַלבע שעה, ווי מיר דערהערן דײַטלעך — ס׳רוישן טאַנקען, נעענטערן זיך... מיר זעען שוין אָן קיין שום צווייפל — דײַטשישע טאַנקען און הינטער זיי שווינדלען אַרום כאַפּטעס דײַטשן. קיין קעגן־טאַנקען גראַנאַטעס האָבן מיר נישט. קיין צינד־פלעשער אויך נישט. קיין איין ביקס „פּ. ט. ר.״ נישט (פּ. ט ר. — אַ קעגן־טאַנקען־ביקס).

איך קוק אויף פּאָזשידאַיעוון. ער — אויף מיר...

— מיר זײַנען געצווונגען אָפּצוטרעטן צו די טראַנשייען, — זאָגט צו מיר פּאָזשידאַיעוו.

איך שווײַג. מײַן שווײַגן באַטײַט — איך בין מסכים מיט אים. מיר לאָזן זיך צוריק צו דער וואָרסאָווקע. מיר זײַנען אַרויף אויף די בערגלעך און אַרײַן אין די נישט־טיפע צעוואַלגערטע טראַנשייען, פאַזע דעם טײַכל. די טאַנק־האַרמאַטן שיסן אַצינד אָפּן איבער אונדז. די האַרמאַטן־קוילן פאַלן, פּלאַצן נעבן די ברוסטווערס און פאַרשיטן אונדז מיט זײַלן אויפגעהויבענעם זאַמד און שטויב, קנוילן פלאַמיקן רויך. אַ שאָס — און אַ זעץ איבער דער טראַנשיי אַ האַרמאַטן־קויל. אַ שאָס און אַ זעץ! מיר פרעסן זיך צו צו די ווענטלעך פון טראַנשיי, בויגן זיך אָן אַלץ נידעריקער צו דער ערד. די טאַנקען פויזן צו נענטער... מיר הערן שוין, ווי ס׳האַלדערן און גראַגערן הינטער די טאַנקען די פריצן. איך האַלט אָנגעגרייט דעם פּיסטאָלעט. דערמאָנט מיר פּאָזשידאַיעוו: סטאַרשי לייטענאַנט (עלטערער לייטענאַנט), מיר האָבן קיין איין צינד־פלאַש נישט, קיין איין קעגן־טאַנק־גראַנאַטע. אין אַ האַלב מינוט אַרום וועלן אונדז די טאַנקען צעקוועטשן... מיר מוזן אַראָפּ פון די בערגלעך צום טײַכל...

איך קווענקל זיך: — ס׳הייסט אַנטלויפן...

פּאָזשידאַיעוו ציט אַרויס פון זײַן ברעזענטענעם זעקל אויפן גאַרטל־רימען צוויי האַנט־גראַנאַטעס. איך נעם בײַ אים איינע. מיר טוען זיך אַ הייב פון טראַנשיי און שלײַדערן די גראַנאַטעס אַנטקעגן שונא. איצט וואַרפט זײַנע צוויי האַנט־גראַנאַטעס איוואַנאָוו. און נאָך אַ סאָלדאַט, נישט ווײַט פון אונדז, טוט דאָס זעלבע. עס רײַסן אויף די גראַנאַטעס.

דרײַ טאַנקען זעצן איבער דער טראַנשיי סנאַריאַד נאָך סנאַריאַד, זיי טאַפּן שוין אונדז ממש אָן... עטלעכע אונדזערע סאָלדאַטן זײַנען דערהרגעט. ווי לויט אַ קאָמאַנדע קײַקלען מיר זיך אַראָפּ פון בערגל אויף אונטן, צום טײַכל און שלענגלען זיך אַוועק צו די קוסטעס, אויף דער זעלבער סטעזשקע, איבער וועלכער מיר זײַנען געגאַנגען פאַרסירן וואַרסאַווקע, צו אַרײַן אין ראַדאָמישל.

אויפן באַוועלדערטן באַרג־אַרויפצו, פונעם הויכן באַטאַליאָנס באַאָבאַכ־טונגס־פונקט, האָבן דער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר דייקין און דער אָפּעראַטיווער שטאַב־אָפּיצער פון פּאָלק געזען, — די טאַנקען האָבן זיך אָפּגעשטעלט סאַמע נעבן דער טראַנשיי, אַראָפּצולאָזן זיך פון די בערגלעך צום טײַכל, נישט ריזיקירט.

קיין שום באַמערקונג האָב איך פון דייקינען און פון דעם פּאָלק־פאַר־שטייער נישט באַקומען. פאַקטיש האָבן מיר דעם באַפעל אויסגעפילט. אַרײַן אין שטאָט, געפירט אַ שלאַכט מיטן שונא און האָבן אַנטשפּרעכיק אונדזערע כוחות, נישט געהאַט קיין מיטלען און מעגלעכקײַט צו שלאָגן זיך מיט די דײַטשישע טאַנקען.

איך האָב זיך נאָך דעם אָפּנהערציק געטיילט מיט דייקינען: ווען נישט פּאָזשידאַיעוו, ווייס איך נישט, מיט וואָס דאָס וואָלט זיך פאַרענדיקט. אין אָוונט, זײַנען די דײַטשישע טאַנקען פאַרשוווּנדן. און בײַנאַכט איז אונדזער גאַנצער שיסער־פּאָלק אַרײַן אין ראַדאָמישל. עס האָבן זיך פאַראייניקט צום באַטאַליאָן די עטלעכע זעלנער און די סאַניטאַרקע מיטן שווער־פאַרוווּנדעטן קאָמאַנדיר פון דער זעקסטער ראָטע, וועלכע האָבן זיך בעת דער דײַטשישער טאַנקען־אַטאַקע, אויסבאַהאַלטן בײַ די ראַדאָמישלער תושבים. אין דעם שלאַכט זײַנען זעקס זעלנער פון אונדזער באַטאַליאָן געפאַלן.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז דאָס אַלץ געשען אין נאָוועמבער, מיט אַ חודש צוריק...

איז ווען מיר זײַנען אין אָוונט נאָך אונדזער זײַן אין די ראָטעס אַרײַן מיט איוואַנאָוון אין באַטאַליאָן־בלינדאַזש, זאָגט מיר דייקין: — איך האָב מיט דרײַ פּופּײַקעס אײַנגעדרייט אײַער קאָטיעלאָק מיט עסן, ס'זאָל זיך נישט אָפּקילן. וועסטו נאָך, זאָם־קאָמבאַט, באַווײַזן עטלעכע שעה זיך אויסרוען. די אַטאַקע הויבט זיך אָן, — האָט ער מיר אײַנגערוימט אויפן אויער, — פינף באַגינען. די ראָטע־קאָמאַנדירן זײַנען ערשט בײַ מיר געווען. איך האָב זיי אינסטרוקטירט.

איך און איוואַנאָוו האָבן זיךביידע מיט אַפּעטיט צוגעכאַפּט צום קאָטיעלאָק, געשעפּט לעפל נאָך לעפל דעם נאָך הייסן, פעטן באָרשטש, פאַר קײַט מיט לוסטעס פרישן ברויט. דייקין האָט שוין געוווּסט, וואָס מיר שטייט פאָר צו טאָן אין דעם מאָמענט פון אַטאַקע. און מיר האָבן זיך מיט אים געהאַט

דערעט: מײַן פּאָסיקסטער אָרט דאַרף זײַן אין מיט פֿון דער פֿינפֿטער ראָטע. פֿון רעכטס — די פּערטע, פֿון לינקס — די זעקסטע, באַקומט זיך, אין סאַמע צענטער פֿון באַטאַליאָנס פּאָזיציע־שטח.

איך האָב מיך, אויף גאַנס באַראַט, דערלויבט אויסצוטאָן די שטיוול. אין שוצגרוב איז געווען הייס. נעבן מיר האָט זיך געלייגט מיטן אויטאָמאַט בײַ דער זײַט, מײַן ידיד דער טשוואַש איוואַנאָוו.

... פֿיר אַזייגער פֿאַרטאָג — נײַ־יאָר 1944 אין זשיטאָמירער וואַלד... נאָך איז שטאָק־פֿינצטער... דייקין האָט מיך אַ לײַכטן ריר געטאָן בײַם אַקסל. איך האָב שנעל אָנגעצויגן די שטיוול. דער קאָמבאַט האָט שוין געהאַלטן אין דער האַנט די ראַקעטניצע, פֿון וועלכער ער וועט אין דער אָנגעמערקטער רגע אויסשיסן די סעריע בלוי־גרינע סיגנאַל־ראַקעטעס.

אין בלינדאַזש איז אויסער דייקינען געשטאַנען דער פּאָלק־אַגיטאַטאָר — אַ מײַאָר. מיר האָבן זיך פֿרײַנטלעך באַגריסט. אָ, ווי האַסטיק־פֿיבערהאַפֿט עס אַרבעט דעם מענטשנס מאַרך פֿאַר אַ שלאַכט... בײַם באַגריסן זיך מיטן פּאָלק־אַגיטאַטאָר האָט דורכגעבליצט אַ מחשבה: אַזוי איז שוין געבויט די אַרמיי — בײַם אויספֿילן דעם באַפֿעל, מוז תמיד בײַזײַן, ווי אַ סעקונדאַנט, דער עדות פֿון דער העכערער אינסטאַנץ. אין דעם געגעבענעם פֿאַל — מײַן עדות, לויט דער פּאָליטישער טייל...

און דייקין זאָגט צו אַלעמען און צו זיך אַליין מיט אַ שמייכל:

— מיר פֿאַרלאָזן דיך, אונדזער בלינדאַזש, זײַ געזונט... אַצינד וועט מײַן קאָמאַנד־פּונקט זײַן אין טראַנשײ אויף דעם אָרט, פֿון וואַנען דער באַטאַליאָן וועט זיך אויפֿהויבן אין אַטאַקע.

און תיכף נעמט איינער פֿון די סאָלדאַטן, טעלעפֿאָניסטן־פֿאַרבינדלער, דעם טעלעפֿאָן־אַפּאַראַט אין דער האַנט און ציט נאָך זיך פֿון בלינדאַזש דעם פֿאָדעם־שנור — די פֿאַרבינדונגס־ליניע מיטן פּאָלק. דער אַנדערער סאָלדאַט־טעלעפֿאָניסט, הייבט אויף פֿון דער ערד דעם טעלעפֿאָן, וואָס פֿאַרבינדט דעם באַטאַליאָן־שטאָב מיט די ראָטעס. דער „דופֿק" פֿון שלאַכט איז די כּסדרדיקע לעבעדיקע פֿאַרבינדונג צווישן די איינהייטן. און טאָמער צערײַסט דעם שונאס אַ מינע, צי אַ האַרמאַטן־קויל, דעם שנור־פֿאָדעם, לויפֿט דער זעלנער־טעלעפֿאָניסט מיטן טעלעפֿאָן־קעסטל צום אָרט, נישט געקוקט אויף טויט־געפֿאַר, אין סאַמע פֿײַער, ווידער צו פֿאַרשלייפֿן, פֿאַרקניפּן דעם צעריסענעם פֿאָדעם. און קומט דער זעלנער אום, לויפֿט אַ צווייטער, אַ דריטער סאָלדאַט־טעלעפֿאָניסט אין בראַנד אַרײַן, אויפֿשטעלן די פֿאַרבינדונג. אום יעדן פּרײַז מוז קלאַפּן דער „דופֿק" פֿון שלאַכט...

עס גייט די פֿינפֿטע שעה. נאָך קיין סימן פֿון גינען — „שוואַרצע מוטער־נאַכט"... איינציקווײַז פֿאַלן מילדע, שלעפֿעריקע שנייעלעך. מ'זעט זיי נישט, נאָר מײַנע באַקן פֿילן זיי. אַ שנייעלע זעצט זיך אויף דער ליפּ. איך לעק

אראָפּ מיט דער צונג דעם אָנגענעם־קיצלדיקן טראָפּן קילקייט. אַרום — מאָדנע שטיל־שטיל... אַזוי ווי הינטער די אַנדערהאַלבן הונדערט מעטער פון אונדז, וואָלט גאָר קיין זוואַניע פון קיין דײַטש נישט געווען. איך האָב, ווי עס ווײַזט אויס, אָפּגעשלאָפן עטלעכע שעה מיט איין „טשאָנג״ און פיל מיך שטײַף אויף די פיס. איוואַנאָוו דריקט מיר בײַם אָרעם. דאָס גיט ער מיר צו וויסן, אַז ער איז נעבן מיר. נאָר אָט פליט אויף אַ סעריע ראַקעטעס פון דעם שונאס זײַט, וואָס צעשיט זיך איבער דיביימער. דער פײַנט וויל וויסן, ווו ער האַלט אין דער וועלט, צי עס דראָט אים גאָרנישט...

מיר בויגן זיך נידעריקער אָן בײַם גיין דורך דער טראַנשיי. אונדזער מאַרשרוט — צו דער פינפטער ראָטע. די זעלנער, וואַכע, גרייטע צום שלאַכט, שפּאַרן זיך צו די טראַנשיי־ווענטלעך און לאָזן דורך. און פּאַרבײַ — גייענדיק שעפּטשע איך צו יעטוועדן: — שיסן, שרײַען „אורא״ און — וופּיעריאָד (פּאָרויס)! דער קאָמבאַט דייקין איז מיט אונדז!

ס׳יאָגן די מינוטן. די לעצטע געציילטע רגעס פאַר פינף. מיר זײַנען שוין אויפן אָנגעמערקטן אָרט... דערנעבן מיר שטייט דער קאָמאַנדיר פון דער פינפטער ראָטע, דער פּאָלק־אַגיטאַטאָר. דער קאָמבאַט זעצט זיך צו אויף די שפּיץ־פינגער און דער שטאַב־אַדיוטאַנט באַלויכט אים מיט אַ לאָמטערנדל דעם זייגער אויף דער האַנט: ס׳איז דרײַסיק סעקונדן צו פינף. דייקין גלײַכט זיך אויס אין פולן וווּקס, הייבט אויף די ראַקעטניצע צו דער פינצטערניש.... איך קריך פון דער טראַנשיי, שטעל זיך אויפן ברוסטווער, צי פון דער קאָ־בורע מײַן פּיסטאָליעט. נעבן מיר, הארט נעבן מײַן אַקסל, — מײַן געטרײַער פאַרבינדלער איוואַנאָוו, האַלט אויסגעשטרעקט פאָרויס דעם אויטאָמאָט. דיי־קין שיסט אויס פון דער ראַקעטניצע און איך שריי מיט אַלע מײַנע כוחות — פּאָרויס! פּאָרויס! — נאָר כ׳האָב שוין מײַן אייגענעם קול נישט געהערט. עד היום הילכט אין מײַנע אויערן דער אומגעהויער — מעכטיקער ווידערקול פונעם אויטאָמאַטן־געקנאַל און אורא־געשרייען, וואָס האָבן זיך אַוועקגע־קײַקלט איבער די געדיכטע זשיטאָמירער וועלדער. מיר לויפן צעפּאַליעטער־הייט, יאָגן נאָך דעם כוואַליעס־אַרטיקן עכאָ און פאַרשטאַרקן אים מיט אונ־דזער שיסערײַ. אונטער די פיס טרעשטשען צווײַגלעך, פּאַרוויאַניעטע קופּעס בלעטער. ס׳פאַרכאַפּט מיר דעם אָטעם, נאָר איך לויף אַלץ, פאַרגיי זיך אין געשרייען און פאָכע מיט מײַן פּיסטאָלעט. איבער אונדזערע קעפּ הענגען נאָך אין דער לופטן די אָן אַ צאָל בלוי־גרינע ראַקעטן־קוילן וואָס צענדליקער אַזעלכע קאָמבאַטן, ווי דייקין האָבן אין איין און זעלבן מאָמענט אויסגעשאָסן. זיי באַלויכטן אונדז די טריט אין געלאָף. מיר שטויסן זיך שוין אָן אויף די ערשטע געהרגעטע דײַטשן. אַרום זייערע האַרמאַטן, אויף פורלעך, אָפענע פולע קאַסטנס מיט האַרמאַטן־קוילן. ס׳וואַלגערן זיך אויפן שניי די פריצישע פוטערנע רענצלעך, די דײַטשן האָבן אַלץ געוואָרפן און געלאָפן... מיר זײַנען

שוין אויסערן וואַלד... אַנטקעגן שאַריִעט... טאָגליכט, די ערשטע הײַזער, גאַסן, די פֿאָרשטאָט פֿון זשיטאָמיר. ס׳הייסט, דאַכט זיך, — קראָשנע. אַצינד דונערט אונדזער אַרטילעריע. הויך איבער אונדז פֿליען פֿאַרבײַ די טשאַטעס זילבער־שײַנע קאַטיושע־קוילן. זיי יאָגן אָן, „באַגלייטן״ די אַנטלויפֿנדיקע דײַטשן. אויף די זשיטאָמירער גאַסן וואַלגערן זיך איבערגעקערטע פֿורגאָנעס־בוידן מיט די ווײַנאַכט־מתּנות, וואָס מע האָט נאָך די פֿריצן נישט באַוויזן צו צעטיילן. אונדזערע אײַנהײַטן שפּאַנען פֿאָרויס דורך די זשיטאָמירער גאַסן. דורך די טיר־שפּאַלטן, פֿון די קעלערס, און שוין אויף די אָפֿענע גאַנקעס, באַווײַזן זיך די ערשטע תּושבֿים און באַלד קומען שוין אָן אונדז אַנטקעגן געטרייסטע, האָפֿערדיקע, אַ סך זשיטאָמירער גויים. איך זוך אַ ייִדישן פּנים... נישטאָ קיין ייִדישע פּנימער... עס רײַסט זיך אַרויס אויף מײַנע ליפּן אויפֿן קול — קאַפּוליע, זשיטאָמיר, גנילאָפּיאַט, זיידע מענדעלע... און מײַן פֿרײַנד, דער טשוּוואַש, וואָס איז נעבן מיר, מיינט, אַז איך זאָג אים וואָס, פֿרעגט ער מיך איבער: „סטאַרשוי; שטאָ טי סקאַזאַל״? —עלטערער לייטענאַנט, וואָס האָסטו געזאָגט?

זשיטאָמיר איז שוין באַפֿרײַט פֿון די דײַטשן. אין אָוונט האָט אונדזער באַטאַליאָן, לויטן באַפֿעל, פֿאַרנומען די פּאָזיציעס לענגאויס דעם טעטערעוו. איבערן טײַך, אַנטקעגן אונדז — געדענקט זיך מיר — אַ הויכער באַרג, ווי אַ וואַנט... און פֿון דאָרטן פֿאַלן שוין אויף אונדז די ערשטע דײַטשישע מינעס און סנאַריאַדן. ער איז דאָ דער פֿריץ... נישט ווײַט.. געקומען צו זיך, אָטשוכעט זיך... ביז בערלין איז נאָך אַ מהלך רבֿ און פֿאַר יעדן פּיצל אייגן ערד, קומט אויס שלאָגן זיך מיט לײַב און לעבן, אָפּגיין מיט בלוט.

און איך שטיי בײַם טײַך און שעפּטשע אַרויס מײַן אייגענעם טיף אין מיר פֿאַרבאָרגענעם ניגון — טײַערער, האַרציקער זיידע; דײַן טעטערעוו איז עס, דײַן בנימינס און סענדערלס גנילאָפּיאַט... איך, דער ייִד, דער „זאַמקאָמבאַט פּאָ פּאָליט־טשאַסטי״, נויג פֿאַר דיר מיט ליבשאַפֿט דעם קאָפּ...

## איינע פֿון די סיבות...

אין יענעם אָוונט פֿונעם 1טן יאַנואַר 1944, בעת איך בין אין ווײַליטשקע נאָך געשטאַנען פֿאַרדערוועניעט מיט מײַן פֿאַרקלעמטער, אין זיך פֿאַרשטויסענער ייִדישקײַט, בײַם טעטערעוו־טײַך, האָב איך קיין אַנונג נישט געהאַט, פֿון דעם, אַז מײַנע יונגט־פֿרײַנד לייב טאַלאַלײַ און גענאַדי שעוודיק זײַנען שוין ניטאָ, געפֿאַלן אין שלאַכט. און אַז אויך מאָטל האַרצמאַן, רוווע רייזין, דוד קורלאַנד, נחמיה שמאַין, הירש דיִאַמאַנד, חיים דושאַצקי, בערל

קאַראַבייניק ש. עליאַשקעוויטש פּיניע שענקער, און נאָך און נאָך — אַ סך עלטערע און גאָר יונגע ייִדישע דיכטער, שרײַבער און זשורנאַליסטן, מיט וועלכע איך בין געווען היימיש אויפגעטראָגן און גוט געוווּסט זייער שאַפונג, זײַנען אין די ערשטע פאַר מלחמה־יאָרן אומגעקומען אויף די שלאַכט־פעלדער.

נאָכן קריג און נאָך די שפּיטאָלן, ערשט אינעם 1946טן יאָר, האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דעם גורל פון דער גרופּע אָנגעזעענע מאָסקווער ייִדישע שרײַבער און דיכטער, שוין עלטערע מענטשן, מיליטעריש נישט געשולטע —

שמואל ראָסין — צוויי־און־פופציק יאָר אַלט,
אהרן קושניראָוו — איין־און־פופציק,
מאיר ווינער — נײַן־און־פערציק,
שמואל גאָדינער — נײַן־און־פערציק,
אהרן גורשטיין — זעקס־און־פערציק,
עזרא פינינבערג — צוויי־און־פערציק,
יאָשע זעלדין — צוויי־און פערציק

און דער ייִנגסטער צווישן זיי — דער באַגאַבטער דיכטער פונעם צווייטן דור בוזי אָליעווסקי (אויב איך בין זיך נישט טועה, זײַנען דער פופציק יאָרי־קער אברהם שוחט און דער פיר־און־פערדציק־יאָריקער משה דובלעט אויך געווען אין דער גרופּע) :

...נאָוועמבער 1941. די דײַטשישע מאָטאָריזירטע דיוויזיעס רײַסן זיך צו מאָסקווע. האָבן די אויבן־דערמאָנטע עלטערע ייִדישע שרײַבער, מיט דער צושטימונג פונעם מאָסקווער שרײַבער־פאַריין, גענומען די רוסישע „וויג־טאָווקעס״ אין די הענט און מיט דער מאָסקווער „אָפּאָלטשעניע״ אַוועק אין די שנייִיקע וויזגע־זאַווערוכעס אויף די פאָדער־פּאָזיציעס, צו שלאָגן זיך מיטן געפּאַנצערטן שונא און אין דעם ערשן פײַער־בראַנד, ווי פלאַטערלעך פאַר־ברענט געוואָרן. בלויז דעם דיכטער עזראַ פינינבערג האָט מען אַ צעוווּנ־דיקטן, מיט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס, אַ קוים־זשיפּענדיקן, אַרויסגע־שלעפּט פון די שניי־הורבעס. ער האָט שוין דערנאָך נישט געקאָנט קומען צו זיך און אינעם 1946טן געשטאָרבן. אויך אַהרן קושניעראָוו איז מיט נסים געבליבן גאַנץ, פאַרלוירן דעם זון אין שלאַכט און זיך צוריקגעקערט פון קריג מיט אַ ווײַסן קאָפּ.

אין פאָיע פונעם מאָסקווער שרייבער־פאַריין שטייט דער דענקמאָל־טאָוול, אויף וועלכן ס'זײַנען אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות די נעמען פון די אין קריג געפאַלענע מאָסקווער שרײַבער, פאַרנעמען דעם גרעסערן שטח אויפן טאָוול די נעמען פון די ייִדישע שרײַבער.

דער סאַמע עלטסטער פון דער גרופּע — דער תּמיד שוויַיגנדיקער, שטי־לער דיכטער שמואל ראָסין. געדענק איך, אַז ער פּלעגט אין די פאַרמלחמה־יאָרן נישט זעלטן קומען פון מאָסקווע קיין מינסק. איך בין מיט אים אַרויס־געטראָטן אויף ליטעראַרישע אָוונטן און איין מאָל געווען צוזאַמען מיט אים און מיט שמואל גאָדינערן און מיט כאַצקל דאָברושינען אויף אַ באַגעגעניש מיט לייענער אין מאַליעווו בײַם דניעפּער. ראָסין האָט זײַנע לידער פאַר־געלייענט געלאַסן, אָן קיין בײַ־תּנועות און בײַ־עפעקטן — אַרויסגעלייגט שטיל, פון דער נשמה. איך האָב מיט אַ באַזונדער פרייד געהערט פון זײַן מויל זײַן באַװוּסטע באַלאַדע „בערל בעקער“. איך האָב דאָס ווערק געדענקט פון די קינדער־יאָרן, פון מײַן סאַמע ערשטער כרעסטאָמאַטיע מיטן נאָמען — „ייִדיש“.

שמואל ראָסין פלעגט גערן שמועסן מיט מיר. ער איז געווען מיט צוואַנ־ציק יאָר עלטער. און אין דער דיכטונג — אָן אַ ספק, טיפער, דערפאַרענער און געשליפענער, נאָר פלעגט רעדן מיט מיר, ווי מיט אַ גלײַכן. פון זײַנע גרויסע, גרוילעכע אויגן האָט אַרויסגעשטראָמט מענטשלעכקײַט, אָנשטענדי־קייט און רויִקייט, אין אַזויפיל יאָרן אַרום, זע איך פאַר זיך נאָענט זײַן קײַלע־כיקן, בלייכלעכן פּנים. ער שטייט אַנטקעגן, ביידע הענט אַרײַנגעטאָן אין די קעשענעס פון דעם צעשפּיליעטן זומער־מאַנטל און הערט זיך צו מיט זײַן ווילן, שטילן בליק, וואָס איך באַמי זיך אַרויסצוברענגען און טוט פּלוצעם אַ זאָג צו מיר שמייכלענדיק:

— דערמאָנט איר זיך (ער האָט מיך געאירצט), ווען מיר האָבן זיך מיט אײַך צום ערשטן מאָל באַקענט?

איך קוק אויף אים אין פאַרלעגנהײַט... זאָגט ער מיר: — אין וויטעבסק, אין 1925טן, צי אין 1926טן. דרײַ מאָסקווער ייִדישער שרײַבער — גאָדינער, קושנירוב און איך זײַנען דאַן אַראָפּגעקומען אַהין אָפּצומערקן דעם 10טן יאָרטאָג, זינט עס איז געשטאָרבן יצחק־לייבוש פּרץ.

— יאָ, — שלאָג איך אים איבער, — נאָך פאַר דעם גרויסן פּײַערלעכן י. ל. פּרץ־אָוונט אין דעם וויטעבסקער שטאָטישן טעאַטער, האָב איך אין דער פרי, אַרום וואָקזאַל, געפונען דעם האָטעל, וווּ איר זײַט אײַנגעשטאַנען, אַ קוק צו טאָן אויף אײַך, די ייִדישע שרײַבער.

...דאָס איז געווען אַ קימאַ־לן, מיט אַכט און פופציק יאָר צוריק... געדענק איך, די טיר פונעם האָטעל־צימער האָט מיר געעפנט אַ. קושנירוו. ער איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין אַ קאָלירטן לאַנגן כאַלאַט און מאָדנע אָנגעקוקט דעם פריִען פויגל — אַ פופצניאָריקן צעשמײַעטן שמענדריק.

...מאיר ווינער — פון די הערלעכע געשטאַלטן, אַרומגעוועבט, ווי אַ

בין מיט האַניק, מיט ייִדישער חכמה און וועלט־קולטור. אַ חריפותדיקער, וויִט־ זעענדיקער, ליטעראַטור־פאָרשער און שרײַבער, אָן אײַנגעעקשנטער, אייגנאַרטיקער, שטאָלצער נסתר. ווען איך האָב אין 1929־1931 געלערנט זיך אויפֿן ייִדישן אָפּטייל פֿון דעם קיעווער אינסטיטוט פֿאַר בילדונג אויף קאָראָ־לענקאָס נאָמען, פֿלעג איך מ. ווינערן באַמערקן אָפּט אַרומשפּאַצירן צוזאַמען מיט די קיעווער ייִדישע שרײַבער ליפֿע רעזניק, נוח לוריע און עזראַ פֿיניג־בערג, וועלכע זײַנען געווען מײַנע אינסטיטוט־לערער. ווי זייערער אַ תּלמיד, האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייִט, ווען־נישט־ווען, צו שמועסן מיט זיי און אין באַזונדערע געלעגנהייִטן, אויף די הפסקות, צווישן די לעקציעס, „אַרײַנ־כאַפּן" — פֿאַרלייענען פֿאַר זיי אויף אויסנווייניק מײַנס אַ נײַ־אָנגעשריבן ליד. דער עיקרשט פֿאַר עזראַ פֿינינבערגן, וועלכן איך האָב דאַן, בפועל ממש, פֿאַרגעטערט, אַזוי שטאַרק האָב איך אים ליב באַקומען. צווישן די ייִדישע סטודענטן פֿון אוקרײַנע, בין איך געווען דער איין־און־אײנציקער „גרינער" ליטוואַק — „צלם־קאָפּ". און מײַן אַרט רעדן האָט פֿאַר זיי געקלונגען קאָמיש־לעך, אַרויסרופֿן אַ שמייכל. עזראַ פֿינינבערג האָט מיך מקרב געווען, אָפּגע־קליבן לידער, אַרויסצוגעבן מײַן ערשטן זאַמל־ביכל. אָבער דאַן, ווען ליפֿע רעזניק, נוח לוריע און עזראַ פֿינינבערג, פֿלעגן אַרומשפּאַנען, אָדער זיצן אויף אַ באַנק אין אינסטיטוט־גאָרטן צוזאַמען מיט מ. ווינערן, האָב איך מיך קיינמאָל נישט דערוועגט צו דערנענטערן. מיט מיר אויף איין קורס האָבן זיך געלערנט נחום שטיפֿס טאָכטער און די שיינהייט טאַמאַרע לוריע מיט די בליציקע ציגײַנער־אויגן — נוח לוריעס טאָכטער. (זי איז שפּעטער גע־וואָרן מ. ווינערס פֿרוי) און איך האָב פֿאַרשטאַנען — ווינער מוז וויסן, אַז איך שרײַב און ס׳קאָן זײַן, אַז ער זאָל האָבן ערגעץ־ווו באַמערקט מײַנס אָן אָפּגעדרוקט ליד. מיט מײַנע חסר־לחמדיקע פֿאַריאָגטע צוואַנציק יאָר (גע־לעבט אין סטודענטישן צוזאַמענוווינונג, אין די גרויליקע הונגער־יאָרן, זעלטן ווען געהאַט אַ פֿריש העמד אויפֿן לײַב), האָב איך דאָך געפֿילט — ווינער פֿאַרמאָגט אַ ים מיט וויסן. אַנומלט האָב איך געהאַט די זכיה בײַצוזײַן אויף אַן אָפֿענער זיצונג אין קאַבינעט פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור, בײַ דער קיעווער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע און געהערט, ווי אַזוי מ. ווינער, האָט נישט הילכיק, אָן איבערגעטריבענעם פּאַפּאָס, אין געפּרעסטע פּראָזן, בצימצומדיק, אַנאַלי־זירט, צעגלידערט דוד האָפּשטיינס לירישע נאַטור־לידער, באַוויזן זייער שיינ־קייט און געדאַנקלעכע רײַכקייט. האָב איך מיך געשראָקן פֿאַר ווינערס דורכ־דרינגלעכן בליק, פֿאַר זײַן שאַרפֿן פֿאַרשטאַנד. און איך אַליין, נישט געקוקט אויף מײַנע ביטערנישן און אויסערלעכער אָפּגעלאָזנקייט, וואָס איך האָב דאַן אויף זיך, אַ פּנים, נישט תּמיד באַמערקט, האָב מיך אַרומגעטראָגן מיט מײַן פּאָעטישן קוראַזש־טרוים, — מיטן נישט־צעקעמטן קודראווון קאָפּ האָר — געפֿעלן צו ווערן. איך האָב דאַן אין מײַנס אַ ליד געשריבן:

„ווייַזט אויס, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד,
האָט זיך געמוזט אין מיַין זכרון־נעץ
פֿאַרפּלאָנטערן
אַן אומגעלומפּערט שיינער חלום,
אַ חלום, ווי אויף אַ הויכן פּעלז איך שטיי,
און כ׳רייד מיט זינגעוודיקע רייד אַראָפּ
צו גאַנצער וועלט.
און אַלע קוועלן אָן,
און אַלעמען געפֿעלט,
און ביַי אַלע מענטשן זיַינען הענט פֿאַר פֿאַטשן
שוין געוואָרן אָנגעקוואָלענע..."

ווייס איך נישט, ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט — מ. ווינער און איך, מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און פּלוצעם אָנגעהויבן רעדן צווישן זיך. דער גע־שפּרעך האָט געמוזט דויערן נישט מער, ווי אַן אַכט — צען מינוט און, אפשר, נאָך ווייניקער. קיין שום ווינערס ווערטער, אויסדרוקן, האָב איך נישט פֿאַר־געדענקט. אַזויפֿיל יאָרן האָבן פֿאַרביַי זיך דורכגעקייַיקלט זינט דאַן. נאָר דער עצם־„יאָדערל" פֿון דעם איין־און־איינציקן שמועס מיַינעם מיט ווינערן, האָט זיך אַזוי ווי אַ לאַנגציַיטיקער, פּילשפּיציקער שפּליטער איַינגעזויגן, אַקומו־לירט מיטן בלוט און פֿלייש אין מיַין זכרון, געוואָרן שוין מיַין אייגנס און כ׳פֿיל אים שטענדיק... ווינער האָט מיך דאַן נישט געשוינט — צעטרייסלט, צעוואָרפֿן ביז שטשענט מיַין שיטערן, מכלומרשטדיקן „הויכן פּעלז", נישט געלאָזן אַ שטיין אויף אַ שטיין פֿון דער אין מיר פֿאַרטיַיעטער זעלבסטצו־פֿרידנקייַט און זעלבסט־ליבע, געגעבן מיר מיט איַיזיק־קאַלטע ווערטער צו דערפֿילן, „ווו איך האַלט אין דער וועלט"...

אויך מ. ווינער האָט מיט מיר דאַן גערעדט, ווי אַ גליַיכער מיט אַ גליַיכן, נאָר, איך האָב עס אין יאָרן אַרום באַנומען — ער האָט אין דמיון אַראָפּ־געוואָרפֿן פֿון חשבון די זיבעצן יאָר, מיט וועלכע ער איז עלטער געווען פֿון מיר און פֿון זיַין צוואַנציק־יאָריקער פּאָזיציע, מיך ערלעך אַטאַקירט, וויַיל ער האָט שוין אין זיַינע יונגע יאָרן קאָלאָסאַל געהאַט דערגרייכט, געווען אַ פּיקח מיט אַ רעיון־שוועב פֿון אַן אָדלער...

...איז עס מ. ווינער, קרוב צו פֿופֿציק, אין די ערשטע מלחמה־חדשים פֿון היטלערס איבערפֿאַל אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד, צוזאַמען מיט זיַינע ידידים־פֿריַינד די מאָסקווער ייִדישע שריַיבער מיט קידוש־השם־שריט אַוועק זיך ראַנגלען מיטן אויסגעמושטירטן אין שטאָל און איַיזן איַינגעפּרעסטן, גרעסטן דם־שונא פֿון אונדזער אייגן פֿאָלק און מיט דעם אַנטשיידענעם נאַציאָנאַלן טאַט, געשטרעבט אין יענע גרויזאַמע, האָפֿנונגסלאָזע טעג צו באַשיצן, דער־

הויבן דעם ייִדישן שטאָלץ און גבורה אין די אויגן פֿון דער מאָסקווער רוסישער אינטעליגענץ און פֿון דער גאַרער וועלט.

איך מיין, אַז דער קאָלעקטיווער העלדן־טויט פֿון דער מאָסקווער גרופּע ייִדישע שרײַבער אין נאָוועמבער 1941, האָט מיטגעווירקט, עס זאָל אין איי־ניקע חדשים אַרום אין ראָטנפֿאַרבאַנד געגרינדעט ווערן דער ייִדשיער אַנטי־פֿאַשיסטישער קאָמיטעט, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפֿירט די ייִדישע שרײַבער און די וויכטיקסטע ייִדישע קונסט־טוער.

אומגעפֿער, אין דער זעלבער צײַט, און אין די שפּעטערדיקע מלחמה־יאָרן זײַנען אויף די שלאַכט־פֿעלדער קעגן די נאַציס געפֿאַלן די ייִדישע שרײַ־בער און דיכטער: חיים לעווין, שמואל העלמאַנד, צדוק טוזמאַן, נחום טשער־ניס, איציק גרינזייד, שמעון גאָלדנבערג. אין 1943טן איז אין שלאַכט אונטער אַ דײַטשישן טאַנק פֿאַרטיליקט געוואָרן דער זעקס־און־פֿערציק יאָריקער ייִדישער דיכטער משה כאַטשעוואַצקי. אין דעם זעלבן יאָר זײַנען אויפֿן פֿראָנט אומגעקומען דער דרײַ־און פֿערציק־יאָריקער משה גאָלדשטיין, דער איין־און פֿערציק יאָריקער שלמה לאָפּאַטין אין 1944טן — משה גערשענזאָן, דער אָווטאָר פֿון דער פּיעסע „הערשעלע אָסטראָפּאָלער" און דער באַליבטער הויך ־טאַלאַנטירטער פּראָזאַיִקער עליע קאַהאַן.

מיטן מקריב זײַן דאָס טײַערסטע — דאָס אייגענע לעבן, האָבן די ייִדישע שרײַבער־שלאַכטלײַט און די ייִדישע שרײַבער, וועלכע האָבן דירעקט נישט אָנטייל גענומען מיט געווער אין די קאַמפֿן, נאָר געשאַפֿן עכטע ווערק — זיי אַלע האָבן טיף־אמתדיק אָפּגעשפּיגלט די פֿאַרבאָרגענע נאַציאָנאַלע גע־פֿילן פֿון די הונדערטער טויזנטער ייִדישע סאָוועטישע סאָלדאַטן, אָפֿיצירן און גענעראַלן (דער פּאַטריאָטישער טשאַד פֿון סטאַלינען און זײַן קליקע איז בלויז געווען אַ דעקאָראַטיווער און האָט גאָרנישט קיין איבעריק גרויסן אָרט פֿאַרנומען אין די הערצער פֿון די ייִדישע סאָוועטישע קעמפֿער), וואָס האָבן מיט זייער שרעקלאָזער גבורה און מיליטערישן וויסן. באַדײַטנד מיטגעהאָלפֿן אין באַזיגן די דײַטשישע אַרמייען און ברענגען צו דער ענדגילטיקער היטלער־מפּלה.

אַדאַנק דעם וויכטיקן אָנטייל פֿון די ייִדן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה — צוויי הונדערט טויזנט סאָוועטישע ייִדישע זעלנער זײַנען געפֿאַלן, דער קאַמף אין די פּאַרטיזאַנישע וועלדער, דער העראָיִזם אין די ייִדישע געטאָס — אין אָנבליק פֿון דעם גרויסן טראַגישן חורבן פֿון אונדזער פֿאָלק, איז אין סאָ־וועטן־פֿאַרבאַנד, אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן, געוואָקסן דער רום פֿון די ייִדישע מיליטערלײַט, געשטאַרקט זיך דער אויטאָריטעט פֿון דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט. בײַם סאָוועטישן ייִדנטום האָט אויפֿגעוואַכט די נאַציאָנאַלע ווירדע און זיך דערוועקט אַ שאַרפֿער פּראָטעסט קעגן דעם אַנטי־

סעמיטיזם, וואָס האָט נאָך דעם זיג איבער היטלער־דײַטשלאַנד, ווי פּאַראַ־ דאָקסאַל דאָס זאָל נישט זײַן, אָנגענומען אַלץ מער דראַענדיקע פאָרמען.

און דאָס איז געווען איינע פון די סיבות, פאַר וואָס סטאַלין האָט זײַן מ.ג.ב.־ק.ג.ב.־גילאָטינע מיט אַזאַ רציחה אַראָפּגעלאָזט אויף דער ייִדישער סאָוועטישער אינטעליגענץ, אין דער ערשטער ריי — אויף די קעפּ פון די גרעסטע ייִדישע שעפער, אומגעבראַכט זיי. צעגראַמירט דעם ייִדישן אַנטי־ פאַשיסטישן קאָמיטעט, די צײַטונג „אייניקייט", דעם אייניציקן ייִדישן פאַרלאַג, די ייִדישע אותיות פאַנאַדערגעשמאָלצן און די רעשט געבליבענע מאָסקווער, קיעווער, מינסקער, ביראָבידזשאַנער, ווילנער, ריגער, טשערנאָוויצער און קי־ שיניעווער ייִדישע שרײַבער פאַרשטויסן אין די סיבירער טויט־לאַגערן־ אַ סוף אַן ענד געמאַכט אין דער גרויסער „פעלקער־פרײַנדשאַפט"־מדינה מיט דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור. און אַלץ מיטן צוועק — אויס־ צוקאָרענייען ביַי די מיליאָנען סאָוועטישע ייִדן דעם מינדסטן שמץ פון נאַציאָ־ נאַלן אייגן־באַוווסטזײַן, זיי זאָלן מער שוין נישט האָבן די „חוצפה" צו שטרעבן און טרוימען זײַן אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער גלײַך און בלײַבן, לויטן היטלערישן מוסטער, געהאָרכזאַמע שקלאַפן אונטערן יוויש־גרוזיניש געקאָוועטן שטיוול.

# אַפּריל פינף־און־פערציק

אין די שלאַכטן פאַר בערלין, בין איך דעם 24טן אַפּריל 1945, שווער פאַרווונדעט געוואָרן. אַנטשיידענע טעג — צו דער דײַטשישער הויפּט־שטאָט, האָט איבער די פילצאָליקע אַספאַלטירטע שאָסייען, ברייטע פּראָספּעקטן, סקווערן און אַלייען, געפלייצט אַ צעברויזטער ים פון סאָוועטישן מיליטער — מענגעס לאַסט־אויטאָס, „סטודאָבעקערן", זיי האָבן געשלעפּט נאָך זיך האַרמאַטן פון גרויסן קאַליבער, מיטלען און קלענערן — אַן אַ שיער אַרטי־ לעריע־באַטרייען, אויך אין פערד־געשפּאַנטע. ס׳מאַרשירן טאַנקען־אײנהײַטן, קאַטיושעס, פאַנצער־וואַגנס, זעניטקעס — קעגן לופט־האַרמאַטן — מיט אויסרעגעווײנלעכע לאַנגע שנאָבלען, געווענדעטע צום דײַטשישן הימל, אוי־ טאָס מיט בערג אַמוניציע. און צווישן דעם, און אַרום דעם, קלעפּן זיך סאָל־ דאַטן — ציען זיך אָן אַ סוף, אָן אַן ענד, חילות — ראָטעס, באַטאַליאָנען, בריגאַדעס, מאָטאָריזירטע, האַלב־מאָטאָריזירטע, נאָר מערסטן טייל, — אין די צעקבײטשטע גרויע שינעלן, פוסגייער — „מאַטושקאַ פעכאָטאַ", צענדלי־ קער, הונדערטער טויזנטער אויסגעמאַטערטע, צעכראָסטעטע זעלנער נאָך דעם,

ווי זיי האָבן אין די נעכט דורכגעמאַכט די פערציק־קילאָמעטראָווע, מאַרשן צו בערלין.

אויף די גערזיכטער — אַ געדיכטער געמיש פון זאַמד און שווייס, די ברעמען, די לעפלעך, ביז די סאַמע ראַנדן פון די ווייס־זעגעלעך, באַדעקט מיט אַ שיכט שטויב, — בלויז דורך די אויגן־שפּעלטלעך פינקלען אַרויס די אָנגעצונדענע לעבעדיקע אַפּלען.

אַלע וועגן און אומוועגן, וואָס פירן צו דער הויפּט־שטאָט זייַנען פאַר־שטאָפּט — און ביי יעדן איינעם פון דעם מיליאָניקן חיל — איין פאַרלאַנג — אַ לעבעדיקער אַרייַנצורייַסן זיך אין היטלערס „בערן־הייל" — בערלין! אָבער דער צעפּאַסוועטער, צעפּערטלטער פּייַנט שוימט מיט גיפט — פּיענע, וואַרפט אין שלאַכט זייַנע לעצטע עראָפּלאַנען, קאַנאָנען. ס'גייען אין אַטאַקע אפילו די אַלטע ווילהעלם־סאָלדאַטן נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און מינדעריעריקע. דער שונא ווייַזט אַרויס שגעונדיקן ווידערשטאַנד, שיסט אין אונדז, פּעכאָטינער, אַזש פון זעניט־האַרמאַטן... גאַרנישט לייַכט צו דעראָבערן בערלין. אַ סך אונדזערע סאָלדאַטן פאַלן און אָן אַ שיער ווערן פאַרוווּנדעט. און אַלץ איינס, די פייַער־לאַווע פונעם סאָוועטישן מיליטער שפּרייט זיך, דרינגט אַרייַן דורך אַלע מאַגיסטראַל־אַרטעריעס אין דער רייזי־קער שטאָט.

איך זע מיט מייַנע אייגענע אויגן, ווי ס'צאַפּלט זיך, מיט די לעצטע קאָנוווּלסיעס די היטלער־כנופיה. איך האָב נאָך אין דער פרי, פון די זיך וואַלגערנדיקע קופּעס צייַטונגען אויפן אַספאַלט, אויפגעהויבן אַ „פעלקישער בעאָבאַכטער" (די צענטראַלע בערלינער היטלער־צייַטונג), דאַטירט פונעם 21טן אַפּריל... אויף דער ערשטער זייַט — געבעלס אַ גראַטוליר־אַרטיקל לכּבוד אַדאָלף היטלערס 54טן געבוירנטאָג... דער היטלער־רייך די „ריינע היטלער־ראַסע", האָט זיך געדרייט, ווי אַ צעקלאַפּטע שלאַנג, מיט דער האָ־פענונג אויף אַן אויבער־נס...

פיל מויערן זייַנען צעשעדיקט, צעשטערט, נאָר מיר האָט געשטאָכן אין די אויגן די גרינקייַט און שיינקייַט פון דער שטאָט, די אַקוראַט־אונטערגע־שוירענע היכע, געדיכט־וואַקסנדיקע כוואָיע־בוימער, אַרומגעצוימטע מיט נידעריקע אייַזערנע געשפּיצטע שטאַכעטן, ביי יעדער ווילע און מויער. ס'האָט דורכגעבליצט אַ מחשבה: „די דייַטשן האָבן זיך אייַנגעקליגט אַרייַנצובּרענ־גען דעם פּעכיק־שמעקנדיקן כוואָיע־וואַלד צו זיך אין הויף אַרייַן..." נאָר צי האָב איך דאַן געקאָנט קאָנצענטרירן זיך? — עפּעס באַדאַכטן? — ס'האָט מיך, ווי אַ זעמדל געטראָגן דער גרויסער חיל־געווירבל... איך בין געווען אַזוי ווי פאַרקוועטשט אין אַ גוואַלדיקער המון־כמאַרע... אין טאָג פון מייַן פאַרוווּנדעט ווערן האָט פון סאַמע באַגינען אַ שווערער אומרו־פאַרגעפיל

צעשפּאַרט מײַן נשמה. פיר יאָר געװען אױף די פראָנט־פּאָזיציעס... און מאַר־שירנדיק אין יענעם טאָג מיט דער מחנה (אין באַשטאַנד פון דער 132טער שיסער־דיװיזיע), האָב איך מיך אָן אױפהער באַװעגט פון קאָפּ ביז צום עק פון דער קאָלאָנע און צוריק פון עק ביזן קאָפּ... אין די װײַלעס, װאָס מיר פלעגן זיך אָפּשטעלן, בין איך קײן אײן רגע נישט אײַנגעשטאַנען רויִק אויף אַן אָרט... איך האָב אין משך פון טאָג גאָרנישט אין מײַן מויל געהאַט. ס׳גע־דענקט זיך, אײנער פון די ראָטע־אָפיצערן, האָט מיך מכבד געװען מיט אַ צעעפנטער פּושקע דײַטשישע ביר. איך האָב אַ זופּ געטאָן, האָט זיך מיר אויסגעװיזן — דאָס ביר איז ביטער — סם־המות, און איך האָב די פּושקע ביר אַ שלײַדער געטאָן אין אַ זײַט פון װעג.

סוף טאָג... אונדזער קאָלאָנע נענטערט זיך צום שטאָט־צענטער... בײַ שקיעה־שײַן, ס׳האָט זיך שוין געטונקלט, האָבן פּלוצעם אױף אונדז גענומען שיטן זיך דײַטשישע שראַפּנעלן... איך האָב באַװיזן, זײַענדיק שוין געטראָפן, לויט דער אינערץ, דורכצולויפן נאָך עטלעכע טריט צום קאַלײע־ראַנד פונעם אַספאַלט. מײַן לינקער פוס אין שטיװול איז דאָך שוין געװען אין גאַנצן צע־דרויבלט און מײַן רעכטער — שװער פאַרװוּנדעט... פונקט װי אַ געקוילעטער האָן, רײַסט זיך אַרויס, פּאַטשנדיק מיט די פליגל, פונעם שוחטס האַנט און שפּרינגט אַװעק, ביז ער פאַלט אום...

...אויפגעעפנט מײַנע אויגן, האָב איך, װען איך בין שוין געלעגן אויפן פורל פון אונדזער סאַניטאַרן־װאַגאָן. און דער פורמאַן האָט מיך געפירט אין דער נאַכט־אַרײַן... װי לאַנג עס האָט געדויערט, ביז מע האָט נאָך דער באָמ־באַרדירונג, געבראַכט דאָס פורל, און װי אַזוי מע האָט מיך אויפן װאָגן אַרויפ־געלײגט, דאָס װײס איך נישט. איך האָב דערפילט די ערשטע, טעמפּע, שװי־דערלעכע װײטיקן... האָט זיך מיר געדאַכט — איך בין פאַרװוּנדעט אין די געדערים. בעט איך בײַם סאַניטאַר — דעם פורמאַן: — עס האָט מיך גע־טראָפן אין בויך... שיס מיך, איך זאָל זיך נישט מאַטערן...

דער סאַניטאַר האָט מיט מיר קײן װאָרט נישט אויסגערעדט און מיך גע־פירט אין דער פינצטערניש. איך האָב װידער פאַרלוירן דעם באַװוסטזײַן... און דערפילט מע לײגט מיך אַרויף אויף אַ טיש. איבער מיר הענגט נידעריק אַן עלעקטרישער לאָמפּ מיט אַ זײער שטאַרקער ליכט. מע װיל פון מיר אַראָפּ־ציען די גימנאַסטיאָרקע. צו װעלכער עס זײַנען צוגעפעסטיקט מײַנע אָרדענס און מעדאַלן, אין דער אויבער־קעשענקע — מײַנע דאָקומענטן, װער איך מיר, שאָקל מיט די הענט — טשעפּעט מיך נישט... אָט אַזוי װיל איך... אין דער שײַן, װאָס האָט מיך געבלענדט, האָט אַ רגע געשװינדלט פאַר מײַנע אויגן אַ הויכע פיגור אין װײַסן כאַלאַט מיט אַ שװאַרצן, געקרויזטן קאָפּ. די כאַלאַט־אַרבל פאַרקאַטשעט ביז די עלנבויגנס. און װי פון ערגעץ װײַט, צע־

הילכן זיך ווערטער, וואָס חזרן זיך איבער: „אין צוויי שעה אַרום, וועט איר שטאַרבן... אין צוויי שעה אַרום, וועט איר שטאַרבן..." און כ׳זע שוין גאָרנישט און אויפסניַי — פֿאַרבלענדט מיך דאָס לאָמפּן־ליכט, איך דערהער דיַיטלעך — מע זעגט דעם ביין פֿון מיַין צעדרויבלטן פֿוס...

מיט וואָכן שפּעטער, ווען איך בין שוין אַרויס פֿון טויט־שאָק און זיך געקלאַמערט אין לעבן, האָב איך פֿאַרשטאַנען — צוליב דעם, וואָס כ׳האָב פֿאַרלוירן אַ סך בלוט און וואָלט דאָס אָפּערירן מיך מיט אַלגעמיינעם נאַרקאָז, נישט אויסגעהאַלטן, האָט מען מיר די גאַנגרענע־פֿוס אָפּגעשניטן מיט דער הילף פֿון אָרטיקער אַנעסטעזיע. און דעריבער האָב איך אין באַזונדערע סע־קונדן געהערט, ווי מע זעגט מיך... און דעם דאָקטאָרס דראָונג: — „אין צוויי שעה אַרום וועט איר שטאַרבן" האָט באַטיַיט: „ס׳קאָן קיין רייד נישט זיַין וועגן דערווידערן — נישטאָ קיין ברירה. מען מוז תיכף שניַידן... איך האָב קיין רגע ציַיט נישט — דאָ אַרום ליגן אין די צעפּליקטע פֿאַרברודיקטע שינעלן נאָך אַנדערע„ צענדליקער, וואָס זיַינען פּונקט אַזוי ווי איר שוין אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און וואַרטן אין דער ריי, מען זאָל זיי פֿון טראָג־בעטל אַרויפֿהייבן אויפֿן טיש שניַידן, זעגן, רייניקן די צעשעדיקטע, גאַנגרענעזירטע שוין, צעריסענע, שוואַרץ־געוואָרענע גלידער און אינגעווייַדן..."

...איך האָב ווידער, ווי דורך אַ קאָשמאַר דערשפּירט די אומדערטרעג־לעכע ווייטיקן, בעת מע האָט מיך אויף דער „נאָסילקע" אַרויסגעשלעפּט פֿון סאַניטאַר־אויטאָ און אַוועקגעלייגט דערנעבן.

עס איז שוין געווען טאָג... הייסט עס, מע האָט מיך לאַנג געפֿירט פֿון די פֿאָדער־פּאָזיציעס. מע האָט פֿונעם אויטאָ אַרויסגעצויגן נאָך עטלעכע „נאָסילקעס" מיט פֿאַרוווּנדעטע. נאָר איך כאַפּ אויף די ווערטער פֿונעם סאַני־טאַר: „די אַנדערע זיַינען אַלע אין וועג געשטאָרבן..."

איך בין דערנאָך געלעגן אויף דער ערד צווישן אַ סך פֿאַרוווּנדעטע אויף די טראָגבעטלעך. ערשט, ווען עס איז שוין פֿינצטער געוואָרן, האָט מען מיך אויפֿסניַי אויפֿגעהויבן אויף אַ שטאַרק־באַלויכטענעם טיש. מיַין גאַנגרענע איז געגאַנגען העכער... מען האָט מיך צום צווייטן מאָל אָפּערירט...

...איך ליג שוין אין אַ גרויסער מעדיצינישער פֿעלד־פּאַלאַטקע אויף אַ בעט. מיט מיר צוזאַמען זיַינען נאָך אַ פֿינף, צי זעקס שווער־פֿאַרוווּנדעטע. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען מע האָט מיך פֿון בעט גענומען איבערלייגן אויפֿן וועגעלע, אַריַינצופֿירן אין דער כירורגישער פּאַלאַטקע, אויף דער ערש־טער „פּערעוויאַזקע" — צו בייַטן די באַנדאַזשן, האָב איך געמאַכט גוואַלד־געשרייען. די שרעקלעכע ווייטיקן זיַינען געווען נישט פֿון דער אַמפּוטירטער, נאָר פֿון מיַין אַנדערן, פֿאַרוווּנדעטן פֿוס.

און דער כירורג, אַן אַדעסער מאַיאָר מײַן רעטער — אַזאַ פּאַרדרוס און חרפּה וואָס ביז היַינט, אין משך פון אַזוי פיל יאָרן, קאָן איך מיך נישט דערמאָנען זײַן פאַמיליע־נאָמען — פלעגט אייניקע מאָל אין טאָג אַרײַנגיין אין פּאַלאַטקע צו באַטראַכטן אונדז. צוקומענדיק צו מײַן בעט, אָפּדעקן די קאָלדערע און זיך אָנבויגן צו מײַן גאַנצער רעכטער פוס און שמעקן די קני... האָב איך מיך אָנגעשטויסן — „וואָס דאָס שמעקן באַטײַט"... פלעג איך אים מיט רוגזה זאָגן: שמעקט נישט, טשעפּעט נישט מײַן אַנדערן פוס... איך וועל עס במילא נישט אויסהאַלטן... און ער האָט מיך פאַרשטאַנען...

נאָך דער צווייטער אָפּעראַציע, וואָס איז געווען געמאַכט מיט אַן אַלגע־מיינעם נאַרקאָז, האָב איך באַקומען הויכע היץ — אַ שווערע לונגן־אָנצינדונג. עס האָט מיר גענומען פעלן אָטעם, ס'איז אַרײַן דער כירורג, אַ קוק געטאָן אויף מיר און אַ זאָג געטאָן: „דו געפעלסט מיר נישט". — מע האָט מיך אַרײַנגעפירט אין דער כירורגישער פּאַלאַטקע און די מעדיציניַשער שוועס־טער, האָט באַלד אויפן אָרט געגעבן בלוט פון אירע אָדערן אין מײַנע. דער כירורג און זײַן מעד־שוועסטער האָבן מיך דאָן געראַטעוועט פון אומפאַר־מײַדלעכן טויט. מײַן צושטאַנד איז נאָך אַלץ געווען אַ שווערער, די טעמפּע־ראַטור — אַ הויכע — איך פריַיך מיט דער נשמה. אָבער איך האָב מיך ערלעך געבאָרעט מיטן מלאך המוות, פאַרכליניעענדיק זיך, ממש זיך שטיקנ־דיק, פלעג איך פאַרן פרישטיק אַרײַננעמען די פאַרציע דײַטשישע טראָפיי־שנאַפּס, די סאַניטאַרקעס האָבן מיר געמאַכט אַ הויכן צוקאָפּנס און איך פלעג אָפּגיסנדיק זיך מיט שווייס, שעפּן פון טעלער, וואָס פלעגט ליגן אויף דער קאָלדערע פאַר מיר, דעם זודיקן, פעטן, אוקראַיִנער באָרשטש. מע האָט מיר נישט געזשאַלעוועט — אַבי עס. און איך האָב מיט אַלע כוחות דערהאַלטן אין זיך מײַן נשמה.

דעם 9טן מײַ האָט אונדזער מיליטער אין בערלין אָפּגעמערקט דעם גרויסן היסטאָרישן זיג איבער היטלער־דײַטשלאַנד. די שמחהסדיקע סאַליוטן־שיסערײַען האָבן גאָרנישט אויפגעהערט. אין אָוונט האָבן זיך די בליציק־שיינענדיקע טראַסירנדיקע קוילן, דער אילומינאַציע־פײַערווערק, געקרייצט זיך, נידעריק געטראָגן איבער אונדזער ברעזענטענער מעדיציניַשער פּאַלאַט־קע. זי האָט געהאַט צוויי קעגנאיבערדיקע אָפענע אַרײַנגאַנגס־פאָרהאַנגען — ברייטע טירלעך, האָט זיי דער שטאַרקער אָוונטדיקער ווינט נאָכאַנאַנד גע־הויבן, אַרומגעפלאַטערט און מיר האָט זיך, בײַ מײַן שווערן צושטאַנד, אויס־געוויזן, אַז די זיך שלענגלענדיקע טראַסירנדיקע סאַלוט־קוילן, פליען גלײַך אויף מיר און וועלן מיך, סוף כּל סוף, אַוועקהאַרגענען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די ראַקעטן־פײַערן און די סאַלוט־קוילן געפלאַצט, געקנאַלט אַרום אונדזער בײַדל, ווי מיט שטאַרקע בליצן דורכגעשניטן די חשכות. און איך בין אין

מײַנע פֿײַנלעכע װײטיקן געלעגן אומבאַהאָלפֿן, פֿאַרשטילט, װי אַ מײַזל, אַרומגעװיקלט אין די מיט בלוט און אײטער דורכגעזאַפּטע באַנדאַזשן, באַגיסנדיק זיך מיט אַנגסטיקן שװײס.

צוליב די אומענטשלעכע װײטיקן אין קני־בײן פֿון מײַן רעכטן פֿוס, האָב איך זיך נישט געקאָנט רירן, בין איך לאַנגע װאָכן געװען געצװוּנגען ליגן צוגעשמידט צום מאַטראַץ. עס זאָלן בײַ מיר אױפֿן רוקן און אױף מײַנע לענדן נישט װערן קײן אײטערדיקע געשװירן־װוּנדן, האָב איך זיך די גאַנצע צײַט, געסטאַרעט, װי נישט איז, צו באַװעגן זיך, עטװאָס צו דרײען זיך אױף די זײַטן, אונטערשטעלנדיק װײַלעװײַז מײַנע פֿױסטן, איך זאָל נישט צוגעקלעפּט װערן צום געלעגער. בײַ מײַן שכן, נעבן מיר, אױך אַ שװער פֿאַרװוּנדעטער, האָבן זיך געעפֿנט אַ סך געגעצטע אָפֿענע װוּנדן אױפֿן רוקן, און ער האָט נישט אױסגעהאַלטן — אױסגעהױכט די נשמה.

עס זײַנען דורך אַ דרײַ חדשים, ביז עס האָבן גענומען אײַנשטילן זיך די װײטיקן אין דער רעכטער קני. דער פֿוס איז אױסגעטריקנט געװאָרן, װי אַ שפּענדל. די קני בױגט זיך נישט. אָבער ערגער איז געװען דאָס, װאָס די פֿאַרװוּנדונג אין קני האָט זיך שװער אָפּגערופֿן אױפֿן כּף־הרגל — פֿוס־טראָט, אַזױ װי עס װאָלט פּאַראַליזירט געװאָרן. די פֿינגער האָבן זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעבױגן, אַראָפּגעהאַנגען און שטעלן זיך אױף דעם אײנציקן פֿוס — אוממעגלעך.

מע האָט מיך פֿון בערלין אַריבערגעפֿירט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל קײן פּױזן (פּױלן). אין אײנעם אַ פֿרימאָרגן האָט די פּאַלאַטע־דאָקטאָרין מיר זײער שװער געמאַכט אױפֿן האַרצן: די רענטגען־פֿאָטאָ פֿון מײַן רעכטער קני באַװײַזט: טיף אין בײן פֿון קני זײַנען בלינד אַרײַנגעדרונגען זעקס היפּשע שפּליטערס. די דאָקטאָרין האָט באַמערקט אין מײַן בליק — האָפֿנונגסלאָזיקײַט: — „איך האָב קײן שום אױסזיכט נישט... דער רעכטער פֿוס בױגט זיך נישט און דער פֿוסטראָט הענגט אַראָפּ, װי אַ שמאַטע... אָן בײדע פֿיס... איך װעל אַפֿילו אַרומפֿױזען נישט קאָנען..."

אין אַ װאָך אַרום האָט מען מיך װידער גענומען אױפֿן אָפּעראַציע־טיש. מיט דער הילף פֿון אַן אַלגעמײנעם שלאָפֿטרונק אױסגעגלײַכט מײַן פֿוסטראָט און אים אַרײַנגענומען אין גיפּס.

און װידער װאָיעװע איך — ס'איז דאָ אַ שטיקל האָפֿענונג... איך הער נישט אױף צו דרײען זיך, נאָכאַנאַנד צו באַװעגן מײַנע בײנער, זײ זאָלן נישט פֿאַרשטאַרט װערן און אױפֿן רוקן און אױף די לענדן, זאָלן זיך נישט עפֿענען קײן װוּנדן. איך פּרוּװ שױן פּאַװאָלינקע אַראָפּצולאָזן פֿון בעט מײַן פֿוס אין גיפּס — אומדערטרעגלעכע װײטיקן, אָבער איך טערפּע, איך האָב שױן אָנגערירט דעם דיל, — די ערשטע נישט־זיכערע, צאַפּלדיקע טרײסט...

אין די נעכט הער איך זיך צו, ווי עס גערוואַלדעווען אייניקע, אַלץ די זעלבע שווער־פֿאַרוווּנדעטע, פֿיל ייִנגערע פֿון מיר סאָלדאַטן און אָפֿיצירן און בעטן, ווער מיט בייזקייַט און ווער מיט תחנונים ביי די מעדיצינישע שוועסטער:

— מאָרפֿי! מאָרפֿי!...

— איין אַמפּולע...

— איך וועל ביז אין דער פֿרי נישט דערציִען... שנעלער!

— שוועסטערקע! האַרציקע, ווי ווערט מען אַנטשלאָפֿן? — איין אייַנשפּריצונג! ראַטעווע!

און כּדי אויסצומייַדן די בייַנאַכטיקע סקאַנדאַלן און געשרייען, פֿלעגן די מעדיצינישע שוועסטער נאָכגעבן די „שרייַער", באַפֿרידיקן זיי מיט מאָרפֿיום־אייַנשפּריצונגען, אַבי אין די פּאַלאַטעס זאָל שטיל זייַן. אַזעלכע פֿאַרוווּנדעטע פֿלעגן גיך פֿאַרוואַנדלט ווערן אין כראָנישע מאָרפֿיניסטן, פּסיכיש־קראַנקע.

פֿלעג איך ביי די סאַמע שטאַרקסטע ווייטיקן אָפּזאָגן זיך פֿון אייַננעמען אַפֿילו מאָרפֿי־פּילן. איך האָב פֿעסט באַשלאָסן — מיטן מלאך המוות צו ראַנגלען זיך מיט אַ קלאָרן, ניכטערן קאָפּ.

איך האָב זיך שוין געקענט אויף מייַנע קוליעס שטעלן אויף דעם אייגעם קראַנקן פֿוס. געמאַכט די ערשטע פּאָר שפּאַן נעבן מייַן בעט, ווי אַן עופֿל, עס איז אָבער נישט געווען, ווער עס זאָל זיך פֿרייען דערבייַ...

און אין סעפּטעמבער 1945, האָט מען מיך פֿון פּויזן אַריבערגעפֿירט אין אַ מיליטערישער שפּיטאָל קיין טשעליאַבינסק. דאָרט בין איך איבערגעקומען נאָך איין אָפּעראַציע, די פֿערטע, די אַזוי גערופֿענע — רעאַמפּוטאַציע. דאָס הייסט, מע האָט מיך אין רויִקע, נאָכמלחמה־באַדינגונגען געמאַכט אַ טאָלק פֿון מייַן אַמפּוטירטן פֿוס — אַרומגעשניטן, אויסגעגלייַכט און אַקוראַט אַרומגעצויגן די הויט אויף די ביינער פֿון דער „קולטיאַפּקע", כּדי צו האָבן אַ מעגלעכקייַט צופּאַסן אַ פּראָטעז.

אין אַ חודש אַרום האָט מען מיך שוין גופֿא אין טשעליאַבינסק, אַוועקגעפֿירט אויפֿן פּראָטעז־זאַוואָד. אינגיכן בין איך באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ שפּאָגל־נייַעם לעדערנעם־הילצערנעם פֿוס. און איך האָב שוין געקענט מיט אים, לויט דער רוסישער קאָמאַנדע־רוף „מאַרשירן" און שרייַען: — ליעווי, ליעווי!...

אין מערץ 1946 האָט מען מיך אויסגעשריבן פֿון טשעליאַבינסקער שפּיטאָל און אייַנצייַטיק גופֿא אין שפּיטאָל, דעמאָביליזירט פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי.

מיט אַ ספּעציעלן באַגלייטער, היות איך בין אַ שווערער מלחמה־אינוואַליד, בין איך איך אין זעקס יאָר אַרום אַראָפּגעקומען אין דער נאָכמלחמה־

דיקער היימשטאָט מײַנער מינסק, אָן ווײַב, אָן קינד און רינד, אַליין ווי אַ שטיין. און נישט געקוקט אויף מײַן דעמאָלטדיקער טריבער אומבאַהאָלפנ־קײַט, האָט אין מיר געררישט, געקוועלט דאָס לעבן, געגליכן צום פרילינג־דיקן וויטבע — טײַכל — די קוועקזילבער כוואַליעס שפּילן זיך, שפּיגלען אין יעדן איינציקן פּשוטן שטיינדל, באַשײַנען אים מיט זיבן זונען. איך בין דאָן אַלט געוועזן בסך־הכּל זעקס־און־דרײַסיק — צוויי מאָל חי!

## פאַרגעסט נישט קינדער...

דער 27טער נאָוועמבער 1974, שפּעט אין אָוונט. איך בין שוין אויף דעם בן־גוריון־אַעראָפּאָרט, אין דעם גרויסן, ליכטיקן זאַל פאַר די נײַע עולים. די עלעקטרע־שײַן שלאָגט אין די אויגן, בלענדט. איך געדענק שוין גאָרנישט, צי איך גיי אַליין, צי מע פירט מיך. ס'איז מיר געבליבן אין זכרון אַ געפיל, ווי איך וואָלט געשוועבט אַרום אַ לאַנגן קאַרוזעליע־טיש. מע רוקט מיר נאָכ־אַנאַנד אין דער האַנט שטויסן ווײַסע, געלע, גרינע בויגנס פּאַפּיר און צו יעדן פּאַפּיר־בינטל, בויג איך מיך אָן און שטעל אויף דעם מײַן חתימה. קיינער פרעגט בײַ מיר גאָרנישט. מע זעט דאָך — אָן עלטערער ייִד מיט אַ קוליע און שטעקן, — איז וואָס איז דאָ צו פרעגן. עפּעס פּרווו איך מיר פאַר די מיידלעך, די באַאַמטע — פּקידות, נישט דרייסט, מיט אַ האַלבן מויל, אַרויסשעפּטשען, אַזוי ווי פאַר זיך אַליין — „איך בין אַ ייִדישער דיכטער". קוקן זיי אויף מיר און פרעגן איבער, וואָס איך וויל פון זיי? וואָס באַטײַט מײַן בורטשען אונטער דער נאָז? אָן עלטערער פּקיד — אָן אָנגעשטעלטער, האָט מיך יאָ פאַרשטאַנען, קלערט ער אויף פאַר די מיידלעך:

— דער ייִד זאָגט — ער איז אַ משורר בשפה ייִדיש...

— טוב, טוב, — שאָקלען צו אומגעדולדיק די פּקידות־מיידלעך מיט די קעפּ און ווײַזן מיר וווהין, איך באַדאַרף מיך ווײַטער רוקן מיט די פּאַפּירן אַרום דעם קאַרוזעליע־טיש... און אינעווייניק אין מיר ווערן פּלוצעם פאַרחלשט די בלוטן. ווי אַ ליקוי־חמה וואָלט אין גאַנצן פאַרשאָטנט די טרייסט פון מײַן לעבן — מײַן דיכטונג.

...איינע פון די פּקידות שטעלט אַוועק אויפן לעצטן זײַטעלע פון מײַן רוסישער וויזע אַ פּעטשאַטקע (איך האָב אין אַ צײַט אַרום זיך גוט אײַנגעקוקט און „צעקײַט" דעם פּירוש פון די אָפּגעשטעמפּלטע אותיות): קבל תעודת עולה מספר... און לייגט מיר אַרײַן אין מײַן צעעפנטער דלאָניע אַ בלוי ביכע־

לע, קוועטשט צו מײַנע פינגער, ווי מיט אַ מהדק (אַ קאָנצעלאַריע־קליפּס), איך זאָל עס, חס וחלילה, נישט פאַרלירן, ווײַל זי זעט דאָך, מסתם, ווי איך שטיי פריטשמעלעט, אַרומגעקוטעט מיט אַ געדיכטן תוהו־ובוהו־וואָלקן...

און דאַן עפענען זיך פאַר מיר ברייט די גלעזערנע אַרויסגאַנג־טירן פון דעם זאַל פאַר די עולים מרוסיה — עס לויפט צו מיר אַנטקעגן מײַן זון גענע און הינטער אים — מײַן טאָכטער פּירע און איך זע — עס פעלט איר שווער דאָס לויפן, זי איז אין די הויכע חדשים מיט איר צווייט קינד. און תיכף־באַלד דערוויס איך זיך שוין אַלץ, וואָס אַ טאַטע דאַרף וויסן:

מײַן עלטערע טאָכטער רײַע האָט נישט געקאָנט קומען — זי ליגט אין שפּיטאָל נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע.

מײַן איידעם ליאָווע איז אַצינד אין אַ ווײַטן רייס אויף אַ שיף פון דעם ישראלדיקן האַנדלס־פלאָט — „צים".

גענע — לערנט זיך אין עלפטן קלאַס פון אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער שול־אינטערנאַט — כפר הנוער מאיר שפיה, נעבן זכרון יעקב.

פּירע מיט ליאָוון וווינען צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן אין נצרת־עלית, און ווי נאָר ליאָווע וועט זיך צוריקקערן פון ים, וועלן זיי אַריבער אין אַ באַ־זונדערער דירה אין דעם זעלבן הויז, וווּ ליאָוועס טאַטע־מאַמע וווינען. פּירע לערנט זיך אין חיפהער לערער־סעמינאַר אויף גאָרדאָנס נאָמען און אַרבעט אַלס מוזיק־לערערין אין דעם קיבוץ „אלונים" און אינעם מוזיק־אולפּן אין דעם קיבוץ — „שריד". די באָבע העלפט אַכטונג געבן אויף גילאָטשקען, דאָס טעכטערל.

איך האָב בלויז די ערשטע פאַר טריט געמאַכט אויף דער ישראל־ערד, און מײַן זינען איז שוין איבערפולט מיט נײַע, אָן אַ שיער דאָזיקע טרויעריקע און ליבע משפּחה־דאגהנישן און זאָרגן, ווי איך וואָלט שוין דאָ געווען אַ לאַנגיאָריקער תושב.

מײַן טאָכטער און מײַן זון זעצן זיך מיט מיר צוזאַמען אין דער אויטאָ־מאַשין, זיי וועלן מיך באַגלייטן צו דעם פאַר מיר אָנגעמערקטן וווין־אָרט. זיי האָבן שוין געהערט פון דעם נהג־שאָפער — ער פירט מיך קיין בת־ים, אין אַ מלון פאַר עולים. און איך בין אַזוי פאַרטאָן אינעם רעדן מיט די קינדער, אַז איך לייג קיין אַכט נישט אויפן מוראַדיקן כליופ־רעגן מיט בליצן — און דונערן. די האָגל־טראָפּנס פויקן און פּאַטשן איבערן אויטאָ־דעכל, איבער די שויבן. איך צי אַראָפּ פון זיך מײַן וואַרעמען שאַליק און שטרעק אים אויס מײַן טאָכטער, זי זאָל זיך אַרומוויקלען דעם האַלדז, נישט צוקילן זיך. דער שאָפער האַלט אין איין ווישן דאָס שײַבל פאַר זיך, ער זאָל זען, אין דער נאָכטיקער שטורעם־פינצטערניש, וווהין צו פאָרן. ס'העלפן אים צו די נאָכ־אַנאַנדיקע זיך ברעקלענדיקע בליצן, באַהעלן די חשכות אין וועג...

מיר זײַנען שוין אין מלון. דער נאַכט־דעזשורנע פירט מיך אַרײַן אין אַ פּיצל־חדרל, ער קען ייִדיש בלויז „אַ ביסעלע", דערקלערט ער מײַנע קינ־דער, וואָס רעדן שוין עברית, און זיי גיבן מיר איבער וואָרט בײַ וואָרט דעם דעזשורנעמס ווערטער:

— אין דער פרי וועלן קומען די מלון־באַלעבאַטים, וועל איך שוין וויסן געַנוי אין וואָס פאַרא צימער און מיט וועמען צוזאַמען איך וועל וווינען. און ס'וועט זײַן בסדר גמור...

דער דעזשורנער האָט אויך אָנגעוויזן אַ חדרל פאַר מײַן טאָכטער און זון, וו זיי זאָלן קאָנען ביז אין דער פרי אָפּרוען, ווײַל ווו וועלן זיי זיך לאָזן גיין אין אַזאַ פליי־רעגן, נאָך האַלבער נאַכט.

און דערווײַל הייס איך די קינדער עפענען מײַנע טשעמאָדאַנעס, פאַ־נאַנדערצוטיילן די מתנות און פאַרזאָג — די שענסטע פון די מתנות איז פאַר רײַען. אַלץ וואָס איך באַדאַרף נישט, — זאָג איך צו זיי, — לייגט איבער אינעם גרויסן טשעמאָדאַן, לאָזט נאָר פאַר מיר דאָס סאַמע נויטיקסטע, און דעם גרויסן טשעמאָדאַן פירט אָוועק צו פירען קיין נצרת־עלית.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מיר דער פרײַנד, דער ידיד — ער האָט געהאַלטן וואָרט — אַזוי ווי פון דער באַוווּסטער לעגענדע, צויבער־מעשהלע „דער פליִענדיקער האָלענדער", אַראָפּגעבראַכט קיין בת־ים, אין דעם מלון פאַר די עלטערע עולים, מײַן גאַנצן דאָבֿרע־מזל — די פינף העפטן מיט די אָנגעפּיקעוועטע רש"י־אותיותלעך — מײַנע ייִדישע לידער. האָב איך שוין מײַנע „בלינדע קעצלעך" געבן זיך, נאָר מײַן פרייד איז אַ באַטריבטע אַ פאַרקלעמטע...

ערשט אין צען חדשים אַרום איז עולה געוועזן סאָניע. אויך פאַר איר האָט דער מינסקער ק.ג.ב.־אָוויר, פאַרן סאַמע באַקומען די וויזע, געהאַט צו־געגרייט אַ „סורפּריז":

„איר מיידלשע פאַמיליע איז גאָכמאַן. זי איז אַ לעטשיצער. האָבן זיי אין זייער רשות דאָקומענטן — נאָך איינער אַ גאָכמאַן, וואָס איז אויך אַ געבוירענער אַ לעטשיצער, און וווינט אין סווערדלאָווסק און איז אַ פיזי־קער — אַ פראָפעסאָר, וואָס אַרבעט אין אַן אינסטיטוט פון סודות... נישט אַנדערש, אַז דאָס איז אירער אַ ברודער. האָט זי בײַם אָנגעבן די פאַפּירן, פאַרלייקנט עס".

ס'האָט באַדאַרפט נעמען אַ סך צײַט, ביז סאָניע האָט דערוויזן, אַז דער סווערדלאָווסקער גאָכמאַן, איז נישט קיין ברודער אירער, אַפילו, קיין ווײַטער קרוב נישט, נאָר טראָגט דעם זעלבן פאַמיליע־נאָמען און שטאַמט פון זעלבן שטעטל, וואָס זי — לעטשיצע.

מיר האָבן דערנאָך מיט סאָניען בײַ אַכט חדשים געלעבט אין דעם זעלבן מלון פאַר עולים. באַקומען אַ דירה אין מגדיאל און מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, האָט מען אונדז געביטן אויף אַ נענטערער צו תל־אביב, אין אור יהודה.

פאַר די דורכגעלאָפענע אַכט יאָר זײַנען בײַ מיר אין ישראל דערשינען עטלעכע לידער־זאַמלונגען און אַ פּראָזע־בוך. טוט אַזוי ווײ, וואָס לייענער פון ביכער אין ייִדיש, ווערן אַלץ ווייניקער און ווייניקער... נאָר מײַן הייסער אימפּעט — וואָס זאָל איך, נעבעך, טאָן מיט אים — מײַן פאַרקנסט זײַן מיטן ייִדישן וואָרט, ברעכט אײַזן! — איך הער נישט אויף, ווי אין מײַנע יונגע יאָרן צו קײַקלען די „געשטרייפטע פּאָעטישע רייפן" און פאַרגעס וועגן דעם, אַז איך בין שוין, ברוך השם, אַלט נישט צוויי מאָל, נאָר פיר מאָל חי.

אָט די שורה'עס מײַנע שרײַב איך אַצינד סוף דעצעמבער — אין טבת תשמ"ג. איך האָב אַרײַנגעקוקט אין לוח... און דערמאָנט מײַנע קינדער: „בײַן טעג אין טבת, דאָס פאַלט אויס דעם 25טן דעצעמבער, שבת, האָט איר יאָר־צײַט נאָך אײַער מאַמען. פאַרגעסט נישט אָנצינדן דאָנערשטיק אין אָוונט דעם „נר הזכּרון".

פונקט אַזוי, געדענק איך, פלעגט מײַן מאַמע מיר דערמאָנען, ווען איך בין נאָך ייִנגלווײַז געווען אין דער היים, אין וויטעבסק, דעם יאָרצײַט־טאָג נאָך מײַן פאָטער (אַכצן טעג אין שבט), כאָטש זי האָט שוין געוווּסט, אַז איך וועל נישט גיין זוכן קיין בית־מדרש און קדיש נישט זאָגן — איך בין דאָך געווען אַ „פרומער קאָמסאָמאָליעץ". אָבער אַלץ איינס פלעגט זי מיר דעם טאַטנס יאָרצײַט־טאָג דערמאָנען, מײַן געטרײַע טײַערע מאַמע. דעם טאָג און חודש פון איר גריוזאַמען טויט אין מינסקער געטאָ, ווייסט בלויז אונדזער דערבאַרעמדיקער פאָטער אין הימל.

— סוף —

# אינהאַלט

## מייַנע דערשינענע ביכער:

### „ווי דאָס לעבן טייער"

לידער. 1931 י. קיעוו. אוקראַיִנער נאַצמינד. פאַרלאַג.

### „קינדער"

דערציילונגען. 1933 י. מינסק. מלוכה־פאַרלאַג פון ווייַסרוסלאַנד. ייִדישער אָפּטייל.

### „אָן אַ שאָטן"

לידער. 1396 י. מינסק. מלוכה־פאַרלאַג פון ווייַסרוסלאַנד. ייִדישער אָפּטייל.

### „פּאַר ברידערלעך און שוועסטערלעך"

לידער און פּאָעמעס. 1939 י. מינסק. מלוכה־פאַרלאַג פון ווייַסרוסלאַנד. ייִדישער אָפּטייל.

### „יוסף בומאַגין"

פּאָעמע. אַלמאַנאַך „ביראָבידזשאַן". 1948 י. געגנטלעכער פאַרלאַג פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

### „דבורה"

פּאָעמע. אַלמאַנאַך „ביראָבידזשאַן". 1949 י. געגנטלעכער פאַרלאַג פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

### „פּאָזעמקעס אויף דער דלאָניע"

לידער. איבערגעזעצטע אויף רוסיש. 1965 י. מאָסקווע. פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל".

### „דער ווילער שמוליע"

לידער. איבערגעזעצטע אויף רוסיש. 1965 י. מאָסקווע. פאַרלאַג „דעטסקאַיאַ ליטעראַטורא" (קינדער־ליטעראַטור).

### „ס'שלאָגט דאָס האַרץ פון קוואַל"

לידער. איבערגעזעצטע אויף רוסיש. 1969 י. מאָסקווע. פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל".

## „דער פּיקהאָלץ אויף דער סאָסנע"

לידער. איבערגעזעצטע אויף רוסיש. 1969 י. מאָסקווע. פֿאַרלאַג „דעטסקאַיאַ ליטעראַטוראַ" (קינדער־ליטעראַטור).

## „מײַן גוטע טויב"

לידער. אויסדערוויילטע ווערק. איבערגעזעצטע אויף ווײַסרוסיש. 1970 י. מינסק. פֿאַרלאַג „מאַסטאַצקאַיאַ ליטעראַטוראַ" (קינסטלערישע ליטעראַטור).

## „יאָרן, יאָרן מײַנע"

לידער. 1973 י. מאָסקווע. פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל".

## „די ערד פֿאַרשטייט"

לידער. תל־אביב, תשל"ו — 1976. פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ. ישראל.

## „מײַן מאַמעס אָנבליק"

לידער. תל־אביב. תשל"ז — 1977. פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ. ישראל.

## „מײַן דמיון־בריק"

לידער. תל־אביב, תשל"ח — 1978. פֿאַרלאַג „נײַ־לעבן".

## „פֿרישע ווינטן"

לידער. תל־אביב, תש"מ — 1980 י. פֿאַרלאַג „אייגנס".

## „דער מאָסקווער משפּט איבער די ביראָבידזשאַנער"

פּראָזע־בוך. תל־אביב. 1981 י. פֿאַרלאַג „נײַ־לעבן".